יואל מאסטבוים

# מאריטאס גליק

(דריי דורות)

ראָמאַן.





דריטע אויפלאַגע.

פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ

וואַרשע 1926

MADE in POLAND

## I טייל

# אין דער וועלט פון אידיליען.

## די נייע גארושעלניע.

אײדער מיר צייכענען אָן די ליניע און איבערהויפּט דעם
וועג, וואָס פיהרט צום לאַנד פון אונזערע העלדען, מוזען מיר
פריהער פערבלאָנדזשען אין אַ וועג אַ וואלדיגען, וואס זיין לופט
אינדערפריה שמעקט מיט עפּיס בלומיגעס, קאָרנדיגעס און אנגע-
נעהמעס פון וואַסער. נאר בייטאָג, ווען די הייסע זון שטעלט
זיך אין דער-מיט הימעל, שפּירט זיך אין דער לופט אַ ריח,
וואָס דערמאהנט אן אַ שלעכטען געמיש פון אייל פארב. די ברע-
עס פון דער ערד זענען ליימיגע, די וואַסערלעך פון דער גע-
גענד בעקומען עפּיס אַ שארפע שטאָהל-פאַרב, ענליך צום קלינג
פון אַ מעסער פערלאָזט מיט זויערס. זיי שטעהען אָהן ווינד און
קאַלטע צום טרינקען. דער הייסער זאַמד, וואס הויבט זיך אָן
פון ווייט מיט עפּיס אַ געדיכטען יונגען פייכטען באָדעל-וואַלד,
וועלכער דערמאָהנט אָן יונגע צורייצטע וועלף בייגאכט, ציהט
זיך אוועק איבער'ן שטח מיט קליינע אָבגעברענטע באָדעל-בוימלעך,
איינגעגראָבענע אין דער ערד און גיבען שוין ווייניג האָפנונג
צום וואַקסען. אָ, עס איז נישט קיין אָאַזיס, דאס איז די נ.-ער
גארושעלניע !

## י. מאַטסבוים.

ווען מען שניידט זיך פאַמעליכער אריין אין דער געגענד, בעמערקט זיך אַ סגל פון צעוואָרפענע הייזער, וועלכע דערמאָהנען אָן א פערוואָרפענער באַהן-סטאנציע; דאָס ערשטע הויז איז פערנומען מיט אַ הויכען מעשענעם קוימען, געהאלטען פון צוויי דראטען. דער קוימען גיט-ארויס פון זיך אַ נעבעל, וואָס איז געמישט פון רויך און פארע; זיין פארב איז די פארב פון קאָרנפעלד אין יוני-צייט, זיין ריח שלאגט מיט בראָנפען און שטיינקויהל. הינטער דעמדאָזיגען הויז שפרייטען זיך רייהען פון פלעשער, פעסער, מעשענע צאַפּענס, צובראכענע מאשינען, פון וועלכע עס שמעקט מיט אַלטען אייל און נעבען זיי ציהט זיך אוועק אַ צווייטע רייהע הייזער.

דאס ערשטע הויז פון לינקס, אַ דאָפּעלטקוימענדיגס פערשמירט מיט ווייסע לאטעס און אויסגעקאפּטשעט מיט שווארצע צלמים, גיט-אָב פון די אָפענע פענסטער עפּיס אַ ריח פון אייל און סמאָלע. דא וואוינט טאַלמא מאשיניסט, א קריסט מיט באַקענבערד און מיט אַ ליולקעלע אין מויל, וואָס אלע רופען איהם „שוואַב“ דערפאר, וואס אין די יונגע יאָהרען האט ער געלערנט אין אויסלאנד און געקומען פון דארט א פאַרטיגער בעל-מלאכה און אַ חתונה-געהאטער, מיט א בלאָנד ווייב און אַ קינד אין א וויגעל. אין די פענסטער הענגט ביי איהם אַ וויעוויורקע, וואס בעט זיך ביי יעדען דורכגעהער ניס.

אַ הויז ווייטער, אויך מיט לעכער פאר פויגעל און טויבען און עפּיס פיל טהירען און פענסטער, וואס דערמאָהנען אן אַ גרויסשטאָדטישען נאכט-הויז, איז דאס הויז פון די אויוועןהייצערס, שמירערס און פראסטע מענשען ארום דער גארזשעלניע, וואס שלאפען אַ גאנצען טאג ביי פערמאכטע לאדענס, נאר ביינאכט זענען זיי ארום אויווען און פון זיי שמעקט מיט הערינג און געבראטענע קארטאפעל. ביי א צעהן טריט ווייטער בעמערקט זיך ביי א הויז מיט באליעס און צייהן אין די ווינקלען צוויי געלע הארטע הינד, אויסגעצויגענע, מיט קליינע בייזע אויגען און לאנגע רויטע צונגען, וואס ליגען שטענדיג אויס דורשט צו

יאגען עמיצען אין דער העלפט אין דרויסען. דאס זענען נישט
קיין מלחמה=קינד, נישט די קינד פון יאַגד. דאס זענען נאר די
היטער=קינד פון פעטער חיים, אַ יוד מיט אַ געלער בורקע און
מיט אַ דאפעלען ביקס אויף הינטען. בעגינען אדער שפעט ביי=
נאכט אין רעגען קומט=אויס דעם פעטער חיים צו פאָהרען איינ
קאַסירען געלד פאר בראָנפען אדער קויפען האָפען, אדער צו
הייסען פון דער הוטע פלעשער ארויסשיקען; גיט ער זיך, נישט=
קוקענדיג אויפ'ן רעגען און די בליצען מיט די דונערן, אַ כאפ
ארויף אויף דעם פערדעל, א קלאַפ מיט די געזונדטע אָבצאַסען פון
די שטיוועל אין פערדישען בויך, און באלד גיט פון אונטער'ן
פליהענדיגען פערד א הויב אויף זיך אַ שטויב פון אַ דינעם אָנ=
געגעהמען זאמד, און די קינד מיט די אָפענע מיילער און מיט
די צינגער אין דרויסען שלייכען זיך איבער די זאַמדיגע בער=
גער און טהאָלען צו... היטען זייער בעל=הבית. אט דאס הויז
שיידט זיך אונטער פון די אנדערע הייזער ארום דער גאָרזשעל=
ניע דערמיט, וואָס די מענשען דארט זענען נישט פערשוואַרצט,
נישט פערהאוועט צופיל.

אַלע דאנערשטאג פארנאכט זעהט מען דארט פון ברייטען
באַק-אויוועז ארויספלאקערן די צעהן פייער=צונגען און אַ פאר
געזונדטע יודענעס שטעהן מיט פערבונדענע קעפ, איבערוואַרפענ=
דיג די דיקע פלעכטען פון די 24 חלות אויף שבת און פרייטאג=
צו=נאכטס. טאקי זעהט מען ביי אט דעם ברייטען אויוועז דעם
פעטער חיים, וואס האט פיינד קאכעל=אויוענס, ווייל אין זיי,
זאגט ער, קאן מען זיך נישט אָנרייבען די פלייצעס, זיך וואַ=
רימען און דערצעהלען מעשיות פון נאַפאָלעאנס צייטען, פון דער
פאָווסטאניע און פון דעם טערקישען קריג. אלע פאר שבועות,
ווידער, זעהט מען אויך ביים אייגענעם אויוועז קומען דעם פע=
טער חיים פון דרויסען, וואו די הימלען שפאלטען זיך, מיט אַ
פענק טאטריק און מיט די ווילדע הינד, וואס שטעלען זיך אויף
צוויי לאפעס אוועק פאַר'ן בעקען פרישען ראָגלען, און ער,
דער הויכער בלאנד=האהריגער פעטער קאָרקעט=אויף די זעקס
גרויסע פלעשער זיסען און שטארקען בראָנפען און זופט, פער=

## י. מאַטסבוים.

בייסט און וואַרפט די שפּיצען פון קעז־ראַגלען אין דער הויך צו די שנוקעס פון די הינד. דערנאך שפּאַרט ער זיך אַ ביסעלע צו און הויבט אן זינגען דעם ניגון פון אקדמות, צופּיטשענדיג מיט'ן געזאנג פון טאַטריק, און די ליבע הינד לעגען זיך נע־בען איהם, האַלב שלעפעריגע, האַלב פער'שכור'טע קלאַפּען זיי מיט די ווידלען אין דער פּאָדלאָגע און זינגען, דאכט זיך, אויך עפּיס צו...

אַ קליין סטעזשקעלע, וואָס פיהרט אַוועק אין עפּיס אַ וועג, וואו די לופט שמעקט מיט אויבס און מיט גוטען בראָנפען, איז דער וועג פון פעטער חיים'ס הויז אויף רעכטס פון דער גאַר־זשעלניע. דאס איז אַ סטעזשקעלע, וואס גנב'עט אוועק אייערע טריט פון דעם טומעל, פון רויך, בראָנפען און שטיינקויהלען און פיהרט צו עפּיס אַ פיינערע שמעקעדיגערע וועלט. דאָרט, אויף יענעם שטעגעל זעהט זיך נישט יענע פּראָסטע מגושם'דיגקייט פעסער און פון בראָנפען. פון צייט צו צייט שלייכען זיך דאָ דורך טריט בעל־הבית'ישע, נחת'דיגע, שטילע און גאָטספאַרכטיגע. און אט די טריט פיהרען אין אַ שטילער געגענד, וואס הויבט זיך אן מיט אַ געשניצטען פריש־געשמירטען געפלאַכטענעם פאַר־קאַן. אונטען, ביי די טריט פון פאַרקאַן, ביי דער טונקעלער ערד, פון וועלכער עס שמעקט מיט געזונדטע וואָרצלען, זעהען זיך שמאָלע וואַסערלעך, קאַלטע און אָנגענעהמע צום טרינקען און איבער'ן פאַרקאַן דורך די דיקע פּרוכטבוימער — אַ רייהע רויט־דעכיגע הייזער מיט גרויסע קלאָרע שויבען און גאַרדינען ביי די פענסטער. און אויף די ווענד דריי גאָלדענע מעדאַליען און צוויי מעשענע. דאס זענען עס, דאס זענען עס, ר' מאָטיע אפרים'ס הייזער, וואס שטעהן שוין דאָ יאהרען, יאָהרען. קיין חובות אויף זיי, קיין מאָהנער, קיין פאָדערונג דורכצולעגען דאָ רעלסען אדער פערנעהמען עס אויף אָקערבוי. דען בעהאָנגען מיט מע־דאַליען פאַר אָרענטליכקייט פון מסחר, בעוואָרפען מיט נדן פון כלות און חתנים, בעשאָנקען מיט יחוס און צוטרוי, לעבט דאָ הינטער איהרע טיולענע פאָרהאַנגען די משפּחה מיט זילבערנע לייַ־כטער גאָלדענע בעכער און ספר־תורות אין רויטע מענטעלעך.

# מאריטקעס קינדהייט.

## צווייטער קאפיטעל.

ווען מען געהט-דורך די שטילע אָנגענעהמע שטוב, וואָס בעשטעהען פון אַ חדר, געמאָהלט אויף דאָמב, און שמעקט מיט עפּעס געזונדטעס פון פריש שפּייז; אַ חדר׳ל מיט אַ גרינעם טיש, בעדעקט מיט פירמע-פּאַפּירען און סתם פּאַפּירען, געדרוקטע מיט די צייכענס און 3 גאָלדענע מעדאַליען,—שטויסט מען זיך אָן אויף אַ צימערל, וואָס שמעקט מיט עפּעס פון זייד און געהאָפּטע-גע בלומען, און עס ווילט זיך פרעגען: אין וועמענס גליק שיינט דאָ אַזאַ וואַרימע זון? פאַר וועמענס מזל לייכט דאָ אַזאַ רוהיגער לויטערער שטערען? וועט מען אייך אונבעדינגט עס צושרייבען צום גליק פון ר׳ מאָטיעס בת-יחידה. אָדער ווי די קריסטען פלע-גען זי רופען דערפאַר, וואָס איהר פּנים האָט דערמאָהנט אין עפּעס בלומליכעס: „מאַריטקעלעס גליק״. וואָרום „מאַריטקעלעס גליק״ איז נישט דאָס געוועהנליכע גליק פון אַלע מיידלעך אַרום. נישט די געשניצטקייט פון איהר וויג איז זייער וויג געוועזען און נישט דאָס זיידענס פון איהרע וויקעלשנורען זענען אויך זייערס געוועזען. וואָרום 35 יאָהר זענען די שטוב-מענשען אַרומגע-

גאַנגען עלענדע, פערטראַכטע, די מיילער האָבען געגעסען, די אויגען געשלאָפען, נור די נשמות האָבען געקלאַפּט אין אַלע טויערן פון הימעל, געבעטען זיך, גע׳חלש׳ט נאָך אַ טאָכטער פשוט ווי אַ שניטער נאָך רעגען: „קום קום!” און זי איז אויסגעבע-טען געוואָרען.

מרים, ר׳ מאָטיעס טאָכטער, האָט בעלאַנגט צו די אויסגע-וויינסטע, לאַנג-ערוואַרטעטע בעשעפענישען, וואָס קיין משפּחה-אויג האָט נישט גערוהט פון אָפּצוהיטען יעדע פּגימה, יעדעס פּינטעלע אין איהר קערפּער. ווען יעדער הויט-פלאַך פון מענשען וואָלט האָבען עפּעס אַ שר אין הימעל, וואָס זאָל איהם בעזינגען אָדער בעוויינען, וואָלט איהר הויט בעשטימט בעלאַנגט צו זיי, און דערפאַר האָט מען זיך פאַר איהר בעזאָרגט מיט שומרים. אַזוי, אַ שטייגער, איז דאָרט בירושה געוועזען אַ קאָסאָקע דינסט סאָ-סיע, אַ פּיעגעוואַטע מיידעל מיט רויטע האָר, וואָס האָט די וועלט מיט איהרע חתנים פאַר זיך קיינמאָל נישט געזעהען. אָבער די פלעקען פון ר׳ מאָטיעס טאָכטערס הויט, וואָס עס קומט אָפּט פון אַן׳עין-הרע אָדער אַ שלעכטען ווינד אין דרויסען, דערויף האָט זי יאָ אַן׳אויג געהאַט. עס איז געוועזען דאָרט אַ קריסטין דאָדיע, אַ מרה-שחורה׳דיגע, צובראָכען-בריליגע פּאַרשוינטע, וואָס די ברודיגקייט פון דער געגענד מיט איהרע בלאָטעס, קאַלו-זשעס האָט זי געריהרט, ווי דער נעכטיגער שניי. אָבער אויף דער ציכטיגקייט פון די האַנדטיכער, וואָס האָבען אָבגעווישט די הענד פון ר׳מאָטיעס טאָכטער—דערויף האָט זי יאָ אַן׳אויג אָנגע-שטעלט. עס איז דאָרט פון דורות אַרומגעגאַנגען, אַ חצי-בעהעל-פער, חצי-רבי מיט׳ן נאָמען יאַלעשקע, וואָס האָט פון אייביג-אָן פערלאָזט זיינע צוויי צעהנגילדענדיגע מיידלעך, אָבער די אותיות פון אַלף-בית פאַר ר׳ מאָטיעס טאָכטער האָט ער יאָ געהיט. אָט די גאַנצע גאַלעריע פּאַרשוינען האָבען זיך פאַר איהר גע-בוירען געהאַלטען אין שטוב אָנגעוואָרפען דאָ און דאָרט, ווי פּאַסאַזשירען פאַר אַ גרויסער גליקליכער רייזע. יעדע נאַכט איז עמיץ אַנדערש אויסגעקומען אויפ׳ן צוקאָפּענס פון דער מעוברת און יעדע נאַכט איז עמיץ אַנדערש אויסגעקומען מיט די הענט

אין קושען, מיט עפּעס אַ מאָדנע געוויין: „קום, קום!...״ און ר׳ מאָטיעס שטוב איז אויסגעלייזט געוואָרען פון פּלאָנטער. דער פרעהליכער מזל־טוב מיט זיינע בראָנפענס און שיר־המעלות׳ן איז אַדורך גליקליך. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ ציהעריי און וויק־לעריי פון וויקעלשנורען, אַנ׳אָבשפּרעכעריי פון עין־הרע׳ס, אַ פּאַטשעריי און קנאַקעריי מיט פינגער און אַ שיטען זיך מיט מי שברך׳ס ביים לייענען. דאַן האָט זיך אָנגעהויבען אַ פרעהליך לע־בען פאַר דער משפחה. אָט די גרויסע מענשען מיט די שטענ־דיג גלייכגילטיגע פנים׳ער, וואָס זעהען שטענדיג דאָס לעבען דורך זווג און חתונה; און וואָס נאָך 35 יאָהר וואַרטען אויף „מזל־בתולה״, האָבען זיך איצט אָנגעהויבען צו פערטראַכטען אין וואָס אייגענטליך וועט איצט בעשטעהען די צוקונפט פון מאַריטקאַס גליק.

—ווייסטו?—איז איינמאָל אַריין דער פעטער חיים, אַ יוד מיט אַ בורקע, מיט אַ רייזע־טאַש און עפּעס אַ ביקס, וואָס עס האָט איהם עהנליך געמאַכט צו אַ יעגער.—ווייסטו, דבורה? בשעת איך בין היינט דורכגעפאָהרען דעם טראַקט און דערזעהען די הויכע סטרונטשקעס־שטעקענס פון משה ברויערס הויז, האָב איך מיר דערמאָהנט אין יונגעל פון דאָרט.

—משה ברויערס הויז, משה ברויערס הויז,—האָט אָבגע־זוענדעט גדליהו בעל־עגלה, אַ שטוב־היימישער, וואָס פון לאַנג אָנטרייבען ר׳ מאָטיעס פערד קומט ער אַריין זיך מישען אין שטו־בישע ענינים. דערביי האָט זיך יאַלעשקע פערטראַכט פון עפּעס אַ בעל־הבית מיט אַ ציגעלניע, נישט וויט פון זיינע צוויי דאָרפי־שע מיידלעך, און האָט פּראָטעסטירט.

„מאָטיע שמירער״, אַ יוד אין לעדערנע הויזען מיט אַ לול־קעלע אין מויל און אַ פינגעריל שטענדיג אין דער לופט, אַלס סימן, אַז ער קאָן די וועלט מעהר פון די אַלע בעלי־עגלות און אויוועגהייצערס, האָט עפּעס מיט זיין פינגעריל אין דער לופט צרייגעזאָגט און זיך אַוועק.

עס האָבען זיך אויפגעהויבען פון די ערטער סאָסיע און דאָדיע, וואָס האָבען פאַרגעלעגט זייערע „ווייטע יונגלעך״, נור דאָס האָט געפונען געגנער. די מאַמע דבורה מיט איהר ראָזען

פנים, וואָס ווייס בכלל נישט פון קיין שלעכטס און גוטס, פון קיין ניין-און יאָ-זאָגען, האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אַהין און אַהער אויף יאָ.

איין מענש איז געשטאַנען פון וויטען מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען, אַ מענש פון אַ ריזיגער הויך, מיט אַ טונקעלען בליק פון די אויגען, אין וועלכען עס איז בעהאַלטען געווען די זיכערקייט פון זיינע פערמעגענס און מיט עפּעס אַזאַ רוהיגען אויסדרוק פון געזיכט, וואָס האָט פערצעהלט פון אייביגע גליקליכע דורות. ער איז געשטאַנען, געקעמט מיט די פינגער די לאַנגע געקרייזעלטע באָרד און געטראַכט וועגען איין גרויסען ענין: רבונו־של-עולם, אַז דו האָסט שוין געוואוסט ווי אָבצודאַנקען דיין קנעכט פאַר זיינע בעצאָהלטע נדרים און נדבות, פאַר זיינע אייגענע תלמוד-תורות און אָרים-הייזער, פאַרוואָס זאָלסטו טאַקי נישט איינפלעכטען אין זיין משפחה-קראַנץ אָט די פרי, וואָס הייסט דעם ר. ער רבינס-זוהן? רבונו־של-עולם, דו ווייסט דאָך יאָ וואָס עס הייסט לעבען 35 יאָהר אַ פעלד אָהן רעגען, גראָז אָהן טוי, צי קאָן דען משה ברויער פון טראָקס זייז מיינס גלייכען? חיים'ס יונגעל פון טאַרטאַק זיין מיין איידעס?

די ווערטער זענען געטראַכט געוואָרען מיט גרויס ערנסט, פונקט ווי אַנדערש, חס-ושלום, וואָלט די וועלט אָנגעוועהרען איהר ציל.

איינמאָל האָט זיך אין רבי'נס הויף געטראָגען אַ שמחה פון אַ ניי־געבוירענעם זוהן. דער אַלטער חסיד איז צוגעפאַלען מיט לויטערע טרעהרען אין די אויגען:

—רבי, פון אייערע לענדען געהט אויף אַ שטערן. וועמען געהער דער שטערן, רבי?

דער רבי האָט פערביסען די ליפּען און געטראַכט עפּיס צום הימעל. דער אַלטער חסיד האָט צוגעגעבען:

— רבי, 35 יאָהר געשפּינט אַ געדאַנק, געצויגען אַ פאָדים, אָ, ווער קאָן זיך אין דעם פאָדים אָנבינדען, רבי?

אין דער מינוט האָט מען דעם חסיד און רבי'ן געזעהען זיצען פערדרויסיגטע, מיט די רויכען פון די ליולקעס, איינס גע-

געגען דאָס אַנדערע, ביידענס ל־פּען האָבען עפּעס געשעפּטשעט, ביידענס געדאַנקען האָבען עפּעס בעשלאָסען, ביידענס הענד האָבען צוגעקלאַפּט און ביידענס הערצער האָבען געזיפצט אין היי־מעל אַריין.

אַזוי־ערנאַך האָט דאָס לעבען אין ר׳ מאָטיעס שטוב אָנגעהויבען צו שפּילען ווי עפּעס אַ נגון פון אַ פידעל. עס האָט געשפּילט סאָסיע מיט איהר לידעל, יאַלעשקע מיט׳ן ביינערנעם טייטעל און דאָדיע מיט די האַנדטיכלער. פאַמעליכעל, פאַמעליכעל האָט מען ר׳ מאָטיעס טאָכטער אָנגעהויבען אַרויסצוויקלען פון איהרע קליינע זיידענע געלעגערס, פון איהרע קליינע מי־שברכ׳ס אַלע שבת פאַר איהר געזונד און פון די פערדעכטיגע עין־הרע׳ס, דען מען האָט דערזעהן ר׳ מאָטיעס טאָכטער אַ פּשוט׳ע, עס הייסט מיט׳ן אמת׳ן נאָמען מרים אָדער „מאַריטאַ“.

אַז זי איז אַלט געוואָרען 13 יאָהר, האָט מען איהר אַריינגעזעצט צוויי גאָלדענע רינגען אין די אויערן. אָט די רינגען האָבען פערצעהלט פון עפּעס צייטיגס אין איהרע יאָהרען. דאָס איז געוועזען אַ מין צייכען פון מיידעלשער בר־מצוה. געגוג שוין, הייסט עס, געשפּילט זיך מיט קינדער געטאַנצט מיט רייפען און געשפּילט אין באַלעם.

פון אָט דעם 13־טען יאָהר האָבען אויפגעהערט די קינדערשע געלעכטערלעך און חנ׳דעלעך. איהרע קינדער־געררטלעך בלייבען שטעהן לער, אָהן שטיפערישע הענד. זעלטען געהט זי דורך און פערטראַכט זיך אויף זיי, ווייל נאָך עפּעס אַ שטיף טהאָן צווישען זיי. נור דאָ דערמאָהנט זי זיך אין עפּעס רייפּעס אין איהר לעבען און פאַלט־אַריין אין עפּעס אַ זיס־טרויעריגע מינע. אָפּט, גאַנץ אָפּט וואַרפען זיך דורך איהרע ליפען צאַרט־קינדישע שמועסען און רייד, נור ווען מען דערמאָהנט איהר אין איהרע יאָהרען, ווערט צוגעטשעפּעט צו איהרע באַקען עפּעס אַ מין זיסער טרויער וואָס פיהרט צו אַ גרעסערער וועלט.

זי האָט איצט אין איהר יונגען קערפּערל, וואָס האָט איז זיך געטראָגען אַ קינפטיגען שלאַנקען הויכען וואוקס, געפיהלט עפּעס אויפפריהלענדעס, אַ מאַי־בלום נאָכ׳ן ערשטען רעגען [illegible]

איז געווען אַ קינד פון מיטעלען געוואוקס, מיט טונקעלע בלויע אויגען, פערצויגען אַ ביסעל צו די שלייפען. איהרע הענד, לענג־לעכדיגע, און איהרע ליפען האָבען זיך געבעטען צו זאָגען „ונפת תטופנה שפתותיך כלה", כאָטש זיי האָבען נאָך צו אַזאַ רייכקייט נישט ענטשפּרעכט. מעהרסטענס האָט זיך איהר צאַרטהייט דערקענט אין איהר אַריסטאָקראַטישער שטים, ווען מען האָט איהר דערמאָהנט, אַז זי איז איינאונאיינציג, ווען מען פלעגט איהר בעשולדיגען אין געהן אַ סך שפּאַצירען און נישט עסען צו דער צייט אָדער שפּעט שלאָפען געהן, האָט זי מיט דער צערטליכער בת־יחידה־שטים צו־וויסען געגעבען, אַז דאָס האָט זי נישט געטהאָן. ווען מען פלעגט איהר פרעגען, וועלכען הימעל האָט זי אַמליבסטען, האָט זי געענטפערט—דעם סאַמע בלויסטען.

— איך פערשטעה נישט, פאַרוואָס דאָס געשריי איז אַזוי גרויס ?—פלעגט זי זאַנפט פרעגען ביי יעדען גערויש אָדער געשריי פון מענשען.

אַז מען פלעגט מאַריטאַ'ן אָנכאַפּען ביי דער האַנד עפּעס צו פערצעהלען אָדער ריידען אויף שנעל, האָט זי אַרויפגעלעגט די האַנד אויפ'ן האַרץ און מיט איהר קינדישער שטים איבערצייגט, אַז זי איז עס נישט אימשטאַנד.

עהנליך צום בטחון פון טאַטענס גליקליכקייט אויף זיין לעבען, האָט זי אין זיך פערמאָגט עטוואָס מילדעס און שפּענדערישעס צו דער וועלט אַרום.

זי פלעגט אויפשטעהן פריה, ווען אַלץ איז נאָך געשלאָפען, און די ערשטע פאַרע פון דער גאָרזשעלניע האָט זיך פערשפּרייט אויף דער ערד און געקראָכען נידעריג פון דער ערד ווי אַ קליין פעלדרויכעל, זיך איינגעוואַשען, אַ בליק געטהאָן אויפ'ן גאָלדערנעם „אַלף־בית", וואָס ער איז געהאַנגען אויף דער וואַנד—עפּעס אַ זכר אַז זי האָט אין איהם געלערנט, אַ פערלעג געטהאָן די הענד אין איהרע געזונד־איינגעוואָרצעלטע האָהר צום פלעכטען און געטראַכט: „טאַטעניו ! זעה, די פליגלען פון אונזערע מיהלען, ווי זיי דרעהען זיך שוין יאָהרען, יאָהרען, די פאַרעס פון אונזערע רעהרען ווי זיי קלאַפּען שוין יאָהרען, יאָהרען, וויפיל יונגע מיידלעך

זענען עס שוין אויסגעוויגט געוואָרען, דאָ חתונה געהאַט, אַוועק־געפאָהרען, וויפיל גוטע ימים־טובים׳לעך מיט טענץ און סתם שמחות זענען עס שוין דאָ פאַרביי און דאָס ליבע גאָרזשעלניע־לע גיט זיין בראָנפען און די מיהלעכלעך זייער מעהל. ביי די גוטע געדאַנקען האָט זיך איהר אויסגעדאַכט, אַז נישט נור די מאַשינען, וואָס גיבען חיונה פאַר׳ן טאַטעשי׳ס הויז, זענען אַזעלכע גוטע, נור עפּעס די גאַנצע גוטע וועלט ארום, אַ שטייגער, אָט די פויגעלשע שנאָבלען, וואָס מ׳איז געוועהנט צו זאָגען, אַז זיי צופּיקען די באַרען, בייסען גאָרנישט, אַפילו די ביהנען פון די ביהנשטאָקען, זיי שיקען נישט זייער גיפט, נור וועבען און צער־טלען זייער האָניג, וועבען און צערטלען זייער האָניג, אַזוי גוט זענען זיי און אַזוי גוט איז די וועלט.

ביי דידאָזיגע געדאַנקען, האָט זיך פער׳גנב׳עט אַ מאָדנע גוט געדאַנקעלע, אַז זי, ר׳ מאָטיעס טעכטעריל, איז אַנ־איינאיינציג מיידעל און אַז גוט איז איהר דערמיט, וואָס אפשר טויזענדער ברכות פון רבנים האָבען איהר מצול־געוועזען פון שלעכטע ווינדטען אין דרויסען און אַז אפשר טויזענדער גוטע אויגען פון מלאָכים היטען זי סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט, און אַז די בלומען אין דרויסען וואַקסען פאַר איהרטוועגען און אַז די ווייסע טויבען אַרום איהר פענסטער שפּילען מיט די פליגעלעך פאַר איהרטוועגען און אַז אינגאַנצען גענומען איז זי אַ גליקליך מיידעלע אויף דער וועלט, וואָס קאָן נישט געשטערט ווערען פון קיינעם, טרויעריג ווערען פון אַ שלעכטער בשורה און קראַנק ווערען פון שלעכטע אומעטיגע צייטען.



## דריטעס קאַפּיטעל

אַזוי־ערנאָך האָט ר׳ מאָטיעס טעכטעריל נישט פערשטאַנען וואָס עס הייסט אומ׳מזל, אונגליק. אונבעקאַנט איז איהר געווע־זען דער אימפּעט, דאָס געשווינדע. פרעגט איהר בחרם, וואָס עס הייסט שטאַרבען, אַרונטערפאַלען אונטער אַ ראָד, אָבבריהען זיך פון פייער. גאָר פּראָסט, זי שטעהט־אויף בעגינען מיט דער נאָ־דעל אין דער האַנד צום סאַמעט־קישעלע, דערנאָך מיט די פינ־גער צו די בלומען. דערנאָך צו די פּיליזשאַנקעס און טיי־גלע־זער, דערנאָך צו יאַלעשקעס סדור, דערנאָך צום גוט־מאָרגען־ניגון. דערנאָך, דערנאָך... און איז נאָך דאָ עפּעס בעסערס און שענערס אויף דער וועלט? עס איז נאָר געוועזען איין זאַך, וואָס עס האָט בעאונרוהיגט דאָס געמיט פון ר׳ מאָטיעס טאָכטער. פאַר־נאַכט, ווען זי פאָהרט דורך צום שפּאַציר מיט סאָסיע׳ן און דאַ־דיע׳ן און דאָס שמאָלע פלינקע בריטשקעלע פאָהרט־דורך מיט די געגלאַסידטע רעדער דעם לאַנגען, לאַנגען טייך און דער בעז־און בלומען־ריח פון די גערטנער שלאָגען מיט גוטע ריחות אין איהר נאָז אַריין, פון וועלכען זי הויבט־אָן איינשלאָפען אויף סאָ־סיעס אָדער דאָדיעס קניה, דעמאָלט פאַלט עס איין סאָסיע׳ן אויפ־צוהויבען איהר קעפּעל און מורמלען שטיל:

—טעכטעריל, נישט שלאָף. נישט צייט פאַר דיר צו שלאָפן. שלאָפן זאָלן טרויעריגע, דערשלאָגענע, דו ביזט נישט טרויעריג און נישט דערשלאָגן. טעכטעריל, דו פרעהסט זיך גאָרנישט? דו ביזט דאָך פער׳קנס׳ט? אָט דאָסדאָזיגע וואָרט „פער׳קנס׳ט״ פאַלט נישט אַריין אין איהרע אויערן מיט דער זיסקייט, ווי ווען מען זאָגט: „זעה, טעכטעריל, ביי דיר פייערט דאָך אַ בעקיל! מסתמא האָט מען איצט דערמאָהנט אין דיר״, אָדער: „אין דיינע האָהר איז פערפלעכט אַ ניי־האָהרבענדעל״, אָדער: „זעה, ווי זי וויל שוין אַזוי פריה שלאָפען, מסתמא זיך אָנגע׳שכור׳ט״. ניין! דאָס וואָרט „פער׳קנס׳ט״ איז נישט קיין געלעכטער־וואָרט און נישט עפּעס אַזאַ וואָרט, וואָס זאָל פרעהען אין דער שטיל. פערקעהרט, עפּעס ווערען איהרע אויגען גרויע און פערטראַכט אויף אַ צייט, דאָס הערצעל הויבט־אָן טיאָכקען שנעל, פונקט ווי עמיץ וואָלט אַרויסלויפען פון טונקעלען וואַלד געגען די פערד.

עס איז אמת, אַז דאָס וואָרט האָט נאָך אַן׳אָבקלאַנג פון איהרע קליינע יאָהרען. נאָך דעמאָלט האָט מען איהר געקיצעלט אונטער׳ן אָרעם דערמיט, געלייענט קריאת־שמע אָדער געוועקט צום אויפשטעהן, אָבער... דעמאָלט האָט עס דעם איינדרוק נישט געמאַכט. אַצינד רעדט מען עפּעס אין דער־שטיל דערפון, מען שושקעט זיך דערביי און מען לאַכט און וואָס מעהר מען לאַכט, אַלץ מעהר ווערען גרויס איהרע אויגען, ציטערט איהר הערצעל און איהרע ליפּען מורמלען:

—טאַטעניו, פאַרהאַן אין דיין לופט אַזעלכע מיני פרייע פליגעלעך, וואָס פליהען פריי רעכטס, לינקס, אונטען און אויבען. פאַרהאַן אין דיין וואַסער אַזעלכע מיני פישעלעך, וואָס שווימען געגען שטראָם פריי רעכטס, לינקס, אונטען און אויבען, און איז מרימ׳על פריי ווי אַ פישעלע, טאַטעניו, גיב איהר דאָס ביסעלע גוטע קלאָרע וואַסער, און זענען איהרע פליגעלעך גאַנץ, ווי ביי אַ טייבעלע, גיב איהר דאָס ביסעלע גוטע לופט. ניין, ניין, איך ויל נישט פער׳קנס׳ט זיין.

וואָס מעהר אָבער זי ווענדט אָב מיט'ן ניין, ניין, אַלץ מעהר הערט זי עפּעס אַ שטים אין זיך: יאָ, יאָ, יאָ, יאָ, ר' מאָטיעס טעכטעריל, דיין פרייקייט גראָד איז שוין ערגעץ־וואו ווייט פון ר' מאָטיעס שטוב און אַליין ביזטו שוין געבונדען ווי דאָס היהנדעלע אונטער'ן טיש. עס וועט דיר נישט העלפען נישט דאָדיע, נישט יאַלעשקע און נישט די גוטע ליבע סאָסיע. פערפאַלען, מרים'ל, קוים ביזטו פער'קנס'ט, וועט מען דיך פיהרען אונטער אַ חופּה, צופיהרען צו אַ חתן, אָנטהאָן אַ פינגעריל און בעזינגען אונטער'ן דעקטוך...

וואָס מעהר אָבער זי טראַכט וועגען דעם פינגעריל מיט'ן אונבעקאַנטען חתנ'דעל, אַלץ מעהר קלאַפּט איהר הערצעל, פערטראַכטען זיך איהרע אויגען און ציטערן איהרע גלידער, נאָכמעהר, ווען זי הערט עפּעס דאָס שושקען זיך פון סאָסיע'ן און דאָדיע'ן אין דער־שטיל אויף איהר נאָמען. דאָס איז נישט יענע סאָסיע, וואָס וואַשט זי געטריי, טהוט איהר אָן און טראָגט איהר צו עסען אַ גאַנצען טאָג. עפּעס אַ סאָסיע אַ נאַכטיגע, אַ פרעמדע און אַ שלעכטע, און אָט די סאָסיע זאָגט טיילמאָל אַריין מיט אַ ניגון פון התונה:

—הער־זשע, טעכטעריל, רבי יאַלעשקע האָט אַזוי פערצעהלט: געוועזען אַ גרויסער גבור, וואָס איז געגאַנגען האַלטען מלחמה מיט'ן שונא, און געשוואוירען און אַ נדר געטהאָן, טאָמער קומט ער אַהיים לעבעדיג, איז דאָס ערשטע, וואָס ער וועט בעגעגענען ביי זיין טיר, ברענגט ער אַ קרבן צו גאָט. מאָהלזשע דיר. טעכטעריל, אַז דער ערשטער קרבן איז געוועזען זיין טאָכטער. יאָ, אַנטקעגען־זשע וואָס זאָג איך עס דיר? דער רבי יאַלעשקע האָט געזאָגט, אַז אַ נדר איז זעהר אַ האַרבע זאַך. וועה, וועה איז צו דעם, וואָס ברעכט דאָס וואָרט, ער קאָן, חס־ושלום, שטאַרבען, אומברענגען דורות און געהן פון דער וועלט. אַזוי האָט דער רבי יאַלעשקע געזאָגט. דער רבי יאַלעשקע האָט נאָך עפּעס געזאָגט. עס זענען פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס אַליין שווערען זיי נישט, טהוען נישט קיין נדר און גיבען נישט קיין האַנד, נור דערפאַר טהוט עס אַנ'אַנדערער אויף זייער לעבען: ווי

אַ שטייגער, אַ וואָרט פון אַ שדוך, תנאים, און סתם דעם טאַטענס אַ האַנד. איז וועה, וועה, ווען זיי ברעכן דאָס וואָרט, זיי קאָ־נען, חס־ושלום, אומקומען יונגערהייד, צושטערען דורות און אַליין צובלאָזען ווערען פאַר'ן ווינד. אַזוי האָט דער רבי יאַלע־שקע געזאָגט.

אָט דידאָזיגע שמועסען צווישען דאָדיע'ן און סאָסיע'ן מאַכען עפּעס שווער און טרעהרענדיג איהר געמיט. זי זיצט און קוקט אויף זיי ווי עפּעס אַ לעבעדיג נפש צווישען אַ סוחר און אַ קונא: „טאַטעניו, וואָס אַ מין פערקנס'ט? וואָס פאַר אַ נדר? וואָס פאַר אַ מין יאַלעשקעס גבור? אוי, טאַטעניו".

דידאָזיגע פראַגען מיראַ'ס און אויפרעגונגען ווערען אַלץ שטאַרקער.



## די פֿרעגט סאָסיע׳ן

עס איז געשטאַנען אַ טאָג, איינער פון יענע לויטערע טעג, ווען אין דער הויט און בלוט פיהלט זיך אַ שטילע ענדערונג. פון זיך אַליין און אונגעוואַרט קומט אַנ׳ערמונטערונג פון כּוחות. אונגעפעהר אַזוי מוז זיך שפּירען די בלום, וואָס געהט־איבער פון מאָנאַט מאַי צו יוני, אַ איבערגאַנג צום רייכערן און פריישערן. אין אַזעלכע פריהמאָרגענס איז עפּעס שטענדיג דאָס געמיט פון מרימ׳לען פרעהליך־טרויעריג, קוקט אויף די זיידענע קישענס מיט די געהאָפטענע בלומען, פּאַמעליכעל, פּאַמעליכעל אויף די צוויי ווייסע קריגען געגען דיקען געשליפענעם שפּיגעל, ביסלעכווייז, אויפ׳ן קליאַש, פון וואַנען עס קלאַפּט דער טיק־טאַק פון זייגעריל און פּאַמעליכעל, פּאַמעליכעל גיט זיך עפּעס אַ ציה דעם אָטעם, מיט דער הילף פון וועלכען עס שפּירט זיך דער שטאַנף־ריח פון די צוויי בלויע פאָרהאַנגען, זייער מילדער זויבערער ריח פון זייד, סאַמעט און געהאָפטענע בלומען, דער ריח פון זיך, פון ליבלכן ווינד אין דרויסען. שמעקט דען דאָס נישט די פרעהליכע־טרויעריגע סטרונעס פון געמיט?

מרימ׳ל איז נאָך, ווי נעכטען און איינערנעכטען אין דער צייט, געזעסען אין אַ האַלב־שלאָפענדיגען צושטאַנד, האַלב די האַר

צולאזט און אַלייכט שוועבדיג ווינדטעל האט שוואך בעריהרט די ווייסע שפיצען פון איהר העמד און בעריהרט דאָס פון פּאַפּיר־געשניצטע פּאָרהאנגעל פון שפיגעל, וואס האָט עפּעס צוליב דער פרישקייט פון דער לופט אין שטוב אויסגעזעהן בלישטשעדיגער, קלאָרער און אָפּגעשפּיגעלט מרים׳לעס פּנים דייטליכער.

נור גראָד דאָס פּנים האָט פערמאָגט אין זיך עפּעס זאָרגענדעו און צו איהרע באַקען און אויגען איז געוואָרען צוגעקלעפּט יענער שוין צייטיגער שמערצליכער טרויער, וואָס מען קאָן איהם בעמערקען ביי אַ פרוי אין דעם 17־טען, 18־טען יאָהר פון איהר לעבען.

ווי שטענדיג, זענען דאָ געכטען געוועזען די ווייבער פון רבי׳נס הויף, איינע מיט אַ רויטען קאָלירטען באַנד אין די האָהר, מיט אַ טערקישען טוך און לאַנגע אויערינגלעך, צוויי עלטערע און צוויי שנוהרען. דאָס זענען די געשיקטע פון רבי׳נס הויף, וואָס קומען אַלע מאָל אַ בליק טהאָן, וואָס עס הערט זיך אין ר׳ מאָטיעס כלה־וועלט, אַ פרעג טהאָן ווי געהט עס מיט די וועש, מיט די קליידער. אָט דאָסדאָזיגע קומען איז אַ קומען פון יענער צייט אָן, פון וועלכער ר׳ מאָטיעס טאָכטער איז געוואָהר געוואָרען, אַז זי איז פערקנס׳ט צום רבי׳נס הויף, און וואָס עלטער ז ווערט, אַלץ ווערט דאָס קומען און פרעגען עפטער

אין דער׳אמת׳ן ווייס נישט ר׳ מאָטיעס טאָכטער, פאַרוואָס בעריהרט איהר שטיל זייער קומען, זי ווייס נור איינס, אַז ווען זיי בעפאַלען איהר מיט קושען, ביים אַוועקגעהן, פערדרעהט זיך איהר מאָדנע דער קאָפּ, פונקט ווי עמיץ וואָלט דאָרט מיט האַמערס געשלאָגען. די זאַכען פון שטוב זעהען אויס נישט די, עפּעס זענען זיי לענגער און ציהען זיך ווי גרויסע שאָטענס; דער זייגער קלינגט טעמפּער, די פויגלען פון אונטער איהר פענסטער צוויטשערן נישט מיט די קולות און די גאַנצע בלומיגע וועלט אַרום שמעקט נישט, זי ליגט אַ פערשלעפּערטע, פונקט ווי גאָטס ריחות וואָלטען איהר שוין נישט בעריהרט. נאָכמעהר האָט אַ דאָס דערפיהלט פון נאָך נעכטיגער נאַכט

נעכטען ביי נאַכט האָבען איהר די ווייבער, וואָס רופען זיך די מחותנת׳טעס פון רבי׳נס הויף, געבערענגט אַ בריליאַנט פון

## י. מאַסטבוים.

רבי׳נס שטוב, צוגעלעגט צו איהר ברוסט, אָנגעקושט אין איהר קאָפּ און געשעפּטשעט:

— ר׳ מאָטיעס טאכטער, אָט די בריליאַנטענע בראַש איז דיין ערשטע מתנה, און מענשען זאָגען, אַז דאס ערשטע איז דאס בעסטע, דען איהר שטאַם, טעכטעריל, איז נישט פון קיין ליאַדע וועמען. דורות, דורות איז זי שוין אין רבי׳נס שטוב, געהט־איבער פון איין שנוהר צו דער צווייטער, פון איין האַלז צום צווייטען, אַציִנד טראָג דו איהם צו לאַנגע, לאַנגע יאָהר.

אָט די־אָזיגע שטילע רייד און דער בלישטש פון נייעם בייגאָלד־געפּאַסטען חפץ האָבען פראָסטיג דורכגענומען איהרע ביינער. עס האָט איהר אין דער מינוט דורכגענומען אַ געפיהל פון עפּעס אָנגעוואָרפענעס, פון וועלכען קיינער וועט איהר שוין נישט בעפרייען. זי האָט עס אַלעמאָל בעריהרט מיט די פינגער און צוריק מיט מורא עס אַוועקגעלעגט, בעריהרט און אַוועקגעלעגט.

עס האָט זיך פון די ווייטע בלומיגע גערטנער אַ טראָג געטהאָן אַ ווינטעלע, וואָס האָט געשמעקט מיט די בלומען, בעשפּריצטע פון אָגראָדניקס גרויסע לייקעס און פעסער פון פייערלעשער, און דורך די ריחות האָט זיך דורכגע׳גנב׳עט דער געשמאַק פון פריש־אַרויסגעריסענע מעהרען, פּעטרושקע און עפּעס פון פייכטע ערד אויפגערודערט פון די בלומען־טעפּ. פון די טויבען־לעכער האָבען זיך אַרויסגעלאָזט צום פליהען צו צווייִ, דריי ווייסע טויבען, וואָס האָבען אַ קרייז געמאַכט אַרום איהר פענסטער און, אָנוועהרענדיג איינציגע פעדערן, זענען זיי שטעהן געבליבען אויפ׳ן שפּיץ פּאַרקאַן, דערשראָקענע, ווי פאַר דעם ריח פון פרישע פעדערן, וואָס האָט געשטאַמט פון זיי אַליין.

מרים׳ל האָט נאָך אַמאָל אַ בליק געטהאָן אונטער זיך אין שפּיגעל און פערקנייטשט די אויגען, אין וועלכע עס איז געשטאַנען עפּעס אַ מאָדנער בלויער טרויער, וואָס האָט פערצעהלט וועגען רחמנות און מיטגעפיהל אויף זיך אַליין.

— אַ גוט מאָרגען, אַ מזל׳דיגען! — האָט זיך געהערט אַ פרעהליכער אויסרוף פון הילקע די מילך־יודענע, די, וואָס וואַרט שוין

די צייט, ווען ר׳ מאָטיעס בת־יחידה וועט אָנטהאָן אויף איהר האַלז די ערשטע מתנה.

—אַ גוט מאָרגען, אַ פרעהליכען!—האָט פרעהליך אַריינגעזונגען אין פענסטער אויגוסט אָגראָדניק, אַ גוי מיט געלע פיעגעס, וואָס וואַרט שוין די מינוט, ווען ער וועט כאַפּען אַ טענצעל אויף מאַריטאַס חתונה.

אום אויסצודריקען די פרייד פון דער ערשטער מתנה, האָט טאַלמאַ מאַשיניסט דעמאָנסטריט מיט דער פּאַרע פון אַלע זייטען און זיין הונד איז שיער נישט משוגע־געוואָרען פון פרייד.

עס איז פּאַמעליכעל מיט די הענד אויף הינטען דורך דער רבי יאַלעשקע מיט דער נייער ריפּסענער קאַפּאָטע און מיט דער גרויסער דענקע פון היטעל, וואָס הויבט זיך שטענדיג ביי אַ ווינד אויף רעכטס און אויף לינקס ווי ביי אַ דראָזשקע, ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביים פענסטער, פערהאַקט די צייהן, פערגלעזערט די אויגען און געמורמעלט, קוקענדיג אויפ׳ן ברילליאַנט:

—אַגוט מאָרגען דיר, אַ פרישינקער, גרויסע חומש־מויד! כאַ־כאַ! אַרויסגעריסען זיך פון אונטער׳ן טייטעל אַפּער, אַרויסגעדרעהט זיך פון רבי׳ן, כאַ־כאַ! ווי איהר פּאַסט עס די מתנה. אַ קייזערין! נו, אַצינד זאָג־אַריין דאָרט און קוק־אַריין, אַז מען זאָל דעם רבי׳ן געבען וואָס מעהר ראָגלען מיט קעז און מעהר זיסען ליקער און דעם טאַטעשקען זאָג, אַז ער זאָל געבען וואָס מעהר חנוכה־געלד און ניס אויף פסח פּאַר מיינע צוויי רויטע מיידלעך אין דאָרף. כאַ־כאַ! אַצינד בין איך גליקליך, ווי אַ קיסר און וועל נעהמען עמעריטוראַ, ווי אַ געגעראַל. און וואָס נאָך פעהלט עס מיר?

דער ווילדער רבי יאַלעשקע, וואָס ביי עפּעס אַ שטיקעל שמחה אין שטוב ווערט ער עפּעס פערדרעהט פון פרייד, האָט איצט אָנגעהויבען מאָדנע ווילד צו ווערען. ער האָט געיאָגט די היהנער, געדרעהט די בהמות ביי די עקען און געיאָגט זיך נאָך די גאָלדענע ביהנען און נאָך דאָדיע׳ן די דינסט, וואָס האָט געטראָגען צוויי פלעשער זיסען ליקער און וואָס איז סוף־כל־סוף פערהאַלטען געוואָרען פון צוויי פּאַראָבקעס, געבונדען געוואָרען און אַוועקגעלעגט געוואָרען צום שלאָפען.

נאָך איהם איז איהר אַנטקעגענגעקומען די גוטע מאַמע מיט דער אייערפאַן, געטשיפּעטשעט שטיל, העכער געשלאָגען און גע־הויבען, פּונקט ווי זי וואָלט וועלען מייגען דערמיט אָבצוגעבען איהר טאָכטערישען נייעם גוט־מאָרגען.

דער לעצטער איז פאַרביי דער טאַטע, דער הויכער ברייט־ביינינגער ר׳ מאָטיע מיט׳ן גוטען שטערענבערגס פּאַלטאָ. סיי וואָ־כען און סיי שבת, מיט דער ווייסער ליולקע, וואָס האָט עפּעס מעהר ווי שטענדיג גענעבעלט מיט אַ רויך, אַ יום־טוב׳דיגען און אַ פאַרביגען; ער האָט עפּעס אַ פּאָטערליכען בליק גע־וואָרפען צו דער זייט פון זיין טאָכטער און אַ קלאַפּ געטהאָן מיט׳ן זילבערנעם שטעקען אין דעם שטיין. אָט דאָס, הייסט עס, געה איך, מאָטיע, וואָס מיין פירמע עקזיסטירט שוין 40 יאָהר אָהן באַנקראָט און ווייסט עטץ נישט, פעלדעלעך, וועלדעלעך, פון מיינע תלמוד־תורות, אָרעם־הייזער און סתם יודלעך, וואָס געהען־אַריין חסר און געהען־אַרויס מלא?

אָ, אַ גרויס גליק איז געשעהען, ר׳ מאָטיע׳ן. זיין טעכטע־רילס האַלז איז שוין פערנומען מיט׳ן רבי׳נס געשאַנק. באַלד וועלען שפּילען פידעלעך פאַר אַ רבי׳נישער חתונה און קליינגען גלעקעלעך פאַר אַ רבי׳נישער חופּה, און חסידימ׳לעך וועלען טאַנ־צען מצוה־טענצעלעך און סתם־קאָזעקלעך און עס וועלען זיך פער־וויקלען יחוסים מיט מיוחסימ׳לעך, גאָלדענע און זילבערנע שנירע־לעך... אַזוי, אַזוי, ר׳ מאָטיע.

ער האָט נאָכאַמאָל אַ בליק געוואָרפען צו דער זייט פון זיין טאָכטער. מיט דעם בליק האָט ער געמיינט צו דערקענען די בעזונדערע געהויבענקייט פון היינטיגען פריהמאָרגען. די לעצטע האָט זיך פּעררוקט אונטער׳ן פאָרהאַנג.

עס איז איהר אַנטקעגענגעקומען די רויט־האָריגע, ווילדע ברייטמויליגע סאָסיע, די, וואָס האָט געוואוסט יעדעס געהיימע געדאַנקעלע פון טעכטערילס האַרץ. זי האָט איהר אַרומגעכאַפּט און געקוואָלען.

— אַ גוטער אויפשטאַנד אויף דיר היינט, נישט־קשה, וואָס

פאַר אַ טאָג ווייטער, אַלץ לעבעדיגער. ס'קומען שוין אָפּטער צו אונז די מחותנים, נאָהנטער צום פייערווערק. כאַ־כאַ.

מאַריטאַ האָט אַ ריהר געטהאָן מיט די לאַנגע איידעלע פינגער דעם בריליאַנט און אָנגעשטעלט די בלויע אויגען ערגעץ אין דער ווייט... אין זיי זענען געשטאַנען מאָדנע בלאַסע פייער־לעך, וואָס האָבען פערצעהלט פון מרה־שחורה און ברוגז. און זי האָט געמורמעלט:

—אָבער וואָס קומען זיי אַזוי אָפט צו אונז? וואָס כאַפּען זיי מיך אַרום? וואָס פרעהט עס מיך די ערשטע מתנה? דאָס פייערווערק?

—ע', נאַרעלע,—האָט סאָסיע געזאָגט, שלינגענדיג דאָס שפּייעכץ ווי פון קנאָה,—די ערשטע מתנה איז בעסער פון אַלע מתנות אין דער וועלט. אַלע מתנות, טעכטעריל, ווערען פערגעסען אָדער פערלוירען, נור זי, די ערשטע מתנה, געדענקט מען גוט, מען געדענקט זי ביי טאָג און ביינאַכט, אין חלום און אין שלאָף. וואָרום וואָס אַשטייגער האָב איך אויף דער וועלט? געוועזען אַמאָל אַ בחור'ל, וואָס האָט מיר געשיקט אַ זייגעריל מיט אַ בריליאַנטעל אין דער־מיט. דאָס זייגעריל, זעהסטו, האָט מען מיר צוגע'גנב'עט און דאָס בחור'ל איז אַנטלאָפען. שוין פון דע־מאָלט אָן וואַלגער איך מיך פון איין אָרט אין צווייטען און אָט אָ דאָס זאָג איך דיר, טעכטעריל, היט עס בייטאָג און ביינאַכט, כדי דו זאָלסט נישט וואַנדערן, נישט וואַלגערן זיך און נישט צובראָכען ווערען.

טאָסיע האָט אַ וויש געטהאָן מיט די רויטע פאַטשיילע די צוויי גרויסע נאָזלעכער, וואָס האָבען צוטיילט דאָס פנים אויף צוויי העלפטען, איינע אַ זיסע און איינע אַ זויערע, און צוגעגעבען:

—דערצו, טעכטעריל, טאָר מען נישט פערגעסען דעם טאַ־טענס נדר. פאַרהאַן מיידלעך, וואָס קומען צו זייער גליק, צו תנאים ביי 18 יאָהר, און פאַרהאַן מיידלעך וואָס ווערען פער־קנס'ט אין זייערע זיידענע וויקעלעך, כי, כי. ביזטו געוועזען אַ שען כלה'לע אין דיינע וויקעלעך!

סאָסיע האָט גערעדט טריי און אינערלעך איבערגעגעבען צו דער שטיל־חנ'עוודיגער געריהרטער מאַריטאַ'ן. זי האָט געשיל־דערט דאָס גרויסע בעפאָרשטעהענדיגע גליק און די וויכטיגקייט

פון טאַטענס וואָרט, דערביי איז די אַלעמאָל געקומען מיט ביי־
שפּילען אויף זיך, און צולויפט זיך און אַריינגעפאַלען אָפּט איך
דעם טאָן, ווי עס פאַלען אָפּט אַריין די איבערגעוואַקסענע יע־
נעמס גליק־בענײדענדע, דאָך פון אייגענער צוביראָכענהייט גליק־
ווינשענדע ווייבער. און וואָס מעהר זי האָט גערעדט, אַלץ מעהר
האָט עס עפּעס אָנגעבלאָזען אַ שטילע שרעק אין איהר האַרץ,
עס האָט זי געשראָקען דאָס וויגעלע מיט די זיידענע וויקעל־
שנורען, דעם טאַטענס צוזאָג דאַן און דאָס ליכטיגע בלישטשענ־
דיגע פון איהר האַלז אַראָב און זי האָט שטיל געשעפּטשעט:

—אוי, סאָסינקע, ווען איך קאָן עס צושעפּען צו אַ ברוסט,
אַוועקצוגעבען צו אַ דרשה־געשאַנק, אָדער אַנ׳אָרימע, אַ יתומה,
אָדער, אָדער... לאָזען עס פאַלען אין ים... און איהרע בלויע גרוי־
סע אויגען האָבען זיך פערנומען מיט עפּעס אַ מאָדנעם טרויער



## איהרע ערשטע טרעהרען.

נאָך אין דעם אייגענעם טאָג איז פאָרגעקומען ביי ר׳ מאָטיען עפּעס אַ מאָדנער מיטאָג. עס איז נישט געווען יענער מיטענוואָכענדיגער מיטאָג, ווען די מענשען עסען פערקאָרזשעטערהייד. עס איז געווען אַ שטיקעל סעודה, און דערקענט האָט מען, אַז די סעודה האָט עפּעס נאָך אַ שטיקעל שייכות מיט די נעכטיגע געסט. עס איז געזעסען דער פעטער חיים אָהן דעם יעגערבייטעל און אָן די צוויי הינד—כאַרטען, וואָס ער נעהמט מיט אויפ׳ן וועג, און געפּויקט מיט די צוויי פינגער אין טיש ווי אין אַ באַראַבאַן. די מוהמע, אויסגעפּוצט אין די בורשטינענע קרעלען האָט אויך עפּעס אונטערגעזונגען אויף ווייבעריש לשון. יאַלעשקע מיט׳ן ברייטען לאַציגען העמד, וואָס עס האָט, כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, אויסגעזעהן ווי אַ שעטנז, איז אַרומגעגאַנגען אויסגעשלאָפען, אין כעס דערפון, וואָס מען האָט איהם אויף כח געבונדען און געלעגט שלאָפען. און דאָך האָט ער אונטערגעזונגען, און ווען עס האָט איהם אַרומגעכאַפּט אַ גוטע מינוט, איז ער אריין אין דער צווייטער שטוב און געמאַכט שטילע „קאָזשעלקעס“ צו־אײנס נאָכ׳ן אַנדערן, ווי נקמה צו נעמען פון זיך אַליין פאַר׳ן היינטיגען בינדען איהם און לעגען איהם שלאָפען. די מוהמע

דאָדיע איז אַרומגעגאַנגען מיט אויסגעפּוצטע ברילען און מיט נייע ווייסע קליידער, וואָס האָבען נאָך דאָפּעלט מעהר ווי שטענדיג געשמעקט מיט ליאַן ווי פון אַ נייער ליאַלקע. דער יונג מאָטקע פון הינטען איז אַרומגעגאַנגען מיט זיינע סאַרווערעשע מינעלען, געבויגען זיך, געדרעדט, צוגעוואונשען און דאָס אַלץ האָט זיך עפּעס געגרייט מיט אַ דאַנקערישען נגון צום געזונדטען שפּייזיגען טיש.

עס איז נור געוועזען איין מענש, וואָס איז געזעסען אין דער זייט פון טאַטע־מאַמע, וואָס האָט זיך געהאַלטען עפּעס פון ווייטען. דאָס איז געוועזען מאַריטאַ, פון וועלכערס בלויע אויגען עס האָט געשלאָגען מיט אַ בלוי־לויטערן טרויער. אונבעקוועם און פרעמד איז איהר געוועזען דער טיש, אונבעקוועם טאַטע־מאַמע, אונבעקוועם די גאַנצע אַרומיגע וועלט. זי איז געזעסען, פערבייסענדיג די ליפּען, און געשוויגען.

—עי, ס׳פּאַסט נישט דאָס שווייגען,—האָט בעמערקט דער פעטער חיים שוין נאָכדעם ווי דער עולם האָט גענומען פון טרינקערישען און זיסען,—עס פּאַסט נישט דאָס שטערען דעם טיש.

—געה שוין, געה שוין, זי שטערט גאָרנישט. עס הייסט זיך אַזוי אויך גוט,—האָט עפּעס גלאַט אַזוי אַריינגעקלאַפּט יאַלעשקע מיט די צוויי ווייסע ברעמען, וואָס עס האָט איהם עהנליך געמאַכט צו אַ קאַלב. די מוהמע דאָדיע האָט פילאָזאָפיש בעטראַכט אַלעמען פון אונטער די ברילען און עפּעס ווייך מאַריטקאַ׳ן געשטויסען פון הינטען. די מאַמע און די מוהמע זענען געזעסען אין אַ זייט, בעשעפטיגט נאָך אין פלאָנטערדיגען שמועס וועגען זייער קייט פון יחוס און געשאַצט דעם ווערט פון דער ערשטער מתנה. דאָסמאָל איז צו די רויטהאָהריגע ווילדע סאָסיע, זי האָט פאַמעלעכעל און מיט אַ דרייסטקייט אַרויסגענומען די ברילי־אַנטענע בראָש, אויפגעהויבען זי אין דער הויך און זיגעריש געזאָגט:

—מאַריטקעלעס מזל, נישט אומזיסט האָט דיך סאָסיע אויסגעוויגט, אויסגעוויקעלט דיך, בעזונגען מיט לידער. מאַריטאַ׳ס מזל איז אַ ליכטיגס, אַ העלס.

זי האָט צוגעלעגט די בריליאַנטענע בראָש אויף איהר האַרץ, וואָס עס האָט געשלאָגען מיט אַ ליכטיגער ראַזיגקייט און, אויסמישענדיג זיך מיט דער טונקעל-בלויהייט פון די אויגען, האָט עס געבילדעט אַ רייך פון ווייכע מילדע פאַרבען, וואָס האָט דערמאָהנט אין אַ רבנ׳ישער גליקזעליגקייט.

אָט דידאָזיגע גוטע מינוט האָט עפּעס מאָדנע געווירקט אויף די שטוב־מענשען. עס האָט זיך די מוהמע און די מאַמע צוגעקריגען צו מאַריטאַס קאָפּ און שטיל עפּעס אריינגעוואונשען. אַריינגעוואונשען אין דער לופט אַריין האָט אויך דאָדיע. דער פעטער חיים האָט זיך אויפגעשטעלט, אָבגעווישט די בלאָנדע וואָנסען, וועלכע האָבען שעמערירט פון ביר און געכאַפּט עפּעס אַ פרישען לחיים. יאַלעשקע האָט זיך תמ׳עוואַטע פערקוקט אויף דער מתּנה און איהר רייך פון פאַרבען, אַמאָל אויף די איינציגע לויטערע טרעהרען, וואָס האָבען פון צייט צו צייט געקאַפּעט אַי פון די גוטע וואונשען, אי פון שטילער מורא און צוגעגעבען צו זיך אַליין, רעדענדיג: „נישט וויין, מיידעל, סיי־ווי־סיי ביזטו שוין פטור געוואָרען פון טייטעל״. און געשאָקעלט זיך אין דער ברייט, תמ׳עוואַטע, ווי איהם וואָלט אַרומכאַפּען אַ גוט בענשען.

עס איז געזעסען דער טאַטע ר׳ מאָטיע און אונטערגעזוגען מיט איינעם פון יענע שטילע נגונים, אין וועלכע ער דריקט אויס זיין בטחון און זיין האָפנונג אויפ׳ן קיום פון זיינע גוטע דורות. ניין! אָט די שטיל פליסענדע טרעהרען האָבען איהם נישט פערביטערט. פערקעהרט, ער האָט געזעהן אין זיי די ערשטע שטראַהלען פון זיין גרויסען צוזאָג, און געטראַכט זיך:

„וואויל איז דיר אויף דער וועלט, וואויל איז דיר אויף דער מלאָכים־וועלט, אויף דער וועלט פון רוה און אייביגקייט, אויף דער וועלט פון געזאַנג און שמחה. בים־באָם!״ (סאָסיעס ווערטער צוטרייבען די שלעכטע געדאַנקען.)



# מאַריטאַ שפּאַצירט אין סאָד.

—זאָל מען זיך מטריח־זיין און אַ ביסעל אַראָפּגעהן אין סאָד,—האָט דער שטיל-צופרידענער ר׳ מאָטיע מיט עטליכע טעג שפּעטער בעפוילען דער דינסט דורכצוגעהען און צו צוטרייבען פון זיין טאָכטערס האַרץ דאָס שווערע און פּיינליכע.

עס איז געשטאַנען אין דער געגענד פון דער גאָרזשעלניע אַ סאָד, איז עס נישט געווען קיין סאָד, נאָר עפּעס אַ קעניגרייך פון באַרנעס און גאָלדערנע עפּעל. תמוז־צייט, ווען די שטאַמען לאָזען זיך אַראָב מיט זייערע צייטיגע באַרנעס, עפּעל, בעהאָנגען מיט די האַרטע אויסגעשניטענע בלעטער, שיקען זיי אויף דער ערד עפּעס אַזעלכע פער׳שכור׳טע אויבס־ריחות, עפּעס אַזאַ גע־זונדטען גערוך פון זאַפט, וואָס מוז אָבווישען דעם פער־ביטערסטען פערדרוס פון די מענשליכע באַקען. אָבגעווישט די טרעהרען, וואָס האָבען אין די לעצטע טעג אַרויסגעקוואָלען גאָר אָהן אַ פאַרוואָס פון בת־יחיד׳ישען האַרץ, האָט זיך מאַריטקאַ אָנ־געטהאָן דאָס סאַמעטענע קלייד, פון וועלכען עס הערט זיך נאָך פון דאָסנייע דער מילדער ריח פון פאַרפום, און קומט עס אַרויף אויף די גלידער פון ר׳ מאָטיעס טאָכטער, ווערט אין איהרע באַ־קען אויפגעבליהט דער גאַנצער לויטערער רייץ פון איהרע פאַר־

בען. עס פערשטאַרקט זיך דאָס כלה׳שע בת־יחיד׳ישע אויסזעהען, עס איז אַ שפּאַציר־קלייד, וואָס פּאַסט אויסטערליש אַרונטער אונטער די שטאַמען פון די בוימער, און ווען זי שטעהט אונטער זיי, זעהט זי אויס ווי עפּעס אַ גרויסע אויסטערלישע בלום, אויסגעוואַקסען פון סאָד אַליין. אָט דאָסדאָזיגע קלייד האָט איצט מאַריטאַ אָנגעטהאָן אויף איהרע גלידער, אַרויסגענומען דאָס ווייסע זיידענע טיכֿעל, אויסגעווישט די קלאָרע רוהיגע אויגען, וואָס האָבען פערצעהלט פון אויסגעשלאָפענקייט, אַוועקגעלאָזט זיך אונטער די שטאַמען און זיך פערטראַכֿט. עס איז געווען פערנאַכֿט. די רויטע פרעהליכֿע תמוז־זון האָט אויפגעלעבט דאָס צוויטשערן פון פויגעל. עס האָט זיך פון דער ערד אויפגעהויבען אַ לייכֿטער דינער שטויב, אויסגעמישט זיך מיט׳ן קליינעם פּאַרעלע פון די בלויע אויסגעשיטע שטיינדלעך און אָנגעגעהם געמאַכֿט די לופט. דאָס אויג מאַריטאַס האָט דאָס מאָל אָנגעשטעלט זיינע בליקען נישט דאָרט, צו די פערבלומטע גערטלעך מיט די רייפלעך און האַלבע רייפלעך, ווי זי האָט זיך געשפּילט אין דער קינדהייט. פאַרהאַן אין דעם סאָד וועגען, וואָס פיהרען צו עפּעס ערנסטערעס און פערטראַכֿטערעס. דאָס זענען וועגען כלה׳שע, מיט מאָדנע הויכֿע צייטיגע בלומען און צייטיגע פּרות. טעג, טעג האָבען דאָרט שפּאַצירט די כלות פון ר׳ מאָטיעס משפחה, געגאַנגען, פערטראַכֿט זיך אין שטילע געהיימע געדאַנקען פון זייער מיידעלשען מזל. אַצינד האָט מען דאָרט געזעהן די יונגסטע טאָכֿטער ר׳ מאָטיעס. מיט דעם טיכֿעל פאַר די אויגען און מיט עפּעס אַ שמייכֿעל אויף די ליפּען, האָבען זיך די טריט פון ר׳ מאָטיעס טאָכֿטער אַריינגעשלייכֿט אין דער וועיטקייט אַריין און אויסגעזעהן ווי פערבעהאַלטען פון דער וועלט. מערקווירדיג, דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס פערבעהאַלטען זיך אַ מינוט פון די שטוב-מענשען איז געווען איהר טיפער וואונש. גראָד דאָסמאָל האָט זי אָנגעהויבען אָטעמען פריי און זיך אַליין עפּעס צו געפעלען. גראָד דאָסמאָל האָט זי אַ מינוט אַראָבגעלאָזט די אויגען, און דער ראָזער בריליאַנט האָט געגעבען דער זון אַ בלישטש געטהאָן אין איהרע אויגען אַריין. דערביי האָט זי זיך דערמאָהנט

## י. פּאַסטבוים.

אין די גוטע וואונשען, געשרייען און מזל־טוב׳ן. ביסלעכווייז איז איהר אַנטקעגען געקומען דאָס פּנים פון צופרידענעם טאַטען און פלוצלונג האָט עפּעס אַ שוועב געטהאָן פאַר איהרע אויגען. דאָס איז געוועזען פאַר איהר אַ בילד—אַ נישט בעקאַנטס, אַ ווייטס, אָבער אַ היימליכס. דאָס איז געוועזען דאָס נישט בעקאַנטע פּנים פון יונגען רבי׳לע, וואָס עס האָט זי מאָדנע געשראָקען און געפרעהט.

דאָסמאָל האָט זי אַריינגעלעגט דאָס פּנים אין די הענד. דאָס איז געוועזען אַ מינוט פון בעדענקען זיך, פון איבערוואַרפען זיך פון ניין אויף יאָ, און מיט דעם יאָ האָט, דאַכט זיך, אָנגעהויבען אויפשיינען פאַר איהר עפּעס אַנ׳אַנדער וועלט, עפּעס לייכטער איז איהר אויסגעקומען דעם טאַטענס וואָרט, מילדער סאָסיעס רייד און שענער דאָס פּנימ׳על פון יונגען רבי׳לע.

פון שטוב האָט זיך געהערט דאָס רופען מרימ׳לען און באַלד האָבען זיך געזעהען די זוכעדיגע איהר. עס איז אַרומגעגאַנגען דאָ־דיע צו זעהען ווי זי פיהלט זיך אַליין אויפ׳ן שפּאַציר. יאַלע־שקע איז עפּעס שבת׳דיג אַרומגעגאַנגען און נאָכגעגאַנגען איהר פון הינטען, ווי זי איבערצושרעקען. ער איז איהר עפּעס אונטער־געקומען פון אונטער אַ בוים און, קוקענדיג אויפ׳ן ברילּיאַנט, וואָס האָט איהם מאָדנע פערדרעהט דעם קאָפּ, האָט ער געלאַכט תמ־עוואַטע־גוטמוטיג און געשפּריצט מיט אַ ווילד געלעכטער אין דער לופט אַריין.

באַלד נאָך זיי איז אונטערגעקומען סאָסיע. זי האָט זיך גע־שטעלט געגענאיבער איהר און אָנגעהויבען זויער־זיס צו שמיי־כלען מיט נחת:—מרימ׳ל, גאָט צו דאַנקען אויסגעלייטערט זיך ווי אַ הימעל. געוויינט? נישט קשה, וואָס מעהר דו וועסט וויינען, אַלץ מעהר וועסטו עפּעס אויסוויינען. יונגע מיידלעך וויינען אַ סך, און ווי דיר פּאַסט אָט דער נחת?

מאַריטאַ האָט דעם קאָפּ אין דער העלפט אַראָבגעלאָזט און איז אַריינגעפאַלען אין דער מינע, ווי ס׳פאַלען אָפּט אַריין די קינדער, וואָס זיי פּאַסט נישט באַלד נאָכצוגעבען זייער קאַפּריז און געשעפּטשעט:

—יאָ, די ראָסע הויבט־אָן פאַלען אויף די בלעטער. זי מאַכט

פײכט דאָס פּנים און די אויגען. צײט אַהײם צו גײן, אַיאָ?

די דינסט האָט איהר גענומען אונטער די הענד און האָט זי דורכגעפיהרט פּאַמעליכעל די סאַמעטענע בלומען און רײפען, וואָס האָבען זיך געוויקעלט, ווי זכרונות פון איהר קינדהײט. די זון איז פערגאַנגען און נאָכ'ן הײסקײט פון טאָג האָט די פּאַרע פון די קלײנע בלויע שטײנדלעך, אויסגעשיטע צום שפּאַציר, געמאַכט קיהל און אָנגענעהם די לופט. עס איז אויפגעשטאַנען אַ קוואַקען פון אײנציגע בענקענדע פרעש, וואָס דערמאָהנען אין דעם קוקען פון אַ קוקושקע אין וואַלד, וואָס מאַכט צערטליך דאָס געמיט. דאָס טשיריקען פון זומערפויגעלעך אין די גראָזען און דאָס אַלץ איז אויפגעגאַנגען פאַר'ן הימעל מיט עפּעס אַ מאָדנעם גרויס: זי איז שוין אין יונגען רבי'לעס הענד. זי בעשטעהי



## עָס ציהט זיי אהיים.

עָס איז פאַרהאַן מינוטען בּיי דער זון אָדער בּיי אַנדערע לייבּ־טענדע הימעלס־קערפּער, וואָס אויסער וואָס זיי לייכטען פאַר די טויזענדער אַנדערע פינסטערע אָהנאויגענדיגע קערפּער, בּלייבּען זיי שטעהן רוהיגע און צופרידענע מיט זיך אַליין. דאָס זענען די מינוטען, ווען די וואָלקען פערלאָזען זיי און זיי בּלייבּען שטעהן, בּעטראַכטענדיג זיך: סטייטש, איך בּין דאָך עפּעס אַליין אויך אַ בּעשעפעניש פון ששת ימי בּראשית אָן, ווער קאָן זיך גלייכען צו מיין וואַרימקייט און ווער צו מיין ליכט? אָט דאָס איז געוועזען ר׳ מאָטיעס שטוב אין דער צייט, ווען עס איז קענטיג געוואָרען דאָס נאָהענטקייט פון ציל, וואָס די משפחה האָט געהאַט. פאַר מעהרסטענס האָט דער שטילער בּטחונ׳דיגער ר׳ מאָטיע אַריינ־געדרונגען דערין. ווי אַ גרויס משיח־ציל, איז געשטאַנען פאַר איהם דער חלום פון קיום המשפחה און זיינע פאָלגען, נאָכמעהר איצט, ווען ער האָט שוין געזעהען פאַר זיך די ערשטע מתנה. דאָס איז נישט געווע־זען קיין מתנה, וואָס האָט איהר ציל צו דערגרייכען עפּעס כלה׳־שעס, גיכער איז עס געוועזען אַ געשאַנק פון רבּי׳נס הויף פאַר דער גוטער געראָטענער קינדהייט, עפּעס אַ מין שטערען אין הי־מעל אויף אַ מענשליכען האַלז, וואָס פערשפּרעכט גוטעס און ווײ־

טעס. אַזויערנאָך האָט זיך געצויגען דער נגון, די פידעל האָט אַרויסגעגעבען די שענסטע טענער פאַר ר' מאָטיעס האָפנונגען. עס האָט אָבער אַ טבע די פידעל, אַז גראָד ווען דער נגון דער־הויבט זיך ביז דער העכסטער שטופע, פאַלען־אַוועק עטליכע סטרוי־נעס בעליידיגטע, נישט בעריהרטע. צו דידאָזיגע סטרונעס האָבען אונבעדינגט בעלאַנגט צוויי פאַרשוינען: יאַלעשקע און דאָדיע, ווי זיכער ווי זאָלען נישט זיין מיט זייער עסען און טרינקען, ווי גוט און פריי זיי זאָל זיין דאָס לעבען אויף דער גרויסער פריי־ער וועלט, האָט זי דאָך בעריהרט מאָדנע דאָס גרויסקייט פון ר' מאָטיעס טאָכטער. עס איז זיי נישט איינגעגאַנגען—נישט די קעז־ראָגלען אויף אָנבייסען, נישט די היהנער־יויכען אינמיטען דער וואָך און נישט דער גוטער ליקער אין ימים־טובים. אין עפּעס אַ מאָדנער אונבעשטימטקייט זענען זיי הענגען געבליבען, זעהענדיג די ערשטע מתנה מאַריטאַס. עס איז עפּעס איינער שטעהען גע־בליבען יעדעס מאָל מיט'ן טייטעל אין די הענד און געקוקט צו דער פּאָדלאָגע; דער צווייטער האָט מיט כעס געדרעהט און געפלאָנטערט מיט'ן האַנד, נישט וויסענדיג וואו אַהינצוטהאָן זי. דען איהר דאַרפט וויסען זיין, אַז אַרומדרעהען זיך גלאַט אַזוי גאָן נישט טהאָן עפּעס פאַר דעם לעבען פון ר' מאָטיעס טאָכטער איז עפּעס אַ מין שטראָף, אַ מין אָבקומען עבירות. אַזעלכע מיני זאַכען שמעקען מיט נייד און פערדרוס, ווען איינער פון די משרתים זעהט ווי דער צווייטער דערהויבט זיך אין ר' מאָטיעס שטוב. עס שמעקט מיט צופּען זיך אין דער שטיל, בייסען מיט די צייהן און אָפּט שילטען. דאָדיע מיט די בעגעל אויף יאַלעשקע'ן, יאַלעשקע מיט'ן רימען פון זיינע תחתונים אויף דאָדיע'ן און סאָ־סיע אויף ביידען. אָבער דאָ האָבען זיי זיך אַרומגעדרעהט לעדיג גאַנצע טעג, געגעסען, געטרונקען און געבראָפּעט, געגעסען, גע־טרונקען און געבראָפּעט. זיי זענען לאַנגווייליג געוואָרען די גרויסע שטובען מיט זייערע בראָנפענס און קוכענס, דער גרויסע סאָד מיט זיינע עפּעל און באַרען. אַפילו דער ריח פון די גרויסע גע־בראָטענע גענז—דאָס אַלץ איז זיי צוגעגעסען געוואָרען און זיי האָט געצויגען אין דער היימישער ווייטקייט אַריין.

—ווייסטו ?—האָט איינמאָל דער ווייסברעמיגער, פערפיגעטער יאַלעשקע מיט די הענד פון הינטען אויפ׳ן שפּאַלט פון דער ריפּסענער קאַפּאָטע, ווי שבת נאָכ׳ן עסען, אַ געניץ געטהאָן אין דער לופט אַריין.—ווייסטו ? מיין מיידעל איז מיר צו גרויס, זי פּאָלגט שוין נישט דאָס טיטעל, דאָס טייטעל ציטערט מיר אין די הענד. כ׳האָב פּשוט חשק אַהיים צו פּאָהרען מיט׳ן קעסטעל וועש און צוויי סדורים. און דו, דאָדיע ?

וואָס אמת איז שוין, דאָדיע איז אויך געזעסען פערטהאָן אין נעבעל פון דער צוקונפט. קליינערהייד האָט זי מאַריטקע׳ן צוגעטראָגען אַ קליינעם מוסר, אַז וואַשען זיך די הענד איז גוט דריי מאָל אין טאָג. דידאָזיגע לעהרע איז שוין אַזוי לאַנג געווען איינגעבאַקען אין מאַריטאַס קאָפּ, וואָס ווען מ׳זאָל זיך שטיצען בלויז אויף דעם און די מוהמע דאָדיע זאָל אַמאָל נישט העלפען וואַשען די כּלים אָדער פּוצען די שטיוועל, אָדער הייצען דעם אויווען, איז ווער ווייס, צי זי וואלט זיך דאָרט דערהאַלטען מיט אַ יאָהר 15 צוריק.

—ווייס איך ?—האָט עפּעס שוואַך געבורטשעט די מוהמע דאָדיע,—און מיך ציהט אויך אַוועק. אין דער׳אמת׳ען ווייס איך נישט וואָס איך דרעה מיך דאָ אַרום, צלם זיך נישט, זאָג נישט קיין פּאַטשאַרזש און קניה נישט נידער. ווער ווייס מיט וויפיל זינד איך וועל דאָ דאַרפען אָבקומען פּאַר׳ן שטן, מיט וויפיל זינדיגע שמיץ און על־הטא׳ן.

דאָדיעס גאָמבע האָט אָנגעהויבען צו ציטערן נישט. מיט׳ן געוועהנליכען ציטערן פון אַלטקייט, נור מיט עפּעס אַ ציטערן פון מורא און שרעקען פאַר׳ן גיהנם. זי האָט געבלאָנדזשעט אויפ׳ן קבר פון איהר מאַן, אויפ׳ן גרוב פון איהר גע׳פּגר׳טער בהמה, אויפ׳ן קבר פון היימישע מתים און ביים פּייעריל פון דער קאַפּליצע. יאַלעשקע איז געשטאַנען פערטראַכט, איהם האָט אויך עפּעס געצויגען ווייט־ווייט צו זיינע 2 צעהנגילדענדיגע מיידלעך און צו קברים פון נאָהענטע און ווייטע.

אַ ווינד פון פענסטער האָט אַוועהע געטהאָן און אויפגעהויבען די איינגעפּלאַטשטע דענקע פון היטעל, איבערגעקעהרט זי אויף

רעכטס ווי צוויי אַ [illegible] און [illegible] געשוואָן דאָס שיטערע געמיש פון געלע האָהר ביי דער גאָמבע. ער האָט זיך איצט געהאַט אײנגאַנצען פערלוירען און אויסגעזעהען ווי אַ יונגע קוה, וואָס קוקט און זוכט די מוטער.

—מילא, געהן איז געהן,—האָט יאַלעשקע זיך בעשלאָסען, געהענדיג איבער די שטוב אַהין-און־צוריק.—סיי־ווי־סיי וועלען מיר קריגען די גרויסע שטאָפּען בראָנפען אַהיים, די ראָגלען מיט קעז. קום, שוועסטעריל, לאָמיר זיי דאָ „אָבדאַנקען”.

עס האָט זיך האַלב־תמ׳עוואַטע, האַלב-פערזויערט אַ רוק געטהאָן יאַלעשקע, נאָך איהם דאָדיע. ער האָט דער ערשטער זיך אַוועקגעשטעלט עפּעס בעליידיגט און גענומען רייבען די אויגען צו וויינען ווי אַ קינד. די צווייטע האָט געציטערט מיט דער גאָמבע.

— אַ טרעהרען? וויינען גאָר? וואָס איז דאָס אַזוינס?—האָט דער גוטער ר׳ מאָטיע אָנגעשטעלט אַ פּאָר ליבע גרויסע אויגען.

—עס איז גאָר נישט, גלאַט אַזוי, בעל-הבית,—האָט שטיל געכליפּעט יאַלעשקע,—עס איז מיר אויף נאמנות אַ שאָד די גוטע שבתים ביי אייער טיש, די חנוכה־געלדער און פּורים שלח־מנות, נור וואָס דען?

—נור וואָס דען?

—נור וואָס דען? איך קאָן דאָ לענגער נישט זיין, בעל־הבית. דאָס מיידעל איז מיר שוין צו גרויס, דאָס טייטעל פּאַלט מיר פון די פינגער. איהר הערט, בעל־הבית?

יאַלעשקע האָט געריבען די אויגען, געציטערט מיט׳ן בערדיל און געקלאַפּט אַ צאָהן און אַ צאָהן, און ר׳ מאָטיע איז אויפגעשטאַנען:

—ווער־זשע טרייבט אייך? איהר ווייסט דאָך גוט, אַז די מענשען ביי מיר זענען שטענדיגע, זיי ווערען נישט אָבגעשאַפּט, נישט געטריבען און נישט פערלאָזט אויף דער עלטער. דו הערסט, דו הערסט, דבורה, אונזער רבי וויל דאָך אונז פערלאָזען. כאַ־כאַ.

נאַטירליך האָט זיך דאָ אַריינגעמישט די מאַמע דבורה, וואָס האָט מיט איהרע גוטע רייד זיי איינגענומען און צוזאַמען דערמיט האָט זיך אָנגעהויבען אַ ברייטער שמועס צווישען די שטוב־מענ־

שען. איינער האָט אַריינגעלעגט דעם קאָפּ, שטעקן געבליבען און אָנגעקוקט יאַלעשקע׳ן, דער צווייטער האָט אַריינגעזעצט די הענד אין די קעשענעס און פערוואונדערט אָנגעקוקט אַלעמען. דער דריי־טער האָט געפּאָרסקעט מיט אַ געלעכטער און דער פערטער האָט עפּעס געצויגען מיט די פּלייצעס אין דער לופט אַריין. נור פון אַלעמען כמעט האָט זיך געהערט דאָסזעלבע מיני לאַכען, קוויטשען און בויגען זיך אין דהייען. וואָס וויל ער? צוועקפאָהרען? איבערלאָזען זיין מיידעל? עי, יאַלעשקע, נעהם איהם נור פאַר׳ן קאַרק, ציה איהם אויס אויף דער פּלייצע, דרעה איהם אויס נאַ קאַנט. בראָנפען ווילסטו?

נאַטירליך, האָט יאַלעשקע קיין בראָנפען נישט געוואָלט און דער פרעהליכער עולם, וואָס האָט געקאָנט יאַלעשקע׳ן און ווי ווייט ער קאָן „אויסהאַלטען אַ טרונק", איהם בכח אַריינגעגאָסען צוויי קליינע גלעזעלעך. די צוויי קליינע גלעזעלעך האָבען אַזוי געווירקט, אַז זיינע צוויי גרויע אויגען זענען עפּעס געוואָרען מאָדנע פערדרעהט, דער דאַשעק פון היטעל פעררוקט, אויף דער לינקער זייט און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ ווילד שלעפּען דאָדיע׳ן ביי די הענד, אַ מאַכען קאָזשעלקעס געגען ר׳ מאָטיען און אַ זינגען אַ ששו ושמחו, וואָס עס האָט זיך געענדיגט מיט בינדען איהם מיט גראָבע שטריק און צובינדען איהם צום בעט.

עס האָט זיך קיינער נישט געריהרט פון דער משפּחה, וואָס הייסט ר׳ מאָטיעס הויז־געזינד. פערקעהרט, עס איז נאָך צוגעקו־מען. טאָג־טעגליך האָט זיך דאָס עשירות פערשטאַרקט. דאָס פערד, וואָס איז היינט געוועזען איינס, איז מאָרגען געוואָרען צוויי; די רויטע קוה, וואָס איז היינט אַרומגעגאַנגען איינע אויף דער פּאַשע, האָט מאָרגען געבוירען אַ רייהע רויטע געפלעקטע הער־נערדיגע בהמה׳לעך, צום בעוואונדערען. און צו דעם אַלעמען האָבען זיך געפּאָדערט מענשען: צו דער קוה—אַ פּאַסטוך, צום פערד—אַ רייטער און צו די וועגענס—איינשפּאַנערס. עס האָט זיך דאָס לעבען פערמעהרט און פערשטאַרקט, עס איז נישט אויסגעקומען, אַז עפּעס אַ בעשעפעניש זאָל אָבטהאָן איהר אַרבייט גלאַט אַזוי און אַוועקגעהען. ניין! דאָס, וואָס עס האָט היינט אַריינגעבראַנגט

עפּעס נייעס פאַר׳ן קערפּער פון ר׳ מאָטיעס משפּחה, איז שוין פערבליבען אייביג. אַ שניידער, וואָס האָט איינמאָל גענייהט אַ קלייד, האָט שוין געהייסען ר׳ מאָטיעס שניידער; אַ שוסטער, וואָס האָט איינמאָל געמאַכט אַ שוך, האָט שוין געהייסען ר׳ מאָטיעס שוסטער. אַזוי אַרום האָט זיך די משפּחה צעוואָקסען ברייטער. צוליב וואָס? צוליב דעם גרויסען מרים׳שען גליק! און אונטער דעם גליק האָק זיך אָנגעהויבען, געטראָגען אַ וואונש פון צוויי חתונות. אַ חתונה אַנ׳אָרימע, אַנ׳אַלטמיידיגע און שיקעלדיגע און אַ הייראַטס־וואונש פון אַטעכטעריל אַ בת־יחידה, אַ בלוי־אויגיגע ברילי־אַנטיגע, און אָט די צוויי חתונות האָבען זיך, דאַכט זיך, געמאָהנט און געפּרעגט: ווער אַ פריהער? ווער? אָבער ר׳ מאָטיעס שטוב ווייסט גוט, ווער פון ביידען עס דאַרף פריהער פערנעהמען דעם אויבענאָן. ווען עס קומט אָן פאַר׳ן כסא־הכבוד אַ זווג אַ פּער־עלטערטעס, אָדער אַ יחוס׳דיגעס, הויבט זיך גאָט אויף פון זיין שטוהל און לאָזט־אַרויס צוויי הייסע טרעהרען: גיעה, הייסט עס, און גע־פין שוין דיין זווג אויף דער וועלט. און אָט די טרעהרען האָט מען אונבעדינגט געמוזט לאָזען אַ פריהער. און נישט נור די גאַנ־צע משפּחה, נור אַפילו ר׳ מאָטיעס בת־יחידה האָט עפּעס שטענ־דיג געטראַכט וועגען די 30 לאַנגע שיקעלדיגע יאָהרען, געטראַכט און געטרויערט, געטראַכט און רחמנות־געהאַט.

אַזוי האָט זי איינמאָל בעמערקט דעם יונג מאָטקע׳ן, דעם האַלבען בדחן, האַלבען טענצער, זיך קריגען מיט סאָסיע׳ן. דאָס קריגעריי איז ביי זיי שוין געוועזען אַנ׳אַלטע זאַך, איינגעוואָר־צעלט אין בלוט, און קיינער האָט עס נישט געקאָנט אויסוואָרצלען. געשטאַמט האָט עס דערפון, וואָס מאָטקע דער „פּראַנצעט”, ווי סאָסיע האָט איהם גערופען דערפאַר, וואָס ער איז געגאַנגען אין די לאַקירטע קאַמאַשען פון אַלטען גראַף, און אַ פּראַנצויזיש־געשוי־רענע באָרד, כאָטש מיט אַ מאַרינאַרקע פון אַ זעלנער. ער איז פון געבוירען געוועזען אַ סאַרווער, געקאָנט זיך לייכט און קאָקעט ערנויגען פאַר מיידלעך און סתם דאַמען און דערפאַר טאַקי איז איהם שטענדיג אויסגעקומען צו בעדינען די מיידלעך פון די נאָהענטע חתונות. מיט סאָסיע׳ן האָט ער קיינמאָל קיין געשפּעטען

נישט געהאַט און ער האָט איחר נור געטהאָן דאָס, וואָס אַלע פריהמאָרגען האָט ער פון דער חתונה געבּרענגט אַ הייזעריגען קול מיט קללות און חרמות דערפאַר, וואָס זי האָט די טהיר נישט פערקייטעלט אָדער וואָס זי פּאָפט שפעט, אָדער וואָס די קאַץ שפּרינגט צווישען די טעפּ. טיילמאָל איז ער געקומען מיט אַ גע־באָרגטען טרומייט פון אַ זעלנער און אָנגעהויבּען אין בעגינען זיך לערנען באָטען און רייסען איהרע אויערן נישט אויסצוהאַלטען.

אָט דאָסדאָזיגע קומען האָט אָפט פערוויקעלט צווישען זיי די גרעסטע קריגערייען. אויך אַצינד איז דאָס קריגען זיך געווע־זען מאָדנע שטאַרק, אויף אַזויפיל, אַז ווען מאַריטאַ איז צוגעקו־מען, האָט זיך דער יונג פון פערדרוס און פון חרפּה אַזוי צעוויינט, אַז עס איז איהם שווער געוועזען איינצונעהמען. מאַריטאַ האָט דאָ סאָסיע'ן געזאָגט עפּעס אויפ'ן אויער און צום יונג האָט זי גע־שעפּשעט:

—נאַרעלע, דו ווייסט גאָרנישט, וואָס פאַר אַ גוטע די סאָ־סיע איז. טרייב זי נישט, אַ רחמנות זי צו טרייבען, זי וועט דיר נאָך אפשר זיין אַ גוטער היטער, וויגען דיר אפשר אַ קינד, אָדער ברענגען דיך צו חופּה. טרייב זי נישט, ווען מען טרייבט אַזעלכע, שטראָפט גאָט.

עס האט זיך ביי די ווערטער דער יונג אויפגעהויבען, ווי עס וואָלט איהם אריין אַ נייער גוטער געדאַנק, אויסגעווישט די אויגען און געמורמעלט צו דער זייט פון סאָסיע'ן:

— איך בעט זי איבער.

סאָסיע האט געשטעלט אַ שפּרייז און אויך עפּעס געמור־מעלט גוט צום יונג. פון ביידענס אויגען זענען געפאַלען ברוגז'ע, נור מילדע בליקען איינס פאר דאָס אנדערע און די מילדע בליקען האָבען געשטאַמט פון מאַריטאַס דערמאָהנען דאס אָרימע שיקזאל פון ביידען. זי האט זיי צוגעצויגעןביידע צו זיך און געשעפּטשעט:

— אַזעלכע צוויי טארען זיך נישט קריגען. זיי דארפען גוט לעבען אונטער טאַטעשיס דאַך און פון דאן ארויסגעהן לעבע־דיגע, גליקליכע אויף דער וועלט, אזוי ווינש איך, מרים'ל.

פון דעמאָלט אָן האָט מען געזעהען שטענדיג מאָטקע'ן זיצען רו-היג און צופרידען געגען סאָסיע'ן, און ווען ר' מאָטיעס טאָכטער איז פאַרביי, האָבען זיי זיך דערמאָהנט אין איהר איבערבעטען און מאָטקע האָט דערביי געטראַכט וועגען סאָסיע'ן:

„אַ טייער מיידעל, בעסער נאָך פאַר דער גאַנצער וועלט. אוי, קום נאָר צום טענצעל, כלעבען, עפּעס גאָרנישט די קרומע אויגען, די גראָבע ליפּען. אַשאָד, וואָס איך האָב איהר נישט געלאָזט שלאָפען בעגינען, נישט מיטגענומען אויף קיין חתונה און אָנגעטרומייטערט אין די אויערן.'



# די שענקט איהר בריליאַנט.

כמילא האָט מען מיט סאָסיעס גליק נישט געמאַכט קיין לאַנג וואַרטען. נאָך מיט עטליכע וואָכען צוריק האָט מען באַלד יענעם גליקליכען יונג צומישט די אויגען מיט סאָסיעס פאַרביגקייט פון קליידער, געשענקטע פון דער גאַנצער משפחה, מיט'ן ראָזיגקייט פון די בענדער, מיט'ן בלישטש און קלונג פון אויערינגלעך, קאָליעס מעטאַלענע, זילבערנע, שטאָהלערנע און אין איינעם פון יענע נעכט האָט אַ זעץ אַרויס געטהאָן אַ קעסעל־פויק, וואָס האָט צוליב דער נייקייט פון דערפעל גענומען אַ נייעם טאָן; צוויי סקריפעדיגע פידלען, אַ קלאַרנעט און אַ צוויי קעמלעך, פערוויקעלטע מיט פאַפּיראָס־פּאַפּיר—אָט דאָס אַלץ האָט געשפּילט און געפויקט אין דער נאַכט אַריין, וואָס איז געוועזען פערצויגען מיט פאַפּירענע קאָלירטע לעמפּלעך ווי אַנ'אילומינאַציע, און פערד מיט בריטשקעס זענען געפלויגען אַהין און צוריק, פערסאָפּעט, הירזשעדיגע: כי־כי־כי, ווי גוט אונז איז אויף ר' מאָטיעס וועלט.

דאַן האָט מען געזעהן אַרויסטרעטען צום טאַנץ מאָדנע פאַרשוינען. דעם אָגראָדניק אויגוסט, אַ גוי מיט פּיעגעס, וואָס האָט יאָהרען, יאָהרען פערקויפט סאָסיע'ן מעהרען מיט פּעטרושקע, בעדויערט סאָסיעס מזל און איז איצט זיך געקומען משמח־זיין. די

צווי קוימענקעהרער—„יאַק און פּיאַק“—וואָס הייסען שטענדיג סאָ־סיע׳ן „רוימען דעם קוימען“, קומען נאָך חנוכּה־געלד און זענען איצט אויך געקומען מיט לאַנטערנעס אין די הענד, פּערסאַזשעטע, לאַכעדיגע, צום טרינקען און טאַנצען געגען סאָסיע׳ן. באַלד נאָך זיי האָט זיך צולאָזט מיט „אַ ווען וועט משיח קומען“ צום הימעל „אַלטער האַנזש“, אַ הויכער פּאַרשוין מיט לאַנגע צייהן און מאָדנע הענד, ווי די פליגעל פון אַ ווינד־מיהל, צוזאַמען מיט אַ יודעלע אַ קליינס, מיט קורצע פיסלעך און אַ סאַמעטענעם פערדרעהטען היטעל, מיט קליינע אויגלעך פון אַ קאַלמיקעל. דאָס זענען די צוויי מאַליאַרעס פון דער גאָרזשעלניע, וואָס שמירען שוין יאָהרען די רעהרען פון די מאַשינען און סאָסיע שיקט זיי אַרויף קאַלטע טעלער לאָקשען, און איצט זענען זיי געקומען פאַר איהר אָב־טאַנצען מיט די פיסלעך אונטער זיך געגען פּנים און צום פאָ־לאָב. פערשפּעטיגט זיך אין וועג, איז פּלוצלונג אַריין דער פעטער חיים, פערקאָרזשעטעהייד, מיט ביידע הינד כאַרטען, וואָס האָבען פון יאָגען זיך נאָך פויגעל אין דרויסען, געהאַלטען די צונגען און מיילער אָפען און בעפאַלען פון היץ די טאַנצענדע. ער האָט גע־כאַפּט די ערשטע פלאַש ביר, וועלכע האָט אויסגעשאָסען אין דער לופט און אָנגעהויבען מיט עפּעס אַנ׳אַקדמות־נגון הויבען דעם ביר־קופּעל אין דער לופט און זאָגען לויב־לידער דער כּלה און נאָך איהם האָבען זיך נאָכגעדרעהט אַקדמות׳לעך מיט קופּלעס ביר קלענערע, גרעסערע און גאָר גרויסע.

געענדיגט די טענץ, האָט זיך אַ וויקעל געטהאָן צום טאַנץ דאָס ביסעל חבר׳טעס מיט די פּאַפּירענע בלומען אויף די ברוסטען און פעכערס געגען שפּיגעל, געכאַפּט טאַקי אונטער די אָרעמעס פּי־נעלע פעמפּ, דאָס קליינע יודעלע, וואָס דרעהט זיך אַריין אין מיידען־פלאָנטער און וויגט זיך מיט׳ן רויטען געפלאַמטען פּנים מיט יעדער טענצערין בעזונדער, און דאָס אַלץ האָט זיך געוויגט, געוויקעלט און געצויגען צום הימעל מיט אַזעלכע קולות פון שמחה. וואָס עס אַנבעטרעפט סאָסיע׳ן, האָט זי גאָר נישט פערשטאַנען, וואָס מיט איהר קומט־פאָר. זי האָט פּראָסט געטראַכט, אַז עס מוז זיין אַ חלום פון דער אָדער יענער נאַכט. זי איז געגאַנגען אָנגע־

טהאָן אַ קלייד מיט כֿינעזישע בלומען, אַ ראָזען דעקטוך, צוויי לאַנגע אויערינגלעך, עפּעס צווייערליי קאָליעס, צוויי שנורען פּערל און עפּעס פֿערשידענע מעטאַלען. זי האָט זיך פֿון אויסען געהאַלטען ווי אַ כּלה, שטיל און נישט טאַנצענדיג. נור ווען דאָס קליינע פֿלינקע מאַמעלע האָט מיט אַ כּלה געטאַנצט געגען איהר, האָט זי פֿון פֿרייד פֿלוצלונג אַ קוויטש געטהאָן און אָנגעהויבען שווער און אומגעלומפּערט הויבען די הענד מיט די פֿיס. האָבען געקלונגען די מעטאַלען און רויטע קרעלען ווי טויזענדער גלעקלעך אויף די העלזער פֿון פֿערד און אַזוי איבערראַשט דאָס פֿרעהליכֿע לעבען פֿון דער חתונה.

עס איז אַוועק דער ערשטער טייל חתונה מיט זיין בלישטשענדיגער חופּה, וואָס האָט געקנאַלט מיט ראַקעטען און פֿייערווערק מכּל המינים, מיט זיין קלינגען, קלאַפּען אין פֿלעשער אויף צימבלען, אויף רעהרען פֿון פֿעסער, אויף האַלבע שינעס, אויף די גלאָקען פֿון די פֿייערלעשער און סתם שענק, בענק, טישען. דאַן איז אָנגעקומען דער צווייטער טייל. וואָס עס אָנבעטרעפֿט דעם צווייטען טייל, איז ער שוין אַ מעהר פֿערטראַכֿטער אין מזל און אין גורל פֿון די ניי־געוואונשענע. אָט דערדאָזיגער טייל איז געוואָרען איבערגעטראָגען אין די בעקוועמע לויטערע שטובען ר׳ מאָטיעס, בעהאַנגענע מיט גאַרדינען און זילבערנע לייכֿטער. די צאָהל מענשען איז געוואָרען וועניגער, די פּנים׳ער אָנגענעהמער. דאָס איז סאָסיע אַהער גענומען געוואָרען אָבצוגעבען איהם דעם לעצטען דאַנק, דעם לעצטען אָבשפּיל פֿאַר איהר ערציהען די יאָהרען פֿון ר׳ מאָטיעס טאָכֿטער.

עס איז געזעסען אין דער־מיט ר׳ מאָטיע מיט זיין דאָמביגער הויך, נעבלענדיג דעם אָנגענעהמען רויך, און בעטראַכֿט סאָסיע׳ן ווי אַ האַלבע טאָכֿטער. די ראָזע מאַמע דבורה האָט אויך עפּעס מאַמיש־נחת׳דיג געשאָקעלט און געציטערט מיט די ציטערשפּילקעס פֿון קאָפּ, צוגערוקט צו איהר די מוהמע. אַ ביסעלע ווייטער, נאָך אַלץ פֿערקאָרזשעט פֿון וועג, מיט אַ קופּעל ביר אין האַנד, פֿון וועלכֿען די בלאָנדע וואָנסעס האָבען שעמערירט פֿון די בעהאנגענע טראָפּענס, וואָס אַ טייל פֿון זיי זענען געוואָרען

צוגישט פון דער אונטערשטער ליפּ, אַ טייל געפאַלען אויף דער פּאָרד, איז געזעסען חיים צולעגט און פערקאָרזשעט, ווי אַ מיהלנער, געהויבען דעם ביר־קופּעל אין דער הויך צו דער זייט פון סאָ־סיע׳ן, צו דער מוהמע דבורה׳ן און צו זיין ברודער מאָטיע, וואָס איז איידעלער פון איהם אין תורה און אין מעשים טובים.

אַרום טיש האָבען זיך געדרעהט צוויי פאַרשוינען—יאַלעשקע און דאָזיע, יאַלעשקע מיט די הענד אויף דער ריפּסענער קאַפּאָ־טע פון הינטען, ווי אַ מחותן, האָט מעלה־גרה געוועזען, געצופּט דאָס בערדעל און משונה׳דיג געשמייכעלט, ווי עס וואָלט איהם אַ הנאָה טהאָן. די מוהמע דאָדיעס פּנים׳ל איז געוועזען פערדוי־טיגט פון ליקער און געניגט זיך צום קושען מיט יעדען זינגער דער האַנד. זי איז אַלע מאָל צוגעלאָפען צום חתן מאָט־קע, דעם אָנגעטהאָנענעם אין אַ פראַק און אין פריצישע שיך און געקושט איהם און איינגערעדט איהם עפּעס. וואָס עס אָנבעטרעפט מאַריטאַ׳ן, האָט מען זי גאָרנישט געזעהען זיצען. באַלד פון אָנ־הויב נאַכט האָט זי פאַר סאָסיעס כבוד וועגען אַרומגעדרעהט זיך מיט די עטליכע בעסערע מיידלעך און ווי די חתונה איז געוואָ־רען איבערגעטראָגען צו זיך אין שטוב אַריין, איז זי שוין נישט געזעסען, נור אַרומגעפלויגען צווישען די היימישע פון דער משפחה, געלאַכט, געפרעהט זיך, געוואונשען מזל־טוב און יעדעס מאָל אויפ־געדעקט דעם דעקטוך סאָסיעס, צו זעהען ווי ווייט איהר שמחה איז.

עס האָט זיך אָנגעהויבען די צייט, ווען יעדער דאַנקט־אָב סאָסיע׳ן מיט אַ מתנה. עס איז אַרויף אויפ׳ן בענקעל יענער שלע־פעריגער בדחן, וואָס האָט מיט׳ן פאָנף פון דער נאָז געררו־פען די געשאַנקען פאַר סאָסיעס וועגען, און דאָ האָט זיך אויפגע־הויבען מאַריטאַ. זי איז געוועזען בלאַס־ראָז, די טונקעלע האָהר פערוויקעלט אין בענדער און בריליאַנטלעך, וואָס האָבען צו־וויסען געגעבען, אַז זי האָט זיך ענטריסען פון דער קינדהייט. זי איז איצט שטעהן געבליבען אין עפּעס אַ מאָדנער פּאָזע, וואָס עס האָט איהר דערמאָהנט דעם גאַנצען גליקליכען קלאַנג פון איהרע קינדער־יאָהרען, געשאַפענע פון סאָסיע׳ן. און זי האָט פּלוצלונג

אינסטינקטיוו אַפּערגעניגענדען ציטער געטהאָן. זי האָט זיך ביי־
סלעכווייז דערמאָהנט אין דעם טאַטענס פּנים. באַלד האָט זי זיך
דעמאָהנט ווי גוט דאָס פּנים איז פאַר איהר און ווידער עפּעס
אַ ציטער געטהאָן.

עס האָבען זיך בעוויזען אויף איהר פּנים צוויי טרעהרען.
דאָס זענען כמעט געוועזען די אייגענע צוויי טרעהרען, ווען זי
איז געוואָר געוואָרען פון דער ערשטער מתנה און זי איז שטעהן
געבליבען.

זי האָט פערלעגט די רעכטע האַנד אויפ'ן בריליאַנט, זי האָט
געוואָלט עפּעס טהאָן, נור זי האָט די האַנד צוריקגעכאַפּט. פאַמע־
ליכעל, פאַמעליכעל האָבען איהרע פינגער זיך אַרונטערגעגנב'עט
אונטער די דרעטלעך פון עפּעס און אָנגעשעפּטשעט:

—מרימ'ל, ווען דו טראַכסט וועגען דיין גליק, איז עס נישט
דאָס, וואָס עס הענגט אויף דיין האַלז. דיין גליק קאָן נישט בע־
שטימט ווערען פון קיין פרעמדער האַנד, אַפּילו די סאַמע ליבסטע.
עס איז פאַרהאַן אַ עלענדע נשמה, סאָסיע, וואָס האָט זיך אין דיין
קינדהייטסגליק געבאָדען. אָ, איהר שענק אַוועק דיין געצוואונגע־
נעם בריליאַנט. עפּעס אַזעלכע מאָדנע געדאַנקען האָבען לייכט
בעריהרט מאַריטאַס אויערן. זי האָט גאָרנישט געוואוסט, וואָס
זי טהוט, נור זי האָט סאָסיע'ן צוגעוואונשען, אַוועקגעגעבען און
געשעפּטשעט:

—זיי גליקליך פאַר מיינע וויג־לידער, פאַר מיינע וויקעל־
שנורען, פאַר מיינע קלענערע און גרעסערע יאָהרען.



# דער ערשטער סימן.

אין עטליכע טעג אַרום האט מען דערקענט שוין צוריק די שטילע רוה, מיט וואָס עס האט זיך אויסגעצייכענט דאָס לעבען אין ר׳ מאָטיעס שטוב. אויף סאָסיעס פּנים האָט מען נישט דערקענט די גרויסע ענדערונג, דען אויסער די צוויי מעטאַלענע קאָליעס און אַפּאָר נייע אויערינגלעך, איז זי נאָך אַלעמען געבליבען ביי ר׳ מאָטיע׳ן די אייגענע סאָסיע פון נעכטען און אייערנעכטען, דאָס הייסט מיטן פּנים, וואָס עס האט העלפט זויער, העלפט זיס געש/ייכעלט ווי ביי אַנ׳אָפּגאַט. מאַריטאַן האט זי געדינט ווי שט/נדיג. עס איז איצט נור מאַריטאַ׳ן לייכטער געוואָרען מיט איין זאַך, נעמליך: אט דער בריליאַנט, וואס הייסט „מתנה״, טראָגט זי נישט, נור סאָסיע. דען דערמיט האט זי זיך פון עפּעס שווערעס בעפרייט, בעפרייט ווי פון עפּעס א לאַסט, א שטיין, וואָס מען ווארפט איהם אין וואַסער

אויס מיטן רבי׳לע, מיטן טאַטענס וואָרט, מיט׳ן גאַנצען געווימעל פון ציטערשפּילקעס און מתנות, מיט די אָפּטע בעזוכען און קושערייען, האט מאַריטא צופרידען געשמייכעלט אין זיך אַליין און וואס מעהר זי האט געשמייכעלט, אַלץ מעהר האט זי אויסגעראָטען פון זיך דעם געדאַנק דעם רבי׳לעס. ווען־זשע האט עס טיף בעריהרט? ר׳ מאָטיען. דער היפּוך פון דער רוהיגער געבענשטער מאַריטאַן, וואס האט נישט פערטראָגען די אונבעוואוסטע האנד

ציבער זיך, איז ר׳ מאָטיע געוועזען דער בטחון אַליין, דער בטחון פון זיין בויען די הייזער, אַז זיי וועלען זיין שטאַרקע און אייביגע; דער בטחון, אַז די בראָנפען־פּאַרע, וואָס האָט זיך שוין פון יאָהרען געשפּרייט איבער׳ן טאַטענס פעלדער און אַז ער זאָל זיך אויך שפּרייטען אויף זיינע; ענדליך, דער בטחון, אַז קינדער און קינדס־קינדער זאָלען געהאָרכזאַם, ווי אַ לאַנגער גאָלדערנער שנור, ציהען איינס נאָך דאָס אַנדערע. דאָס אַלץ האָט בעשאַפען אַ זיכערען דאָמביגען ר׳ מאָטיע׳ן פאַר דער וועלט. נור פון דער מינוט אָן, וואָס ער האָט נישט בעגעגענט דעם בלישטש פון בריליאַנט אויף זיין טאָכטערס ברוסט, האָט ער זיך אָנגעהויבען פּלאָנטערען אין נעבעל פון אונצופרידענהייט.

אַזוי האָט מען אין איינע פון יענע טעג געזעהן ר׳ מאָטיע׳ן צוגעהן צו זיין טאָכטער, וואָס איז געזעסען, בעטראַכטענדיג דאָס אָרט, וואו עס האָט אויסגעפעהלט דער בריליאַנט פון איהר קינפטיגען גליק. ער איז צו האַלב־ברוגז׳ליך:

—מיין מרים!

מאַריטאַ איז אויפגעשטאַנען.

—ניין, טעכטעריל, גראָד דאָס נישט, אַזעלכע מתנות גיט מען נישט אַוועק פון זיך, בפרט, ווען דאָס איז געשיקט פון רבי׳נס שטוב. ווייסטו וואָס אַזוינס אַ רבי׳נס שטוב איז, טעכטעריל? דורות, דורות פון מענשען שטאַרבען־אָב, וועלקען ווי די בלעטער און קיין אָדער פון דאָרט קומט נישט אַריין אין זייער בלוט, און...

ר׳ מאָטיע האָט געוואָלט נאָך עפּעס ריידען, ער האָט געוואָלט אויסרעכענען די גאַנצע קייט פון יחוס, וואָס איז קיינמאָל נישט איבערגעריסען געוואָרען, נור ער האָט אַ שווערען זיפץ געטהאָן, ווי דערמיט צו בעווייזען דער טאָכטער זיין איינערליכע פיינליכקייט.

דאָס מאָל איז מאַריטאַ צוגעגאַנגען ווייך, מיט אַ שמייכעל אין די אויגען, פערלעגטביידע הענד אויף זיין אַקסעל און שטיל געשעפּטשעט:

—אָבער, טאַטעשי, דער טאַטעשי זאָל זיך נישט נעהמען

גום הארץ, זיין טעכטעריל האט קיין עולה נישט געטהאן, צו דעם פעהלט ביי אונז געלד און זילבער? נישט דער בריליאנט, וועט דאס טעכטעריל טראגען אנ'אדערן. און איך האב דאך איהם אויפגעהאנגען אויף סאסיעס האלז, נישט מעהר, און סאסיעס האלז איז א געפייניגטער, אנ'אויסגעארבייטער.

זי האט גערעדט צארט, מיט א ציטערדיגע טרעהרען-שטים, וואס בעט צוזונעהמען יעדען פאראורטייל און יעדען פאריבעל. זי האט דערמיט געוואלט פערמינערן דעם ווערט פון דער מתנה, אויף וואס דער פאטער האט בעמערקט:

—אלצאיינס, טעכטעריל, אזעלכע מתנות גיט מען פון האלז נישט אוועק. איינמאל ווערען זיי אנגעטהאן אויפ'ן האלז פאר קינדער און קינדס-קינדער, וואָרום א שטיין צו א שטיין איז נישט גלייך. פארהאן שטיינער, וואס ליגען אין פלאכע וואסערן באלד פון אויבען-אויף, אז א האנד קאן זיי באלד דערגרייכען, און פארהאן שטיינער, פערווארפענע אין טיפע ימים, א שטייגער, דיינער. א, טעכטעריל, עס איז א חרפה, ניין, נישט קיין חרפה, א ריס אין הארץ. 35 יאהר האב איך געשפינט א געדאנק, 35 יאהר...

מאטיע האט גערעדט די ווערטער שטיל און פון דער שטילקייט זענען אנגעלאפען אין זיינע לויטערע אויגען האלבע קלארע טרעהרען, וואס האבען ווי פערוועבט זיין געמיט, וואָרום פאר וועם נישט וועם ער איז הארט און רעדט מיט א הויך קול, פאר זיין טאכטער ווערט זיין מאנספערשויניש געמיט ווייך און צארט ווי א פרוי.

און מערקווירדיג, גראד אין דערדאזיגער צארטהייט פיהלט זיך די עהנליכקייט פון טאטען צו דער טאכטער. ער האט גערעדט און געוועקט מיט זיין גוטער פאטערליכקייט מיטגעפיהל. מאריטא איז אבער געשטאנען, נאכגעקוקט און בעטראכט דעם טאטענס ווערטער אונבעשטימט.

—ניין, ניין, טאטעשי, קיין אונגליק אויף סאסיעס האלז מיין מתנה דאך. איך קאן זי שענקען נעמען כ'וויל...





## טוביה׳לע שרייבער.

צו יענער צייט זענען די שפּעטס־צונאַכטסען געוועזען פערנומען מיט חשבונות און מיט גרויסע סאַמאָוואַרען טיי. נישט דאָס גאַנצע פּערסאָנאַל, נור מאָטיע־אפרים מיט זיין הויפּט־שרייבער טוביה׳לע. טוביה׳לע שרייבער שטעלט־פאָר מיט זיך אַ 19־יעהריגען שפּראָצלינג, אַ יתום, וואָס ווערט געהיט פון אַ פעטער אַן׳אָפּיעקון. ביי מאָטיע־אפרים׳ען אַרבייט ער נישט אַזוי צוליב פערדינסט, נור גלאַט אַזוי—מענשען זאָלען זעהען דעם פלייס טוביה׳לעס. ער קאָן מאָהלען, שניצען, צייכענען, שניצען צום בעסטען. ער האָט בעלאַנגט צו יענע איידעלע בחורים׳לעך, וואָס די אַרבייט פון משכּן האָט אַריינגעדרונגען אין זייער מוח נאָך פון די קינדעריאָהרען אָן. דערפאַר, ווען מ׳האָט גערעדט וועגען די העגד־איידעלקייטען טוביה׳לעס, האָט מען זיי צוגעפּאָרט צו די הענד פון ר׳ מאָטיעס בת־יחידה און דערפאַר טאַקי האָט ר׳ מאָטיע נישט ווייסענדיג פאַרוואָס מיטגעבעטען טוביה׳לען צום באָדען, צום קידוש און צו די געהיימע חשבונות. וואָס אָנבעטרעפט מאַריטאַ׳ן, האָט זי עפּעס אַליין נישט געוואוסט, פאַרוואָס איהר זענען אָנגענעהם טוביה׳לעס חשבונות: צי איבער זיינע ברילעכלעך? צי איבער זיין צוקען מיט די הענד ביים שרייבען? איבער זיין בליק, וואָס האָט פערמאָגט אַ טויבישע מילדקייט?

אַזוי איז אין איינע פון יענע שפעטס־צונאַכטען טוביה׳לע און מאָטיע געזעסען פערטיפט אין איינע פון די וואָכעדיגע קאַסע־ביכער. עס האָט דער טאַטע אַרויף געטאָהן טיי, עס איז נישט אַריין די דינסט, נור מאַריטאַ, וואָס איז געזעסען אונטער׳ן טונקעלען אַבאַזשור פון לאָמפּ און געהאָפטען און געשמייכעלט צו זיך אַליין. עס איז איהר איצט דער רוף נישט געוועזען דער געוועהנליכער רוף פון שטענדיג, נור עפּעס האָט עס פערפלאַמט אין אַלע איהרע גלידער און פּנים. זי איז אויפגעשטאַנען, אַריין קוים אויף די נעגעלעך, מיטנעהמענדיג אונטער׳ן אָרעם דאָס האַלב־געשטריקטע טישטוך. זי האָט עפּעס געטהאָן אַ וויש, אַ זוך און אַ שאָרעווע געגען טוביה׳לען, אַ וויש, אַ זוך און אַ שאָרעווע געגען טוביה׳לען. טוביה׳לע האָט אַוועקגעריסען די אויגען פון די ביכער און פאַפּראַוועט די ברילען, ווי צו פעראיידלען זיין געזיכט, און געפרעגט:

—וויפיל פאַך איז דאָס געשטריקט, ר׳ מאָטיעס טאָכטער?

—אָט מיט צוויי־פאַכיגע פעדים,—האָט אונשולדיג געענטפערט מאַריטאַ.

—אינגאַנצען צוויי פאַך, ר׳ מאָטיעס טאָכטער?

מאַריטאַ האָט זיך פעררויטלט.

דער פאָטער האָט געגעבען אַ ציה דעם רויך און פערצויגען מיט אַ שווערען זיפץ. נור טוביה׳לע האָט נישט געפיהלט דעם זיפץ און צוגעגעבען מיט עפּעס אַ יונגעלישער גלייכגילטיגקייט:

—אָבער פאַרוואָס, ר׳ מאָטיע, זעהען מיר קיינמאָל נישט אייער טאָכטער אין דער געגענד פון דער גאָרזשעלניע? אוי, ווען זי זאָל קומען, וואָלטען מיר גאָר פראָסט געמאַכט אַ גאַנצע התונה אַרום איהר. טאַלמאַ מיט זיינע פּייפערייען און ראַקעטען, דער פעטער חיים מיט די צוויי הינד און די ווילדע קאַשטאַנעס! און דאָס ביסעל אויוועגהייצערס?

ר׳ מאָטיע האָט אַ זיפץ געטהאָן און טוביה׳לע האָט צוגעגעבען יונגעליש:

— אוי, ווען זי וואָלט קומען, וואָלט מען איהר בעקענט

מיט די שפּיילערס און מאַשינען. לעבט שוין גאָט צו דאַנקען לאַנג אין ר׳ מאָטיעס שטוב, אָטעמט מיט די פּאָרע אַרום, געניסט פון זיסען בראָנפען און מיינט, אַז זי טרינקט מן פון הימעל. כאַ־כאַ.

ר׳ מאָטיעס טאָכטער האָט דערביי עפּעס אַ מאָדנעם פערשעמטען בלישטש מיט די אויגען געטהאָן צום הימעל און דער פאָטער האָט צום דריטען מאָל אַ זיפץ געטהאָן און פערוואָלקענט די פנים׳ער מיט אַ שטאַרקען רויך. דאָס מאָל האָט דער זיפץ עפּעס אָבגעשטעלט טוביה׳לעס יונגעלישקייט. ער האָט פערלעגט אַ פינגער אויף דער באַק און פערוואונדערט בעטראַכט זיין מיטרעכענער, ווי ער וואָלט זוכען די סבה פון די זיפצערייען. אין דער מינוט האָט מאַריטאַ אָוועקגעשטעלט די גלעזער, אַוועקגעלעגט די לעפעלעך, אַזוי, איבערצולאָזען אַ סימן פון איהרע הענד און פערשוואונדען מיט „אַ גוטע וואָך”.



## דער ערשטער שמועס.

דער זונטאָגדיגער טאָג אַרום ,פּ. גאָרזשעלניע איז אַ טאָג פון דאַלבער אַרבייט. טאַלמאַ מאַשיניסט, אַ שטייגער, וואָס סי־קעט אַ ,אַנצע וואָך דורך זיינע שרויפען און רעהרען מיט דער ווייסער שטאַרקער פאַרע, געהט איצט אַרום מיט די הענד אין די קעשענעס און מיט זיין ווילדען הונד און מאַכט גימנאַסטיק ביי די קלעצער, ביי די הוידערס, אָדער שטויסט־אויס אויס גבורה די ווייס־קאָרעדיגע קלעצער מיט די פיס, אָדער שטופּט מיט די הענד. דאָס אייגענע טהוען אויך אַנדערע אויוועןהייצערס. נאָכ'ן געזונדטען גוטען שבת איז דער זונטאָג דער צווייטער אָברוה־טאָג פאַר די יודען. מען קומט־אָב מיט באָדען די פערד, די הינד, מיט וואַשען פלעשער, שיסען מיט קאָרקעס, אָדער וואַרפען ראַקעטען. פון זונטאָג צו זונטאָג קומט־אָן פון ערגעץ אַ קאַרעזעליע אָדער אַ געהער אויף שטריק אָדער אַ ציהער אויף אַ קלאָץ און פערדרעהט אין טומעל די קעפּ פון די גוים. די יודען אָבער מישען זיך נישט דערצו, נור פון ווייטענס שטע־הען זיי אויך נישט, דען יעדער פון די יודען ווייס וואָס פאַר אַ מין פריז עס האָט פון די קריסטליכע אַרבייטער געני־מען דער פאַר ציהען זיך אויפ'ן שטריק, יענער פאַר'ן קלאָץ און דער פאַר'ן הוידער.

דער זונטאָגדיגער טאָג אַרום דער גאָרזשעלניע פערמאָגט עפּעס אין זיך לאָקענדעס, פרייעס און זאָרגלאָזעס. עס שטעהען די רעהרען מיט די קופערנע מיילער צום הימעל, אָהן פּאַרע, עס שמעקט מיט ליקער, עפּעס אָגענעהמעס פון געזונדטער דעמ-באָוער קאָרע און פּאַרטיגען בראָנפען. און עס דוכט זיך אויס, אַז מען קאָן יאָ אַרבייטען, נישט אַרבייטען, יאָ דרעהען דאָס ראָד פון די נ.־ער מאַשינען און נישט.

דערום טאָקי איז דער טאָג אַ שפּאַציר־טאָג סיי פון גוים, סיי פון יודען. דער טאַטע ר׳ מאָטיע, אַ שטייגער, כאַפּט נור אין דעם טאָג אַ בליק אין די ביכער, דערנאָך לאָזט ער זיך אַוועק צום פריץ פ. העלפט אויף אַ וויזיט, העלפט רעגולירען די חובות און קומט צוריק שפּעט ביינאַכט. דער פעטער חיים זיצט אויף אויפ׳ן פערד און מיט די צוויי געלאַסענע הינד שפּאַצירט ער זיך דורך די דערפער, זעהען צי די פוהרען פאָהרען מאָרגען מיט פלעשער, מיט האָלץ, צי דאָס האָפּען איז גרייט, צי בליהען שוין די קאַרשען־בוימער און צי שערט מען שוין די שעפּסען.

אָט אין דעם ליבליכען זאָרגלאָזען פריהרמאָרגען איז שוין מאַריטאַ געשטאַנען אויף די פיס. נאָך דער חלום׳דיגער מילדער נאַכט האָט די מילדע רויטע זון אויפגעריסען איהרע אויגען און געשטיגען ערגעץ אין דער ווייטקייט פון דער גאָרזשעלניע. מערקווירדיג, דאָס איז געוועזען דאָס ערשטע מאָל אין לע-בען, וואָס מאַריטאַ׳ן האָט געצויגען דאָרט צו דער גאָרזשעלניע בלויז נור אַ קוק טהאָן איינמאָל און גענוג. זי האָט זיך בע-טראַכט אין שפּיגעל. די טונקעלע שאַטינע האָהר זענען געוועזען פערקעמט ווי אינדערוואַכען. ווי אינדערוואָכען האָט זי גע-טראָגען די בלויע אַקסעל־בענדער פון שירץ, נור אין די אוי-גען און אין די חן־גריבעלעך האָט געשפּילט נאָך יענע שבת׳די-גע צופרידענהייט, וואָס האָט איהר עפּעס געמאַכט אי יום׳טובדיג, אי וואָכעדיג און אַרום און אַרום איינגעהילט אין יענעם חן פון אַ וואָכעדיג־אָנגעטהאָענע בת־מלכּה. עפּעס אַ מאָדנער צופרידע-נער שמייכעל האָט געשוועבט אויף איהרע ליפּען. נאָכמעהר, ווען זי האָט בעמערקט, אַז יענער, יענער בריליאַנט—ער איז שוין נישט

אָנגעשפּיליעט אויף איהר ברוסט. דאָס איז געווען ביי איהר די־זעלבע פרייד, וואָס ווען מען פערלירט פון זיך אַ שווערע פיינ־ליכע משא, געהענדיג איבער׳ן וועג. מען בעדויערט זי, דאָך פרעהט מען זיך, פאַרוואָס מען האָט זי פערלוירען.

זי האָט נאָכאַמאָל פאָפּראַוועט דעם אַקסעל־באַנד פון איהר שירץ, גענומען דעם קאָלירטען לייכטען שירם פאַר דער זון, וואָס האָט דורכגעשלאָגען דאָס שיטערע געוועב. זי האָט געוואָלט מעלדען דעם פאָטער, נור ניין, זי איז געגאַנגען אַליין, אַליין אַרומקוקען דעם טאַטענס פערמעגענס.

זי איז דורך די ערשטע סטעזשקע פון איהר הויז און בגגבה זיך אומגעקוקט. פאַמעליכעל, פאַמעליכעל זענען איהרע טריט אַריין אין די געהיימע סטעזשקעלעך, וואָס פיהרען צו דער גאָר־זשעלניע און ביסלעכווייז איז זי אַרויסגעקומען צו די קופּעס פלעשער, פעסער און קאַרעזעליעס, וואָס האָבען זיך געדרעהט, און דערזעהענדיג, אַז דאָס איז ר׳ מאָטיעס טאָכטער, איז מען אַראָב פון די געזעסען און גענומען שיסען מיט ראַקעטען, מיט פייער־ווערק און מיט פולווער, וואָס עס האָט די זונטאָג־פרייד פערגרעסערט.

עס איז אַרויס טוביה׳לע. ער האָט זיך לייכט פערבויגען:

—אַ גוטער אויפשטאַנד, ר׳ מאָטיעס טאָכטער.

מאַריטאָס פּנים האָט ווי אויסגעגראָבען די צוויי חן־גרי־בעלעך טיפער און איהרע אויגען האָבען העפליך אָבגעענטפערט:

—אָט בין איך געקומען בעטראַכטען מיין טאַטעשיס פער־מעגענס,—האָט זי זיך ווי פערענטפערט פאַר די פרעמדע,—פראָסט אַ גן־עדן דאָ. עס לוינט זיך דאָ אַרומקוקען. אַזויפיל יאָהרען דאָ נישט געוועזען, פונקט ווי נישט געבוירען דאָ.

—און דערפאַר טאַקי וועלען מיר איצט געהן בעטראַכ־טען דעם טאַטעשיס פערמעגענס. זיי זענען עפּעס אַזוי גרויס און ברייט, אַז קיין צוויי פאָר אַקסען וואָלטען זיי נישט דורכ־געהן דורכ׳ן טאָג.

טוביה׳לע האָט גערעדט העפליך, ער האָט איהר בעוויזען דאָס אַלץ, וואָס עס בעוועגט דאָס גרויסע ראָד פון דער

גאָרזשעלניע. און פון יעדער זאַך, וואָס עס האָט איהר אייד׳על־קייט אויסגעזעהן אויסטערליש גרויס, איז זי אָבגעשפּרונגען. זיי זענען געגאַנגען, אַוועק, אַוועק אין דער ווייטקייט, וואו די פריה־מאָרגענדיגע לופט איז געוואָרען וואַרימער, קלעבּיגער אין די הענד. עס האָט אָנגעהויבּען שמעקען מיט פייכטעס פון קאָרן אין וואַלד. און טוביה׳לע האָט בּעמערקט:

—נעכטען, נעכטען, ר׳ מאָטיעס טאָכטער, דער צוויי־פאַכער פּאָדים, ווי קונציג געשטריקט, פּראָסט אַזעלכעס נישט געזעהן.

מאַריטאַ האָט אָבגעווענדעט:

—קונציג, נישט קונציג, נאָך עפּעס שענערס פאַרהאַן בּיי מיר אין די וועש. טוביה׳לע קאָן עס זעהן.

טוביה׳לע האָט בּעמערקט:

—דער טאַטעשי איז די לעצטע צייט צושטרייט, ער קוקט עפּעס פּראָסט נישט גלייך אין די חשבונות. ר׳ מאָטיעס טאָכטער, נעכטען ביינאַכט עפּעס אַזוי געזיפצט, אַזוי געיאָכצט.

מאַריטאַ האָט געשוויגען.

— אָ, אַז דער טאַטעשי זאָל נישט בּייז זיין, ר׳ מאָטיעס טאָכטער, וואָלט איך פאַר אַייער שפּיגעלע געמאַכט אַגוטע זאַך. אַ מנורה, אין דער מנורה ליכט פאַר די ליכט־פויגעל, אַרום די פויגעל אַ בּילדישע שענהייט.

אַ לייכטער רייך פון ראָזע פאַרבּען האָבּען פערנומען איהרע קלאָרע באַקען. דאָס ערשטע מאָל האָט זי דערפיהלט, אַז זי קאָן נישט עפּעס גלייך ריידען, ענטפערן און זי האָט געמורמעלט אונטער די ליפּען:

— מרימ׳ל האָט זיך דאָס פון טוביה׳ען נישט פערדינט. סיידען אפשר זי זאָל זיין אַ שוועסטער אָדער סתם אַ גוטע שכנה...

זי האָט נאָך עפּעס געשעפּטשעט לייכטעס, מורמלענדעס, עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט זיך אַליין אַרויסגעקאָלע־ט פון איהר מויל. זי האָט זיך געפיהלט פון עפּעס גענומען, פערוויגט און גע־פאַנגען און איז מיט „אַ מאָרגען האָף איך נאָך פאַרבּייצוגעהן די גאָרזשעלניע״ אַוועק געלאַסען, געלאַסען אין דער ווייטקייט אַריין.

## צווייי מתנות.

מאַריטאַ איז אַרויס פון שטוב. ס'איז געווען פּערנאַכט. די רעהרען פון דער גאָרזשעלניע האָבען אַרויסגעלאָזט זייערע לעצטע פאַרע־שטראָמען און אַ הייזעריגען פייף ווי צו דעמאָנ־סטרירען מיט זייער גרויסער פאַרע־קראַפט פאַר די פאַרבייגעהער: זעהט, הייסט עס, וואָס אַזוינס עס איז טאַלמאַ מאַשיניסט, זעהט, וואָס פאַר אַ קראַפט עס איז די נ־ער גאָרזשעלניע. און נאָכ'ן פייף זעהט מען טאַלמאַס הונד זיך לאָזען גירקעם אויף אלע פיר. אַ כאַפּ זיך אַריין אין קאָרן, אַ יאָג זיך מיט'ן שנאָבעל נאָך די פויגעל און, דערזעהענדיג פון ווייטען אַ מיידעל־פינ־טעלע, וואָס הייסט ר' מאָטיעס טאָכטער, האָט ער צוריק די אויערן אַראָבגעלאָזט, ווייך געמאַכט זיך, עס הייסט: בין איך דאָך פאָרט אַנ'אָרענטליכער מענש. דען ער ווייס גוט, טאַלמאַס הונד אין וועמענס זכות עס געהען דאָ די רעדער, די פאַרעס און שאָ, אפשר פיהלט ער דאָס גרויסע צוגעזאָגטע וואָרט, וואָס עס הענגט איבער איהר קאָפּ?

מאַרי־א איז געגאַנגען דאָס מאָל שוין נישט מיט איהר שטילען צערטליכען גאַנג, נור מיט אַ טריט אַ שנעלען און ווי אַ פערבאָרגענעם פאַר אַלעמען, אפילו פון איהר ליבע סאָסיע'ן אויך.

און וואָס מעהר זי האָט זיך דערוויטערט פון דעם אָרט, וואָס עס הייסט ר׳ מאָטיעס הויז, אַלץ מעהר האָט זיך איהר טיף איינ־געקריצט אַ געדאַנק: מרימ׳ל, אָט דאָס בחור׳ל, וואָס הייסט טוביה׳לע, איז נישט דער, וואָס זיין פנים איז דיר נאָך נישט בעקאַנט און געצוואונגען פאַר דיין שיקזאַל. ניין! ער הייסט טוביה׳לע, אַ בחור׳ל אין ברילען מיט איידעלע הענד, וואָס שטעהט פאַר דיר פריי און איז דיר אינגאַנצען עהנליך, עהנ־ליך צו דיין פנים, דיין אויסזעהען און דיינע הענד, און ווען איהם איז געפעלען דער דרייפאַכער פאָדים פון דיינע הענד, האָט ער געמיינט דיך אינגאַנצען. פערבעהאַלט, פערבעהאַלט דיינע גוטע געדאַנקען, מרימ׳ל. דו האָסט אַוועקגעשענקט דיין בריליאַנט? גוט האָסטו געטהאָן, דען אַצינד בעשווערט דיך שון נישט קיין זאַך געגען דעם יונגען רבי׳לע און טוביה׳לע שרייבער קאָן זיין נאָהענט פון דיר, גאָר נאָהענט.

זי איז געגאַנגען שנעל, אונבעשטימט און גראָד אין דער איצטיגער אונבעשטימטקייט איז געלעגען עפּעס אַ פערבעהאַלטע־נער רייץ און ווילען צו זעהן טוביה׳לען וואָס שנעלער. עמיץ האָט איהר אָבגעשטעלט. דאָס איז געוועזען טוביה׳לע מיט׳ן זיי־דענעם שירמל און ברילעכלעך, וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט וועג, ווי אין ערוואַרטונג.

—ר׳ מאָטיעס טאָכטער, איך טראָג עס אַנטקעגען—האָט ער עפּעס פּאַפּירענעס אַרויסגענומען פון קעשענע.

מאַריטאַ האָט עס לייכט צעוויקעלט. דאָס איז געוועזען אַ מאָדנע שניצעריי, וואָס האָט דערמאָהנט די שניצערייען פון משכן: אַ מנורה, ליכט, אייל־קריגלעך און צווישען דעם אַלעמען האָט זיך דערקענט דאָס בילדליכע געשטאַלט מאַריטאַס.

ווידער האָבען איהרע גלידער דערפיהלט עפּעס אַ לייכטען שטראָם פון עפּעס וואַרימעס, די ווימען האָבען זיך אַראָבגעלאָזט און זי האָט געשעפּטשעט עפּעס אונפערשטענדליכעס, דאַנקבאַרעס:

—וואָלט איך זיין אַ שוועסטער, אַ קרובה אָדער סתם אַ גוטע שכנה... אָבער אַזוי ווייס איך נישט צו וואָס טוביה׳לע

האָט עס געטהאָן, ווי קונציג געשניצט, פראָסט מיט קיין הענד נישט געמאַכט.

טוביה׳לע האָט פעררוקט די ברילעכלעך און מיט די איי־דעלע פינגער בעצייכענט וואָס דאָס אַלץ בעדייטעט אין געשני־צטען און צוגעגעבען:

—אָט דאָס זענען די אויגען, די ליפּען, די מנורה און די ליכט. וואָלט עס געוועזען אַ תנאים, אַנ׳אויפרופען אָדער סתם אַ וואָרט ביי ר׳ מאָטיעס טאָכטער, וואָלט איך עס צוגעטראָגען אַ מתנה, אָבער... ר׳ מאָטיעס טאָכטער, פאַרוואָס זיפצט עפּעס אַזוי דער טאַטע? געהען שלעכט זיינע געשעפטען? זענען די וועקסלען פון זיינע בעלי־חובות נישט געצאָהלט? אָדער סתם עס איז טייערער געוואָרען האָפּען?

פאַרוואָס דער טאַטע זיפצט און בכלל וואָס מיט׳ן טאַטען איז, האָט מאַריטאַ קיין ענטפער נישט געפונען. נור וועבען האָט זיך פּאַר איהר אָנגעהויבען אַ מאָדנער געדאַנק, אַז אָט די מתנה טוביה׳לעס איז שענער, בעסער ווי יענע ערשטע מתנה און זי האָט געשעפּטשעט:

—דאָס איז מיינע, זי וועט הענגען איבער מיין שפּיגעל, זי וועט זיין אַ גוטער זכרון...

זי האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגען טרייסטענדעס און גוטעס, נור די שטילע וואַרימע דאַנק-טרעהרען האָבען איהר אַוועקגערי־סען פון אָרט. זי איז אַוועק, פערהאָנגען עס איבער׳ן שפּיגעל און מיט עטליכע מינוט שפּעטער איינגעשלאָפען מיט גוטע חלומות.



# דער פֿאָטער דערשפּירט
# זיך עטוואָס נישט זיכער.

מיט די תּפילין אויפ׳ן קאָפּ און מיט די אויגען אין דער ווייטקייט איז געשטאַנען ר׳ מאָטיע און געטראַכט: „רב״שע, וואָס פאַר אַ נסים האָסטו בעוויזען דעמאָלט, ווען דו האָסט געוואָלט אַרויספיהרען דיין פאָלק פון מצרים? געשפּאָלטען דעם ים־סוף. און וואָס האָסטו געטהאָן געגען דעם פיינד, וואָס האָט זיי געטריבען? דאָס פערד און זיין רייטער געוואָרפען אין ים. ער האָט דאָס פערגלייכט שוידערליך צו דער מינוט, ווען מאַריטאַ האָט אָבגעטשעפּעט די ערשטע מתּנה און זי אַוועקגעשענקט. ער האָט דאָס פשוט נישט פערשטאַנען. זי, מרימ׳ל, וואָס ווייס יאָ, וואָס פאַר אַ בעדייטונג דעם רבי׳נס משפּחה און זיינע מתּנות פאַר זיין לעבען האָבען, זי זאָל עס טהאָן? ניין, דאָס איז נישט איהר ווילען אַליין. אַ ווילען אַ העכערער איז עס, גאָטס וועגען זענען אמת טיפע, מען טאָר זיי נישט נאָכטראַכטען, אָבער ווי פּיינליך איז עס פאַר מאָטיע׳ן? ער האָט זיך איצט דערמאָהנט אין אַ סך, אַ סך טמנים, וואָס פיהרען־אַראָב פון זיין געדאַנק: עפּעס דער ווין פון קדוש און הבדלה שוימט נישט גלייך, די ליכט פלאַקערען נישט העל און די „זרעינו־וכספנו׳ס״ זענען טרויריגע, מרה־שחורה׳דיגע, ווי קיינמאָל נישט אַזוי. ער האָט זיין מרימ׳ן יאָ

בעשולדיגט און נישט בעשולדיגט. ער האָט געטראָגען עפּעס אַ שטילע העכערע פּרעטענזיע.

גאָט, צי האָט ר׳ מאָטיע 43 יאָהר נישט אויסגעהאַלטען זיינע תּלמוד־תּורות און אָרעם־הייזער? האָט ער נישט מקיים־גע־ווען די גרויסע מצוה פון הכנסת־כּלה? אָדער איז עמיץ מיט זיין משכּון נישט אַוועקגעגאַנגען צופרידען נאָך איידער די זון איז אונטערגעגאַנגען? נאָכמעהר האָט איהם בעשווערט עס דער געדאַנק, וואָס ער האָט געזעהן, אַז דערמיט האָט זיך עפּעס איבערגעריסען ביי איהם און געפיהלט עטוואָס פאַלענדעס אין זיך. מיט עטליכע מינוט שפּעטער האָט מען געזעהן מאָטיע׳ן געהן מיט דער לולקע אין מויל דורך אַלע זיינע חדרים. עס איז געוועזען אַ כמורנער טאָג, ווען די זון רייסט זיך פון צייט צו צייט דורך די געדיכטע שטיקער וואָלקען און שיינט דורך מיט אַנ׳אור־מעטיגער שיין, וואָס וואַרעמט נישט און מאַכט נישט קיהל און דער רויטער רויך, וואָס האָט דערמאָהנט אין די וואַלקען פון הימעל, האָט עפּעס אַליין פערנעבעלט אין שטוב.

דורך דעם שטאַרקען רויך האָט עפּעס מאָטיע בעמערקט, אַז דער שפּיגעל איז בעהאָנגען מיט אַזאַ מין זאַך, וואָס עס גע־פינט זיך נישט אין זיין שטוב. ער איז צוגעגאַנגען און בע־מערקט דאָס געשניצטע. דאָס איז געוועזען דאָס ערשטע מאָל, וואָס אין זיין שטוב איז אַריינגעקומען אַ זאַך פון אַ פרעמד־ער האַנד אָהן זיין וויסען.

עפּעס אַ מאָדנער ציטער איז דורך זיינע גלידער און ער האָט זיך אַ ווײַלע אָבגערוקט, אָבער די נייגעריגקייט האָט איהם באַלד צוריקגעצויגען אין און ער האָט דערקענט די פלייסיגע פעהיגע האַנד טוביה׳לעס, זיין טאָכטערס בילדליכע געשטאַלט. ר׳ מאָטיע האָט אַ צווייטען שוידערליכען ציטער געטהאָן נאָכ־מעהר, ווען ער האָט געשפּירט, אַז די מתּנה איז אַנ׳אָנגענומענע פון זיין טאָכטערס האַנד. עס האָט זיך איהם אין דער מינוט אויסגעדאַכט, אַז די מתּנה איז נישט סתּם עפּעס אַ געשאַנק פאַר זיין שטוב, נור עפּעס אַזעלכע, וואָס וויל אַוועקשטויסען דעם וערט פון דער ערשטער רבּי׳ישער מתּנה.

„סך־הכל טוביה'לע, אַט יענער קיילעכדיגער יתום, יענק יונגעל, וואָס פּאָהרט זיך מיט מיר באָדען און טראָגט אויפ'ן קאָפּ אַלע מיינע חשבונות"—האָט עפּעס אַ בליץ געטהאָן אַ מאָדנער פרעמדער געדאַנק. וואָלט עס טהאָן אַ זוהן, וואָלט ר' מאָטיע צוגעגאַנגען, אויסגערעדט זיך, אַ קלאַפּ געטהאָן מיט דער שטאַרקער ריזיגער פויסט אין טיש אַריין. איז עס אָבער אַ טאָכטער און די גראָד, פאַר וועלכע זיין גאַנצע הויכגעוואוקס ווערט ווי געבויגען, פערוויקעלט. פאַמעליכעל, רויכערנדיג און לאַנגזאַם געהענדיג, האָט זיך מאָטיע אָבגעשטעלט.

—אַזוי, אַזוי געהט עס היינט אין מיין שטוב—האָט ער עפּעס צו זיך אַליין גערעדט פאַר מאַריטאַ'ן,—עס שטעהט בפירוש אין דער תורה, אַז קיין געשניצטע בילדער טאָר מען נישט מאַכען און נישט הענגען אויף קיין וואַנד. יאָ, יאָ, טעכטעריל, היינט הערט מען נישט וואָס דער טאַטעשי זאָגט. מען גיט אַוועק די טייערסטע שטיינער פון זיך, מען געהט אַליין שפּאַצירען און מען הענגט נאָך אויס די וועגד דערמיט, וואָס די תורה האָט פערבאָטען.

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגען אַזעלכעס, וואָס האָט דערמאָהנט די שלעכטע סמנים, וואָס האָבען זיך געפלאָנטערט פאַר זיינע אויגען, נור דאָ איז איהם ענטקעגען געקומען מאַריטאַ אין איהר גאַנצער קינדישער ענטשולדיגונג, וואָס האָט איהם אַרומגעכאַפּט.

—אָבער, טאַטעשי, דאָס האָט נור טוביה'לע געשיקט פאַר אונז גלאַט אַזוי. זאָל טאַטעשי נישט אין כעס זיין, טוביה'לע פאַר'ן טאַטעשי'ן, פאַר סאָסיען, פאַר דער גאַנצער שטוב

זי האָט פּרובירט ענטשולדיגען טוביה'לען. דער פאָטער האָט בעמערקט:

—אַלצאיינס. די תורה זאָגט, אַז קיין געשניצטע בילדער טאָר מען נישט אויפהענגען און יאָ, האָט עס געלוינט אויסצוטוישען זילבער אויף גאָלד, שטיינער אויף ברילּיאַנטען? ניין! מאָטיע נעהמט שוין איצט צו די אויגען. איך לאָז אַלץ פאַר'ן ווינד, אַלץ אויף הפקר. 35 יאָהר געשפּינט אַ געדאַנק, געצויגען אַ פאָדעם.

ער איז שטעהן געבליבען מיט די אויגען צום הימעל און אין זיינע גרויסע טונקעלע אָדלערישע בליקען איז אַריינגעפאַלען עטוואָס אַבל׳ישעס, וואָס האָט מאָדנע בעריהרט מאַריטאַ׳ן. עס האָט אין איהר ערוועקט יענע שטילע מיטלייד צו איהר געבוירער און זיינע ליידען פון איהר גוטער ערציהונג. אָבער גראָד די גוטע ערציהונג האָט חשוב׳ער געמאַכט דאָס עדעלע פנים טוביה׳לעס און זיין געשניצט געשאַנק, און זי האָט לייכט גערעדט:

—און טוביה׳לע איז דאָך ביים טאַטעשי דער בעסטער שטוב-מענש, קומט אויף שלוש-סעודות, מאַכט ביי אונז קדוש און ער שניצט דאָך געשאַנקען פאַר׳ן חונ׳ס טאָכטער, פאַר ר׳ ישעיה׳ס און פאַר׳ן שמש טאָכטער.

—און דאָס הענגט אויף מיינע וואנד,—האָט מאָטיע מיט׳ן זילבערנעם שטעקען אַ לאַנגזאַמען וויש געטהאָן איבער׳ן שפיגעל עס האָט זיך אָבגעטשעפעט דאָס לייכטע געשניצטע געוועב און איינגעריסען דאָס בילדישע געשטאַלט מאַריטאַס. זי איז צוגעלאָפען, געוואָלט עס פערהאַלטען, נור... עס איז געוועזען צו שפעט.



## ער פֿאָהרט, ער פֿאָהרט.

דאָך די דינע פעדים, וואָס האָבען געשפּינט דאָס גליק פון גרויסען צוזאָג, האָבען אויסערליך נאָך געצויגען זייער אַר־בּייט. דאָס אינערליכע אָבוועגדען מאַריטאַס פון איהר טאַטענס הבטחה איז געווען אַ פּאַרטיגע און דערמאָהנט אין עפּעס אַ שטילען פערבעהאַלטענעם בליץ אונטער שווערע וואָלקען. אויסער־ליך איז עס אָבער נאָך געגאַנגען ווי שטענדיג. די ווייבער פון רבּי׳נס שטוב קומען פרעגען, וואָס עס הערט זיך אין ר׳ מאָטיעס כלה־וועלט, בעקושען און בעווינשען דעם קאָפּ פון ר׳ מאָטיעס טאָכטער און קומען צוריק פרעהליכע, גליקליכע, און די בריווע־לעך צווישען מחותנים געהען בנעימות׳דיגע. אין דער און אין דער צייט וועט די און די פּאָר פערד ווערען אַרויסגעשיקט פאַר׳ן מחותן אין דעם און אין דעם אָרט, און פון דעם און דעם אָרט דאַרפען אויפּזיצען די און די שנוהרען, טעכטער דעם רבּי׳נס, וואָס ווילען קומען אַ קוק טהאָן, וואָס די כלה׳שי מאַכט.

און דאָ איז געקומען די צייט, וואָס דאָס יונגע רבּילע האָט זיך שוין געקאָנט פאָרשטעלען פאַר די שיינע ר׳ מאָטישעס כלה־וועלט. עס איז שוין געלעגען אין קעשענע דאָס סמיכות הרבנות, התר־הוראה. דער מוח איז אויסגעשאַרפט אין ש״ס, פּוסקים

אין הלכות און אין אַגדתות און אויפ'ן בלאַסען פנימ'ל, איינגע־
וויקעלט אין די זיידענע פאות, ליגט שוין אויסגעגאָסען יענער
איידעלער פלפול און יענער יונגעליש־רבי'נישער חן, וואָס ציהט
דאָרט אַהין צו ר' מאָטיעס שלש־סעודות'ן, קדוש'ן אַתקינו־
סעודתא'ס און סתם חסידישע רקוד'לעך. אַזוי האָט מען געזעהן
אין איינעם פון יענע טעג צווישען די שאָסיי־בוימער זיך
ציהען פוהרען חסידימ'לעך מיט פאות אין געשטאַלט פון אַ שלשלת
און מרכא טפחא, פאות צושויבערטע, גלייכע און אינמיטען איז
געזעסען ער—דער מיט'ן טונקעלען פנימ'ל, אין וועלכען עס
האָט זיך געוועבט אַ לייכטע ראָזיגקייט פון אַ קינפטיגען חתן.
עס איז נאָך נישט געוועזען דאָס בעשטימטע זעהן זיך, דען
דערצו האָט בעדאַרפט קומען עפּעס אַ בעזונדער פאָרבערייטע
צייט, עפּעס אַ מין פאַר־פסח־צייט, אַ צייט פון שיר־חשירים, נור
אַזוי ווי דאָס איז נור געוועזען אַ מין „יומא דפגרא", האָט מען
איהם סתם אַזוי אַ נעהם געטהאָן: „קום און זעה וואָס די פער־
מאָגסט".

עס זענען אָנגעקומען די חסידישע בריטשקעלעך פונקט דע־
מאָלט, ווען אין ר' מאָטיעס שטוב האָט זיך אָנגעהויבען יענע
ערשטע צורודערטקייט. דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען ווי פער־
געסענדיג אין זיינע געשעפטען און געריוכערט און געזיפצט. צו
מאַריטאַ'ן האָט ער העלפט גערעדט און געגעבען קורצע און קאַל־
טע ענטפערן. די מאַמע איז געוועזען בלאַס און מאָדנע שוואַך
זיך אינטערעסירט מיט די שטוב־זאַכען. איינע נור סאָסיע, וואָס
האָט זיך געריכט אויף די אָנגעקומענע, איז געוועזען אָנגעטהאָן
האַלב־יום'טוב'דיג, ווי נאָך איהר חתונה און געשמייכעלט מיט די
נאָז־לעכער, ווי אַנ'צָב:אָט.

פונקט דעמאָלט האָבען זיך געגעבען אַ שיט אַריין דאָס
ביסעל חסידים מיט זייערע משרתים און משרתימ'לעך, מיט די
הענד אונטער די גאַרטלען און מיט'ן נגון פון קרבנות פאַר
מנחה. מען האָט זיך צוזעצט און צולעגט, וואו מען מעג יאָ און
נישט, היימישערהייד, געגעבען זיך די הענד אויף שלום, אויף
לחיים פון אייגענע פלעשלעך און פון ר' מאָטיעס, און צווישען

זיי אַלע איז אַ מינוט געשטאַנען פערשעמט, קוקענדיג אין אַלע זייטען שטוב, „ער״, וואָס האָט נאָך נישט געוואוסט ווער עס דאַרף איהם געבען שלום און וועמען דאַרף ער געבען, ווער דאָס פראָסטע מיידעל און ווער די כלה. נור באַלד האָט מען געזעהן די ווייבערישע פינגער פון אונטער׳ן פענסטער און פון טיר אָבשיידען „איהם״ פון זיי. בעזונדערס האָט מען עס דערקענט, ווען ר׳ מאָטיע איז צוגעקומען, אויסגעשטרעקט די קלאָרע וואַרימע האַנד און, בעטראַכטענדיג איהם פון אַלע זייטען, האָט ער געשעפּטשעט:

—יונגעל מיינס, עפּעס גוט געפאָהרען זיך? נישט מיד געוואָרען פון וועג? זענען די פערד נישט קיין ווילד-לויפּיגע? און צי זענען איצט די פוילישע וועגען נישט קיין שווערע? און צו זענען די ב״ער הינד נישט בעפאַלען?

אויף דעם אַלעם האָט „דאָס יונגעל״ געענטפערט מיט אַ ווייכען מילדען „בעזרת השם איז אַלץ אין בעסטען״, עס הייסט די פערד זענען נישט קיין ווילדע, די וועגען נישט קיין שווערע און די הינד האָבען קיינעם נישט געביסען. דערויף האָט ר׳ מאָטיע עפּעס אַ הויב געטהאָן די אויגען צום הימעל און בעשעפּטשעט:

—הלואי, רב״שע, אַז דיינע וועגען פאַר אונז זאָלען שטענדיג זיין גלייכע און קיין סטרא אחרא, ח״ו, זאָל קיין שליטא נישט האָבען. און דערפון טאַקי האָבען זיך אָנגעהויבען שמועסען, וואָס האָבען געפיהרט צו וועלטען העכערע סד שבילו דרקיע עד הפרדס.

דער טיש און זיינע אַרומזיצער האָבען זיך פערטהאָן אין זייערע הייסע פעטע מאכלים און, ביסלעכווייז אַריינטהאָענדיג זיך אין די זמירות, וואָס האָבען באַלד געהאַט אונטער דער האַנד, כאָטש עס איז געוועזען אינדערוואָכען, האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די חסידים האָבען פערגעסען אין דער גרויסער כונה פון די ביידע מחותנים און זענען געקומען אַהער זיך משמח-זיין גלאַט [illegible] ווייל זיי איז גוט אויף די הערצער. עפּעס האָט מען [illegible]

[illegible] פון רייסטער [illegible] נטפּשה. [illegible]

אויף ביאת־המשיח, וואָס האָט זיך נישט געקלעבט צו דעם איצ־טיגען, דאָך ווען מען האָט אַ בליק געטהאָן צו דער זייט פון די שטוב־מענשען, האָט זיך דערקענט עפּעס אַנדערש. דער טאַטע ר' מאָטיע האָט גערעדט, גערעדט און יעדעס מאָל האָט ער אונ־טערגעבראָכען זיינע רייד מיט עפּעס אַ פרעמדען זיפץ. די מאַמע איז צוגעקומען, געפרעגט אויפ'ן לעבען פון די מחותנת, שניהרען, עלטער און עפּעס מאָדנע פרעמד געשמייכעלט, יאַלעשקע איז אַרומגעגאַנגען ברוגז, בייז און האָט אין דער גאַנצער שמחה קיין אָנטייל נישט גענומען. דאָסזעלבע איז אויך פאָרגעקומען מיט דאָדיע'ן און מיט'ן פעטער חיים, וואָס איז אַרומגעגאַנגען מיט די גראָבע שווערע שטיוועל און געקלאַפּט מיט זיי, פונקט ווי אַלץ וואָלט דאָ געוועזען וואָכעדיג. איינע נור סאָסיע, וואָס איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פרעמדען צודרעהטען קוראַזש: זי איז גע־לאָפען פון קיך צום טיש און פון טיש אַלע מאָל צו דער ווייב־כער בעל־הבית'טע, געפרעגט זיך עפּעס, שטעהן געבליבען און געטראַכט: „רב"שע, ווי אַזוי מאַכט מען עפּעס, אַז די שטוב זאָל חתונה'דיג ווערען, אַז עס זאָלען קומען הענד צו הענד, אויגען צו אויגען, אַז עס זאָל שוימען ביר און גיסען זיך ווײַן"?

מאַריטאַ איז אין שטוב נישט געוועזען, זי איז נור איינ־מאָל דורכגעגאַנגען, איבערגעבעטען און פעררוקט דאָס געלע פאָרהאַנגעל פון איהר פענסטער. פון דער מינוט אָן איז זי גע־בליבען זיצען אונטער'ן טונקעלען אַבאַזשור מיט אַ פינגער ביי די ליפּען, ברוגז, ווי נעכטען און אייערנעכטען, איהרע האָהר נישט פערקעמט און דאָס אָנטהאָן נישט אומגעביטען.

עפּעס נור איין מאָל האָט זי אַ שנעלען בליק געוואָרפען דורכ'ן פענסטעריל און גראָד דער בליק האָט מאָדנע אויפגע־טרייסעלט איהרע גלידער. עס האָט עפּעס אין דער מינוט ווי אויפגעשפּילט טוביה'לעס פנים, ער האָט ווי גערופען ר' מאָ־טיעס טאָכטער: „איך, איך האָב דאָך געשניצט דיין בילדישע צורה, געפיהרט דיך איבער דיין טאַטענס פערמעגענס, געאָ־טעמט צוזאַמען מיט דיר די לופט, געדריקט די הענד, איך,

איך, טוביה׳לע, וואָס קאָן שניצען, מאָהלען און שרייבען, וואָס בין ווילד, ווי אַ קינד און יתומ׳דיג, ווי אַנ׳איינציגע טויב, ווערסטו מיך פערלאָזען ?" דערדאָזיגער רוף איז ביי איהר געוועזען אַזוי שטאַרק, אַז מיט עטליכע מינוטען שפּעטער האָט זי זיך אויסגע- טהון און סאָסיע׳ן אַריינגעבעטען אין דער צווייטער שטוב אַריין:

— סאָסינקע! עס וואָלט רעכט זיין, אַז די מענשען זאָלען שטילער ריידען און אַז די לאָמפּען זאָלען ווערען אַריינגעדרעהט. איך בין אַזוי מיד און וויל אַזוי שלאָפען.



## עס איז איהם נישט געפעלען.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט מען בעמערקט אין ר' מאָטיעס שטוב אַנ'אונגעוועהנליכען ראַט, וואָס האָט דורכגענומען נאָהענטע און פרעמדע און פון דעם אַלעם האָט מען אַרויסגעדרונגען איין זאַך, אַז ער, דער, אויף וועלכען ר' מאָטיעס שטוב האָט אָבגעוואַרט אַ וועלט, איז איהר נישט געפעלען. און דערפאַר האָט מען דערקענט עפּעס אַ מאָדנע אונרוהיגקייט. סאָסיע די דינסט איז געזעסען אָבגעקיהלט פון נעכטיגען אַרומלויפען און עפּעס מאָדנע געפּישטשעט מיט איהר שווערען הוסט. יאַלעשקע איז אַרומגעגאַנגען מיט פערהאַקטע צייהן און מיט אויסגעגלאָצטע אויגען און געמורמעלט אונטער די צייהן:

— שאַ־זשע, איך האָב עס אַ פריהער געוואוסט, אַז מיין מיידעל וועט ער נישט געפעלען. וואַקסט גרויס, ווי געבאַקען אויף הייוועז. אָבער וואָס האַלטען זיי מיך דאָ? וואָס גיסען זיי אין מיר בראַנפען און פּאַשען מיך מיט ראָגלען?

דאָדיע האָט געשאָקעלט מיט דער בראָדאַווקער גאָמבע און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט, אָט צופּישטשעט זי זיך ווי אַ קינד. איהר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס גאַנצע מיספּערשטענדניש נעכטען האָט נור אָנגעמאַכט דער ברוגז'ער יאַלעשקע

און דער יונג מאָטקע, וואָס איז געוועהנט צו פּויקען, קלאַפּען און טאַנצען.

אינגאַנצען גענומען, האָבען אַלע געוואוסט, אַז ער, ער, אויף וועלכען דאָס גאַנצע הויזגעזינד האָט געוואַרט יאָהרען, יאָהרען איז איהר נישט געפעלען. זיי זענען אַרומגעגאַנגען טויט. דען צו וואָס-זשע טויג איצט די גאַנצע חברה מענשען? אָט די ברייטע שמחות, דינסטען, יונגען און דאָס גאַנצע הויזגעזינד, וואָס טויג גאָרנישט?

עס זענען נישט געוועזען ביי דעם ראַט צוויי מעגשען. דאָס איז געוועזען מאַריטאַ און מאָטיע. עפּעס נישט וויסענדיג פאַרוואָס, האָט עס איהר היינט בעגינען אַרויסגעטריבען צוליב איין זאַך: געהן זאָגען טוביה׳לען, אַז ער איז איהר נישט געפעלען, און אַז ניש׳קשה, כאָטש דעם טאַטענס הענד האָבען צוריסען דאָס פאָרהאַנגעל, בעט זי אויסצושניצען אַ צווייטס, און אַז גוט איז איהר דערפון, וואָס ער איז אַוועקגעפאָהרען און זיין מתנה איז אַוועק אויף אַ דרשה-געשאַנק. זי איז געוועזען דערפון דערהויבען, אַז נישט פיהלענדיג ווי לייכט איהרע פיס האָבען זי אַוועקגעטראָגען, איז זי געשטאַנען און געשעפּטשעט עפּעס צו טוביה׳לען און פערצעהלט איהם פון אַלעס, וואָס איהר גוט און נישט גוט איז.

מאָטיע איז אויך אין שטוב נישט געוועזען. דער שווערער פריהמאָרגען האָט איהם אַרויסגערופען פון דער ענגער שטוב, וואָס איז איהם איצט שווער געוואָרען צו דערטראָגען. ער האָט זיך צונויפגערעדט מיט זיינע פריהמאָרגענדיגע פעלדער און וועלדער: „געוואַלד, היתכן, אַז ר׳ מאָטיעס האָפנונגען זאָלען זיין פּוסטע און קלינגען ווי עפּעס אַ פרעמד קול אין דער מדבר? האָט ר׳ מאָטיע געגען וועמען ס׳איז געזינדיגט? נישט געלעבט ווי דער שטייגער? און האָט ער נישט פערדינט, אַז דאָס יונגע רבי׳לע זאָל זיין דער יורש פון אָט די פריימעגענס אַרום?" נאָכמעהר איז זיין געמיט דערשלאָגען געוואָרען, ווען אָט איצט נעכטען ערשט, האָט ער געהערט דאָס זיסע שטימעלע פון זיין מפלפל-זיין זיך, ריידען און מאָדנע פרום-יונגעליש פערציהען די אויגען

צום הימעל. די פרייד דערפון איז באַלד געשלאָגען געוואָרען אין דער מינוט, ווען ער האָט געזעהען זיין טאָכטער אויסלעשען די לאָמפּ, אויסטהאָן איהרע זיידענע בגדים, פערציהען דאָס פּאָרהאַנגעל און מורמלען עפּעס צו די שטוב־מענשען. ניין, מרים׳ס פּנים האָט ער איצט מאָדנע נישט פערטראָגען. ער האָט געקוקט אויף איהר אָהן פרייד און אָהן לעבעדיגען ציל. „אַלצ־איינס, צי טוביה׳לע, צי אַ מענש פון גאַס"—האָבען געשעפּטשעט זיינע ליפּען צו זיך און מיט די ווערטער, דאַכט זיך, האָט זיך איבערגעריסען יעדע עהנליכקייט, יעדער פאָדים פון פאָטער און טאָכטער, יעדער געדאַנק פון נאָכפאָלגונג.

עס איז געגאַנגען ר׳ מאָטיע מיט די אויגען צו דער ערד, די הענד פון הינטען און אין זיינע געדאַנקען האָט זיך גע־פּלאָנטערט עטוואָס שווערעס, פיינליכעס און נקמה׳דיגעס פון זיך אַליין. עס איז איהם פּלוצלונג אַנטקעגענגעקומען זיין טאָכטער אַ מילדע, אַ לייכטשוועבעדיגע. ביידע זענען שטעהן געבליבען, אָנגעקוקט זיך מיט טרעהרענדיגע אויגען.

— נו?

— נו?



# דער געדאַנק פֿון ישוב ארץ־ישראל.

ווען איהר זאָלט זיך אַוועקקעהרען אַ וויאָרסט 5 פון דער
גאָרזשעלניע, לינקס, וואָלט איהר זיך אונבעדינגט בעגעגענט מיט
אַ שטיקעל ערד, אַ גלייכס, אַ נישט געאַקערטס און עפּעס אַ מאָד־
נע אָרימס. די צוויי־דריי הייזער זענען דאָרט מאָדנע ברייטע
הילצערנע, גרויע, געפלאַצטע פון דרויסען און די קוימענס צוויי־
לעכיגע און פערסאַזשעטע פון נישט רייניגען זיי אָפּט און דער
גאַנצער שטח איז בעוואָרפען מיט פּאַפּיר פון הערינג, פון פו־
טער און סתם בלעכענע פושקעס פון אָרימע געוועלבלעך, פון
וועלכע עס שמעקט מיט ביליגע, זויערע צוקערלעך און עפּעס
אַזעלכעס פון קוואַס. ווען נישט די בלויע פענסטערלעך אין דער
פאָרם פון אַ מגן־דוד, וואָס דערמאָהנט אין אַ מקום-קדוש, וואָלט מען
געמיינט, אַז דאָס איז אַנ׳עטאַפּען־פונקט אָדער סתם אַ געפענגניש.
הויפּטזעכליך האָט דאָ געשמעקט מיט פערלאָזטקייט און גלות...
צוליב איין זאַך. געוואוינט האָט דאָרט אַ יוד אַ מתמיד. דער
בלינדער לייב האָט ער געהייסען. אויפ׳ן קאָפּ האָט ער געטראָגען
אַנ׳אָרימען רבי׳נישען קאַפּעלוש און אויפ׳ן קערפער עפּעס אַ מאָד־
נעם שוואַרצען כאַלאַט פון אויסגעריבענעם ריפּס, בעלאַטעט און
בעטאַשמעט פון קאָפּ ביז די פיס. געוואוסט האָט מען, אַז די

האָט אפט צו טהאָן דערמיט וואס ער וואַנדערט שוין יאָהרען פון גלות קיין ארץ־ישראל און פון דאָרט צוריק נור צוליב איבערצופיהרען דאס גאַנצע הויז־געזינד קיין ירושלים אדער אין די נאָהענטע מקומות און דאָרט פערבלייבען עד־ביאת־המשיח, כדי די ביינער זאָלען זיך נישט דארפען קאָלערען אהין נאָכן טויט.

אין איינוועגס טאַקי האָט דער „בלינדער לייב", ווי מען האט איהם גערופען, געבערענגט מאָדנע אַנטיקען פון דאָרט, דהיינו: וואַסער פון באר של־מרים פאר קימפעטאָרינס, שטיקער רויטע שאַלען, וואס האָבען אין הימעל געברענט אויף ר' שמעון בן־יוחאי'ס קבר און תאנים ורמונים.

עס האט זיך דערפון אזוי צופלאקערט דער חשק ביים עולם צו פאָהרען קיין ארץ־ישראל, אז טאג מיט נאכט זענען זיך אנגעקומען די אָרומיגע אביונים, חולאים און סתם אזעלכע נאהענטע צום טירעל, וואס האבען געוואָלט אויספעיען איבער־צופיהרען זייערע בינטלעך ביינער אַהין, און אויסגעפרעגט ווי עס זעהען אויס די קעמלען, די וויינגערטנער און צי רעגענט טאַקי דאָרט 3 מאָל אין יאָהר און צי טאַקי איז עס אמת, אַז „אויר דארץ־ישראל מחכים".

אָט דידאָזיגע געגענד איז געוואָרען פערלאָזט דערפון, וואָס כמעט אַלע ישישים, אַלטע לייט בעלי־תורה זענען אַוועקגעפאָה־רען און געבליבען זענען נור דאָרט די ווייבער, וואָס זענען געבליבען ביי שטיקלעך שענקלעך, געוועלבלעך, און סתם טיש־לעך מיט געבעקס. אָרימע, פערלאָזטע, האָבען זיי פון יאָהר צו יאָהר אין ראש־השנה בעקומען וואונשען, חתימות טובות און געקריגען בריף אויפ'ן גאַנצען לעבען.

אָט דאָסדאָזיגע אָרט איז געוועזען מעהר פון אַלץ אַנ'עטאַ־פען־פונקט, וואָס האָט איבערגעפיהרט קיין ארץ־ישראל. עס פלעגען דאָרט אָנקומען דורכפאָהרער מיט חתימות פון זייער אב"ד, אָבזיין אַ פּאָר טאָג ביי דעם בלינדען ר' לייב'ן, דאַן פלעגט אָנקומען די ארץ־ישראל־בויד, עפּעס אַ מיסטיגע בויד מיט צווייי דאַרע פערד, ווייל זי האָט געפיהרט צו די באַהנען, וואָס האָ

בען געפֿיהרט צום שוואַרצען ים. דער עולם איז איינגעזעסען און חברה פון קליין ביז גרויס אין ישוב האָט נאָכגעשריען, צור געוואונשען, צוגעווינט און צוגעזונגען ביז אין ווייטען־ווייטען וועג אַריין. דער אונטערשיד פון פאָהרען קיין ארץ־ישראל פון די גאָרזשעלניע־לייט ביז פון דאַנען איז געוועזען דער, וואָס דאָרט איז מען אַוועק צוליב זעלנעריי, צוליב, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, אַנ׳אונטערצינדעכטס, איז מען דאָ געפֿאָהרען פריי־ווילינ צום קבר פון דער מוטער רחל, צו דער באר של־מרים און צו ר׳ שמעון בן־יוחאי׳ס קבר.

טוביה׳לעס ציילען זענען געוועזען אַנדערע. נאָך פון דער קינדהייט איז איהם געפעלען אין חומש די אַרבייטען פון בצלאל׳ן ביים ארון־קודש און משכן. זיי זענען איהם אַריין אַזוי אין קאָפּ, אַז אַלע נאַכט כמעט האָט ער געזעהען מאָדנע הלומות פון מנורות, פון כרובים און אייל־קריגען. נאָכמעהר האָט זיך עס פערשטאַרקט ביי זיינע עלטערע יאָהרען, ווען טוביה׳לע האָט אַליין גענומען שניצען און מאָהלען. און ווען ער פלעגט זיצען אַליין מיט׳ן בלינדען לייב׳ן, האָט ער געפרעגט: „פעטערשי, מען זאָגט, אַז פון די טיפע גראָבענישען האָט מען געפונען די טייערע וויין־בעכער, די קריגען, האָט איהר זיי געזעהן, פעטער? ר׳ לייב האָט געענטפערט: „יאָ״.

—פעטער—האָט ווידער געפרעגט טוביה׳לע,—מען זאָגט, אַז אין כותל־מערבי איז נאָך פערבליבען די אַלע סימנים פון יאָהר און טאָג, ווען עס איז געבויט געוואָרען דאָס בית־המקדש און ווען חרוב־געוואָרען. איז עס אמת, פעטער?

ר׳ לייב האָט געענטפערט: „יאָ״.

טוביה׳לע האָט פאָפּראַוועט די ברילען, און איידעל געפרעגט:

—פעטער, איך וואָלט זיין אַ בעלן וויסען, זעהט מען נאָך די רעשט פון די חיות, וואָס האָבען אַראָבגעברומט פון שלמה־המלכ׳ס שטוהל? קאָן מען זיך נאָך בעגעגענען מיט די שניצ־רייען פון זיינע אַלטאַנעס און פּאַלאַצען?

און אַז ר׳ לייב ענטפערט דאָ אויך יאָ, בלייבט טוביה׳לע שטעהן פערטראַכט מיט די אויגען צום הימעל

אין דער מינוט שטעלט זיך טוביה׳לע פאַר ארץ־ישראל נישט דאָס, וואָס מ׳האָט זיך פאָרגעשטעלט אויפ׳ן אַלטען ישוב, עפּעס אַ ארץ־ישראל — אַ קברים־זוכעדיגס, אַ ביינערדיגס און אַ מקום אָבצולערנען תורה אין ירושלים, נור עפּעס אַזעלכעס, וואָס רעדט פון שניצען און מאָהלען און וואָס וועקט אויף בצלאלס אַרביי־טען מיט דער גרעסטער קראַפט. דערום טאַקי איז טוביה׳לע געשטאַנען אין דער געגענד פון דער גאָרזשעלניע אין דער האַלבקייט פון זיין אָבפאָהרען מיט ר׳ לייב׳ן. עס האָט נור אויסגעפעהלט עפּעס איין מינוט, ווען ער זאָל זיך מעהר אַריינרו־קען אין די יאָהרען אַריין, ווערען עלטער און אָבנעהמען דאָס, וואָס איהם קומט און ער פאָהרט אָב אין דער ווייטער ירושלים־וועלט.

אַציגד איז צוגעקומען נאָך א וויכטיגע זאַך, וואָס האָט גע־רוקט טוביה׳לעס געדאַנקען צו פערלאָזען דאָס אַלטע ישוב גיכער, נעמליך, אָט דער שטאָלץ טוביה׳לעס צו אַרבייטען ביי ר׳ מאָ־טיע׳ן אָהן געלד און דער צוטרוי צו פיהרען מיט איהם אַליין די חשבונות האָט אָנגעוואָרען דעם ווערט. עפּעס האָט מאָטיע נישט פערבעטען טוביה׳לען אויף שפּעטס־צונאַכטס, נישט מיט־געבעטען באָדען זיך און נישט גערן געהאַט איהם צו זעהן ביי זיין טיש אויף קדוש. און אָפט מאָל איז פאָרגעקומען רייד, וואָס עס האָט עפּעס שרעקליך בעליידיגט טוביה׳לען. מאָטיע שטעלט זיך אַוועק, אָנגעלעהנט אויפ׳ן שטעקען, און זאָגט:

— פונדעסטוועגען, יונגעל, דו ביזט פאַר דיין מאָטיע׳ן נישט גערעכט.

טוביה׳לע רייסט אַרויף די אויגען און פרעגט:

— אין וואָס זאָל עס געהן, ר׳ מאָטיע

— כאָטש אין דעם, וואָס ווען אַ יונגעל קומט אַריין אין שטוב, זאָל ער אַריינקומען אָהן פּניות, נישט מישען זיך אין אַנ־דערע ענינים, נישט בעאונרוהיגען דעם טאַטענס געמיט.

טוביה׳לע שטעלט אָן די אויגען:

— אין וואָס זאָל עס דען געהן, ר׳ מאָטיע? האָב איך ווע־מען דען בעליידיגט, גערעדט אַ שלעכט וואָרט, אָדער ח״ו...

מאָטיע ענטפערט ברוגז:

—מען דאַרף נישט קיין סך רעדען, אַז גאָט וויל, געפינט ער שוין זיין שליח.

טוביה'לע רעדט געשפּאַנט:

—איך פערשטעה נישט בנאמנות, ר' מאָטיע, האָב איך ע־מיצען פערפיהרט, גערעדט לשון־הרע אָדער סתם רכילות?

און ר' מאָטיע הויבט אָן צו רעדען בדרך משל:—ווערה, ווערה, נאַרעלע! עס איז אַמאָל געוועזען אַ בן מלך, וואָס האָט געוואָלט ברענגען גוטס פאַר דער מדינה, האָט ער געפונען איינעם אַ לייב־ליכען זוהן, וואָס האָט איהם אַליין געברענגט „אַ פגע־רע" און דער בן מלך איז אַוועק פון דער וועלט, אַ בעליידיגטער, אָרימער און אויסגעלאַכטער. פון דידאָזיגע משלים בעליידיגט זיך אָפּט טוביה'לע און ווען ער בעגעגענט ר' מאָטיעס טאָכטער, מורמעלט ער איידעל:

—און וואָס טאַטעשי איז עפּעס אַזוי פערביסען, פערשטעה נישט טוביה'לע. צי מיינט ער, אַז עמיץ איז איהם געקומען אויס־דינגען זיינע פערמעגענס? צוגעהמען זיינע הייזער אָדער בע־גזל'ענען די שפּאַנען? ניין, ר' מאָטיעס טאָכטער, טוביה'לע נעהמט ביי קיינעם נישט. טוביה'לע איז אַ יתום, איינער אַליין אויף דער וועלט און ווידער...

טוביה'לע גיט אַ שאַר מיט'ן דינעם זיידענעם פּאַראַסאָלע־כעל אין זאַמד, וואָס דערמאָהנט אין פאָהרען, און שעפּטשעט:

—טוביה'לע ווערט סיי־ווי־סיי קיין היגער נישט זיין. ער ווערט אַוועקפאָהרען אין דער ווייטער וועלט אַריין, זאָל זיך נור ר' מאָטיעס טאָכטער נישט נעהמען צום האַרצען.

אָט דידאָזיגע בעשיידענע ווערטער פון יתום'קייט אַרן אַוועקפאָהרען ווירקען מאָדנע אויף איהר געמיט און ציהען איהר נאָך שטאַרקער, שטאַרקער נישט צו זעהן דאָס יונגע רבי־לע, שטאַרקער, שטאַרקער, נישט צו טראָגען דעם ברילאַנט און מעהר און מעהר צו פערהענגען איהר שטוב מיט די שניצע־רייען פון טוביה'לעס הענד.





## דער פעטער און טוביה׳לע

## פֿערלאָזען דעם אַלטען ישוב.

דערווייל האָט פּאַמעליכעל, פּאַמעליכעל אָנגעהויבען לער־צו ווערען אויפ׳ן אַלטען ישוב. די געוועלבלעך, שענקלעך און טישלעך, וואָס האָבען ס׳רוב מפרנס־געווען פון די גוים און פּראָסטע אַרביימער אַרום דער גאָרזשעלניע, האָבען זיך פּאַמעליכעל פערמאַכט און די איבערגעבליבענע מענער, ווייבער און קינדער, וואָס האָבען געהערט פון ר׳ לייב׳ן, וואָס ער איז עטליכע מאָל אויסגעוואַנדערט קיין חוץ־לארץ, אַז די און די שכנים זיצען אין ירושלים רוהיג און לערנען תורה, אויך זיך אויפגערוימט, אַריינגעזעצט זיך אין „ארץ־ישראל־בויד״, וואָס איז אייביג בעוואָרפען מיט מיסט, קאָרקלעך פון פּאַפּיראָסען און שמעקט מיט מאַכאָרקע, און אַוועקגעצויגען אין דעם שוואַרצען ים. און אויך מיט׳ן בלינדען ר׳ לייב׳ן איז עס איינמאָל געקומען צו סוף. נאָך עטליכע מאָל קומען און דערצעהלען וועגען דעם, אַז ער האָט דאָס לעצטע מאָל געוויינט אַזויפיל ביי דעם כותל־המערבי, און איז דערום בלינד געוואָרען אויפ׳ן רעכטען אויג, און וועגען דעם, אַז דאָרט איז בעסער איצט אַ מאכל פאַר ציגען און אַז ארץ־ישראל בכלל איז אַנ׳ארץ זבת חלב ודבש. ער האָט געבּרענגט עפּעס אַ נייעם פּזמון, דהיינו: עס איז דאָרט אויפגע־

קומען אַ נייע חברה, וואָס הייסט „קאָלאָניסטען״, בעלי־הבתּים, הייסט עס, וואָס האָבען מויל־אייזלען, וויינגערטנער און עבדים און אַז בייטאָג און ביינאַכט טרינקט מען קעלטער, הייסט עס, ווייַן, און וויין־טרויבען עסט מען פון די הענגלען אַראָב, און אַז מילך דאָרט טרינקט מען פון די ציגען מיט אַ מעסער אַז שניידען. די אַפּעטיטען פון די אַרומיגע איז פון אָט די מעשיות געוואָרען אַזוי צופלאַקערט, אַז עס זענען זיך אָנגעקומען פון אַרום מאָדנע בעלי־הבתּים, געבייכעלטע, פּעטע, רויט־געקאַרקטע און האָבען עפּעס מאָדנע אַריינגעלעגט די קעפּ צום שמועס און אויסגעפרעגט זיך: איז אָט דער ווייַן, וואָס איז מיט דער רויטער חתימה פון דאָרט טאַקי, פון יענעם קעלטער? און צי די שמעקעדיגע אתרוגים פון היינטיגען סוכּות שטאַמען טאַקי פון דאָרט און אַז דער באָקסער פון היינטיגען חמשה־עשר איז טאַקי געגראָטען? און צי פייגען איז איצט דאָרט אַ סך?

און אַז ר׳ לייב האָט זיי געגעבען זייערע בעפרידיגטע ענטפערס, האָבען זיי אָנגעהויבען סמאָטשקען מיט די ליפּען און ציהען מיט די אַקסלען, ווי זיי וואָלטען שוין וועלען זיין דאָרט. מעהרסטענס האָט דאָס געווירקט אויף די אויערן פון טוביה׳לען, נור נישט דורך עסען, טרינקען און געניסען פון ארץ־ישראל׳דיגען. טוביה׳לע האָט זיך איינגעהערט, איינגעהערט און געפרעגט:

—פּעטערשי, איך וואָלט וועלען וויסען, וועלכער הימעל איז בלויער—אונזערער, צי דער פון ארץ־ישראל?

ר׳ לייב ענטפערט: דער ארץ־ישראל׳דיגער

טוביה׳לע פרעגט:

פּעטערשי, וועלכע שטערען אין הימעל לייכטען שענער פאַר דער ערד—אונזערע צי יענע?

ר׳ לייב ענטפערט: יענע

טוביה׳לע פרעגט:

—מ׳זאָגט, פּעטער, אַז די בערג זענען גרין ווי דער גרינ־סטער סאַמעט אין דער וועלט און אַז דער וואָלקען איז עפּעס אַ זיידענער און אַז די רעגענס זענען פאַלענדע בריליאַנטען. איז דאָס אמת?

און אַז ר׳ לייב ענטפערט יאָ, בלייבט טוביה׳לע שטעהן אָנגעצונדען אין דעם ארץ־ישראל, דעם שיר־השירים׳דיגען, שולמית־דיגען און צניעות׳דיגען. ער פערגעסט ר׳ מאָטיעס מאַשינען, קע־פּלען, בעכער און מענשען, ער פערגעסט די שבת-צונאַכטסען און גוט־וואָכען, ער פערגעסט אַפּילו דאָס פּנים פון ר׳ מאָטיעס טאָכטער און עס ציהט איהם אַוועק, אַוועק אַזוי אַוועק. און אַזוי איז געקומען די מינוט, וואָס טוביה׳לעס חלומות זענען פערווירק־ליכט געוואָרען. פערקויפט דאָס ביסעל הייזער, רעגולירט די וועק־סלען פון די בעלי-חובות אויף טוביה׳לעס נאָמען, האָט דער בלינדער ר׳ לייב אַ פּאַק אויף געטהאָן דאָס ביסעל גרינגע קאָ־פּערטס, סאַמאָוואַרען, מעשענע פאַנען און בעטגעוואַנדען און אָנ־געהויבען קלויבען זיך אין וועג אַריין. אין דעם טאָג, ווען דער לעצטער אויף דעם אָרט, ר׳ לייב, האָט געדאַרפט אָבפאָהרען, איז געוועזען איינער פון די טעג, ווען דער מוח איז גראָד פערנומען מיט עפּעס ארץ־ישראל׳דיגען, פיינליכען און האָפפנונגס־פולען. די זון האָט דורכגעריסען די גרויע נעפּלען פון הימעל און טרויעריג בעטראַכט די אָרימע געגענד מיט איהרע פערוואָר־פענע שטיקער פּאַפּיר, לערע פושקעס, צעוואָרפענע איבער די נישט געאַקערטע און געזייהטע פעלדער. די לופט איז אַ שווערע און שמעקט מיט די בערעלעך, וואָס ווערען אַריינגעוואָרפען אין די בערד פון תשעה־באב׳דיגע קינות־זאָגער, און מיט זויערען קוואַס, אויסגעטרונקען פון זעלנער און פערביסען מיט שוואַרצע קערלעך און מיט ביליגע צוקערלעך. גראָד אין דעם טאָג האָט זיך ר׳ לייבס הויז פערנומען צום פאָהרען. דאָס ישוב האָט זיך נישט געריהרט. עס זענען זיך אָנגעקומען די פעטקערקעדיגע רויטבאַקי־גע יודלעך און געהייסען זיך אויסשרייבען אתרוגים צו סוכות, וויין און סתם עפּעס גוטעס און זיסעס. אַ טייל האָבען בעפוי־לען גרוסען צו זייערע ידידים און געהייסען זיך שרייבען, צי איז דאָרט דאָס לעבען אין די „קאָלאָניעס״ רוהיג? פיבערט מען נישט שטאַרק? פליהען נישט קיין היישריקען און וואַרפען די קעמ־לען נישט אַראָב פון זיך די רייטער אין די הייסע טעג? די פרייד און די איבעראַשונג איז דאָרט געוועזען אַזוי שטאַרק,

אַז כּמעט פון דער גאַנצער געגענד איז מען געקומען און גע־וואונשען און געטרונקען און אויסגעשטרעקט די הענד און די אויגען אין דער ווייטקייט אַריין.

מיט עטליכע שעה שפּעטער האָט מען געזעהן דעם בלינ־דען ר׳ לייבען שטעהן צו מזרח און אָבּדאַווענען די לעצטע שמונה־עשרה פאַר׳ן גלות, דערנאָך איז ער אויסגעגאַנגען און גע־נומען זיך אָנטהאָן דעם רונדיגען הוט, וואָס האָט עפּעס געשמעקט מיט אַ ריח פון אתרוגים און וויינטרויבען, מסתמא צוליב זיין אַרומגעהען טאָג מיט נאַכט אין די ווילדע וועגען פון אַרום ירושלים און צוליב בלינדקייט זיך אָנטרעפען אין די פערשידע־נע געוויקסען, דעם ברייטען ריפּסענעם כאַלאַט, די האַלזיגע ליולקע, פון וועלכער עס האָט זיך שטענדיג געגאָסען דער טונ־קעלער סאָק, ווי סמאָלע און וואָס האָט אונבעדינגט דערצעהלט פון גלות. ער האָט זי פערדרויכערט און געזאָגט:

—נו, אַצינד איז שוין געקומען די צייט זיך צו געזעגענען מיט אייך, גוטע פרומע שכנים.

כאָטש די שכנים, די אַרומוואוינער האָבען מיט ר׳ לייב׳ן פון שטענדיג אָן געלעבט נישט גוט איבער זיינע ווילדע קאָ־זעס און קיה, וואָס האָבען צרות אָנגעמאַכט אין דער געגענד, פונ־דעסטוועגען איז איצט געקומען די גוטע מינוט, וואָס אַלע פּנים׳ער זענען ווייך געוואָרען. מען האָט אויסגעבאַקען געבעקסען פאַר זיין הויז־געזינד אין וועג אַריין. פלעשלעך זיסען בראָנפען און ליקער האָט מיטגעגעבען די גאָרזשעלניע און גערויכערט פלייש האָט אויך געשטאַמט פון דאָרט. וואָס אָנבעטרעפט די שטוב־מענ־שען, האָט מען זיי געזעהן פערנומען זיין מיט פערשידענע איינ־קויפונגען און פערפּאַקונגען. די מאַמע האָט זיך אויסגעסאָרטירט די אַלע נייע קופּקעלעך און אַוועקגעשענקט די, וואָס טויגען נור פאַר׳ן גלות. די טעכטער האָבען איינגעקויפט האָהר־בענדלעך און האָהר־נאָדלען, די מסתמא, וואָס מען קריגט זיי נישט דאָרט. טוביה׳־לע איז אין שטוב נישט געוועזען, ער איז געוועזען אין דער געגענד פון דער גאָרזשעלניע און איינגעקויפט מאָדנע פּעק: מעסערלעך, צירקלען און ווירעס, פערפּאַקט זיי, דערנאָך

אויסגעלעזט פון היטעלמאַכער דאָס שענע איינגעפּרעסטע היטעלע, פון שניידער דאָס לאַנגע זגראַבגע קאַפּאָטעל און פון טאָקער דאָס פּאַראַסאָלעכיל. דערנאָך איז ער זיך פּאַמעליכעל געגאַנגען צו געזעגענען מיט די מענשען פון ישוב, און ווען עס איז געקומען צו צעזעגענען זיך מיט מאָטיע׳ן, האָט ער עפּעס דורך די קלאָרע צייהנדלעך, וואָס האָבען דערמאָהנט אין מיידלעשע, געשעפּטשעט:

—ר׳ מאָטיע, עס איז געקומען די צייט, וואָס טוביה׳לע יתום פאָהרט־אַוועק פון דעם אָרט. עס איז אמת, אַז ר׳ מאָטיע האָט געהאַט פיל שלעכטע השדים, אָבער טוביה׳לע פאָהרט־אַוועק און זעהן וועלען מיר זיך אין ארץ־ישראל.

די ווערטער זענען געווען אַזוי שטיל און אָנגעזעהם גערעדט, פּונקט ווי עס וואָלט עס רעדען אַ מיידעל, וואָס פאָהרט אין וועג אַריין. דערנאָך איז ער אַוועק אין זיין חדר׳ל אַריין.

אָט דאָסדאָזיגע קליינע אָנגענעהמע חדר׳ל איז געווען בעהאַנגען מיט מאָדנע שניצערייען, וואָס האָבען דערמאָהנט די אַר־בייטען פון משכן און אין וועלכע עס איז סוף־כל־סוף געווען איינגעפלאָכטען דאָס בילדליכע געשטאַלט מאַריטאַס. עפּעס אין יעדער שניצעריי און מאָהלעריי האָט טוביה׳לע אַריינגעבראַכט עפּעס, וואָס עס האָט דערמאָהנט אין בילדליכען געשטאַלט פון ר׳ מאָטיעס טאָכטער און איצט האָט ער עס בעטראַכט און בעדוי־ערט, בעטראַכט און בעדויערט.

עס איז אָנגעקומען מאַריטאַ, דאָס ערשטע מאָל וואָס עס האָבען געוואַגט איהרע טריט איבערצוטרעטען אַ פרעמדענס שוועל. זי איז אַריינגעקומען און, בעטראַכטענדיג דאָס אַרומיגע, שטעהן געבליבען מיט די אויגען אַראָב.

טוביה׳לע האָט בעמערקט:

—נו, אָט געשניצט די לעצטע וואָכען, וואָס ווייטער אַלץ בעסער. ווייסט ר׳ מאָטיעס טאָכטער, איך לאָז עס איבער אויף איהרע הענד.

מאַריטאַ האָט געשוויגען, געשוויגען און געשעפּטשעט:

—אָבער צוליב מרים׳לען וועט נאָך טוביה׳לע דאָ בלייבען כאַטש אַ חודש, אַ וואָך אָדער אַ פּאָר טאָג.

טוביה׳לע האָט געענטפערט שטיל:

—ניין, ניין אַלץ שוין געפּאַקט: די קופערטס, די בעטגע־האַנדטען און די פערד שטעהען שוין גרייט.

ר׳ מאָטיעס טאָכטער האָט פערביסען די ליפען און, בינ־דענדיג די רויטע פרענזלעך פון טישטוך, האָט זי גלאַט אַזוי גע־זאָגט:

—און אַצינד בלייבט מרים׳על אַליין. לאַנגע שפעטסצו־נאַכטסען, גרויסע וואָכען און מרה־שחורה׳דיגע טעג. אוי, טוביה׳לע.

טוביה׳לע האָט אָבער מיט אַ שמייכעל פון איידעלקייט בעמערקט:

—און ווער ווייס, אפשר גאָר וועלען קומען גוטע טעג, ווען טאַטעשי וועט אויפהערען זיפצען, יאָכצען און אפשר גאָר וועט מרים׳על ווערען צוריק אַ פרעהליכע, אפשר...

זיי האָבען ביידע נישט גערעדט, נור טוביה׳לע האָט אַ־ראָבגענומען אַלץ פון די ווענד, פערוויקעלט און אַוועקגעגעבען עס דער טרויעריגער, מיט טרעהרען אין די אויגען, שטעהענדיגער מאַריטאַ, וואָס האָט די שניצערייען שוואַך אָנגענומען און זענען דערום געבליבען הענגען אין איהרע הענד און טוביה׳לע האָט צוגעגעבען:

—דאָס וועט זיין אַ גוטער זכרון צו לאַנגע, לאַנגע יאָה־רען און גוטע טעג — — — — — — — — — — — — — —

נאָך אין דעם אייגענעם פערנאַכט האָט מען געזעהן אָנקומען אַ בויד, וואָס האָט מאָדנע געאיילט זיך צום לויפען און דערום טאַקי, ווען זי איז געקומען אויף די שטיינערדיגע ערטער, האָט זי געקלאַפּט, ווי אַ מיסט־קאַסטען. עס זענען דאָרט געזעסען פּאַסאַזשירען, שוין נישט די גלות׳דיגע, שלעפערישע און סתם אַזעלכע, וואָס ווילען דאָרט אָבלעבען די פּאָר יאָהר, נור עפּעס יענע פעט־קערקעלדיגע, וואָס האָבען געשטרעבט צו פערווירקלי־כען די נייע געדאַנקען פון קאָלאָניזאַציע, וועגען וועלכע עס האָט אַזוי גערעדט דער בלינדער לייב. און דערום טאַקי זענען די פערד אויסגעקומען פעטער און אין דער בויד האָט געשמעקט מיט פּאָמעראַנצען, ווין און ניס. אין דער בויד איז אויפגעזעסען

איצט ר׳ לייב מיט זיין הויז־געזינד און נאָך זיי טוביה׳לע מיט׳ן איידעלען פּנימעל און מיט די ברילעכלעך אויף דער נאָז. ר׳ מאָטיעס טאָכטער האָט מען נישט געזעהען דאָרט, זי איז מיט די אָנגעשטעקטע זכרונות אין די הענד פון טוביה׳לען געבליבען ווי פערלאָזט ביי זיין טהיר. דערנאָך האָט זי פּאַמעליכעל זיך גע־שטעלט אונטער אַ בוים, וואו זי האָט דערזעהען טוביה׳לען אַוועק־פאָהרען.

י נאַכט איז געוועזען אַ שטילע, די גרויסע בלייכע לבנה, וואָס איז נאָך געשטאַנען פון אינדערפריה, איז איצט גע־וואָרען גרעסער און דייטליכער, ווי עפּעס אַ גרויס קופּערן פּנים, וואָס פערצעהלט פון איינשליגגען וואַנדערער און זייערע בוידען. עס האָט פון ווייטען הימעל זיך געטראָגען אַ ווינדטעל, וואָס האָט געשמעקט שטאַרקער מיט די בערעלעך פון בעוואַרפען בערד ביי קינות און דערמאָהנט אין בעקלאָגען אַ חורבן. ביינאַכט איז מאַריטאַ צוריק געגאַנגען מיט׳ן קאָפּ אַראָב, ווי פערלאָזט פון וועמען, און, געהענדיג, האָט זי דערווייל אָנגעוואָרען פון איהרע הענד טוביה׳לעס זכרונות צוזאַמען מיט טוביה׳לען.

עפּעס קומענדיג נאָהענטער צו דער שטוב, האָבען זיך ווי אַרויסגעקלאָרט פון איהר מויל די ווערטער:

—ניין, דערין איז מסתמא נישט שולדיג נישט טאַטעשי נישט מאַמעשי, נישט די גאַנצע וועלט דאָ אַרום. שולדיג איז מסתמא נור... מרים׳לס גליק.



# געשאָכטען די טויב

פאַרהאַן אַ צייט אין יאָהר, וואָס ביי די גאָרזשעלניע־מענ־שען ווערט רייף דער פלייש־אַפעטיט. דאָס זענען יענע צוויי חדשים אלול און תשרי, דאַן ווען די בלעטער פון די בוימער ציטערן פאַר גאָטס משפט און די רייפע פיה און עופות צוזאַ־מען מיט די מענשען געהען עפעס מיט די קעפ אַראָב, נישט צופרידענע, אָנגעשטויסענע איינס אויף דאָס אַנדערע. זינדיג פיהה־לען זיך די מענשען, אונטערטעניג פאַר גאָט, נור נאָך מעהר די עופות. און מערקווירדיג, שעכט מען אַ אָקס און מען עסט זיין פלייש, איז עס נישט צוליב דער גרויסער פלייש־תאוה, נור גלאַט אַזוי זינד דערמיט צו רייניגען. אַ הוהן ווערט געקוילעט, איז עס נישט צוליב דעם ווילדען פלייש־אַפעטיט, נור גלאַט אַזוי זיך רייניצעוואַשען, און די זינד איז דאָרט אַזוי גרויס און די פליי־שען ווערען אַזוי געגעסען.

אין יענער צייט הויבען־אָן די פיה און עופות צו בלאָנ־דזשען און קריכען איינס אויף דאָס אַנדערע. נישט קיין נפקא־מינה, מיין הוהן, דיין הוהן, זיי שטויסען זיך אָן מיט די שנאָ־בלען, מיט די פליגלען, סיי־ווי־סיי, הייסט עס, איז עס אַלצאיינס, וואָס מיר עסען און וואו מיר געהען, סיי־ווי־סיי ווועלען מיר

ליגען בײ די טריט פון ר׳ מאָטיעס זאַלץ־בראָטען. פאַרהאַן אָבער איין זאַך, וואָס געהט־דורך די פלייש־עסערישע ימים־טובים. דאָס איז אַנ׳איינציגע ווייסע טויב, וואָס איז געהיט גע־וואָרען פאַר דער חתונה פון ר׳ מאָטיעס טאָכטער. פיר זומערן און פיר ווינטערן האָט די טויב אַרומשפּאַצירט אַרום איהר פענ־סטער, געוואַרט אויף איהר פאַר דער חופּה אויף די לעצטע, לעצטע מיידעל־טעג, ווען זי, די ווייסע טויב, וועט אַריינקומען אין איהר גאָלדערנער יויך און האָט די זכיה נישט דערלעבט, און האָט נור דאָס געהאַט, וואָס זי איז געבליבען עפּעס אַ זאַך פון סליחה ומחילה.

דערזעהן, אַז זיין גרויסע האָפנונג איז געפאַלען, האָט ר׳ מאָטיע זיך געפיהלט עפּעס מאָדנע פרעמד און בעליידיגט. ער האָט זיין טאָכטער אויסגעמיטען, צו איהר שפּאַציר און שלאָף האָט ער זיך נישט געקימערט. פערקעהרט, וואָס עס איז אַרי־בער אַ טאָג און דער טאָג האָט אָנגעקלעפּט עפּעס שענס אויף די באַקען פון זיין בת־יחידה, איז עס איהם געוועזען אַ ריס אין האַרץ. מיט׳ן ווייב האָט ער אָפּט גערעדט שפּעט ביינאַכט, גערעדט און געוויינט הויך אויפ׳ן קויל, פון וועלכען עס האָבען זיך געטרויסעלט די שויבען פון מאַריטאַ׳ס שטוב.

זאל זי כאָטש פאַלען צו זיינע פיס, בעטען סליחה ומחילה, אָבשיקען זיינע מתנות, — האט ר׳ מאָטיעס שטוב געציטערט פון בעליידיגונג און רחמנות אויפ׳ן קיום פון זיינע דורות. די ווערטער האבען עפּעס ר׳ מאָטיעס טאָכטער בעליידיגט, שוואַך געמאַכט און פערגליווערט איהרע גלידער און גראָד פון דער פערגליווערטקייט און צארן דעם טאַטענס האט עפּעס מאריטאַ נישט געוואוסט וואס צו טהאָן האט זי נור געקוקט מיט גרויסע דערשראָקענע אויגען אין טאטענס שטוב אריין און נישט מעהר. אין יענער צייט, ווען אלע זענען ארומגעגאַנגען געפּייניגטע און צורודערטע, איז דעמאלט אויך געקומען אַ סוף צום לעבען פון דער טויב.

אין יענע צייט, איבערהויפּט די מינוט, ווען מען האָט די טויב געשאַכטען, האט נאָך מעהר צורידערט די

שטוב. עס האָט טאָסיע אין דער־שטיל געקניפּט די באַקען און געוויינט פערבעהאַלטען. יאַלעשקע, וואָס האָט ליב געהאַט דאָס פרעהליכע פּנים מאָטיעס און געזעהן איהם איצט אַזוי דער־שלאָגען, האָט געריבען די אויגען, ווי אַ קינד.

דאָדיע און די מאַמע האָבען עפּעס מאָדנע געציטערט מיט די געמבעס און געהויבען מיט די אויגען צום הימעל מאָ־טיע אַליין האָט קיין פרעמדען און קיין גאַסט צו זיך נישט צוגעלאָזט. ער האָט געדאַוועט שפּעט, נישט געגעסען צו דער צייט און פערלאָזט די געשעפטען, וואָס האָבען איהם שוין איצט אויסגעזעהען איבעריג

מאַריטאַ האָט געלעבט אין אַ מאָדנעם געפיהל. עס האָט איהר בעהערשט אַ בענקשאַפט נאָך דער בויד, וואָס האָט אויף שטענדיג צוגענומען טוביה׳לען. אַ חרפּה פאַר די נאָהענטע און ווייטע, און עפּעס אַ שעמהאַפטיגקייט פאַר׳ן טאַטען און פאַר זיך אַליין אויף דעם, וואָס זי האָט געהייסען אַריינדרעהען די לאָמפּען פאַר׳ן פּנים פון יונגען רבי׳לע.

שפּעט ביינאַכט האָט מאַריטאַ אין דער קיך געגען דעם קעגענדיגען לעמפּעל בעמערקט אַ שאָטען פון אַנ׳עוף מיט צו־שפּרייטע פליגעל, עס האָט געשלאָגען אַ דאַמף פון פריש בלוט און פריש געפּליקטע פעדערן, זי האָט שנעל פערמאַכט די טיר און אָנגעכאַפּט זיך פאַר׳ן האַרץ.

דער ריח פון בלוט האָט געקלאַפּט שטאַרקער אין איהרע צאַרטע נאָז־לעכער און דאָס געשפּענסט פון דער געשאָכטענער טויב האָט דורך דער שפּאַרע אַריינגעבליקט צו מאַריטאַ׳ן. עס האָט זיך איהר אויסגעדאַכט, אַז דערמיט איז עפּעס געקוילעט געוואָרען אין איהר אַליין פון איהר לעבען און פון איהר אונשולד.

— דאָס איז אין מרים׳לעס גליק, — אַזוי האָבען ווידער געשעפּטשעט איהרע ליפּען, — אין מרים׳לעס גליק.



# ראש־השנה צו תשליך.

דער הימעל פון ראש־השנה אַרום דער גאָרזשעלניע ציי־בֿענט זיך אויס פון אַנדערע וואָכעדיגע הימלען דערמיט, וואָס ער רופט נישט צו געזאַנג און שמחה, נור, פערקעהרט, ער וועקט עפּעס שטילעס, מורא׳דיגעס ביי מענשען. געררופען פון דעם טרויע־ריגען קול־שופר אינדערפריה, לאָזען זיי זיך פערנאַכט אַוועק צו די סאַדזעווקעס און וואַסערעלך, שפּאַצירענדיגע, מורמעלדיגע צו זיך: „די זינד, וואָס מיינע קינדער און קינדס קינדער האָבען געטהאָן, גאָט, היי־יאָהר, זאָלען פאַלען אין די טיפע וואַסערן, אין די אָבגרונדען.״ און די זינד, קיין עין־הרע, פון די רויט־בע־קעלדיגע, בלוי־אויגיגע זענען דאָרט עפּעס אַזויפיל און זיי שי־טען זיך אַזוי אין וואַסער.

אַזוי האָט מען דאָרט פון וויטען געזעהן געהן ר׳ מאָ־טיעס טאָכטער ביים ברעג פון טיפען געשלענגעלטען טייכֿעל, נישט צווישען אַלע, נור איינע אַליין, ווי פאַר זיך מיט אייגענע זינד און אייגענע חרטות. דער פערנאַכט איז געוועזען אַ מיל־דער און די רויטע צוגליהטע זון האָט דערמאָהנט ר׳ מאָטיעס בת־יחידה נישט נור אין איהרע זינד, נאָר עפּעס ערינערט אין ווייטעס, אַוועקגעפאָהרענעס, קיינמאָל נישט צוריקקעהרענדעס.

מרים׳על האָט אַלע מאָל געוואָרפען אַ בליק אונטער זיך, געכאַפט דאָס ווייסע טיכעל צו די בלויע פערטרויערטע אויגען און זיך געשלייכט ווייטער, ווייטער. די זון האָט זיך געזעצט און איהר אָרט צום לייכטען האָט פערנומען די העלע לבנה, וואָס האָט עפּעס בעוויזען דאָס איינציגע בלאָנדזשענדע וועזען מאַריטאַס. דאָס מאָל האָט זי עפּעס אינסטינקטיוו אַ פּערלעג געטהאָן די האַנד צום האַרץ און אָבגעציטערט, פון דעם וואַסער ערגעץ האָט אָנגעהויבען זיך אויפהויבען אַ פּנים. דאָס איז געוועזען דאָס פּנים פון יונגען רבּי׳לע, וועלכעס זי האָט געזעהען בּיי זיך אונטער׳ן פאָרהאַנגעל, און דאָס פּנים האָט געמאָהנט: „זעה, ר׳ מאָטיעס טאָכטער, ווער פון אונז בּיידען עס האָט נישט געהאַלטען פון גרויסען צוזאָג. דו וואָלסט דאָך געוועזען אַ יונגע רבּי׳צין בּיי אונז אין שטוב. יאָהרען, יאָהרען געוויקעלט זיך אין רבּ׳נישע מאַנטלען, אין נאָלדען, און אַזוי? וואָס איז היינט מאָטיע? אַ בעל-עבירה, אַ מענש מיט אַ געבראָכען וואָרט, אַ מענש אָהן אַ בטחון אוּן אהן דעם רינג, וואס וועט איהר שוין נישט פערקניפּען צו אַ רבּ׳נישער משפּחה״. עס האט זיך אין דער מינוט אַ רוק ארויס געטהאָן פון אייגענעם וואסער אַ פּנים. דאס איז געוועזען דאס אידעלע פּנים טוביה׳לעס. דאס האט איהר דערמאָהנט: „ר׳ מאָטיעס בת-יחידה, ווער האט נאך אַזוי געשניצט דאס בּילדישע פּנים דיינס! און ווער איז נאך אזוי בעליידיגט געוואָרען פון דיין טאַטען? אצינד, ר׳ מאטיעס טאכטער, איז אַלץ פערפאלען״.

מאַריטא איז שטעהן געבליבען אַ מינוט מיט׳ן טיכעל פאר די אויגען. עס האט זיך איהר אויסגעדאַכט אז גוט וואלט געוועזען זיך איצט אויסהויבען פאר וועמען. איהר געמיט איז געוואָרען דערשלאָגען און איהר געדאַנק האט געבלאנדזשעט צווישען צוויי פיינליכע געשטאלטען, פאר וועלכע זי האט זיך געפיהלט שולדיג.

וואס ווייטער מאַריטא איז אַוועק אין דער ווייטקייט אריין, אַלץ מעהר האט זיך די נאכט געשפּרייט איבער דער געגענד און אלץ שטארקער האבען געשוועבט בּיידע פּנים׳לעך פאר איהר, און די פּנים׳לעך זענען נישט געשטאַנען אויף קיין ארט, נור בע-

וואָגען זיך הין און צוריק און איבער זיי האָט זיך פלוצלונג גע־
זעהען די ווייסע טויב, אַ גיי־האַנגענע, אַ געשאָכטענע, וואָס האָט ווי
אָבגעענטפערט מיט אַ בת־קול פון יונגען רבי'לע: „איך בין דיר
נישט מוחל, ר' מאָטיעס טאָכטער, נישט אויף דער וועלט און
נישט אויף אַנדערע וועלטען." און נאָך דעם בת־קול האָט זיך
געהערט נאָך אַ בת־קול אַ שטילערס און אַ טרויעריגעס: „35 יאָהר
געשפינט אַ פאָדים, געוועבט אַ געדאַנק, הבל הבלים, ר' מאָטיען!"



## דער איבערבּרוך

אין דעם לעבען פון דער יודישער אידיליע איז עפּעס אין איין שענעם טאָג געקומען אַ צושטערונג. אויפ'ן שילד, וואו עס איז פריהער געוועזען אויסגעקריצט: „דאָס בּראָנפען־הויז פון דעם און דעם", האָט מען איצט געזעהן אַ שוואַרצען רוסישען אָדלער מיט'ן אויפשריפט: „וויני זאַוואָד אונטער דעם און דעם נומער." אָבגעשטעלט איז מיט איין מינוט געוואָרען דאָס אַלץ און ווי עפּעס אַנ'ערשעפטע מרה־שחורה'דיגע מוטער איז ליגען געבּליבּען די גאַנצע געגענד מיט איהרע צובּראָכענע פלעשער, פעסער און קופּערנע צאַפּענס צום הימעל, און אָנשטאָט דאָס זענען זיך אָנגעקומען יענע „באַטיושקעס" מיט זייערע „קאָזאַטשקעס" פון זעק און אויערענדיגע הינד, פון שנייענדיגען צפון־לאַנד, וואָס האָבען געריסען און געבּיסען די, וואָס האָבען נישט געהאַט דאָס עהנליכע פּנים פון זייערע בּעלי־הבּתים. פון די קוימענס האָט אָנגעהויבּען שלאָגען אַ שוואַרצער געדיכטער רויך, וואָס האָט געשמעקט מיט בּיליגען בּראָנפען, וואָס ווערט געטרונקען אויף די גלעזער. די פענסטער זענען געוואָרען פערשטעלט מיט קראַטען ווי אַ טורמע און געשלאָגען אין דער נאַכט אַריין מיט יענעם בּלאַסען שיין פון עלעקטריע, פון וועלכען עס געהט עפּעס דורך אַ שטילער

שוידער דורך די גלידער. אַלע אינדערפריה, אַכט אַ זייגער, האָט זיך געהערט אַ באַסאָווער לאַנגער פייף, ווי פון אַ ווילדען לאָקאָמאָטיוו. עס זענען זיך אָנגעקומען די „באַטיושקעס" מיט די פוי־סטען אין די קעשענעס און מיט צוקאָשמעטע בערדלעך, זינגענדי־גע, הירזשענדיגע און הויבענדיגע מיט די פיס צום הימעל, אונטער זיך און געגען פנים פון חבר. אַלע פערנאַכט האָט דער פייף ווי־דערהאָלט זיין משונה׳דיגען סיגנאַל און עס זענען זיך צולאָפען די אייגענע „באַטיושקעס", אָנרייצענדיג הינד, ווער ס׳איז נור גע־קעמען זיי אַנטקעגען.

דאָס אַלטע פרעהליכע ישוב איז פון דער שמחה אָבגע־שטאָרבען. עפּעס זענען דאָרט פערגליווערט געוואָרען די ימים־טובים און גוטע טעג, די מענשען זענען אַרומגעגאַנגען בלייכע, בלאַסע, געביסען זיך די נעגעל פון די פינגער און געפרעגט:

—איז עס נור אַ צייטווייליגע גזרה אָדער אַ שטענדיגע פּורעניות?

און דער ענטפער איז געווען:

—נאַרעלע, אַזעלכע זאַכען ווערען געבויט נישט אויף קיין איין טאָג.—דאָס איז דער אמת. דאָס אַלטע ישוב איז ווי פער־פינסטערט געוואָרען און די פּרנסה־זוכער זענען איינציגע, איינ־ציגע אָבגעטרעטען פון דאַנען.

מעהרסטענס האָט עס אַ טרויסעל געטהאָן די אַלטע הויז־ליכקייט פון ר׳ מאָטיע׳ן. אונטער׳ן קלאַפּען פון פרעמדען רויך און פאַרע האָט ר׳ מאָטיע אָנגעוואָרען יעדע מאָס פון געדולד צו חשבונות און אַפילו צו די, וואָס מען דאַרף פערענדיגען, ליקווידירען און זיין הויפּט־אָנפיהרער, דער פעטער חיים, האָט איינמאָל אויף שטענדיג אַוועקגעלעגט דעם ביקס, פערקויפט די פערד און אַוועקגעטריבען די הינד.

אָפּט, גאַנץ אָפּט זענען די שטוב־מענשען, וואָס האָבען זיך ס׳רוב געשטעלט קוקען אויפ׳ן שוואַרצען אָדלער און אויפ׳ן מאָדנעם קלאַפּען און קלינגען, אַריינגעקומען אין שטוב, צוביסען פון הינד, אָדער געטריבען, אָדער געשלאָגען, געוויקעלט זיך אין דרייען, צולעגט זיך אויף די בעטען און צו־אָבגעקרעכצט:

—אָבער וואָס האָבען מיר דאָ צו טהאָן? וואָס האָבען מיר איצט דאָ צו זיצען? מילא, ר׳ מאָטיע האָט נאָך דאָ עפּעס אַ שטי־קעל פערמעגען, אָבער מיר? מיר?

די טעג זענען געוואָרען לאַנגווייליגע, אָהן טומעל און געצוויגען וואָס גיכער צו פערלאָזען דאָס אָרט פון די נייע שכנים.

אַזוי האָט מען איינמאָל געזעהען יאַלעשקע׳ן אַריינגעהן צו מאָטיע׳ן שטיל זיך צונויפרעכענען, אָבקושען די הענד פון בעל־הבית און בעל־הבית׳טע, צעוויינען זיך שטיל און אָנהויבען צו פּאַ־קען זיינע צוויי קעסטלעך מיט חפצים. באַלד נאָך איהם האָט דאָדיע אויך זיך צורעכענט, אַרויסגעקומען פון ר׳ מאָטיעס צימער מיט אַנ׳אָפּען מויל און מיט טרעהרען ווי באָב און גענומען זיך צום גרינעם קאַסטען, וואו עס איז געלעגען דער שטרויענער קאַפּע־ליוש פון דער חתונה, דאָס בינטעל בורשטינענע קרעלען און דאָס גאָלדענע צלמ׳ל. זי האָט דאָס פערפּאַקט און פערשלאָסען. מאָטקע׳ן האָט עס געצויגען אַוועק פון דאַנען און ווייל ער האָט שוין געקאָנט אַ ביסעל נאָטען, האָט ער זיך איינגעבעטען ביי סאָסיע׳ן, וואָס איז פערבליבען אין מאָטיעס הויז, צו לאָזען מיטפאָהרען מיט די כלי־זמרים אין שטאָדט אַריין אויף אַ לענגערע צייט.

בעגלייט מיט טרויער און טרעהרען, זענען אָט די אַלע גוטע מענשען איינמאָל אַוועקגעפאָהרען פון אַלטען ישוב. נאָכגע־לאָפען זענען נאָך זיי די צוויי שוין אויסגעדאַרטע כאַרטען־הינד, וואָס צוליב זייער אַרויסגעטריבען ווערען פון זייער בעל־הבית, זענען זיי געוואָרען געסט: אומעטום אָבגעשלאָפען דאָ אַ נאַכט, דאָרט אַ נאַכט און צוליב דעם טאַקי שוין נישט געפיהלט קיין צוגעבונדענקייט צו קיין שום בעל־הבית. אָט די הינד האָבען זיי איצט בעגלייט מיט דער כונה, אַז די מענשען מאַכען נאָך איינע פון די לוסטיגע רונד־רייזעס אַרום דער גאָרזשעלניע. זיי זענען בעלאָפען פריהער פאַר די פערד, געשפּרונגען, גע׳חנפ׳עט די בעלי־הבתים, געלעקט די קאָפּיטעס פון די פערד, נור זעהענדיג, אַז די [illegible]הר בלאָנדזשעט אַוועק איבער פרעמדע וועגען, זענען זיי שטעהן

געֶבליבען אומעטיגע, געדרעהט מיט די קעפּ אַהין און אַהער און אַוועק בעליידיגטע אין גאָטס וועלט אריין.

אָט דאָסדאָזיגע אָבפּאָהרען פון פרעמדע מענשען, איבער־הויפּט די פוסטקייט, וואָס עס האָט אַרומגעכאַפּט ר׳ מאָטיעס שטוב, האָט אַרויסגערופען אַ שטילען חשד אין נאָהענטען שטעד־טעל ש., אַז מאָטיע איז באַנקראָט.



# דאָס שטעדטעל ש. און

# צאַלוש פּרעדסעדאַטעל

דאָס שטעדטעל ש. איז געלעגען א מייל 2 פון דער גאַר־זשעלניע. דאָס איז געוועזען איינע פון יענע שטעדטלעך, אין וועלכע ס'האָט שוין א קלאַפּ געטאָן דאס ליכט פון דער האַלב גרויסשטאָדטישער וועלט. נור קיין גרויסע שטאָדט איז עס פאָרט נישט געוועזען. עס איז, א שטייגער, דאָרט געבען שטאָדט־פּאַרק געשטאַנען א הויז מיט זיילען, ווי עפּעס אנ'איבערבלייבעניש פון שררה'שען שלאָס. געוואוינט האט דאָרט דער גובערנאַטאָר, אנ'אויסגעדינטער גענעראַל מיט שליפּעס, א ליבהאָבער פון יודישע אל־מלא־רחמים'ס, זיסע געקאָכטע פיש און פסח'דיגען בראָנפען, א נאַטשאַלניק פאָ וואַזשנים דיעלאַם, וואס האט ליב געהאַט צו זאָגען יקום־פורקן, אנ'אַקציזניק, 5 טשינאָווניקעס, ווייטער איז געשטאַנען א מאַרק מיט פעסער פאר פייער־לעשער, א קעסעל, וואס האט שטענדיג געשמעקט מיט מקוה־וואַסער, 2 חסידים־שטיבלעך, א קוימענקעהרער־הויז, א הויז פאר נבלות און פגירות און א צדקה־הויז.

די רעשט מענשען זענען געוועזען איינוואוינער נישט קיין בעלי־מלאָכות, ס'הייסט מענשען פשוט מיט שטעקעלעך אין די הענד, וואס דרעהען זיך טאָג מיט נאַכט אין שטאָדט־סעדעל און

קוקען אויס ערגעץ־וואו אַ ליציטאַציע, אַ באַנקראָט, אָדער סתם אַ געשעפט אויף 10 פראָצענט פערדינסט. אָט דאָסדאָזיגע שטעדטעל מיט זיינע שטילע מענשען האָט אָבער נישט פערמאָגט איין פערזאָן, וואָס מען זאָל איהר קאָנען אָנטרויען עפּעס אַ גרעסערן קאַפּיטאַל אויף אַ ניש׳קשה׳דיגען פראָצענט און מען האָט עס אָנגעשטאָפּט גלאַט אַזוי ר׳ מאָטיע׳ן, זאָל עס ליגען דאָרט, הייסט עס, ווי לאַנג עס וויל. אַז עס וועט אויספעהלען אַ הונדערטער צו בעצאָהלען פאַר אַ טאָכטער אין דער פּענסיע אָדער גימנאַזיע, שפּרינגט מען אַריין צו ר׳ מאָטיע׳ן. ווען נישט, זענען פעראַנטוואָרטליך די גרויסע ב.־ער מאַשינען. און, ניש׳קשה, מ׳איז רוהיג געשלאָפען. מ׳האָט נור געדאַנקט גאָט, אַז מ׳האָט פון ר׳ מאָטיעס קאַסע נישט געריהרט. וואָס עס אָנבעטרעפט ר׳ מאָטיע׳ן, האָט עס איהם אויך נישט געאַרט. „זאָלען זיי ליגען דאָרט די יודישע פערמעגענס ביי מיר״,—פלעגט ער עפּעס אַ מאַך טהאָן מיט די הענד זיכער. די צעהן פופצעהן מאָהגער פון דאָרט האָבען אָבער, כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, שטענדיג זיך געמאַכט אַ חשבון, וואָס עס קאָן אָנטרעפען יעדעס פּיצעלע אין דער גאָרזשעלניע. זיי האָבען איהם שטענדיג בערעכענט פון קאָפּ ביז פוס און, שטעהענדיג אין זאָד־גערטעל, בערעכענענדיג איהם מיט קרייד, וואָס ער פערמאָגט, האָט מען זיך שטענדיג געגעבען אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע: „ניש׳קשה, עס וועט סטאַיען פאַר מיר און פאַר דיר״. אַזעלכע חשבונות פלעגען זיי אַנ׳ערך מאַכען, ווען עס פלעגט אַריינקומען דער שטאָדטישער באַהן־דירעקטאָר אויף אַ הלואה, וואָס ער האָט אויסגעבאָרגט געלד פאַר עפּעס „אַ זאַגראַניטשנע באַרישניאַ מיט בלויע אויגען״, און וועלכען עס איז סוף־כל־סוף אויסגעקומען אַוועקצופאָהרען אין די אינערליכע גובערניעס נאָך ניי־יאָהר אין די סאַמע גרעסטע פרעסט אָהן... אַ פוטער.

אין דעם טאָג, ווען מ׳האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ר׳ מאָטיע׳ן „איז נישט גוט געוואָרען״, ווי זיי האָבען עס גערופען, האָט זיך דאָס גאַנצע שטעדטעל אַוועקגעלאָזט אַהין מיט׳ן גאַנצען אימפּעט. צוערשט האָט מען גערעדט איידעל, געשנורעוועט די ליפּעז, ווי אַ פּרוי. שפּעטער אָבער האָבען זיך אָנגעהויבען צו

בעוועגען די ביינערנע שטעקענס, די פויסטען, מ׳האָט געהאַקט אין טיש, געטופעט מיט די פיס און געריסען די פאָרהאַנגען. דער אָרימער ר׳ מאָטיע און זיין משפחה האָבען דערוויל אויס־געצאָהלט מיט וואָס נור איינער קאָן. מען איז געשטאַנען וויין בעליידיגט און געבעטען זיך:

—נישט געריסען, נישט געטומעלט, ר׳ מאָטיעס שטוב וועט אַ׳עמען בעצאָהלען, אַלעמען אָרענטליך בעהאַנדלען. שפּעטער אָבער האָט מען בעמערקט, אַז די חשבונות זענען פערפּלאָנ־טערט, דאָס צאָהלען האָט אויפגעהערט און אין לעבען פון די אויסצאָהלער איז געוואָרען אַ מאָדנע אונרוהיגקייט.

אין אַזאַ פאַל איז צוניץ געקומען די הילף פון יענעם שטאָדטישען עצה־געבער—צאַלוש פּרעדסעדאַטעל. אפשר געדענקט איהר איהם? אין דעם שטעדטעל, וואו איהר האָט געלעבט, האָט זיך צווישען די קולוואַרען פון געריכטען און סודיאס שטענדיג אַרומגעדרעהט אַ פאַרשוינדעל, וואָס האָט אייך שטענדיג געזוכט בעהילפיג צו זיין מיט אַנ׳עצה אָדער אַנ׳אויפטהו דאָס איז גע־וועזען אַ מענש פון אַ יאָהר 35, אין אַ געהאַקטער טוכענער קאַפּאָטע, אַ שמאָל היטעלע, לאַנגע הויזען און זגראַבנע פאַנטאָפע־לעך, וואָס האָט געקאָנט דעם סוואָדזאַקאָנאָוו אויסעווניג און געדענקט יעדען איינציגען פאַראַגראַף אין נאַפּאָלעאָנישען קאָדעקס צום בעוואונדערן.

הויפּטזעכליך האָט ער געקאָנט געבען עצות אין פּראָצעסען פון טויטע. ער האָט, אַ שטייגער, געדענקט דעם גאַנצען טע־סטאַמענט פון דער אַלטער פריצ׳טע ג. און איהר צוואה פאַר איהרע זיבען הולטאַיסקע זיהן אויף אויסעווניג. דעם גאַנ־צען איבערשריפט פון פאַן ז. צו זיין שותף פאַן צ. און זייער מיינונג וועגן די צוויי טויזענד רויטע קיה, שעפּסען און קראָליקעס נאָכ׳ן טויט. אַט די פערבעהאַלטענע פעדים, וואָס נאָכ׳ן טויט דאַרפען זיי עפּעס אַ גוטען אויפפלאָנטערער, האָט צאַלוש געוואוסט וואו אָנצוטאַפּען מיט אַזאַ קלאָרקייט און מיט כח, אַז ס׳האָט אַזש אַדוואָקאַטען פערוואונדערט.

אַט דערדאָזיגער קליינינקער באָרד־בעברוימטער צאַלוש,

וואָס זיין קעפּעל איז שטענדיג איינגעטוליעט אין קאָלנער, און איהם עהנליך געמאַכט צו אַ גוטמוטיג בערעלע, האָט אַליין געשטאַמט פון א משפחה וואוכערער און האָט אָבגעלעבט זיינע יאָהרען פון געבען הלוואות אויף אויסצאָהלען. איז איהם דער ענין לאַנגווייליג געוואָרען און ער האָט זיך גענומען צו עפּעס אַנדערש, דהיינו: צו האַנדלען מיט דורכרייזענדע, וואַנדערענדע טרופּעס. דערזעהן, אַז דער רעקוויזיט און די קוליסען זענען שוין דאָ און עס איז נישטאָ פאַרוואָס זיי אויסצולייזען, איז שטענדיג אַריינגעקומען דער דירעקטאָר, אַ קריסט, מיט לויפעדיגע אויגען, מיט אַ פליך אויפ׳ן קאָפּ און מיט בלויע אָדערען אויף די שלייפען אין בעגלייטונג פון זיין פּרימאַדאָנע, אַ שלאַנקע קריסטין מיט גרויסע געפאַרבטע אויגען און ווייסע זעקעלעך מיט שמאָלע פאַנטאָפּעלקעס אויף די פיס, און, נערוועז ארויסשלעפען פון דער קעשענע דאָס ביסעל פאַרביגע אַפּישען, אויף וועלכע עס ווערט ווילד געריהמט דער דירעקטאָר און זיינע מיטהעלפער, געראַדע גאַנצע חברה אַרטיסטען.

—גנעדיגער הער, מיר האָבען דאָ צו אייך אַ בקשה. מיר זענען דורפאָהרענדע גאַסטראָליערען, גאַסטראָלירט פון פויזען ביז וואַרשא פון פאַריז ביז טרומייטערטופ, אָבגענומען אַ האַלבע וועלט. אַ קיסר׳כלע האָט אונז אַליין צו מיטאָג געלאַדען, מיט בלומען בעוואָרפען, די צייטונגען טראָגען אונזער רוהם און דעם רוהם פון אָט דער חבר׳טע, וואָס נעהמט די וועלט מיט איהר שענהייט. בקצור, דאָ, דאָרט, באַלד, שוין, מיר פאָדערען פון אייך אַ קליינע טובה, ווי איהר זעהט, האָט אונז געטראָפען אַ שטיקעל אונגליק דאָ, דאָרט, אונטען, אויבען. אַ גנב האָט אונז אויפ׳ן וועג בערויבט ביז׳ן לעצטען גראָשען און דערום בעטען מיר אַ קליינע הילף אַ צוויי הונדערטער אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט, זאָנסט בלייבען מיר אויף אַ זאַמדיגען באָדען. און מיר קאָנען נישט געבען די ערשטע פאָרשטעלונג, פאַר הי ביי אייך דאָ, אויבען, און אָבגעבען וועלען מיר דאָס זיכער ווי דער טאָג, זאָנסט פער׳משכנ׳נען מיר די שווערדען, די קרויגען און אַלדאָס גוטס...

צאַלוש לעגט־אַוועק דאָס היטעל, זיי טוען זיך אויך אויס,

די פרימאַדאָנע פעררויכערט אַ לאַנגען פּאַפּיראָס און פּאָזירט מעשה „קאַרמען", דער דירעקטאָר ווערט ווייך, בערוהיגט און הויבט־אָן צו ריהמען די געוואַלדיגע אייגענשאַפטען פון זיין פרימאַדאָנע און איהר ערפאָלג אומעטום. דאַן גיסען זיי זיך אָן צו ביסעלעך רויט ווייַן פון צאַלושעס גרינעם גראַפין און מען הויבט־אָן פּרובירען די שטימען אַזוי לאַנג, ביז צאַלוש צוגיסט זיך מיט זיי צוזאַמען און ער זאָגט:

—קורץ פון דער זאַך, דאָ האָט איהר דאָס פערלאַנגטע, נור מיט דעם בעדינג, אַז פון היינט אָן ווער איך בעל־הבית און די זאַכען פון דער באַהן געהען צו מיר גלייך אין שטוב אַריין.

אויף צומאָרגענס זעהט מען אין צאַלושעס שטוב זיך וויקלען פּלאַכטעס, רויטע מענשען, שווערדען און פערשידענע אָנ־טהועכטסען פון מזיקים, שדים און אויסוואורפען. צום פאַרנאַכט צוקומען נאָך אויף די מיטהעלפער פון כאָר, באַלעט און מען הויבט־אָן מאַכען פּראָבעס אויף זינגען, טאַנצען, און רייסען דערוויייל אַרויס פון צאַלושעס הייסע טעפּ אין קיך. אַזוי הונגעריג זענען זיי. פאַרנאַכט, שפּעט, געהען שוין אַלע אַוועק אין טעאַטער, און צאַלוש נעהמט די אָרדנונג אין האַנד אַריין סיי אין בילעטען־פערקויף, סיי גאַרדעראָב און סיי ביים אויסצאָהלען די קליינע „ראָליסטען".

זאָל אייך דערום קיין וואונדער נישט זיין, וואָס ווען די אַקטיאָרען פערלאָזען די שטאָדט, בלייבט שטענדיג אין צאַלושעס בעזיץ דאָס ביסעל שווערדען, ביקסען, פּלאַכטעס און אַנדערע חפצים. אויסערדעם בלייבען נאָך ווערטפולע זאַכען, דהיינו: האַלקעס, מייטקעס, די בגדים פון מלך סאָביעסקי, קעניגען יאדוויגא, שענע העלענע, זעלטענס, זעלטענס קומט זיי דער דירעקטאָר אויסלייזען, נור מעהרסטענס ווערען זיי פערפאַלען, וואָרום סוף־כל־סוף ווערט די טרופּע פונאַנדערגעלאָזט און די ראָליסטען מיט'ן דירעקטאָר צודראַפּען זיך די פּנים'ער. דערפאַר טאַקי קומען צוניץ די קליידער צו פּורים־צייט פאַר עפּעס אַ חברה „הלואת־המת" אָדער „הכנסת־כלה", וואָס שיקען־אַרויס זייערע פּורים־שפּילער. און אַזוי אין מיט'ן ווינטער ווערען זיי געבאָרגט אויף דראַגונער־באַלען, אין טענץ פאַר רוסישע קאַוואַ־

ליערען. אַ טיילמאָל קומען צאַלושעס כלות אָדער שוועסטערקינ־דער און באָרגען אויס יאַדוויגאַס קרוין און פודרירען זיך אָב און בלאָזען זיך אָן אַזוי—נישט צוצוטרעטען. אַזוי גרויס זענען זיי ביי זיך.

האָט דערדאָזיגער מסחר אויך נישט לאַנג געדויערט, דען דער ענין איז איהם אויך לאַנגווייליג געוואָרען און ער האָט זיך גענומען צו עפּעס בעסערס, דהיינו, ווען איהר האָט זיך פּראָצעסירט און נישט געהאט קיין געלד איז ער נור צוגעשטאַנען צו אייך פאַר אַ שותף, ער האָט אייך אויסגעהאַלטען מיט אַלעמען, מיט קאָסטען פאַר'ן סוד און נאָטאַריוס. דער סוף איז געבליבען, אַז איהר זענט אַוועק ווי די מומע האַט אייך געבוירען. ער האט געוואוינט אין אַ בעזונדער הויז. מיט וואַזאָן בלומען אין די פענסטער און זעקס דארע קארשען־בוימלעך בלומען, פאר דער טיר פון הויז. די ווענד זענען געוועזען טאפעטירט אויף רויט, דאָס געשיר איז געוועזען אַ גרויסער טולער סאמאָוואַר, קליינע יאַפּאָניש שאלען אויף טהיי און געשליפענע אַנטיק־גלעזלעך אויף קאָניאק, פערנומענע פון אַ ליציטאציע. ביי זיין איינציגען חתנ'דיג־פערבעטען בעט איז גע־לעגען אויסגעשטאָפּט אַ טיגער מיט גרינע אויגען און ביים פענ־סטער איז געשטאנען אַ צושרויפּטע פּיאַנינא, וואס האט נור קוים אויסגעפּויקט גריזלצענדיגע וואַלסען, סאָלדאטען־מארשען און ברומענדיגע האָפּקעס.

זייענדיג אַנ'אויסגעטהאָנענער חסיד און דערצו נאָך אַנ'אַלמן נאָך דריי ווייבער, האָט ער פערמאָגט פיל ציירונג און מיט דער ציירונג האָט ער עפּעס ווי פּרעזענטירט פאַר די פרויען פון דער בעסערער געזעלשאַפט, וואָס פלעגען קומען אין זיין שטוב און צוגערעכענט צאַלוש'ן צו די בעסערע קאַוואַליערען. דאָס איז געוועזען, אַזוי צו זאָגען, דער מיטעל־פּונקט פון דער „קליגערער יוגענד" אין שטעדטיל ש. עס פלעגען זיך דאָרט צוזאַמענקומען אַ פּוילישער סטודענט, אַ ליבהאָבער פון יודישע ברונעטקעס, אַ מוזיקאַנט, אַ טויבער לעהרער. און עפּעס אַ דאַמע מיט ברייטע נאָז־לעכער אין רויטען אָנגעטהאָן, וואָס איז געפלויגען און גע־

בריקעוועס מיט די גראָבע פינגער איבער די קלאַווישען ווי אַ קליאַטשע. אַזוי פלינק זענען זיי געוועזען. אָט די געסט זענען זיך ס'רוב צונויפגעקומען אין די צייטען, ווען מען האָט געדאַוועגט אין שוהל, געפאַסט אַ תענות אָדער געקלאָגט אויפ'ן חורבן און מ'האָט געצימבעלט, געזונגען און געטאַנצט, אַז די פּאָדלאָגע האָט זיך געהויבען.

ביי ר' מאָטיע'ן האָט אַזוי צאַלוש קיין געלד נישט געהאַט. ער האָט געלעבט מיט דער גאָרזשעלניע פון ווייטענס, דאָך האָט ער געוואוסט עפּעס פון יעדען שרייפעלע, פון יעדער קלייניגקייט. ער האָט, אַ שטייגער, געוואוסט די לענג און ברייט פון קוימען, די צאָהל מענשען, וואָס אַרבייטען אַרום דער גאָרזשעלניע, די צאָהל וועגענער און פערד, אַפילו די צאָהל הינד, וואָס היטען די גאָרזשעלניע. דאָס אַלץ האָט ער געוואוסט גענוי, ווי אַ שטערענזעהער. אָט דערדאָזיגער שטילער צאַלוש, וועלכען אַלע האָבען גערופען פּרעדסעדאַטעל איבער'ן שענעם מויל, וואָס ער האָט געהאַט ס'רוב צו פּרוּוען, איז איינמאָל אַריינגעקומען מיט'ן ביינערנעם שטעקעלע, וועלכעס ער פלעגט אָפט נעהמען און מיט אַ ווייכען וואַרימען גוטמאָרגען, ווי אַ דאָקטאָר צו אַ גוסס, געשעפּטשעט:

—נישט־קשה, ר' מאָטיע, עס איז נאָך נישט אַזוי שלעכט מיט אייך, די וועלט קעהרט זיך נאָך נישט איבער און דער הימעל דרעהט זיך אויך נישט איבער אויף דער לינקער זייט. בעלי־חובות? סטראַשונקעס? נאַפּלעוואַט!

—אַנטקעגען וואָס זאָגט איהר עס, גוטער מענש?—האָט די גאַנצע משפחה, וואָס איז איצט אַרומגעגאַנגען, ווי צומישט, געקוקט מיט ווייכע בליקען אויף צאַלוש'ן.

—אַנטקעגען דעם, וואָס איך, מיינע טייערע, בין אייך געקומען צו הילף. עס זאָגען מענשען, אַז קיין הילף איז נישטאָ אויף דער וועלט און קיין דאָקטוירים העלפען נישט. באַ! נאַרישקייטען. דער גרינער טיש איז נישט קיין מלאָך־המות און דאָס געריכט אויך נישט קיין בער. איבעריגענס, בין איך אַ גאַנץ גוטער

מענש און וועל אַייערע בעלי־חובות איינגעהײַען, ווי אַ מוטער אַ קינד,

דערהערט די פערעלדיגע ווערטער, האָט זיך די גאַנצע שטוב צוגעבויגען צו דער זייט פון צאַלוש'ן. דער פעטער חיים איז געבליבען שטעהן מיט די הענד אויף הינטען און מאָדנע ווייך בעטראַכט צאַלושעס בערדעל, די מוהמע און די מאַמע האָבען געזיפצט און געמאַכט אַזאַ מינע, ווי עס מאַכען אָפט די ווייבער קראַנק־זייענדיג ווען דער דאָקטאָר זאָגט זיי צו גוטעס און טרייסטענדעס פאַר זייער קרענקען, און מאָטיע אַליין האָט עפּעס מאָדנע געשלונגען זיינע ווערטער און געפרעגט זיך קינדיש:

—איז דאָס אמת? איז די געפאַהר דען נישט אַזוי גרויס? און מיינע פערמעגענס זענען נאָך אין מיינע הענד?

עס איז צוגעקומען מאַריטאַ. צוטרויסעלט פון געשרייען און זידלערייען, האָבען דער טאַטע און טאָכטער פערגעסען אין זייער אינערליכען ברוגז. זיי האָבען צווישען זיך גערעדט נור ס'רוב פון אַזעלכע זאַכען, וואָס עס בעריהרט מינוט־פראַגען, אַ שטייגער, „וואָס טהוט מען מיט די לייכטער, וואָס שטעהען אָפען" אָדער „מען דאַרף די קישענס בעהאַלטען" אָדער „דעם חנוכה־לאָמפּ אָוועקטראָגען". די אויגען ביי מאַריטאַ'ן האָבען אָנגעקוקט יעדען גלייך מיט עפּעס אַ מאָדנער גלייכגילטיגקייט און שמייכעל פאַר די, וואָס האָבען געקאָנט מיטהעלפען דעם טאַטענס שטוב. און דערהערענדיג די גוטע צוזאָגען פון נייעם אָנגעקומענעם, האָט זי עפּעס פון אַ זייט אַריינגעזאָגט: ס'אַר מהומה דאָ איז...

—נו, יאָ, שען זעהען איצט אויס ר' מאָטיעס פערמעגענס. עס זאָגט כּאָטש עמיץ, אַז מען האָט זיך אַ סך פערשולדיגט, אָנגעצויגען מענשליכע פערמעגענס, נישט אַרויסגעצאָהלט קיין איינגעלעגטע געלדער. אַך, סאַראַ רייסען, סאַראַ פליקען...

זי האָט גערעדט די ווערטער האַלב צום פאָטער, האַלב צו דער מוטער מיט דער מינע, ווי עס רעדט אַ גרויס־שטאָדטישער. וואָס איז אַריינגעפאַלען אין אַ קליין אָרים דאָרפיש שטיבעל. זי האָט איצט דאָס ערשטע מאָל פון אַ זייט געוואָלט וועקען מיט־

געפיהל און אויפמערקזאַמקייט דערמיט, וואָס זי איז אַ קיילעכ־דיגע בת־יחידה, דערמיט, וואָס זי האָט אַוועקגעשענקט אַ בריליאַנט, דערמיט, וואָס פון איהר פּנים איז געשניצט געוואָרען אַ בילד דאָס יונגע רבי׳לע איז איהר נישט געפעלען געוואָרען.

דערזעהענדיג מאַריטאַ׳ן, האָט צאַלוש אָנגעשטעלט די אייַ־דעלסטע מינעס פון זיין פּנים און אָנגעהויבען צו שילדערען זיין מבינות אויף גאָלד, בריליאַנטען און סתם גוטע זאַכען. דערנאָך, ווען ער האָט שוין געהאַלטען ביים אַוועקגעהען, האָט ער אַרויס־גענומען די זילבערנע פּושקע מיט׳ן געזונדטען שלאָס, אָנגעפּויקט אַ פּאַפּיראָס, פערדרייכערט און צוגעגעבען גאַנץ שטיל:

—אָבער דערצו מוז געבען מאָטיע זיין אונטערשריפט, אַז איך מעג מיר רעגולירען די געשעפטען, ווי איך פערשטעה, אַנדערש בלייבען די חובות—חובות און אויך זייער געשריי, אויף וועלכען אַלע האָבען צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ איינשטימיג. דערנאָך האָט צאַלוש אויסגעבלאָזען די לעצטע אָטעמעס רויך פון די זייטען ליפּען מיט דער מינע, ווי עס טהוען עס די גרויסשטאָדטי־שע וואולע יונגען, וואָס גריגשעצען דעם בעבענשטעהענדיגען, אַוועקגעוואָרפען דאָס פּאַפּיראָסען־קאָרקעל און צוגעגעבען:

—נור מיר ווילען זיך נאָך זעהן.

ער האָט גענומען דאָס שטעקעלע, צוזעגענט זיך און גע־שענקט מאַריטאַ׳ן עפּעס א מאדנעם פערבעהאַלטענעם בליק און איז אַוועק.

די זון האָט זיך געהאַלטען ביים זעצען, און די העלפט הימעל, אויף וועלכער די זון האָט שוין איהר ליכט־איינפלוס אָנגעוואָרען, האָט געשיקט פון זיך עפּעס אַ מאָדנעם בלויען טו־מאַן און איינגעהילט די הייזער פון אַלטען ישוב, פון וועלכען צאַלוש איז געגאַנגען און געשמייכעלט אונטער זיך, ווי עפּעס אַ טרייע מאַמע איהרע קינדער. עס האָט זיך אויסגעדוכט, ווי זיי זאָגען די הייזער: „צו אונז אויך, צאַלוש? אויך אונז וועט אייַנ־געהמען די קראַפט פון דיינע פּויסטען





## דין פּלאַן.

אין עטליכע טעג אַרום האָט מען געזעהען צוויי זילבער־שטעקעלדיגע מענשען געהן פּאַמעליכעל, בעטראַכטענדיג די געביידעס. איין שטעקען, אַ פעסטער, מיט אַ זילבערנעם קאָפּ, האָט יעדעס מאָל געמאַכט עפּעס אַ צייכען אויף דער וואַנד און אָנגעקלונגען אין די פעסטע ציגעל מיט'ן שפּיץ־שטאָק. דאָס צווייטע שטעקעלע, אַ קאָקעטישעס, האָט אַלע מאָל געמאַכט עפּעס אַ מאַנעווער און דערמאָנט האט עס יענע וואוילע יונגען וואָס מאכען זיך פון אַלץ אַ שפּילעכעל. מאָטיע האט געזאָגט:

„אַלטע געביידעס, דאָך שטעהען זיי פעסט ווי פון אַייזען געשמידט, יעדער אייל וואַנד איז מיט שוויס און בלוט געמויערט. אַלטע אַרבייט, די ציגעל גוט אויסגעבּרענט, די פּאָדוואַליניעס שטאַרק געלעגטע און די פועלים געטרייע גוטע מענשען, געאַרבייט צו־ליב ר׳ מאָטיע'ן".

און צאַלוש האָט אַריינגעזאָגט:

—אין די היינטיגע צייטען, ר׳ מאָטיע, פאָדערט זיך אַנ'אַנדער פאָרם הייזער, נישט דאָס, וואָס אַמאָל. ווענ'גער כח, מעהר אַ

שען פּנים, ר׳ מאָטיע. אָט, אַ שטייגער, האָב איך אויסגעמזיעדט אַ פּאַלאַצעל דאָ פּאַר אַ פּרץ—אַ צאַצקע, שוואַכע ציגעל, אַלטע ברעטער, נור וואָס געהט עס מיר אָן, אַבי דאָס פּנים איז גוט. די וועלט איז היינט אַ קליגערע און אַ גרינגערע, ר׳ מאָטיע. אַנטקעגען וואָס זאָג איך עס? אַנטקעגען אייערע בעלי־חובות, וואָס ווילען אַריינקריגען אייערע מאַיאָנטקעס. געגען זיי וועט מען עס מוזען דאָס אַלץ איבערדרעהען, איבעראַבויען צו ווייזען, אַז אַנ׳אַנדערער האָט זיי געקויפט.

מאָטיע בלייבט שטעהן געריהרט:

— אַזוי מיינט איהר עס? אָט די אַלטע פּראַצע?

און צאַלוש ענטפערט מיט אַ שמייכעלע:

—קיין אַלטע פּראַצע, ר׳ מאָטיע, איז גאָרנישט דאָ אויף דער וועלט, כ׳מיין, עס דאַרף נור זיין אַ שטיקעל קאָפּ. וואו קאָפּ, דאָרט געלד. אַזוי איז עס אויף דער וועלט. איבעריגענס... וועט מען עס נאָך זעהן.

עס איז פאַמעליכעל פון הינטען אונטערגעקומען מאַריטאַ מיט איהרע וואַכענדיגע אַקסעלבענדער פון קלייד, מיט דער מאַ־מען פון איין זייט און סאָסיע׳ן פון דער צווייטער, און אום עט־וואָס אָנצושפּילען אויף צאַלושעס האַרץ, האָט זי שעמעוודיג אַריינגעזאָגט העלפט צום פאָטער, העלפט צו צאַלוש׳ן און אין דער זייט פון סאָסיע׳ן:

—לאָמיר נישט שטערען פרעמדע. פרעמדע שטערען נור אין דער אַרבייט. עס איז אַזוי שווער די אַרבייט. קומטס, קינ־דערלעך, אויף אַנ׳אַנדער וועג.

צאַלוש האָט אויסגעדרעהט דאָס קעפּעלע פון אַ זייט און אַריינגעזאָגט:

—אָבער גאָט בעהיט, ר׳ מאָטיעס טאָכטער, מיר שטעהען דאָך דאָ נישט פאַר קיין געריכט. פערקעהרט, עס איז אַ היימישער ענין, וואָס מעהר מענשען, אַלץ בעסער, ווילקאָמען!

מאַריטאַ האָט זיך לייכט און געפעלעריש אין דער העלפט אָבגעקעהרט אויף אַ זייט און געמאַכט די ליבע מינע צו סאָ־

סיע׳ן, וואָס עס מאַכן די יונגע גראַציעזע פרויען־פיגורען, ווען אויף זיי לאָקט דאָס מענער־אויג אין געגענוואַרט פון זייערע העסליכע חבר׳טעס. צאַלוש האָט אין דער מינוט געוואָרפען אַ מאָדנעם פערבעהאַלטענעם בליק און געמורמעלט צום פאָטער:

—און אַזוי, ר׳ מאַטיע, דאַרפט איהר אייער טאָכטער אַ ביסעל מעהר שיקען צווישען מענשען. פאַרהאַנען אין אונזער שטאָדט, למשל, אַ פענסיע פאַר מיידלעך, אַ מיידעל־לעהר־שטוב און אַ גימנאַזיע מיט פראַוועס. אין דערדאָזיגער גימנאַזיע, ר׳ מאַ־טיע, קאָן מען קומען צו אַ הויכער מדרגה, ענדיגען מיט אַ די־פלאָם, מיט אַ מעדאַל, הייסט עס, דערנאָך קאָן מען פערנעהמען אַ הויכע שטעלע, דהיינו: אַ צאָהן־קאַבינעט, אָדער רעגולירען ביכער אָדער אַריינקלייבען זיך אין אַ גרויסער שטאָדט און דערנאָך... וואָס נאָך צאַלוש האָט געוואָלט צוזאָגען אויף דערנאָך איז גע־וועזען דאָס, וואָס ער האָט פערלאַנגט שטילינקערהייד פון מאַ־טיע׳ן, אַז ער זאָל געהן מיט איהם אַהיים און „פערענדיגען דאָס אָנגעהויבענע.״ ער האָט אַרויסגענומען די זילבערנע פושקע מיט׳ן געזונדטען שלאָס און, אַרויסנעהמענדיג אַ לאַנגען פאַפּיראָס, האָט ער פעררויכערט און צובלאָזען דעם רויך אין פנים פון די נעבען־שטעהענדע און אַרויסגעזאָגט:

—נו, מיר וועלען דאָך נאָך ריידען, מיר ווערען דאָך אמת׳ע קרובים, צייט צו געהן. די צוזאַמענשטעהענדע האָבען זיך ביס־לעכווייז אָנגעהויבען פונאַנדערצוגעהן. עס איז גראָד אונטער־געקומען דער פעטער חיים, אַ האַרטער און בייזער איבער די לעצטע געשעהענישען, מיט די צווי הינד, וואָס האָבען זיך מיט־געשלעפּט איצט גלאַט אַזוי, צוגעטשעפּעט זיך טיילמאָל און גע־חנפ׳עט דעם בעל־הבית, טאָמער וועט ער נאָך מאַכען די לוסטיגע רונד־רייזעס אַרום דער גאָרזשעלניע, און ריידענדיג מיט מאַטיע׳ן וועגען צאַלוש׳ן, האָט ער געמורמעלט:

—ווער ווייס זיי, די פרעמדע הענד מיט די גרינע בלייפע־דערלעך, מיט זיי איז גוט פייער צו שאַרען. זיי כאַפּען זיך אַפּם

אַריין אין די געדערים און צופּען־אַרויס דאָס בעסטע. איך פאַר־טרייב זיי שטענדיג צו אַלדע רוחות און אַלדע שדים.

דער פעטער חיים, כאַטיע און זיינע שטוב־מענשען האָבען זיך פאַרטיפט אין עפּעס אַ שטילען שמועס. מאַריטאַ איז געגאַנ־גען פאַראויס און אויסגעקומען אין איין ליניע מיט צאַלוש׳ן. און צאַלוש האָט עפּעס אַריינגעזאָגט מיט אַ געמאַכטע שעמעוו־דיגקייט:

—ר׳ מאָטיעס טאָכטער, דאָ נישט לאַנג מיט׳ן טאַטעשי גע־רעדט. ר׳ מאָטיעס טאָכטער איז אַ טרויעריגע, עלענדע. וואָלט זי קומען אין שטאָדט, וואָלט זי אַ בעסער לעבען פערברענגט. פאַר־האַן ביי אונז אַ פּענסיע, אַ גימנאַזיע, הייסט עס, געהען־אויס די מיידלעך די קלאַסען, דערנאָך לעבען זיי אַ וועלט.

זומער פאָהרען אָט די מיידלעך אַהיים אויף קאַניקולעס, אויף אָברוה, הייסט עס, ווינטער געהט מען אויפ׳ן גליטש אָדער מען טאַנצט אין קלוב פון יונגע אָפיצרען. איז דאָס אַ לעבען!

מאַריטאַ האָט לייכט פערביסען אַ ליפּ און איידעל געזאָגט:

—מרים׳ל וויס, אַז זי האָט איצט קיינעם נישט, נישטאָ דעם טאַטישעס פערמעגענס, זענען פערלאָזט, קיין וועג־דורכפאָה־רער, קיין דורכגעהער.

און צאַלוש האָט בעמערקט:

—אָט דאָס טאַקי האָב איך געוואָלט זאָגען, ר׳ מאָטיעס טאָכטער, און ביי מיר איז פאַרהאַן אַ גרויסע שטוב מיט וואַזאָן־בלומען, פאַרהאַן אויך גוטע אַריינגעהער, וואָלט ר׳ מאָטיעס טאָכ־טער געקומען, וואָלט זי אַריינגעפאַלען אין פרעהליכקייט. אוי, איז דאָרט פרעהליך!

מאַריטאַ האָט געדריקט די פערביסענע ליפּ און געשפּאַנט בעפרעגט:

—און קומען צו אייך אָפטע געסט אָדער נור זעלטענע, זעלטענע.

און צאַלוש ענטפערט:

—אַמאָל זעלטענע און אַמאָל אָפטע, ר׳ מאָטיעס טאָכטער,

עס געהט נאָך דער צייט נאָך. אַמאָל שפּילען די פידלען און אַמאָל פּויקען די פּויקען, ווי אין פּסוק שטעהט.

מאַריטאַ געהט לאַנגזאַם מיט די אויגען אַראָב און מיט'ן פינגער ביים מויל. זי פרעגט זיך עפּעס מעהר און מעהר און מיט די שטילע און קורצע ענטפערן ווערט זי עפּעס ווי ער־הויבען, ווי אַוועקגעריסען פון שטוביגען טרויער. עפּעס בעט נאָך צאַלוש וועגען בעזוך פון זיין הויז, און עפּעס זאָגט זי איהם צו און זיי צוגעהען זיך פריינדליך.



# צאַלוש׳עס געזעלשאַפט.

אין עטליכע טעג אַרום האָט זיך געזעהן אַ יום־טוב׳דיגע אויפגערוימטקייט אין צאַלושעס שטוב. די אויפגערוימטקייט האָט געשטאַמט אַ טיילווייז פון די גוטע פּאַפּירעלעך, וואָס צאַלוש האָט שוין געהאַט ביי זיך אין קעשענע פון מאָטיעס הענד, אַ טייל־ווייז פון דעם, וואָס עס זענען אָנגעקומען צוויי אַלטע באַקאַנטע דירעקטאָרען, קאָנקורענטען, מיט זייערע פּרימאַדאָנעס. ביידע דירעקטאָרען, האָבען געטראַכט צו געבען אין שטעדט׳ל גאַסטראָלען.

און צוליב דעם, וואָס דער שטאָדטישער „נאַטשאַלניק פּאָ וואַזשנים דיעלאַם", אַ בעל־חוב איבער׳ן קאָפּ, האָט איצט פערבלאָנדזשעט מיט דער בלאָנדער „זאַגראַניטשנאַ באַרישניע" אַהער צוליב עפּעס אַ וויכטיגען ענין. צו די נייע געסט זענען אויך צוגעקומען די געוועהנליכע: די פינף טשינאָווניקעס אין אוניפאָרם די „רויטע דאַמע" מיט די שטרויס־פעדערן און דער גרינלאַמפּאַסיגער אַקציז־ניק מיט׳ן ווייסען געשוירענעם הינדטעלע „באָבטש", וואָס ער האָט עס שטענדיג געהאַלטען אויף אַ שנור און געדראָהט עס מיט אַ פינגער נישט צו רייסען זיך פון די שנור, אזא מין מענש איז ער געוועזען.

דידאָזיגע אַלע געסט זענען געזעסען אַרום טיש און געטרונקען בראָנפען און ליקער גלעזערווייז און געריכערט פאַפּיראָסען און דערצו האָבען זיך געהערט פערשידענע ווייכע שמועסען.

איין דירעקטאָר, אַ קריסט, מיט אַ בייגערדיגער נאָז, אָהן וואָנסען, אָהן אַ באָרד און בכלל אָהן האָהר אויפ'ן קאָפּ, האָט אַלע מאָל מאַכענדיג ביי די נאָז-לעכער, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעקוקט טאַבאַק און האָהר, בעמערקט זיין פרימאַדאָנע כדי דער צווייטער דירעקטאָר, וואָס איז אויך געקומען צוליב די אייגענע ענינים, זאָל עס הערען:

—און אַזוי וועלען מיר מיט אונזער אויפטריט ריהרען די וועלט. זאָלען זיי וויסען, די קליינשטעדטעלדיגע, וואָס אַזוינס זענען אַרטיסטען פון דער גרויסער קעניגליכער טרופּע, מיר האָבען דאָ אין רעפּערטואַר די „שוואַרצע לופט־קעניגין", „די פרוי פון גיהנם" און די „זינד פון טייוועלס הענד" און אַנ'אויסשטאַטונג...

דער צווייטער דירעקטאָר, וואָס האָט געוואוסט דעם ליגען פון זיינע ווערטער, ווייל ער וואַנדערט שוין אַרום העכער פופצעהן יאָהר צוזאַמען מיט איהם און האָט דערום געהוסט און געריכערט גלייך אין פנים אַריין, האָט בעמערקט זיינע געגענאיבערזיצענדיגע מיט אַ מערביסענער בייזקייט:

—אָט אַזוי וויל מען עס נאַרען די וועלט. ער מיינט, אַז מען קאָן זיי גישט. סך־הכל געצויגען אַמאָל שטריק, געוואָרפען זיך אויף לייטערס.

די צוויי נעבענזיצענדיגע פרויען, ביידע מיט שטרויס־פעדערן אויף די קעפּ און פאַפּיראָסען אין מויל, וואָס האָבען געטראגן אין זיך אַ פארביסענע קנאה און זיך פערלאזט אויף די זידעל־ווערטלעך פון די דירעקטאָרען האבען זיך עפּעס אַ בלאז געטהאן מיט רויך אין די אויגען און יעדע האָט דערזעהן ווי אָנגעפּודערט די צווייטע איז, ווי געלעכערט איהר פנים און ווי זי האט שוין קיין שטים נישט צו זינגען. אט דאס דאָזיגע בלאזען האט ארויסגערופען אַ לייכט קריגעריי צווישען ביידע די־

רעקטאָרען און זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צו זידלען.

באַלד אָבער האָט זיך אַריינגעמישט דער טשינאָווניק, זיין האַווקעדיג הינדטעל, צאַלוש און די אַרומיגע, וואָס האָבען די איבעריגע צונישט געמאַכט. מיט עטליכע מינוטען שפּעטער איז אָנגעקומען מאַריטאַ. זי איז געווען אָנגעטהון אין יום-טוב׳דיגען און אַ לייכטער וואוואַל האָט פּערדעקט איהם ראָזליך פּנים. זי האָט זיך אומגעקוקט און אַלעמען בעגריסט מיט איהר אָנגענעהמער בת־יחיד׳ישער שטים.

—ווי פרעהליך ביי אייך איז,—האָט געשעפּטשעט איהר מילדע בת־יחיד׳שע שטים.—ווי שען אַרום.

אָט די־דאָזיגע נייע פיגור און איהר צאַרטע שטים, וואָס האָט זיך צום ערשטען מאָל בעוויזען אין דער געזעלשאַפט, האָט אָנגעצונדען אַ רייץ פון פאַרבען אין די באַקען פון די פּערזאַמעלטע און אַלע האָבען בעטראַכטענדיג זי, גענומען אונטער׳חנפ׳ענען זיך מיט אונטערזינגען, האַקען אַ פּיסעל, אונטערפייפען, פּויקען מיט די פינגער און צימבלען אויף אַ גיטאַרע, פון וועלכער עס איז זיך צעוואַקסען ביי אַלעמען עפּעס אַ משוגע׳דיגע קאָקעטעריע און צאַלוש איז כּמעט אַרומגעגאַנגען, אַ גליקליכער, מיט די הענד אין וועסטעל און מיט די איידעלע פּיס געטענצעלט און אין דער פרייד האָט, דוכט זיך, געלעגן אַ אויסדרוק: זעהט קיין עין־הרע, ווי איך בין פלינק, אי טאַנצענדיג, אי רעדענדיג, אי שווייגענדיג, איך האָב אַ פעל פון אַ טיגער ביי מיין בעט, אי אַ סערוויז, אי בעגראָבען דריי ווייבער, אי טרייסט איבערגעפאַלענע. מאַריטאַ איז געזעסען צופרידען און געריהרט פון שמחה ווי אַ כלה פאַר די טאַנצענדיגע פּאָרלעך, וואָס פיהלט, אַז דאָס לעבען פון דער שמחה קלאַפּט פאַר איהרטוועגען. זי האָט זיך געשפּירט נאָהענט צו צאַלושען מיט דעם געפיהל, וואָס אַ יונג מעדעל פיהלט, ווען זי פאַלט אויפ׳ן גליטש און אויפגעהויבען פון אַ מענטשענס האַנד און דערום האט זי איהר אויפמערקזאמקייט געשענקט נור צאַלוש׳ן.

די שמחה ביים טיש האָט זיך געענדיגט מיט אַ איבערדרעהען זיך פון פלעשער און גלעזער. דעם טשינאָווניק האָט זיך

אַ ביסעל פערדרעהט דער קאָפּ, נאַריש געוואָרען די אויגען און פעררוקט דעם דאַשעק. דערזעהען דאָס, האָט זיך דאָס הינדטעלע צוהאַווקעט, אַרויפגעשפרונגען מיט חוצפה אויפ׳ן טיש און געבי־סען איהם דעם אַרבעל.

דער אַקציזניק האָט עפּעס געשאָלטען דעם קיסר און אַרויסגעזעצט גרויסע פערשטיינערטע אויגען אויף מאַריטאַ׳ן. דער דירעקטאָר און פּרימאַדאָנע האָבען נערוועז געביסען די קאָרקלעך פון די פּאַפּיראָסען און ציגיינעריש געמאַניעט עפּעס אין דער שטיל פון צאַלוש׳ן. און די רויטע דאַמע האָט מיט גרויסער ענטציקונג געהאַקט איבער די קלאַווישען און געשפּרייט די נאָז־לעכער, מיינענדיג, אַז די מענער געהען־אויס נאָך איהר מוזיק.

דער עולם האָט זיך אויפגעהויבען און ביי יעדען איז עפּעס דורכגעפלויגען דער השק צום טאַנץ, אויסער ביים די־רעקטאָר מיט׳ן גאָלען קאָפּ און דער שרעקליך דאַרער פּרימאַדאָ־נע, וואָס האָבען זיך געאיילט צום געהן.

—ווייסט עטץ,—האָט דער אַקציזניק געמורמעלט,—אין מיר האָט זיך צופלאַמט אַ פרייד. שוין דריי מאָנאַטען געגוי ווי דער קיסר, צום טייוועל, האָט מיך פעריאָגט פון פרעהליכען פּעטער־בורגער טאַנץ־זאַל אַהער אין וויסטען שטח אַריין, קיין מיידעל, קיין מוזיק, ווי אויף יענער וועלט. קאָן אָט די נייע באַרישניע טאַנצען?

מאַריטא האָט אין דער ברייט אַ דרעה געטהאָן מיט׳ן קאָפּ אויף ביין און רויט געוואָרען.

— אָ, אָ, זי מוז קאָנען טאַנצען, גוט טאנצן. אזעלכע פרוי־ען טאנצען גוט, — האט דער טשינאָווניק געמורמעלט, קוקענדיג מיט די קליינע אויגען ווי אַ פוקס אויף מאריטאַ׳ן. — צאלוש, וואס וואָלטען מיר אויף דער פוסטער ערד געטהאָן, ווען נישט דו מיט דיין ביסעל ליקער און ליבע פרעהליכקייט?

טאַנצען מיר היינט אַ פרעהליכס.

ביידע האבען זיך פאמעליכעל צוגעקאָלערט צו מאריטאַ׳ן און געוואלט זי אומאַרמען צום טאנץ. מאריטא האט פערשעמט און הילפסלאָז אראָבגעלאזט די העגד און קאָפּ און געשעפּטשעט:

ניין—איך קאָן נישט טאַנצען, מיין פּאָטער האָט מיך נישט גע־לערנט. איך קאָן קיין פוס נישט שטעלען.

אין צאַלוש האָט צוגעגעבען?

—זי איז ביי מיר די פרוי, דאָס ערשטע מאָל צו גאַסט אָט האָט איהר געניטערע פון איהר, בעסערע טענצערינס און ז לאָזט.

מיט אַ ווילדען אימפּעט האָבען זיך עטליכע טשינאָווניקעס אַ לאָז געטהאָן צו דער רויטער דאַמע, איינער צו דער פּרימאַ־דאָנע און גענומען זיי אָהן צערעמאָניעס צום טאַנץ.

צאַלוש האָט נישט געטאַנצט. ער, דער בעל־הבית פון די דריי געשטאָרבענע ווייבער, האָט זיך בעגנוגענט מיט אַרומשווע־בען איבער דער שטוב, מיט קאָמפּלימענטירען מאַריטאַ׳ן און בע־וויזען זיין אייביג העפליכע קאַוואַלערישקייט.

—אַנו, שוין גענוג געלעבט,—האָט פּלוצלונג אין מיטען דע־ריגען אַריינגעקלאַפּט דער דירעקטאָר מיט׳ן גאָלען קאָפּ און מיט דער גרויסער נאָז, פון וועלכער עס האָט געשמעקט מיט טאַבאַק־שמעקען און מיט ווילדען אַקטאָרישען איפּער,—לאָזט זי מיינע צורוה!—האָט ער אויסגעשריען,—שוין צייט צו געהן איינריכטען די דעקאָראַציעס צום ביינאַכטיגען ספּעקטאַקעל. עי, מאַרש, מיר פערשפּעטיגען די פּראָבע. אַלץ וועט געהן קאַפּוט. צאַלוש, דו גיסט מיר מיינס?

—נו וואָס שוין ווידער דיינס?—האָט זיך געבייזערט צאַלוש.

—אָט כאָטש דאָס ביסעל שווערדען און ביקסען, פערזעצטע ביי דיר נאָך מיט 6 יאָהר צוריק. דען היינט געהט „דער שוואַר־צער מלאך״ און די שווערדען דאַרף איך. ווער געהט היינט אויפ׳ן „שוואַרצען מלאך״?

קיינער האָט נישט געענטפערט און דער ווילדער טאַנץ פון טשינאָווניק האָט ליידענשאַפטליך געשניטען דאָס האַרץ פון אַלטען אַקטאָר, וואָס האָט זיך געבעטען ביי צאַלוש׳ן די שווער־דען און ביי די פערזאָנען די טענצער אויפצוהערן דעם טאַנץ. זיינע הענד האָבען געציטערט און די אָדערען פון זיין שטערען האָבען זיך שאַרפער געזעהן זיך בעוועגען, ציטערען און פולסירען.

—אַלזאָ, הערט איהר אויף אָדער איך געה אַוועק צום טייוועל!—האָט ער אויסגעשריען—אוי, מאַריאַ, דער טייוועל זאָל דיך נעהמען. אַז ווען איך געה מיט דיר נאָך אַ הלואה אָדער עפּעס אויסלעזען, פערגעסט דו זיך....

דאָך האָט קיינער נישט געהערט און דער טאַנץ האָט זיך יעצט געענדיגט דאַן, ווען אַלע זענען געפאַלען מיד אויף די פיס. מאַריאַ האָט געשטשערעט די צייהן מיט לאַכען דערויף, וואָס זי האָט געגען ווילען פון אַלטען דירעקטאָר זיך אויסגע־טאַנצט, דער טשינאָווניק האָט „איזוויניאַעט" כּסדר דעם דירעקטאָר און די רויטע דאַמע פון איין זייט טאָפּע און דער אַקציזניק פון דער צווייטער זייט, האָבען כּסדר געכיכיקעט דערויף, וואָס זיי האָבען געטראַכט פון זיך ביים טאַנץ...

די וואַרימע זון איז נאָהענטער געקומען צום פענסטער און אַריינגעשיינט אויף די רויטע טאַפּעטען מיט די גאָלדענע שלעקעלעך, אויפ'ן טולער סאַמאָוואַר מיט די יאַפּאָנישע שאָלעכ־לעך, אויף די גרינע פלעשער און גרינע גלעזער. עס האָט שוין אויסגעזעהען אַ ביסעל נודנע און לאַנגווייליג דאָס זיצען דאָ. די טשינאָווניקעס האָבען זיך אָנגעטהאָן די היטלען און געלאָזט זיך מיט „אַ ספּאַסיבאָ" אַהיים אויף אָביעד. דער דירעקטאָר האָט קוים אַרויסגעכאַפּט אַביסעל שווערדען און אַ קליינע הלואה און אַנ־טלאָפען מיט זיין פרימאַדאָנע, און די רויטע דאַמע האָט געוואָר־פען אין דער לופט אַריין עפּעס אַ פראַנצויזישע פראַזע און איז אַוועק, איבערלאָזענדיג אַ פיינדליכען בליק אויף מאַריטאַ'ן.

דאָסמאָל האָט מאַריטאַ אויפגעהויבען איהר וואוואַל פון איהרע אויגען און געשעפּטשעט:

— נו, אט בין איך געקומען צו גאַסט. ביי מיין פאַן צאלען איז טאַקי פרעהליך, פרעהליכער ווי אויף אנ'ארימער חתונה. אנו, וואס זאל דא ווערען פון אונזער שטוב פאן צאלע?

— א, שוין צייט זיך אויסצופלאָנטערן פון דער שטוב, ר' מאטיע טאכטער. נישט אייביג קאן דאך א מענש בלייבען אין זיין שטוב. א פויגעל לעבט נישט אייביג אין זיין נעסט און באָטשאנעס פליהען אויך אוועק פון ווינטער...

—ווינטער ווינטער,—האָט אונטערגעכאַפּט אונשולדיג מאַרי־טקאַ.—וואָס אַ טאָג מעהר, מאָהנען אַלץ מעהר די בעלי־חובות, רייסען זיי אַלץ מעהר די פאָרהאַנגען און ציהען אָב דאָס קופּער און מעש. פון שטוב טרייבט, פאַן צאַלע.

—נו ניש־קשה,—האָט צאַלוש פערזיכערט,—לאַנג טרייבען וועט עס שוין נישט. אין פערלויף פון צוויי דריי־וואָכען וועט פון אָט די אַלטע הייזער מיט לערע ווענד ווערען נייע שטאָד־טישע. איך האָב, קיין עין־הרע, אַ גוטען קאָפּ, דער פאַן אַרכיטעקט איז מיין ברודער און דער פאַן סענדזיע פון דער העכסטער גע־ריכטליכער אינסטאַנץ איז מיין פאָטער. איך האָב, קיין עין-הרע, אַ גוטען קאָפּ און פיל חן ביי די שררות האָב איך אויך. היינט וואָס צו קלערען איז נישטאָ, נור אָבצוואַרטען די קורצע צייט, ע׳, מאַריטקאַ, וואָס האָב איך עס געוואָלט זאָגען?

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגען צו דעם ענין, נור ער האָט זיך פערדרעהט פון דעם שמועס און געשעפּטשעט לייכט קאַוואַלעריש:

—אַצינד וועל איך מאַריטאַ׳ן בעווייזען מיין פערמעגען. אָט דאָס איז דער סאַמאָוואַר פון טולע, וואָס אַ סוחר פון רוסלאַנד האָט מיר געשענקט פאַר אַ גוטער הלואה. אָט די שאָלעכלעך האָב איך פערנומען ביי אַ טשינאָווניק און אָט דער בערען-פעל ביי מיין בעט שטאַמט פון אַ גע׳פּגר׳טען גובערנאַטאָר. בקיצור, ווען איך ווער איצט אַ בעל־הבית, קאָן אַ פרוי צו מיר קומען אויפ׳ן פאַרטיגען, אָבער איך האָב נאָך עפּיס, מאַריטאַ.

צאַלוש האָט אַרויסגענומען דאָסמאָל דריי שוואַרצע פודעלעך, פון וועלכע עס האָבען אַ בלישטש געטהאָן דרייערליי בריליאַנטען. אָט דידאָזיגע דריי בריליאַנטען האָבען מאָדנע אַ שניט געטהאָן אין איהרע אויגען און ערינערט אין אייגענעם פערלוירענעם און פערשפּילטען בריליאַנט פון איהר גליק.

—אָט דאָס, מאַריטקאַ, זענען די ציהרונגען פון דריי גע־שטאָרבענע ווייבער. איינע האָב איך געהאַט, אַ ליכטיגע וועלט אויף איהר, איז זי געוועזען פון אַ זעהר רייכער משפחה, אַ גאָל־דענע פּאָהן. געשטאָרבען איז זי, אַ גוטע וועלט אויף איהר, פון

סוכּאָטע ווינטער־צייט און איינע, זאָל האָבען אַ גוטע וועלט, איז צו קבורה געקומען אין ניסן אין סאַמע בליהונג פון גאָטס וועלט. און איינע, מאַריטקאַ... נאָר וואָס איז דאָ צו ריידען, גע־שטאָרבען—בעגראָבען. געבליבען זענען אָבער פון זיי די אויערינ־גלעך און די אויערינגלעך לעבען אייביג און די אייביגע אויערינגלעך פון די אַלע דריי פאַסטען זעהר אין מאַריטאַס אויערען אַריין.

ער האָט צוגעלעגט די ברילייאַנטען צו איהרע אויערען, וואָס האָבען מאָדנע געפינקעלט געגען שפּיגעל.

מאַריטאַ'ן האָט די מינוט געשוידערט אי פון טויט פון די דריי ווייבער, אי פון דעם, וואָס צאַלוש ווינשט די אַלע דריי פּאָר אין איהרע אויערען אַריין און פון דער טונקעלער ערי־בערונג פון איהר אַוועקגעשענקטען ברילייאַנט. דאָך איז איהר איצט עפּיס וואַרימער און היימליכער געוואָרען אין די ביינער און זי האָט געשעפּטשעט:

—אַ שען, שען פערמעגען. פינקעלדיגע ברילייאַנטען, פאַן צאַלוש.



# דאָס געפיהל פון מאַן.

אין דער אייגענער נאכט איז מאַריטא געזעסען אין איהר שטוב פערמאַכט און בעטראַכט די לערע וועגד, פון וועלכע עס איז געוואָרען אַראבגעריסען איהרע שענע העפטערייען און פאר איהרע אויגען האט זיך געוועבט צאַלושעס געשטאלט מיט זיינע טשינאוויקעס, שפּילן און טאנצען. יעדעס מאל האט איהר איבערגעשראָקען דער בלישטש פון די דרייערליי צירונגען, דער שאָטען פון די דריי געשטאָרבענע ווייבער און יעדעס מאל האט איהר דערפרעהט צאַלוש.

עס האט זיך איהר איצט אויסגעדוכט, אז זי ליגט אין א וואַסער און אז איבערן וואסער שטעהט א מענש, וואס שרייט: „מאַריטא, ווען דו זוכסט דיין גליק, איז ער נישט אין דער פּוסטקייט פון דער נייער גאָרזשעלניע. פאַרהאַן נאך א שטוב מיט רויטע טאַפּעטען, מיט א איינציג בעט, מיט א טיגער-פעל, מיט א פּיאַנאָ און מיט א מענש, וואס הייסט צאַלוש, א איידעלער, פיי-

נער מענש, וואָס כאַטש ער האָט שוין בעגראָבען דריי ווייבער, וועט דאָך די פּערטע זיין די שענסטע און בעסטע, עפּיס אַ זיי־סער זינדליכער טרייסעל האָט דורכגענומען איהרע גלידער.

„כ'וועל איהם זאָגען, אַז איך און מיין טאַטעשי דאַנקען איהם, אַז ער איז אַ גוטער און זיין שטוב איז אַ „שענע"—האָט עפּיס אַ געדאַנק בעהערשט מאַריטאַ'ן צום געהן, אָבער זי האָט זיך צוריקגעהאַלטען. עס איז געוואָרען טונקעל, די האַלבע לבנה, וואָס איז ביז איצט געשטאַנען פאַר'ן פענסטער און געצייכענט פאַר איהרע אויגען איין בילד פערשידענער פאַר'ן אַנדערן, איז פערשוואונדען אונטער אַ שטיק וואָלקען און אַ ווינדטעל פון צייטיגען קאָרן האָט אַ שוועב געטהאָן איבער איהר פּנים און, דער־מאָנענדיג איהר אין צייטיגקייט פון קאָרן, האָט זיך איהר דער־מאָנט אין רייפקייט פון איהרע יאָהרען און אַז איהר פּנים איז היינט פרעהליך געשטאַנען געגען די געסט פון צאַלושעס שטוב. און וואָס מעהר זי האָט זיך דערמאָנט אין צאַלושעס שטוב, אַלץ מעהר האָט איהר איצט געפרעסט די פינסטערניש און געפּייניגט אָט די איינזאַמקייט פון איהר שטוב.

„איך וועל איהם געהן זאָגען, אַז ער איז אַ גוטער און זיין שטוב איז אַ פרעהליכע"—האָבען עפּיס איהרע ליפּען געשעפּ־טשעט.

אָבער דאָס איז נישט געוועזען קיין פראַזע. פאַמעליכעל, פאַמעליכעל איז זי אין דער טונקעלהייט אויפגעשטאַנען, פער־לעגט איהרע האָהר, פאַפּראַוועט איהרע אַקסעל־בענדער און פער־ביסען מיט אַ ליפּ. דערנאָך האָט זי זיך פערקוקט אין די ווייטע פינסטערע וועלדער, וואָס האָבען געפיהרט צו צאַלוש'ן. דערנאָך האָט זי אָנגעווענדעט די בליקען צו עפּיס אַ פלעק פון דער לבנה אויף דער וואַנד און פון דעם פלעק האָט זיך אויסגעוועבט דרייערליי געשטאַלטען פון טויטע ווייבער מיט בריליאַנטענע אויערינגלעך און זיי האָבען עפּעס מאָדנע געוואונקען צו מאַריטאַ'ן: צו צאַלוש'ן! צו צאַלוש'ן! אָבער דאָס געשפּענסט האָט איהר איצט נישט געשראָקען.

מיט עטליכע מינוט שפעטער האָט מען מאַריטאַ'ן געזעהן טרויעריג אַרומגעהן אַרום איהר הויז, וואו עס איז דאָ, דאָרט גע־לעגען קופּעס פלעשער, צעוואָרפענע גלעזער און פעסער אויסגע־טריקענטע פון דער זון. זי האָט געטראַכט נור איינס: וועגען געהן צו איהם, אָבער די טונקעלקייט פון די וועלדער האָבען איהר געשראָקען...



## דער נייער ישוב.

ס'איז נישט קיין נפקא=מינא, היינט, מארגען, איבערמארגען,
די זאַך איז געווארען זעלבסטפערשטענדליך. צאלוש, יענער אייד=
לער פארשוין מיט זיין האַלב=זינגען, האלב=דאַוונען און האלב=
האנדלען מיט טשינאָוויקעס און פידעלדיגע פארשוינען, איז שנעל
געוואָרען דער דעה=זאגער אין דער גאָרזשעלניע, וואס איז
איצט נור געוועזען אפרעמדע אבטיילונג ביי די 4, 5 רויטצי=
געלדיגע הייזער, וואס האבען דערמאָנט אין די פערווארפענע
סטאציע=הייזער. פון איין זייט האט מען געזעהן נידעריגע צי=
געלדיגע הייזער מיט די קראַטען=פענסטער, מיטן ריח פון בי=
ליגען בראנפען, מיט די קאַצאפעס און זייערע אויערנדיגע הינד
און פון דער אנדערער זייט — די גארזשעלניע מיט איהרע פער=
רויכערטע קוימענס, פערהאקט און פערמאכט ווי א שווארצער
טורם און געגענאיבער די ביידע האט עפעס אויפגעלעבט,
א שטייגער. דער אלטער ר' מאטישער דאך פון אלטען הויז
איז אנשטאט דאס רויטע בלעך בעלעגט געווארען מיט קאפ=
ליעס און מיט א שפיץ פון מאגנעט ווי א קלויסטער. די וועגד זע=

נען געווארען שאבלירט און ביי די פענסטער זענען געווארען אראָבגעריסען די אלטע געסטען, פערפוצט מיט קארניזען און גיפּסענע לייבען-קעפּ.

אויסערדעם, וואָס די אַלטע ר׳ מאָטישע הייזער האָבען ביסלעכווייז אָנגעוואָרען זייער פאָרם, זענען אויך די גאַסען געוואָרען אַנדערע. זיי האָבען ביסלעכווייז אָנגעוואָרען דעם ליים-ריח און די גאַסען-ברוקירער האָבען אריינגעשלאָגען אין דער ערד עפּעס מאָדנע פּירעקעדיגע שטיינער צום געהן און מאָדנע רינשטאָקעס מיט בריקלעך צום וואַסער-אָבלויפען. און פּלומפּלעך אַנשטאָט ברונעמס האט מען געזעהען שטעהען אין מיטען גאַס. עס זענען אויך אַלע מאל אָנגעקומען פון דער ווייטער באַהן קאַזיאָנע אינזשיניערן צו בעטראַכטען דעם פּלאַץ, וואו מען וועט קאָנען אויסבויען א פּאָליציייאישע געביידע: א טורמעלע, א מאַגיסטראַט א. ד. גל. די אָנגעקומענע האָבען זיך ערנסט אלע מאָל וועגען דעם בעראַטען מיט צאַלוש׳ן און אוועק זענען זיי פרעהליכע.

וואס עס איז שייך דאס בעל-הבית׳עווען איבער דעם אלעמען, האט מען נור געזעהן צאַלושן. זיינע בעפעהלען צו די בעל-מלאכות זענען געגאַנגען פון אונטען צום דאך אין קעלער און איבער די גאַסען. די משפחה ר׳ מאָטיעס זענען דא אויסגעקומען ווי פרעמדע, וואס מישען זיך נישט און האָבען איבערהויפּט קיין דעה נישט.

א טייל מאָל נור פלעגט ר׳ מאָטיע צוקומען עפּעס א ביסעלע האַלב-ווייך, האלב-געפּאַלען און פרעגען מיט א שפּאר זיך אָן אויף דער האנד פון זיין פערבליבענעם זילבערנעם שטעקען:

— וואס וועט דא אריינקומען, ר׳ צאלע?

— אט א קלייניגקייט, נור א קארניזעל אָדער א פענסטערל, — פלעגט עפּעס ווי אונטער דער האנד ענטפערן צאַלע.

מאָטיעס ווייב האט אריינגעלעגט נישט זיכער דעם קאָפּ און צוגעשאָקעלט געפאַלען און אונטערטעניג אויף דעם אַלעם, וואס צאלע האט געזאגט יא, אדער נישט.

דער פעטער און מוהמע זענען געשטאַנען פון הינטן אָנגעבלאָזן, ווי ברוגז׳ע און נישט גערעדט. פון אַ זייט זענען געשטאַנען אויך מאַריטאַ מיט דער איינציגער איבערגעבליבענער סאָסיע, און יעדעס מאָל ווען צאַלוש איז אויסגעקומען אין מאַריטעס זייט, האָט זי מיט עפּעס אַ שמייכעל, וואָט קאָן זיין געפעלען, בעמערקט:

—זעטס נור אונזערע הייזער, וואָס זענען זיי פריהער געוועזען? פריכנע, אַצינד שטעהען זיי, ווי פריצישע שלעסער, סאָסיע, איצט ווערען מיר נייע מענשען, מיר וועלען לעבען, ווי די פריצים, ווי די גראַפען.

די ווערטער האָט מאַריטאַ גערעדט שטיל מיט אַ ציטערדיג-טרייע שטימע, אין וועלכער עס איז בעהאַלטען געוועזען אַ רעטערישעס, אַ כלה׳שעס, אַ עפּעס אַזעלכעס, וואָס מען קאָן עס נור געפינען אין דער שטוב פון אַ בת־יחידה.

עפּעס איינמאָל איז נעבען צאַלוש׳ן אַראָבגעפאַלען אַ ברעט און מאַריטאַ האָט אין דער שטיל אָנגעכאַפּט זיך ביים האַרץ. דערנאָך, ווען קיינער איז נישט געוועזען, איז זי מיט שטילע טריט צו:

—ביי גאָט, דערשראָקען זיך, מען געהט אַלץ אין אַזעלכע געפעהרליכע ערטער. אוי, עס זאָל זיך עמיץ צוריהרען צו מיין האַרץ. צאַלוש אָבער האָט שוין קיין פערזיכערונג, אַז מאַריטאַס האַרץ געהער איהם, נישט בעדאַרפט, און וואָס מעהר זי איז שטילער און צניעות׳דיגער געפאַלען אונטער זיינע נעגעל, אַלץ האַרטער האָט געקלונגען זיין שטים און אַלץ האַרטער זיינע רייד.

עס האָט זיך אין זיין מוח אָבער געדרעהט איין פּינטעלע: ווי אַזוי און ווען קאָן מען אינגאַנצען פּטור ווערען פון אָט דעם פלאָנטער, וואָס הייסט ר׳ מאָטיעס משפּחה. און איינמאָל האָט צאַלוש דערקלערט נישט מעהר און נישט ווענינער:

—אַלטע בעלי־הבתים, עס דראָהט אַ געפאַהר פאַר׳ן לעבען צו וואוינען אין אַזעלכע געביידעס, וואָס ווערען איבערגעבויט. איהר וועט, רעכען איך, מוזען זיך דערווייל איבערטראָגען אין קאָמאָרקעס אָדער נאָהענטע פויערים־הייזער. עס וועט זיין גוט אי פאַר איין אי פאַר די בעלי־חובות.

די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרען מיט אַזאַ מינע, פונקט ווי עס רעדט אַ דאָקטאָר צו זיין אַלטען קראַנקען קאָלעגע דעם גוסס: אום אַז ער זאָל לעבען, מוז ער אויפהערען מיט זיין לינקער ברוסט צו אָטעמען. צאַלוש האָט דערביי אַריינגעשטעקט זיינע הענד אין וועסטעל און מיט דער אַנדערער האָט ער זיך אונטערגעשפּאַרט זיין שטעקעלע. ער האָט גערעדט געלאַסען און מילד, נור אין זיין שטים איז שוין געלעגען יענער פעסטער בעשלוס: ווערסטו עס נישט לאָזען, וועט עס אַן'אַנדערער טהאָן.

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז זיין פערלאַנג געשעהן. פון די געביידעס האָט מען געזעהן זיך איבערטראָגען אין די נאָהענטע קאַמערען און לאַגער-שפּייכלער די אַלטע משפּחה. ר' מאָטיעס ברייטע בעטען זענען געוואָרען אַריינגעשטעלט אין אַ נידעריג פייכטען שפּייכלער אָהן אַ פּאָדלאָגע. דאָרט האָט מען אויך געזעהן זיין שבת'דיגע מנורה מיט זיינע קדושים און הבדלות, מיט זיינע פרייטאָגס־צו־נאַכטסען און שפּעטס־צונאַכטסען. מאַריטאַ און סאָסיע האָבען זיך פּאָמיעשציעט אין איין בעט, ווי דינסטען, זייער שטוהל איז געוועזען אַ פּאָר קעסטלעך, זייער טיש—ברעטער צונויפגעקלאַפּטע אויף דערווייל, דערווייל נאָר.



## דאָס פּאַלען פון דער נ.־ער תּלמוד־תּורה.

ווען איהר וואָלט זיך אין דער גוטער צייט אַלאָז געטהאָן אויף רעכטס פון דער גאָרזשעלניע, וואָלט איהר אויפ'ן דריטען וויאָרסט געפונען אַ רייהע פון אַ דריי־פיר הייזער, נידעריגע מיט קאָלירטע שויבען און שייבעלעך אין דער פאָרם פון „אַ מגן דוד". די געשיכטע פון די הייזעלעך האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַ בית־המדרש און מקוה פאַר דאָרפס־יודען, נאָך איידער ר' מאָטיעס גאָרזשעלניע האָט אויפגעבליהט. נור ווי עס האָט זיך אָנגעהויבען די בעוועגונג פון דער גאָרזשעלניע, האָט זיך דאָס דאָרפישע מנין פערקליבען צו ר' מאָטיען. די צוויי־דריי הייזער זיינען איצט טיילס געוואָרען אַן אַבוּוה־אָרט פאַר דורכגעהער, טיילס א הויז פאַר א תּלמוד־תּורה פון די אָרימע קינדער פון ווייט און נאָהענט.

דער אינוועניג פון דעם הויז איז בעשטאַנען פון א סך אַלטע טישען מיט אויסגעבּרענטע לעכער פון ליכט, א טייל אויס־געקריצט די נעמען פון בעלי־הבּתּים, נעמען פון חומש, נעמען פון תּנאים אַמוראים און סתם אותיות. אויף שטענדער איז גע־

שטאַנען אַ ברייטער קרעציגער אויוועז מיט אַנ׳אייביגער אויפ־שריפט „משנכנס אדר״, אויפ׳ן בעלעמער זענען געשטאַנען אין אַ פליהענדיגער פּאָזע צוויי טויבען, וואָס מחמת זיי זענען קיינ־מאָל נישט אָבגעשטויבט געוואָרען, זענען זיי געוועזען ברודיג.

אַלס אויפזעהער און רבי האָט דאָרט געלעבט אַ יוד. „מענ־דיל למנצח״ האָט מען איהם גערופען, דען שטענדיג, סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט, סיי ביי פרעהליכקייט, סיי ביי טרויער האָט ער נישט אַרויסגעלאָזט דאָס וואָרט ״למנצח״. אָט דערדאָזיגער למנצח צוזאַמען מיט זיינע דרייסיג יונגלעך האָבען זיך געהאַלטען בלויז דערויף, וואָס איינמאָל אין יאָהר, נאָך סוכות, איז ר׳ מאָטיע אויף זיין קעטשיל מיט דער טאָכטער אויף רעכטס געקומען מיט אַ טראַנספּאָרט שיך, שטיוועלעך, הייזלעך, בראַנפען און געלד. דערום איז דאָרט אַ גאַנץ יאָהר געוועזען ברודיג, די לופט אָנ־געפילט מיט געשלעגען און אַוואַנטורעס.

דערפאַר אָבער דער נאָך סוכות האָט געברענגט אַנ־אמת׳ע אויפלעבונג. דען באַלד נאָך סוכות איז די ברודיגע מנורה געוואָרען גערייניגט, די שויבען געפוצט, און די פּאָדלאָגע אויסגעשיט מיט געלען זאַמד, און „מענדיל למנצח״ איז געזע־סען ביים תהלימ׳ל, ווי אַ מחותן און געצופּט ביים גרויען בער־דיל, וואָס איז געוועזען אַרומגעגרוימט אַרום דער געמבע, ווי אַ גוט בעריל און געטרייסט די קינדער

— זאָגטס, קינדערלעך, זאגטס, דען אייער זאגען וועט נישט זיין אומזיסט. עס רוקט זיך צו אייך אַ קעטשעלע, און אין קעטשעלע איז פאַרהאַן א לעטשעלע, ביים לעטשעלע ליגט אַ שיכעלע, ביים שיכעלע א הייזעלע. זאָגטס, קינדערלעך, זאָגטס.

און די קינדער, וואס האָבען דערפיהלט די נאָהענטקייט פון ר׳ מאָטיעס קעטשיל, האָבען געזונגען און געזאגט, געזאָגט און געזונגען ביז די צוויי־דריי אויסקוקערס אין דרויסען זענען אַריין הענדום־פענדום, האָצקענדיג מיט די פיס, קלאַפּענ־דיג מיט בלעכען. דאָ איז אפויר פון טיש „מענדיל למנצח״, אַ יודעלע מיט גראַבע הענדטלעך און אַ געלאַטעט וואַטאָווע קאַפּאָ־

טעל מיט אַ רויטער פאַטשיילע אויפ׳ן האַלז און אויסגעזונגען מיט עפּעס אַ דין קול׳כעל די ווערטער:

—ברוכים הבאים! ר׳ מאָטיע און זיין טאָכטער קומען-אָן. שווייגט־זשע נישט, קינדערלעך, און... למנצח לדוד, למנצח למאָטיע... דער למנצח האָט זיך דאַן געצויגען היבשע עטליכע מינוט. ר׳ מאָטיעס אָנקומען איז געוואָרען בעזונגען און בעקלונגען עד שעת הערב און מען האָט נאָך מנחה און מעריב אַראָבגענומען בראָנפען, וויין, לעקעך, פיש מיט בולקעס. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען דאָס טרינקען, עסען און טיילען.

נאַטירליך זענען דערביי געוועזען נישט נור מענדיל למנצח אליין, נור גאַנץ חשוב׳ע מענשען, אַ שטייגער, האָט דערנעבען געוואוינט אַ חשוב, „זכריהו מוהל״ אַ יוד מיט שיטערע פּיאות און איינציגע ווייסע האָהר אין דעו׳ באָרד, וואָס מחמת וואָס ער האָט געכאַפּט אַ צו־שטאַרקע מציצה פון אַ זכר און זי איינגעשלונגען, איז ער קראַנק געוואָרען אויפ׳ן מאָגען; אַ בעל-קורא חיים, וואָס צוליב דעם, וואָס ער האָט געלייענט דאָס ספר אין יום־כפור ביים אָפענעם פענסטער, איז ער איינמאָל אויף שטענדיג הייזעריג געוואָרען און נאָך, נאָך זייטיגע מענשען, וואָס האָבען געהאָלפען עסען, טרינקען און טיילען.

אָט אַזאַ מנהג איז געוועזען פון יאָהר צו יאָהר. גראָד דעמאָלט, ווען די קינדער האָבען שוין געזעהן פאַר זיך די גרויסע נעכט פון די זומפיגע נאָך סכות־טעג, גראָד דעמאָלט איז געקומען דער ווייסער גוטהערציגער ר׳ מאָטיע און זיי בעקליידט און בענייהט.

---

די טעג זענען געוועזען די לעצטע נאָך סוכות־טעג, וואָס געהען־איבער פון בלאָטיגען זומפ צו פראָסט און שניי. ביים טיש פון „מענדיל למנצח״ איז די מנורה נישט געוועזען געפוצט ווי שטענדיג, נור פערקעהרט, עפּעס מאָדנע פערלאָזט ווי פון יאָהרען.

אויף דער פּאָדלאָגע זענען געלעגען איבערגעקעהרט שענק

בענק, טישען, אָנגעשיט מיט מיסט און פערוואָרפען מיט קאָרק־לעך פון פּאַפּיראָסען. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז פון איצט אָן וועט קיינמאָל דאָ נישט פאָרקומען קיין צוטיילונג פון מלבושים, קיינמאָל נישט.

—רבי, פאַרוואָס זאָגט איהר היינט נישט קיין למנצח,—האָ־בען די יונגלעך זיך געבעטען,—רבי?

—דערפאַר, מסתמא, וואָס איך דאַרף היינט נישט זאָגען—האָט עפּעס מענדיל געענטפערט טרויעריג, רייבענדיג די אויגען, ווי אַ קינד.

—וואָס הייסט? וועט דען ר׳ מאָטיע נישט ברענגען אונזע־רע מלבושים׳לעך?

מענדיל האָט פערביסען די שפּיצען באָרד און טרויעריג געענטפערט:

—ווייסט איהר ווער עס האָט זיך דאָ אַריינגעכאַפּט צו אונז, תּלמידים, און ווער עס וועט אונז פון היינט אָן שוין מאַכען פאַר בּאָרפעסע, נאַקעטע! דאָס איז צאַלע און דער קיסר. דער קיסר האָט ר׳ מאָטיען אַרויסגעיאָגט פון דער גאָרזשעלניע, פער־טריבען זיינע גוטע מענשען, און צאַלע האָט געכאַפּט די הייזער. וועה און וויגד צו אונז און צו אונזערע נאַקעטע קערפּערס, מחלה רע ופגע רע.

די יונגלעך האָבען טרויעריג אויסגעדרעהט די קעפּ און דאָך נאָך נישט איגגאַנצען פערשטאַנען, וואָס דער רבי רעדט, און מענדיל האָט צוגעגעבען:

—נעהמטס, נעהמטס, קינדערלעך, אייערע ספרים׳לעך און געהטס, דען ווען דער רבי הייסט אייך געהן, געהטס, וואָרום מאָטיע איז שוין נישט מאָטיע עושר, נור מאָטיע קבצן. וואָרום זיין פערמע־גען איז צוכאַפּט פון בעלי־חובות און זיין הויז צושטערט פון צאַלע גוי, אָט דער, וואָס פרעסט טרפות און טאַנצט מיט גוי׳שע נקבות. עך! הערט, קינדערלעך, היי־יאָהר וועט שוין מאָטיע אַ־הער נישט קומען, נאָך, באַ, נור דער בייזער ווינטער און גאָר...

ווידער האָבען די קינדער נישט פערשטאַנען, וואָס דאָ איז געשעהן און עפּעס רחמנות׳דיג געקוקט דאָ אויף די בלאָ־

טעס אין דרויסען, דאָ אויף די פוסטע ווענד, אויף וועלכע עס האָט געשיינט אַ רויטע קאַלטע זון, וואָס האָט פערצעהלט פון גרויסע פרעסטיגע נעכט און שנייען און דער רבי האָט געזאָגט, טרייבענדיג זיי ווי יונגע געגזלעך:

— אַהיים, אַהיים, דער רבי קאָן שוין פון דאַנען קיין הַיונה נישט האָבען און וועט מוזען, פונקט ווי איהר, געהן אין די הייזער.

מיט עטליכע טעג שפּעטער האָט מען געזעהן די יונג־לעך, בלאָנדזשענדע איבער דעם שטח און בעטענדיג יעדען דורכ־געהער צו פערדעקען זייער שאַנד. עס האָט זיך געהערט זייער יע־מערליך קול און אויסגעדוכט האָט זיך, אַז אין זייער שטים הערט זיך דאָס רחמנות־געוויין אויף ר׳ מאָטיעס הייזער, אויף ר׳ מאָטיעס פערמעגענס אוז בראד איז דעם גרויסען בעשטאַנד, וואָס הייסט קיום המשפחה.



## דער אַלטער דור הינד.

פון דעם אַלעמען, וואָס איז נאָך פערבליבען אַרום דער גאָרזשעלניע, זענען נאָך געוועזען די צוויי כאַרטען־הינד. דער הונד, דאָס טרייעסטע טיער־וועזען צו ליידען מיט מיט׳ן מענשען ביז זיין לעצטער מינוט, זער וועט אייך נישט פערלאָזען אין די סאַמע פערצווייפעלסטע מינוטען. איז אייך גוט, מילא, לעקט ער אָב אייער ביין און חנפ׳עט זיך צו אייך מיט׳ן וויידעל, ווען נישט, ליגט ער ערגעץ אין אַ ווינקעל און וואָיעט אָדער נורקעט זיך אין סמאַטעס גלייך מיט אייך. דאָס מזל פון די צוויי כאַרטען האָט נאָכגעשפילט דאָס גליק פון זייערע בעלי־הבתים. ווען זיי זענען געקומען אַהער, אַנ׳„ער“ און אַ „זי“, זענען זיי גלייך געקומען ברענגען אַ נוץ. אין די לאַנגע נעכט זענען זיי געלעגען אויף די קייטען פאַר די בראָנפען־פעסער, און געשמעקט צו דער לופט, געהט דאָ נישט עמיץ? בייטאָג זענען זיי גאַלאָפירענד ווי די וועלף, מיט די רויטע אויפגעשטעלטע האָהר און קליינע בייזע אויגען, געפלויגען איבער די בערג און טהאָלען נאָך דעם פעטער חיים׳ס פערד. זייער לעבען איז געוועזען אַ גע־

זונדטעס און אַ לוסטיגעס. ערב שבועות פליהען ראָגלען מיט קעז צו זייערע שמאָלע נעזער, פסח פערזוכען זיי פון געזונדטען קרבן-פסח, סוכות שטעהען זיי אין דרויסען און וואַרטען-אָב די בעלי-הבית'טע מיט'ן גרויסען פלייש-טעלער, געהענדיג אין סוכה אַריין, אָדער זיי שטעלען זיך מיטביידע לאַפּעס אויפ'ן טיש פון פעטער חיים און העלפען זאָגען אושפיזין.

ווען מען האָט אויף אַ מינוט זיך פערטראַכט אויפ'ן לעבען פון אָט די צוויי הינד, האָט מען אין זיי אויך דערקענט דאָס געזונדטע שענע לעבען פון דער ר' מאָטישער גאָרזשעלניע. דאָס זענען געוועזען הינד מיט אייזערנע כאַראַקטערען, וואָס קיינער האָט זיי נישט געקאָנט איבערצייגען אַנדערש ווי זיי האָבען געטראַכט. האָבען זיי דערזעהן ביינאַכט פאַר דער טיר אַ מענש הוסטען, קרעכצען, בכלל שוואַך זיך שלעפען איבער'ן גאַס, אָדער געהן באָרפוס, האָט מען פעשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אָרימער און דאָ, וואו אָרימקייט, דאָרט איז גנבה. האָט מען זיך באַלד געשטעלט איינער נעבען אַנדערן כאָרכלען און שפּרינגען ווילד אין דער לופט אַריין.

פערקעהרט, ווידער, ווען מען האָט בעמערקט אַ מענש מיט אַ זילבערן שטעקעלע, איז מען געבליבען רוהיג ליגען, אַדרבא, אַדרבא, געה זיך פריי אויף גאָטס וועלט. אָט דידאָזיגע הינד האָבען ווייניג וואָס דערמאָהנט אין דער קאַטעגאָריע הינד, וואָס וואַנדערן, קומען נישט שלאָפען און יאָגען זיך נאָך צויגען. ניין, דאָס זענען געוועזען הינד אָבגעהיטע, הינד מיט אַ טראַדיציע, און אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, בעשעפענישען מיט אַ ריינער משפחה-פערגאַנגענהייט. ווען זיי פלעגען זיך אַמאָל פערטראַכטען, אַ שטייגער, ווער איז געוועזען זייער פאָטער, האָבען זיי זיך פאָרגעשטעלט אונבעדינגט אַ רויטען, אַלטען הונד מיט אַ שמאָלער מאָרדע, אַ פלינקער צום לויפען, ווי זיי זענען און אַ טרייער אָבהיטער, ווי זיי זענען. ווען זיי האָבען זיך פערטראַכט, ווער זענען געווען אָדער דאַרפען זיין די קינדער, האָבען זיי זיך פאָרגעשטעלט קליינע כאַרטלעך, וואָס וועלען זיך אַ צייט האַלטען ביי זייער ברוסט, דערנאָך וועלען זיי פריין

אין דינסט אָפיצירען, אָדער פּאָלעוואַניע, אָדער פּערנעהמען גאָר אַזא מין פּאָסטען, ווי זיי.

די הויפּטזאַך אבער איז אויף זייער געדאַנק קיינמאָל נישט געקומען, עפּעס אַזעלכעס, וואָס אין זייער משפחה־לעבען זאָל זיך פּערמישען א פרעמד מין. נור דא איז מיט זיי עפּעס געשעהן.

פון דער צייט אָן, וואס עס האָבען אויפגעהערט צו קומען סוחרים נאך בראָנפען און די הינד האָבען נישט געהאַט וואס צו היטען, האָבען זיי אָנגעהויבען קודם־כל ארומלויפען. אמאָל איז מען נאָכגעלאפען נאך א פוהר און איבערגענעכטיגט אין דער פרעמד א נאַכט, אמאל צוזאַמען און אמאָל בעזונדער; אויסערדעם, האָט פּאסירט נאָך עפּעס: די הינד די פרעמדע פון דער גייער בראַנ־פען־פאַבריק האָבען זיך אָנגעהויבען חבר'ן מיט זיי זייער אָפּט.

— ווי שען דו ביזט, דו רויטהאָהריגער, — פלעגט אמאָל א שכנ'דיגער הונד פערבלאָנדזשען מיט א שמעקען צום „ער" דעם געלען

— אָך ווי גריילִיך ליב דו ביזט מיר, דו נייער גאַסט, — פלעגט די „זי", די מאַמע קאָמפּלימענטירען דעם שכן.

פון אט דידאָזיגע איידעלע קאָמפּלימענטען איז אָבער ארויס א שטיקעלע טראַגעדיע.

עפּעס איינמאָל האט דער „ער", דער מאַן, בעמערקט, אַז די שכנטע, מיט וועלכע האט אַזוי אפט פערברענגט, האט איהם געבוירען א קינד, נישט ווי ער, רויט, הויך און פלינק, נור עפּעס א גראָב, קיילעכדיג נפש, מיט א שוואַרצער מאָרדע, אַזוינס, וואס מענשען רופען עס „מאָפּס". דער מאפּס האט זיך אָבגעגעבען מיט מיאוסע זאַכען, ווי: כאַפּן מייז און יאָגען זיך נאך קעץ און דער טראַדיציאָנעלער הונד מיט זיין רויטער משפחה־פערגאַנגענהייט האט עס פשוט נישט אויסגעהאַלטען. ער פלעגט שטעהן בלייבען, דרעהען מיטן ווידעל און אין זיינע אויגען זענען טרעהרען געשטאַנען. פון צווייפעל און שאנד האט ער איהם, דעם זוהן, געוואלט צורייסען, נור דא האט איהם דער רחמנות אבגעהאלטען און ער האט נור געוואָיעט צום הימעל.

דיזעלבע געשיכטע האט פּאסירט מיט דער „זי", וואס איז 

אַרומגעגאַנגען אָפּט מיט דעם שכן. האָט מען דערזעהן נעבען איהר אַ סוויטע פודליעס, קלענערע און גרעסערע, בעוואָקסענע מיט וואָהל ווי שעפּסען. אַ טײלמאָל האָט מען בעמערקט ביי דער כּאַרטין זיך קריגען, וואָרקען בייז און בייסען זיך אויף דעם חשבּון. נור אַ סך מאָל האָט מען זיי געזעהען לויפען מיט זייערע קינדער איינס נעבען דאָס אַנדערע מיט עפּעס אַ הינדטישער קללה אין די אויגען, פּונקט ווי זיי וואָלטען זיך פרעגען:

—פאַרוואָס קומט דאָס אונז? האָבען מיר דען נישט געהיט אונזערע בעלי־הבּתּים? נישט געהאַלטען פון זייערע שבתים און ימים־טובים?

און דער ענטפער, דוכט זיך, האָט דאָ געקאָנט זיין אַנ׳איינבּאַכער. דאָס מזל פון די בעלי־הבתּים שפּיגעלט זיך אָפּט אָב אויף דער נשמה פון הונד. אַזוי־ערנאָך האָבען די צוויי ר׳ מאַטישע הינד אָנגעוויזען זייער עקאָנאָמישען און פאַמיליען־צושטאַנד. די פערביטערונג און דער הונגער איז כּסדר געוואַקסען און דאָס וואָהנזיניגע משפחה־צומישונג האָט זייערע הינדטישע הערצער פערפּאָלגט.

עפּעס איינמאָל האָט מען געזעהן אַ מאָדנע זאַך

דערזעהענדיג זייערע פרעמדע קינדער שלאָפען, האָבען זיך ביידע כּאַרטען אויפגעשטעלט, זיך עפּעס אין דער־שטיל דורכגעשמועסט און גענומען לויפען.ביים לויפען אָבער האָט מען בעמערקט, אַז דאָס איז נישט אַ לויפען ערגעץ אום צוריקצוקעהרען, דאָס איז געוועזען אַ לויפען ווי נאָך אַ ווילדען שטעקען־שלאָגען, אַ לויפען ווי פון פייער, אַ לויפען פון דער נייער וועלט און פון דעמאָלט־אָן האָבען זיי פערלאָזט דאָס אונגליקליכע אָרט אויף אייביג, אייביג.



# דער דור אַלטע פֿויגעל.

וואָס נישט וואָס האָט פערלאָזט די אַלטע ר׳ מאָטישע וועלט: די גוטע סוחרים, דורכגעהער, נדבנים, נדבה־נעהמער, פרעהליכע חסידים, בראָנפען־טרינקער און תורה־לערנער. איין זאַך האָט זיך נאָך פעסט געהאַלטען ביי די פענסטער פון ר׳ מאָטיען: די פויגעל.

מיט יאָהרען צוריק האָט פון אַ נאָהענטען וואַלד פערבלאָנדזשעט אַ סטאַיע פויגעל, וואָס האָט געזוכט אַ נעסט נישט אויף קיין בוים, דען דער בוים איז סוף־כל־סוף נישט קיין זיכערע זאַך: היינט קאָן מען איהם אונטערהאַקען, מאָרגען קאָן אַ ווינד אַראָביאָגען די נעסט און איבערמאָרגען קאָן עפּיס אַ חיה׳לע זי פערדאַרבען. און וואו קאָן זי שוין זיין זיכערער ווי ביי אַ פענסטער? און נאָך אַזאַ פענסטער, וואו גוטע מענשען וואוינען דאָרט? דאָרט, וואו פריהלינגס־צייט, ווען דאָס פענסטער ווערט געעפענט, געהט מען צו בעזאַכט, מען רוקט עס, מען רוקט עס און מען זאָגט מיט מיטלייד: ריהר נור נישט די פויגעל־נעסט. אין זומער־צייט, ווען די פענסטער זענען אָפען, כאַפּט מען זיך

אַראָב אין דער שטילער שטוב נאָך אַ קרישקע, אַ ביסעל וואַסער און גערשטענקערנער.

אָט דידאָזיגע פויגעל זענען אויך געוועזען גאַנץ אַנדערע, ווי די, וואָס לעבען אין וואַלד, דען די וואַלדישע זענען בטבע שטיקלעך הולטאַיעס, לעב־קינדער, מיין נעסט, דיין נעסט, אַלץ איינס, קיין גרויסער אונטערשייד איז עס נישט. דאָ אָבער האָט זיך געהאַלטען אַ שטיקעל טראַדיציע, וואָס איין פּאָר פון דער ערשטער סטאַיע האָט זיך בעזעצט אונטער'ן פענסטער און ער־צויגען דורות, דורות ריין־פליגעלדיגע, מיט שבתים און ימים־טובים, מיט שמחות און טרויערן, פונקט ווי ביי מענשען.

נישט אויפ'ן ווינד, אַלזאָ, איז בעשאַפען געוואָרען אַזאַ נעסט און נישט דורך קיין איין טאָג, נור דורך צייטען זענען טאַטע־מאַמע אַלעמאָל, מיט נייע פעדערלעך, צוגעקומען צו די פענסטער און פערשטאַרקט, פערשטאַרקט די נעסט פון די קינדער. פלוצלונג אָבער אין איין שענעם טאָג—און עס געשיהט אַ מאָדנע מעשה: עפּעס פון דער זייט פון דאַך הערט זיך אַ קלעטערן פון מענ־שען און נישט ווי דאָס קלעטערן פון קוימענקעהרער ביים קוי־מען, נור גאָר נאָהענט פון פענסטער, אָהן פּאַרזיכט טראָגט מען אַראָב דאָס בלעך, דערנאָך הערט מען זעגען די בעלקעס, דער־נאָך, ווען עס קומט אונטער'ן פענסטער, זעהט מען עפּעס אַ ווילדע האַנד געבען אַ רייס אַראָב און אַ געשריי:

—פויגעל? ווער דאַרף דאָ פויגעל?

די אַלטע נעסט פאַלט צוזאַמען מיט די יונגע קינדער און אייער, נור די עלטערע דרעהען זיך, דרעהען זיך אַרום פענסטער און ווערען משוגע פאַר דעם זעהעניש. זעלבסטפערשטענדליך, ווערען אָט די היימלאָזע פויגעל חברים פון די וואַלד־פויגעל, זיי שלאָפען-איבער ביי זיי אַ נאַכט און עסען מיט זיי צוזאַמען.

דער געדאַנק אָבער, אַז דאָרט אונטער'ן פענסטער איז גע־פאַלען זייער נעסט, לאָזט זיי קיין רוה נישט. ס'רוב אין פריה־מאָרגען קומען זיי אָן מיט זייערע חברים, דרעהען זיך, פּישטשען און קלאַפען־אָן מיט די שנאָבעלעך אין דעם קאַלטען מויער.

דאָס לעבען געהט און פאַר די פויגעל־אויגען ווערען בע־

שאַפן נייע מויערן מיט נייע פענסטער, עפּעס אַזעלכע גלאַטיגע, שענע, דאָך נישט קיין אָנגענעהמע. די פויגעל הויבען־אָן צו וועבען אַ נייע נעסט, עס גיט זיך זיי קוים איין עפּעס אויסצוועבען, נור דאָס איז שוואַך ווי שפּינוועבס. דערצו בעמערקט זיך עפּעס אַ צומישונג פון לעבען, אַלטע און נייע פויגעל, חברים און נישט חברים, פרעמדע טאַטעס, פרעמדע קינדער, פרעמדע פענסטער, פרעמדע שטימען פון מענשען. אַך, סאַראַ צומישטע וועלט.

אָט דאָס האָבען אויך דערפיהלט די אַלטע פויגעל. זיי האָבען געזעהן, אַז פּאַר זייערע אויגען איז אָבגעשטאָרבען די אַלטע נעסט, און ביים פענסטער פון די נייע הערשט עפּעס אַ מאָדנע לייכטזיניג לעבען, אַ פאַלש צוויטשערן פון פרעמדע טאַטעס צו פרעמדע מוטערס, אַ קאָקעטעריי פון שוועסטער צו ברידער און פון זוהן צו אייניקלעך. וואָס־זשע האָבען זיי געטהאָן, די אַלטע? עפּעס אין איין פריהמאָרגען, ווען זיי זענען געשטאַנען געגענאיבער און בעטראַכט דאָס משונה׳דיגע לעבען, האָבען זיי מיט עקעל און האַס פערלאָזט אָט די משונה׳דיג־צומישטע וועלט...



# דאָס משוגעת פֿון די פֿערד

דאָס אַלטע געשפּאַן פֿון ר׳ מאָטיעס קאָטשען און שליטענס איז בעשטאַנען פֿון צוויי פֿערד: אַנ„ער" און אַ „זי". זייער פֿאָטער, אַ הויכער, רויטער אַראַבער, האָט אין ר׳ מאָטיעס שטאַל זעהר גוט געלעבט, געפּאַשעט זיך מיט׳ן בעסטען האָבער, געפיטערט זיך אָהן פּענטעס, געבריקעוועט איבער די פרייעסטע לאָנקעס און קיינמאָל נישט געטראָגען און געשלעפּט קיין משא. דאָס איז געוועזען אַ מין „פריץ" צווישען פערד, וואָס פון דעם קלענסטען „איבערפאָהרען זיך", „איבערעסען זיך" איז עס באַלד קראַנק געוואָרען און אַ גאַנצע מחנה וועטערינאַרען האָבען איהם שוין געהיט בייטאָג און ביינאַכט. אַזוי איז מען זיך אויך בעגאַנגען מיט זיינע קינדער. פון די קליינע יאָהרען אָן זענען זיי אַרומגעלאָפען איבער די פרייעסטע לאָנקעס, מיט גלעקלעך און זילבערנע ציימלעך, פרעהליכע, כיכקעדיגע, כיי־כי, כאַ־כאַ, ווי גוט איז אונז אויף דער וועלט.

ווען זיי זענען עלטער געוואָרען, האָט מען זיי איינגעשפּאַנט קוים אין ר׳ מאָטיעס אַ קעטשיל צום שפּאַציר, גור מעהר האָ-

בען זיי נישט געוואוסט: דורכשפּאַצירען זיך, דורכפאָהרען זיך און רוהען.

זענען זיי אַמאָל געקומען אין שטאָדט? האָבען זיי זיך אַמאָל צוגעקוקט צום שווערען קרעכצען אונטער די משאות פון זייערע ברידער? האָבען זיי בכלל געוואוסט פון קראַנקהייט און דערפון, אַז דאָרט, אין שטאָדט, שטאַרבען פערד, ווערען צו־שניטען און געוואָרפען פאַר די מיילער פון הינד? ניין! זענען זיי נור אַמאָל פערקיהלט געוואָרען, לייכט בעקומען אַ קאַטאַר, און דאָ איז מען שוין גלאָפען אַרום זיי. ווי אַרום אַ קימפעטאָרין, אַזאַ יחוס זענען זיי געוועזען.

אָט דידאָזיגע פערד האָבען נישט נור נישט געוואוסט פון קיין רעש און טומעל, נור בכלל איז זיי פרעמד געוועזען דאָס אַלץ, וואָס עס שמעקט נישט מיט ר׳ מאָטיעס וועלט. אַ הויז האָט, לויט זייער פאָרשטעלונג, געדאַרפט זיין נידעריג, גרין גע־פאַרבט, מיט אַ רויטען קוימען, אַז זיי זאָלען איהם קאָנען זעהן. אַ פאַרקאַן—אַ געפלאָכטענער פון ריטער, אָדער שטאַכעטען. אַ קרושניע, אַ רויטע, צו שמידען זייערע פאָדקעווקעס, אַ סלופּ אין דער גאַס פאַר שגצים צו קריכען אין זונטאָג, אַ צוויי קוימענ־קעהרעס מיט בעזעמס, אַ סטראַזשניק, אַ קונצענמאַכער, אַ שטריק־געהער. דאָס אַלץ האָבען זיי געקאָנט פון די פּאָר דערפלעך, וואו זיי פלעגען דורכלויפען ביים שפּאַציר. פון אַנדערע זאַכען זענען זיי געוואָרען איבערראַשט און דערשראָקען. שוין דער רוסישער זאַוואָד מיט די קראַטען ביים פענסטער און מיט דער ווייסער שיין פון עלעקטריע האָט זיי פערוואונדערט, און ווען זיי פלעגען דורכלויפען, האָבען זיי זיך תמ׳עוואַטע צולאָזט, איבערקעהרענ־דיג דאָס וועגעלע אונטער זיך.

שפּעטער איז געשעהן מיט זיי נאָך עפּעס אַ מאָדנע זאַך. שטעהענדיג איינמאָל אין שטאַהל, איז אַריין אַ הויכער מענש, מיט אַ געטאָקט שטעקעלע און מיט לאַקירטע לעטשעלעך, מיט אַ גוי אַ הויכען און גערעדט שטיל:

—אָט די פערדלעך, סטאַכאָ, זענען זיך שוין דאָ גענוג אויסגעשטאַנען, צופיל גוטע יאָהרען געהאַט, אַצינד נעהם זיי

אונטער דיין אויפזיכט, הייס זיי טראָגען ציגעל, שלעפּען אייזען. און מיט איין מינוט, זענען זיי געוואָרען אַריינגעצויגען אין עפּעס אַ וועלט פון הויכע, רויטע הייזער, מיט שפּיצען, ווי ביי אַ קלויסטער מיט „פּאָטשטעווען ציגעל” און לעשען וואַפּנע. דער פריה־מאָרגען האָט זיי אַרויסגעיאָגט אין גאַס, ביינאַכט האָבען זיי געפּיהלט די לאַסט אין די ביינער און דאָס אָברייבען די הויט פון די משאות. אַנ׳ענגע, דושנע וועלט! פון וואַנען איז זי געקומען? ווער האָט זי פּעראורזאַכט? און שאַ, דאָ איז געשעהן פּאַר זיי עפּעס מערקווירדיגעס: געהענדיג איינמאָל דורך די ברייטע שטאַהלען, וואוהין זיי פלעגען אַריינפיהרען די פּעסער, האָבען זיי געזעהען דאָרט זיצען זייער ר׳ מאָטיע׳ן, דעם אַלטען, גוטען ר׳ מאָטיע׳ן, און דאָרט פון ווייטענס, ביי די גרויסע מויערן, האָבען זיי געזעהן קאָמאַנדעווען עפּעס אַ הויך געטאָקט פּאַרשוינדעל. זייער געדאַנק האָט זיך שיעור נישט איבערגעדרעהט און זייער מוח, שיער נישט געפּלאַצט. זיי האָבען געוואָלט טהאָן אַ משוגע׳נעם הירזשע און אַנטלויפען, וואו די אויגען וועלען טראָגען. אָבער... זיי האָבען זיך צוריקגעהאַלטען.

דאָס לעבען איז געגאַנגען, די שווערע משאות און די פּיין, וואָס די פערדישע הערצער האָבען געטראָגען אין זיך, האָט זיך אויך אָבגעשפּיגעלט אויף זייער אויסערליך אויסזעהן. טאָג־טעגליך זענען מעהר אַיינגעפאַלען די זייטען, אַרויסגעשטאַרצט די ביינער, און פערברענט איז געוואָרען די הויט פון די שפּריצען הייסען קאַלך און ציגעל, וואָס איז פון די געביידעס געפאַלען.

עפּעס איינמאָל איז געשעהן אַנ׳אויסטערלישע זאַך: נאָך אַ שענעם טאָג, זענען זיך אויף אַנ׳אָרט צוזאַמענגעקומען מאָדנע מענשען, איינער אין אַ גרין היטעל מיט אַ רויטער באָרד, איינער אַ יונגער, גאָר אָהן אַ באָרד, אַ מענש מיט אַ צילינדער, מיט אַ דאַמע אין שוואַרצען און אַ דאַמע מיט אַ רויט געבלומט קלייד, אין אַ רויטען הוט. די אַלע האָבען זיך אַריינגעזעצט אין דעם קעטשיל, אין וועלכען די פערד זענען געווען געשפּאַנט, די בייטש און די לייטשעס האָבען גענומען נישט

די מענער, נור די רויטע דאַמע, וואָס האָט אַ קאָמאַנדע געטהון: גאַלאָפּ!

די פערד זענען געלאָפען, אומקוקענדיג זיך מיט מורא, בישט פערשטעהענדיג, ווער עס זענען די בייע מענשען, און וואונדערנדיג זיך, פון וואַנען עס קומט אַ בייטש צו אַ פרוי אין האַנד אַריין, האָבען זיי זיך צוהירזשעט הויך, מיט אַ געלעכ־טער און אַ געוויין.

—גאַלאָפּ!—האָט זיך געפיהלט אַ שמיר פון אַ נייער בייטש.

די פערד האָבען געהירזשעט און געפלויגען. בשעת'ן לויפען האָבען זיי אָבער דערשפירט עפּעס אַ דרעהען אין קאָפּ, די פעלדער, וועלדער זענען משונה'דיג געשפּרונגען, די וואַסערלעך האָבען זיך איבערגעקעהרט.

גאַלאָפּ! גאַלאָפּ!

די פערד האָבען שוין פערגעסען אָן זיך, אָן די מענשען, נור געפיהלט, אַז מען יאָגט און מען לאַכט און אַז לויפען מוז מען... נור אָט, אָט, פליהט־אַרויס איין מענש פון בריטשקעלע... נאָך איינער... און אַ דריטער... דאָס בריטשקעלע פליהט לע־דיג... עס רייסט זיך אָב אַ האָלאָבליע... אַ ראָד פליהט... זיי זע־נען אַריין אין וואַלד... מען שיסט זיי נאָך... באַך! באַך! גאַ־לאָפּ! גאַלאָפּ!

— — — — — — — — — — — — — — —

דער צומאָרגענדיגער טאָג האָט געטראָפען די פערד איינ־ציגע, משוגע'נע, לויפען איבער דער ווייטער, ווייטער וועלט. פלינקע, פלינקע יעגער האָבען זיי געכאַפּט, אַריינגעזעצט אין דולהויז פאַר פערד, געשלאָגען זיי, געלערנט זיי צוריקקעהרען צו דער נעכטיגער וועלט, אָבער פערפאַלען. די נישט קלאָרקייט און אַ געפיהל פון געוויסענביסע האָט געפּייניגט די צוויי איינזאַמע פערד־נשמות. עס איז זיי געוועזען אי בענגליך, אי ביטער, אי פערדראָסיג אויף גאָטס וועלט.



## מאריטא איז אויך מיך.

אַזויערנאָך איז ביסלעכווייז פערגאַנגען די לעצטע, לעצטע קלאַנגען פון דער אַלטער וועלט, און די הייזער פון אַלטען ישוב זענען געוואָרען שיטערער, זעלטענער, עפּיס ווי דערדריקט פון עפּיס אַ געהיימער האַנד. און געגענאיבער זענען די מויערן געוואַקסען שטאַרקער. אָט איז אַ פּאָליציי־הויז, אַ הויז פון אַ געריכט, אַ הויז פון אַ נאָטאַריוס, אַ טאַנק־הויז, אַ טרינק־הויז, אַ הויז פון שפּילען און טאַנצען און אַ מתים־הויז. ביי די פענסטער פון די הייזער האָט מען געזעהן וועבען נעסטען פויגלעך, אָבער שוין נישט די אַלטע טרייע, נור עפּעס פויגלעך פון פאַלשער קאָקעטעריי און לייכטזין; הינד, שוין נישט די טיר־היטער, נור הינד פון געמישטען מין, זויפער, פרעסער און פאַלשע היטער פון לעבען

פערד, שוין נישט די טרייע „מיוחסים", נור שקאַפּעס, מידע, דערשלאָגענע, אָדער פערדלעך פון פריצ'ישען מין, וואס

טויגען צו אַלץ; זיי טויגען צום רייטען, צום שלעפּען, צו א בריטשקע, צו א פוהרעל...

און ווי סתירה צום נייעם לייכטזיניגען לעבען איז געווען פאר די אויגען די אַלטע משפחה, וואס האט ניט פאַרשטאַנען, צו וואָס און צו ווען איז אט דאס גאַנצע שפּיל.

פון צייט צו צייט פלעגט דער אַלטער ר׳ מאָטיע ארויס־גען פון זיין קאַמאָרקע, אנשפּאַרען זיך אויף זיין זילבערנעם שטעקען און בעטראַכטען אט דאס געשפּענסט פון די הויכע, שפּיציגע מויערן, אריינקומען צוריק, זיך אוועקלעגען מיט א שווערען, באַסאָווען זיפץ, צו קיינעם נישט רעדענדיג.

דאס ווייב איז צוגעקומען און האט אריינגעשיקט אין זיינע אויערן א פּאָר גוטע ווערטער. און מאָטיע האט געענטפערט:

— בּאַ, נאך וואס דאס ריידען, קיין וועלט קאן נישט ווערען איבערגעמאַכט, און קיין טויטע שטעהען נישט אויף פון קיין קברים. געשטאָרבען, בעגראָבען, ווי דער שטייגער איז. דערהערענדיג די ווערטער, איז מאַריטא צוגעקומען מיט עפּיס א בלאַס שמייכעלע, אוועקגעזעצט זיך און געשעפּטשעט:

— נאך וואס טרויערן, טאַטעשי, קיין אונגליק דא נישט געשעהן. אָבגע׳פטר׳ט אט די אַלטע הייזער, וועלען מיר איצט לעבען אין נייע, ווי פּריצים, געגען די בעלי־חובות וועט שטעהן צאַלע. ווארום פאַן צאַלע זאָגט, אַז אזעלכע זאַכען פּאַסירען אָפט, רייכע ווערען אָרים און ארימע רייך, און אַלטע בעלי־הבתים ציהען זיך אריין אין נייע הייזער, און איבער נייע הייזער רעגירען נייע בעלי־הבתים. אַך, טאַטעשי, נאך וואס דאס טרויערן, פאַן צאַלע איז א גוטער, זיין הויז איז א פרעהליכס און לעבעדיגס.

מאַריטא האט גערעדט זאַנפט און ווייך. מיט דידאָזיגע רייד האט זי געוואָלט געווינען ליבע אי פאר זיך, אי פאר צאַלוש׳ן. נור דער פאָטער האט אָבגעענטפערט:

— זיין הויז איז א גוטס, קאָן זי געהן צו איהם. דער טאַטע האט פאר איהר קיין וואָרט נישט, און פון איהרי וועגען וויל ער מעהר נישט וויסען.

און מיט דידאָזיגע ווערטער איז מאַריטא אַוועק פון טאַ־
טען, אַרומגעבלאָנדזשעט עטליכע מינוט ביי די הייזער פון
אַלטען ישוב, געקומען צווישען די נייע הייזער, אַוועקגעשטעלט
זיך פאר צאַלושן און געשעפטשעט:

— מאריטאס גליק, נישט קיין גוטס, פאַן צאלע. טאַטעשי
זאגט, אַז קיין אלטע פויגעל טארען נישט זוכען קיין נייע
נעסטען, און די, וואס זוכען, די שטרויכלען. און צאַלוש
ענטפערט:

— די אַלטע פויגעל זאָלען שטארבען און די נייע זאלען
אַ גרויסע טרייסט געפונען. מאריטא, די וואָס וועלען לעבען אין
צאַלושעס שטוב, פאר די ווער שפילען די פיאַנינאָ און קלינגען
די סטרונע פון פידעל. מאַריטא איז מיין, אָט וואס איך האָב
געוואלט זאָגען.

אַזויערנאָך איז געווארען די זאַך זעלבסטפערשטענדליך:
מאַריטאַ, מאריטא מוז מיין זיין! עס איז נישט נור געוועזען
צאַלושעס וואָרט, עס איז געווארען די זאַך זעלבסטפערשטענדליך,
איינגעפאַלען ר׳ מאטיעס פערמעגענס, איינגעפאלען דער גרויסער
פלאַן פון קיום המשפחה, וואו־זשע אהין וועט מאריטא געהן?



## די ברוגז'ע חתונה

## אויפ'ן נייעם ישוב

מאַריטאַס קומען צו צאַלוש'ן, איהרע אָפטע וויזיטען אין געזעלשאַפט פון צאַלושעס שטוב, דאָס אָנמעסטען אָפּט די אויסרינגלען פון זיינע דריי געשטאָרבענע ווייבער און דאָס טאַנצען זעהן פון די געסט, האָט אָנגענומען אַ געוועהנליכען כאַראַקטער. אַ געוועהנהייט איז אויך געוואָרען דאָס, וואָס וויפיל צאַלוש זאָל נישט אויסלאַכען מאַריטאַס אַלטע צניעות'דיגע וועלט, האָט איהר אויפגעהערט צו אַרען.

„צאַלע מיינער איז פאָרט גערעכט",—פלעגט זיך מאַריטאַ טראַכטען אין דער שטיל דאַן, ווען זי פלעגט אַ בליק וואַרפען צווישען די אַלטע און נייע הייזער. און מיט דער געוועהנהייט איז אויך צוגעקומען נאָך אַ געוועהנהייט צו פערגעסען ביסלעכווייז די פריידען און שמחות פון אַלטען ישוב און צו ענטציקען זיך מיט דער נייער וועלט—זעהטס נור די הייזער, די קאַרניזען, אָט דעם לוסטיגען טומעל אַרום,—פלעגט מאַריטאַ אינערליך בעדאַנקען צאַלוש'ן. און וואָס מעהר זי האָט איהם בעדאַנקט, אַלץ מעהר האָט דאָרט די שטוב פון צאַלוש'ן אויפגעלעבט מיט טשי-

נאָווניקעס און פידעלדיגע פאַרשוינען, מיט געלעכטער און געזאַנג פון האַלב־קולטור און האַלב־שכרות, מיט קליינשטעדטעלדיגע ניגונים און גרויסע אַכזריות׳דיגע פראָצעסען און איבער דערדאָזיגער נייער וועלט האָט איינמאָל גאַנץ בעשיידען און שטיל אַ טראָג זיך געטהאָן:

—היינט איז מאַריטאַס חתונה!

נישט צוגעגרייט איז זי געוואָרען מיט חדשים פריהער, נישט בעזונגען און בעקלונגען זענען די חדשים געוואָרען, נור איינפאַך זענען זיך מחותנים מיט עטליכע טעג פריהער צוזאַמענגעקומען, דורכגערעדט זיך עפּעס אין דער שטיל און שפּעטער, אין איין שענער נאַכט האָט מען געזעהן אין צאַלושעס פענסטער הענגען ווייסע גאַרדינען, דורך די גאַרדינען האָט געשלאָגען אַ ווייסע עלעקטעריע. אויף די וואַנד, טאַפּעטירט אויף רויט, האָט זיך דאָ, דאָרט געזעהן עטליכע בלויע שלייפען, עטליכע בלויע קרענץ פון בלומען, נור נישט די זאַנפטע ר׳ מאָטיש־מאַריטישע קנאָספּען. דאָס זענען שוין געוועזען די בלומען פון מאַגאַזין, וואָס האָבען שוין זייער ערשטען פעלד־ריח אָנגעוואָרען אין דערמאָהנט אין די קראַנצען, וואָס ווערען געלעגט אַ טויטען צו פוסענס. אין שטוב זענען נישט געשטאַנען די ברייטע סערווירטע טישען, נור סך־הכל אַ פּאָר מאַרמאָרנע טישלעך מיט טשינאָווניקעס, האַלבע לעהרער, גערייכטס־בעאַמטע, וואָס האָבען מיט בינאָקלען אויף די אויגען בעטראַכט מיט אַ מאָדנער צינישער פילאָזאָפיע די מענשען פון דער אַלטער וועלט: דאָס זענען אויך בעשעפענישען? אַרום זיי האָט מען געזעהן אַ פּאָר קעלנער מיט ווייסע האַנדטוכער אויף די אַקסלען יאָגען, טרייבען די לופט און דרעהען זיך נור אַרום די, וואָס זענען בערייט צו געבען טרינק־געלד.

דאָס איז געוועזען איין טייל מענשען. פון געגענאיבער אין עפּעס אַ זייטיגען ווינקעל איז געזעסען מאָטיע, האַלב יום־טוב׳דיג, האַלב וואָכעדיג, צושויבערט, נעבען איהם דאָס ווייב מיט טרויעריגע ציטערשפּילקעס אין קאָפּ. דער פעטער, די מוהמע

און סאָסיע זענען צוזאַמען געזעסן און נישט פערשטענדליך אָפּ־געמאָסטען מיט פיינדליכע בליקען די געגענאיבערדיגע.

אויף די אַלע איז עפּעס געוועזען אויסגעגאָסען אַ ברוגז, עפּעס אַ מין פערביטערט געפיהל, וואָס האָט זיך אַ דאַנק דעם נישט וועלען שטערען די שמחה איינגעהאַלטען. זיי זענען גע־גאַנגען אָנגעטהאָן אין חתונה׳דיגען. זיי האָבען אויסגעזעהן ווי ברוגז׳ע מלכים אויף אַ פרעמדער סעודה.

אויף אַ דריטער זייט, איינע אַליין, איז געזעסען מאַריטאַ, אָנגעטהאָן אין בלויען זייד, מיט ברילִיאַנטען פון צאַלושעס שניט. איצט האָבען זיך איהרע באַקען געענדערט, זיי זענען שוואַך גע־שטאַנען אַרום די חן־גריבעלעך און יעדעס מאָל, ווען דער דעק־טוך איז אַוועק, האָט מען בעמערקט טרעהרען, ניין! נישט קיין ערקוויקונגס־טרעהרען, דאָס זענען געוועזען בעדענקליכע טרעה־רען אויפ׳ן טאַטענס פערמעגען, אויף דער בלאַסקייט פון פאָטער און מוטער און, שאַ, אפשר האָט איצט דאָס ערשטע מאָל אַ קלאַפּ געטהאָן אין איהר צאַרטער ברוסט די חרטה איבער׳ן טאַטענס געבראָכענעם וואָרט?

די ערשטע העלפט פון דער חתונה איז אוועק ווי די אלע חתונות, וואס זענען געמישט מכל־המנים. עס האבען גע־טאנצט א פאָר יונגע פרויען פון אלטען שניט, צניעות׳דיג מיט די אויגען אראָב און מיט בעשיידענע טריט און אָנגעשטויסען זיך מיט עפּעס א לייכטזיניגער דאמע פון צאלושעס שניט. א טענצערין פון דער בייער וועלט האט געטאנצט און אָנגעטראטען אויפן פוס פון א פרומען גאטספארכטיגען לערנער פון ר׳ מאטיעס שניט. און דאס האט עפּעס אין זיך געשפּירט א געגענזאץ. זענען זיי שטעהן געבליבען, א קוק געטאהן זיך פרעמד, האלבּ־פערדריסליך: ווי קומסטו אַהער?

אט דאס איז געוועזען דער ערשטער טייל.

דער צווייטער טייל פון דער חתונה איז שוין געוועזען פאר די נאהענטע. עס זענען אויך געווען די אלע לייכטע מענשען, די וואס קומען א לעב צו טאן און עס האבען זיך אנגעהויבען זעהן

145 די נאהענטע מענשען, די וואס דארפען דערפיהלען די היימישקייט

צווישען זיך. פון ווייטען זאָל האָט זיך געזעהן צאַלוש אָנגע־
טהאָן אין אַ שוואַרצער קאַפּאָטע מיט אַ בלום אויפ׳ן לאַץ. ער
איז צוגעגאַנגען צו די מחותּנים און אַריינגעזאָגט ווי צו קיינעם
נישט: מזל־טוב!

מאָטיע האָט שוואַך אויסגעצויגען די האַנד, זערלאַנגט זי,
די מחותּנת׳טע האָט געענטפערט מיט אַ קאַלטען שאָקעל פון
איהרע ציטערשפּילקעס. סאָסיע האָט פערבעהאַלטען די אויגען
אין די הענד, דער פעטער חיים און די מוהמע האָבען בייז גע־
רעדט עפּעס.

—דאָס איז אַ איידעם צו גאָט און צו לייט,—האָט פּלוצלונג
אַריינגערעדט עמיצער פון די נאָהענטע.

—אַ מענש, וואָס טויג צו געריכט און צו בראַניען ספּראַוועס,—
האָט פּאָפּראַוועט אַ צווייטער.

—היינטיגע צייטען דאַרף מען אַ וועלטליכען מענש,—האָט
מזל־טוב אָבגעגעבען אַ דריטער.

—ר׳ מאָטיעס איידעם איז אַ וועלטליכער מענש

צאַלוש איז דורכגעגאַנגען אַלעמען מיט אַ העפליכען מזל־
טוב.

און כאָטש ער האָט זיך העפליך בעצויגען, האָבען די נאָ־
הענטע דאָך געפיהלט אַ פרעמדקייט, מען האָט איהם אי געאירצט,
אי גערוצט, אי בעטראַכט מיט עפּעס אַ פרעמדער געמאַכטער
וואַרימקייט, אי צוגעצויגען מיט וואַרימע רייד.

אַז ער האָט זיך אָבגעפּאַרטיגט מיט די מחותּנים, איז ער
פאַרביי מאַריטאַ׳ן און איהר געדריקט די האַנד מיט דער מינע
פון אַ פּראָצענטניק זיין קליענט פאַרן ערשטען געשעפט. דער־
נאָך איז ער צו צום טישעל פון די טשינאָווניקעס.

מאַריטאַ איז געזעסען פון ווייטענס און דאָס ערשטע מאָל
יין איהר עפּעס נישט געפעלען צאַלע. עס איז איהר נישט גע־
פעלען זיין העפליך זאָגען „מזל-טוב״, זיין אויסגעפוצטקייט, זיין
דריקען איהר די הענד און זיינע שמייכלען צו די טשינאָווניקעס.

עס זאָל עס קיין חתן נישט לאָזען קיין טרעהר אויפ׳ן
טויט פון עלטערן ביי דער חופּה און נישט בעטען אין דער 

שטיל, אז טויטע זאָלען זיך מיהען פאר איהם, — האט מאַריטא געשעפּטשעט צו זיך. אצינד איז שוין שפּעט. נאָך דער חופּה האט מאַריטאַ אונבעדינגט בעדאַרפט עמיצען פון די שטוב־מענשען בע־בען זיך. דאס איז געווען דער פאטער מאָטיע. אין דערדאָ־זיגער גאָהענטקייט האבען בעדאַרפט געשעהען צוויי זאַכען, ער־שטענס, די אָפענע סליחה ומחילה, וואס זי האָט בעדאַרפט בעטען דעם טאטען פאר איהרע קינדישע קאַפּריזען, דעם דאַנק פאר די גוטע קינדערשע טעג, די אפענע מחילה פארן ברעכען דאס גרויסע וואָרט און נאָך עפּעס. זי האט געשפּירט, אז עס איז נישט דאס. עס איז געשעהען אין איהר אַ מורא, אַ וועלט פון שרעקליכע געשטאַלטען.

זי איז אויפגעשטאנען, דורכגעגאַנגען די שטוב. זי איז געווען שלאַנק און פון איהר שלאַנקייט האט געשמעקט מיט עפּעס פון זייד און ווייץ און עפּעס טרעהרענדיגעס, וואָס פער־צוהלט שוין פון נאָך דער חופּה און נאך די טענץ.

— טאַטעשי, מזל־טוב פאר אונז, — האבען מאַריטאס צאַרטע ליפּען געשעפּטשעט.

דער פאָטער האט שוואַך געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— טאַטעשי, איך זאג, דו זאלסט דיין טאכטער בעווייזען דאס גוטע געמיט איצט, דו זאלסט צו דיין טאכטער גוט זיין.

קיין ענטפער.

— טאַטעשי.

ביים דריטען מאל האט מאָטיע אפּערגענומען די האנד און געזאָגט:

— איך בין דיר מוחל, מלאָכים מעגען דיר אזוי מוחל זיין. נור דער עיקר בין איך דאָ מיד. מיר וועלען שוין פערלאזען דעם טיש, די אויגען קלעפען זיך, די געדאנקען דרעהען זיך. אַהיים, אהיים!

מאָטיע האט גערעדט די ווערטער האלב צו זיך און ער האט צוגעגעבען עפּעס אזאַ מינע, וואס האט דערמאָהנט, ווען דער קערפּער ר' מאָטיעס איז א שוואכער און קאָן נישט אויס־האַלטען זיין צארן. וואלט ער אויפגעריסען און פערברענט זיך

און דאָס אַלץ, וואָס האָט געלעבט און וועט לעבען מיט זיין נאָמען. ער האָט אַרויסגעלאָזט פון מויל אַ טונקעלען רויך פון דער לולקע און פערנעבעלט די פנים'ער פון אַלע נעבענזיצענדע, וואָס האָבען איצט, אין מאָדערנעם חתונה־סאַלאָן אויסגעזעהן ווי אַ שוואַך געשפּענסט פון אַ גוטער פערגאַנגענהייט, און אַלע האָבען געשוויגען.

ביים טיש האָט מען אָנגעהויבען רופען דרשה־געשאַנק. עס זענען פאַרביי מתנות אַלטע, נייע, מתנות גרינגע, מאָדישע און מתנות אַלטע פון אַלטען יודישען שניט. עס איז פּלוצלונג פון צווישען מאָטיעס מענשען אויפגעשטאַנען אַ מענש אַ טרויעריגער מיט עפּעס אַ ליכטיגער ערינערונג אין די אויגען. ווער איז עס געוועזען דער מענש? דאָס איז געוועזען סאָסיע, יענע סאָסיע, וואָס האָט זיך דערמאָהנט, אַז איצט איז געקומען די צייט פון אָבדאַנקען איהר טרייער ערצויגענער מאַריטאַ'ן. זי האָט עפּעס אַרויסגענומען און צוגעדריקט עס, אַ שריט געמאַכט און שטעהן געבליבען, נאָך אַ שריט און ווייטער שטעהן געבליבען. דערנאָך צו צו מאַריטאַ'ן און געשעפּטשעט:

—טייערינקע מאַריטאַ, סאָסיע ווינשט דיר גליק, גליק אייביגען, מלאכ'ישען, שטערענדיגען. אייביג, אייביג זאָלסטו גליקלי ך זיין.—

און דערנאָך עפּעס אָנגעשטעקט אין איהר ברוסט. דאָס איז געוועזען יענער, יענער בריליאַנט, דער ערשטער מאַריטאַס בריליאַנט, וואָס האָט מיט זיין פייערדיגען בלישטש פערשלאָגען די אויגען, און אויסגעדוכט האָט זיך, אַז אויפגעשיינט האָט איצט די אַלטע ר' מאָטישע וועלט, מיט איהרע הבטחות און האָפנונגען און אויסגעדוכט האָט זיך, ווי עפּעס אַ בת־קול וואָלט גערופען: זעהטס, זעהטס, ווי איהר האָט אייערע זיהן געמאַכט פּאַר קנעכט, אייערע טעכטער צו שקלאַפינס. דער בלישטש פון בריליאַנט איז צום אָנהויב געוועזען אַ קליינער, פּלוצלונג אָבער האָט ער זיך געשניטען מיט זיינע שאַרפע שטראַהלען ביז צום טיש פון ר' מאָטיעס משפחה, וואָס האָט זיך פּלוצלונג אָנגעהויבען בעוועגען, סוד'ען זיך און ציטערן. עס האָט זיך באַלד איבער־בעקעהרט אַ גלעזעל, דערנאָך איז אַראָבגעפאַלען אַ ליכט, עס האָט

זיך אָנגעצונדען דאָס טישטוך, דערנאָך איז געוואָרען אַרום אַ געטומעל. עס איז שוואַך געפאַלען מאַריטאַ און באַלד האָט זיך געהערט אַ געשריי פון דער מוטער און מוהמען. עס האָט זיך, ווי אַ וואָלקען, אויפגעהויבען ר׳ מאָטיע, שטעהן געבליבען מיט זיין ריזיגער הויך געגען דעם האַלז פון זיין געפאַלענער טאָכ־טער. ער איז געשטאַנען און פערשטענדליך געקוקט געגען ברייליאַנט און געוואָלט איהם אַ כאַפּ טהאָן. עפּיס וואָס האָט איהם אָבגעשטויסען און ער איז צוריקגעפאַלען.



## צאַלושעס ערשטער שריט

דאָך די נאָך חתונה־טעג אויפ׳ן נייעם ישוב האָבען ווי־
בעשאַפען אַ נייעם פּרעכטיגען גלאַנץ. פון די הייזער איז גע־
וואָרען פאַמעליכעל צוגענומען די רעשטאָוואַניעס און עס האָט
זיך דערזעהן דאָס נייע געשטאַלט פון די קאַזיאָנע הייזער מיט
גאָלדענע אָדלערס און אויפשריפטען, ציווילע הייזער מיט צייכענס
פאַר דער טהיר: דאָ האָט זיך אַריינגעצויגען אַ דאָקטאָר מיט
הויכער בילדונג, דאָרט אַ טעכניק, דאָ אַנ׳אינזשענער, אַ רופא,
אַ טשינאָווניק, אַ קליידער־מאַגאַזין און וואָס נישט?

עס קומען אָן פון ערגעץ סוחרים, הענדלער מיט נייע
מינים סחורות, וואָס מען האָט זיי ביז אַהער נישט געזעהען,
און וויסטאַוועס ווייזען זיך אין די פענסטער, עס ווערט אַ מאַרק
פון קויפער און פערקויפער, אַ מאַגיסטראַט, אַ נאַטשאַלניק, פייער־
ערלעשער, אַ שערער, אַ דראָזשקאַרזש, אַ וואַסער־טרעגער, אַ כלי־
זמר אַ קברן, אַ גאַסען־מיידעל, אַ שענק, אַ נאַכטלעגער־הויז, און
דאָס אַלץ קומט מיט אַ פרישען קראַזש איז די אויגען צו ענט־
וויקלען דעם מסחר.

די הייזער פון אַלטען ישוב זעהט מען שוין נישט, נור
די מענשען פון דאָרט געהען־אַרום עלענדע, אָרימע, שטרעקען־
אויס די הענד אין די געוועלבער. מאַנכע כאַפּען זיך צו געשעפ־
טען און אַ טייל פּערקויפען זיך פאַר מענשען.

דער מסחר און סעזאָן דרעהט זיך. היינט איז אַ צייט פון
גראָבער סחורה, זעהען זיך אויף די טהירען פון די קראָמען
און וויסטאַוועס בורקעס, גראָבע שיך, וואַטע און לייבלעך; מאָר־
גען איז אַ לייכטער סעזאָן, זעהט מען יונגע דאַמעלעך שטעהן
אין די קראָמען און דינגען דאָס לייכטע קאָלירטע און איבער־
מאָרגען איז אַ סעזאָן נישט אַהין, נישט אַהער.

דאָס לעבען האָט זיך אָנגעהויבען דרעהען אויף יענעם
פוס, ווי עס דרעהט זיך דאָ, דאָרט אין געווימעל פון שטעדט און
שטעדטלעך. דער אייגענער יום־טוב, די אייגענע וואָך, דער איי־
גענער טרויער און די אייגענע פרייד און ווען האָט מען אין
וינען געהאַט, בעטראַכטענדיג דאָס אויפוואַקסען פון אָט דער
נייער וועלט ?—צאַלוש פּרעדסעדאַטעל ! וואָס עס איז שייך זיין
שטוב, איז זי שוין נישט געוועזען דאָרט אין אַלטען שטעדטעל ש.
דען דאָרט איז שוין די ספּרוזשינקע געוועזען אָנגעדרעהט פון
זיך זעלבסט. איצט איז צאַלוש געקומען אַהער. צווישען הויז פון
נאָטאַריוס און הויז פון געריכט האָט זיך פאָרמירט אַ הויז אַ
דריטס מיט גרין־געפאַרבטע שטיגלעך און אַ ווייס טהירעל מיט
אַן׳אויפשריפט „טשאַסטני פּאָווערעני”, נור איבערלעזענדיג דאָס,
האָט מען געוואוסט, אַז אויסער דער „פּראָפּעסיע”, איז צאַלוש
אַ געלד־אויסבאָרגער אויף משכנות, אַ טעאַטער־אינהאַבער און אַן־
איבערבויער פון הייזער. ווען מען איז אַריינגעקומען אין שטוב
אַריין, האָט מען איצט נאָך דער חתונה דערזעהען אַ לאַנגען
קאָרידאָר, וואָס האָט געפיהרט אין אַ קאַבינעט מיט אַ גרינעם
טיש. אויף איהם איז געשטאַנען אַ קוישעלע מיט וויזיט־קאַרטען,
אַ פּאָר ביכער פון קאָדעקס, אַ ציגאַר־שפּיצעל און אַ פּאָר חפצים,
וואָס ווען מ׳האָט דורכגעקוקט דורך זייערע שפּאַרונקעס, האָט
מען געזעהען פאַר זיך די מאַריענבאַדער באָד און זייערע נאַ־
סעטע פּרויען ביים טייך.

ווייטער האָט זיך געזעהען אַ גרויסער זאַל מיט צוויי בע־
טען, מיט אַ טיגער־פעל צווישעןביידען, אַ סאַמאָוואַר, אַ ביסעל
יאַפּאַניש געפעס, אַ קרוג מיט קינסטליכע בלומען און אַ גלעקעל.
דאָרט איבער דער שטוב איז אַרומגעגאַנגען אַ בלאַס געשטאַלט,
וואָס האָט געענטפערט יעדען אינטערעסאַנט, אַז דער ווירט איז
נישטאָ און אַז ער נעהמט־אָן צווישען 5 און 6 נאָכמיטאָג.

ס'רוב אָבער, ווען קיינער איז נישט געוועזען, האָט זיך
די פרוי אין דער העלפט צולעגט אין דער גרויסער שטוהל פון
קאַבינעט, פערלעגט די הענד אויפ'ן האַרץ און געטראַכט:

„אַ בעל־הבית'טע פון זעקס גרויסע שטובען, פון אַ גריינעם
קאַבינעט, פון דריי פּאָר אוירינגלעך פון דריי געשטאָרבענע
ווייבער, פון אַ גרויסען סאַמאָוואַר. וואָס פעהלט מיר אויף גאָטס
גוטער וועלט?"

פּריצים! איידעלע מענשען! מענשען, וואָס פרעגען
אַנ'עצה און שטעהען איבּיג פאַר'ן געריכט, און טראַכטענדיג
וועגען דער עצה און וועגען דעם געריכט, האָט עפּעס אַ מאָדנע
געפיהל בעהערשט מאַריטאַ'ן. זי האָט זיך מיט איין מינוט דער־
מאָהנט, אַז דאָרט געגענאיבער זענען פון אַלטע שענע הייזער
געוואָרען קאַמאָרקעס און אַז מענשען, געהילטע אין סאַמעט און
זייד, זיצען דאָרט פערבאָרגט אין די קאַמאָרקעס. פון וואו? פון
ווען? און אַז געגען די מענשען האָט זי, מאַריטאַ, געזינדיגט מיט
נישט דערהאַלטען זייער וואָרט און אַז זי האָט געגען טאַטענס
ווילען שפּאַצירט מיט טוביה'לע שרייבער און געגען טאַטענס פער־
לאַנג זיך איבערגעגעבען אין די הענד פון צאַלוש'ן. עפּעס אַנ'־
איינזאַמע נישט־גוטקייט האָט איהר אַרומגעכאַפּט אין די נייע
שטובען, פון וועלכע עס האָט געשמעקט מיט אייל־פאַרב און
מיט ווייסע נייע גאַרדינען. וואָס איז זי דאָ? ווער איז זי דאָ?
אַ מענש פון צאַלושעס געזעלשאַפט, וואָס דאַרף ווילען צאַלושעס
טשינאָווניקעס און פידעלדיגע פאַרשוינען? אָבער שאַ? אפשר
דאַרף זי דאָ, ווי יענע דריי ווייבער, אָבלעבען אַ געוויסע צייט
און, ווי זיי, אַוועקגעהן, אַוועקגעהן פון לעבען?

ביינער, עס האָבען געטאַנצט פאַר איהר די פּנים׳ער פון די דריי ווייבער, די טויטע, די טשינאָווניקעס און די פידעלדיגע פאַרשוינען. עס האָט איהר עטוואָס געעקעלט און פערדראָסען. זי האָט געציטערט און זיך געשראָקען.

בשעת דער מאַן פלעגט אַריינקומען, האָט דאָס בלאַסע געשטאַלט, פאַלענדיג האַלב־געצוואונגען אין די אָרעמס פון מאַן, צונישט געמאַכט דעם אומעט אין איהר און געשעפּטשעט:

—ווי שען און גוט דאָ אַרום, מיין צאַלע, פּראָסט אַ גן־עדן. נור וואָס? אָט אַריינגעזעצט דערווייל די אַלטע לייט אין די קאָמאָרקעס, וואַלגערען זיך, מיין צאַלע, פּראָסט נישט שען. מענשען געהען־דורך און בעמערקען: „דאָ וואוינט ר׳ מאָטיעס טאָכטער, אַ פּריצטע, און דאָ וואַלגערן זיך טאַטע־מאַמע, קבצנים, בעטלערס, געהערס איבער דער וועלט.״ איז דאָס שען, צאַלע?

מאַריטאַ רעדט, רעדט און צאַלוש זאָגט־אַריין מיט זיין „פּרעדסעדאַטעלישער ווייכקייט״:

—נאַרעלע, דאָס איז דאָך נור דערווייל, כּדי צו ראַטעווען די הייזער און די בעלי־הבּתים פון זייערע חובות. וואָס און ווי אַזוי קאָן מען ראַטעווען דען אַ בעל־הבית פון זיין חוב, אויב נישט מיט דעם, וואָס מען בויט איבער זיין פערמעגען? און ווידער, צי מיינסטו אַז אין קאָמאָרקעס צו לעבען איז אַזוי שלעכט? און וואָס טהוט אַ טויטער, אַז ער האָט נישט מעהר ווי פיר איילען ערד?

מאַריטאַ ווערט בלאַס און פערצווייפעלט, און צאַלוש טרייסט זי:

—נאַרעלע, די אַלטע לייט וועלען דאָך ביי מיר ערגעץ־וואו אַנ׳אָרט געפינען. שרעקען זיך איז נישטאָ וואָס און בלאַס ווערען דאַרפסטו נישט. אוי, נאַרעלע, סאַראַ קינד דו ביזט נאָך און ווי נישט פעהיג דו וואָלסט געוועזען צו שטעהן אין גע־ריכט, אַריינהאַקען עמיצען אַ יאָהר טורמע, חושד זיין עמיצען אין גנבה, כאָטש ער האָט נישט גע׳גנב׳ט און בעשולדיגען עמי־צען אין מאָרד, כאָטש ער האָט נאָך קיין בלוט נישט געזעהן.

מאַריטאַ ווערט בלאַס און דערשראָקען, און צאַלוש טרייסט זי:

—נאַרעלע, אַצינד ביזטו נאָך אַ קינד, אָבער מיט צאַלושעס הילף וועסטו ווערען אַ מענש, אַ מענש אַ גרויסער, וואָס איהם וועט גאָרנישט אַרען, דו הערסט? דער עיקר, ווען אַ מענש געהט מיט אַ שפּיז אין האַנד, דאַרף איהם גאָרנישט אַרען. ער דאַרף געהן גלייך, אָהן מורא, כאָטש מויערן זאָלען זיך איינלעגען.

אָט אַזעלכע שמועסען פלעגען ס׳רוב געהן צווישען מאַן און ווייב, פון וועלכע מאַריטאַ איז אַוועק ווי צובראָכען.

ביי דער אַלטער משפחה האָט אָבער אויך זיך אָפּט גע־דרעהט אַ פלאָנטערדיגער, נישט פערשטענדליכער שמועס, פון וועלכען עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ זויבען און קוועטשען מיט די פּלייצעס.

—איך פערשטעה נישט,—פלעגט ר׳ מאָטיע זאָגען,—אַנ׳איי־גען קינד און דאָך עפּעס פרעמד, פערזעצט די אַלטע משפּחה. ...ן ל׳עכער און אַליין זיך אַוועקגעזעצט אין אַ נייעם מויער. פאַרוואָס דאָס אַנ׳אייגען קינד?

דער פעטער חיים האָט צוגעגעבען:

—די מויערן פון געגענאיבער וואַקסען שענער און שענער און אונז, די אַלטע לייט, קוקען־אַריבער ווי די הינד, פראָסט נישט קיין איידעם, נור עפּעס אַ שגץ־יונג.

די מוהמע און די מאַמע האָבען געהויבען די הענד צום הימעל, סאָסיע האָט זיך פערדרוקט אין אַ ווינקעל און געקוקט מיט די אויגען צום פענסטער.

עפּעס איינמאָל האָט דער אַלטער מאָטיע געזאָגט האַלב צו צאַלע׳ן, האַלב צו די היימישע פון שטוב:

—מיר דוכט, אַז אַריינציהען זיך אין הויז קאָן מען שוין אָהן דעם געשניצטען שפּיז, און אַז דער קומען קאָן זיין ווי ער איז און אַז די צווייטע טהירען קאָנען בלייבען אַזוי ווי געוועזען.

די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרען מיט אַ פאָטערליכען שטאָלץ, פונקט ווי אין זיין האַנד וואָלט זיין דער כוח צו דע־ 

צידירען עפּעס. צאַלוש האָט אָבער אַ גלייכגילטיגען שמייכעל גע־טהאָן און געזאָגט:

—איהר רעדט, ליבע מחותּנים, נישט ווי קיין געניטע אין בוי־אַרבייט. נאָך מיין דעה מוז עס נאָך שטעהן אַזוי אַ חדשים 5 ביז איבער׳ן ווינטער. איהר הערט? נישט פריהער, און ערשט אויפ׳ן זומער, ביי די טרוקענע ווינדען...

אין דער מינוט האָט עפּעס מאָטיע אַ פלוצלונגען בליק געוואָרפען אויפ׳ן פעטער חיים, דער פעטער אויף דער מוהמען און מאַמען און אַלע צוזאַמען האָבען זיך גענומען סוד׳ען, שוש־קען און ציטערן, און מאָטיע האָט פאַרטגעזעצט:

—אַזוי, מיין איידעם, רעדט מען נישט צו קיין שווער, וואָס האָט נאָך עפּיס אין האַנד, ווייל אויף קיין קעסט ביי קיי־נעם בין איך נאָך נישט און אויף קיין נדבה וואַרט איך אַודאַי נישט, וויל די משפחה זיך נישט וואַלגערען, דאַרף מען איהר באַלד אַלץ צוריקגעבען, כאָטש עס שטעהען איבער איהר בעל-חובות.

עס האָט זיך אַריינגעמישט מאַריטאַ.

—אָט וואָס, טאַטעשי, אַז מיין צאַלע זאָגט, אַז מען קאָן זיך נאָך נישט אַריינציהען אין די נייע הייזער, קאָן מען נישט. בעלי־חובות, טאַטעשי, זאָגט מיין צאַלע, זענען וועלף. זיי ווילען בעפאַלען אָרענטליכע מענשען. זאָל דער טאַטעשי האָבען גע־דולד און ווען די געפאַהר וועט אַריבער, וועלען מיר לעבען, ווי די פּריצים אין נייע מויערן, מיט נייע מענשען.

—נייע מויערן, נייע מענשען,—האָט עפּעס בייז אונטער די ליפּען געמורמעלט דער פעטער חיים,—אָט וואָס, דאָס איי־דעמל, מאָטיע, האָט דיר געבראַכט, אָבער איך, צאַלע איינער, וועל עס נישט דערלאָזען, אַז פרעמדע הענד זאָלען רזשאָנדזשען מיט פרעמדע פערמעגענס! דו הערסט?

דער פעטער, מאַריטאַ און צאַלוש האָבען זיך עפּעס מאָד־נע דורכגעקוקט: עס איז געלעגען אין זייער בליק עטוואָס פרעמדעס און נישט צוטרויליכעס. און צאַלע האָט גוטמוטיג גע־שעפּטשעט:

—פרעמדע פערמעגענס, כי־כי! זיי זענען שוין נישט פרעמד.

ו [illegible]סטבום.

זיי האָבען איבער זיך אַ גוטען בעל־הבית.

מיט עטליכע מינוט שפּעטער איז זיך דער שמועס צעוואַק־סען, און ווען עס איז אויסגעקומען צו רעדען, וואו ווער עס וועט וואוינען אין די נייע געביידעס און מאָטיע האָט אָנגעוויזען אויף דער צוטיילונג פון די דירות אין די געביידעס, האָט צאַ־לוש אַ ביטרע שמייכעלע געטהאָן: אַ סימן, אַז ער איז אַ געניטער בעל־הבית און ער וועט עס שוין וויסען ווי צו מאַכען, און דאָ האָט מאָטיע פאָרטגעזעצט:

— דו ביזט מיין איידעם. אַ בעל־הבית דערווייל בין איך, איבער 120 יאָהר וועט עך טהאָן, וואס עך וועט וועלען. דער־ווייל לעב איך און ירושה ביי קיין לעבעדיגען בעהמט מען נישט. דו הערסט צאַלע? מיין חיים נעהמט־איבער פון איצט אָן דאס בעל־הבת׳ישקייט. היטען פאר די בעלי־חובות וועט ער שוין, בעהם עס דיר גוט אין זינען אַריין, צאַלע.

---

# מאריטאַס זינגען

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז צאַלוש געזעסען אין זיין קאַבינעט, פערטיפט אין אַ בוך. די אויפגערעגטע מינעס, דאָס ביטרע שמייכעלע און דעם וויש איבער די קליינע וואָנסעלעך,— דאָס אַלץ האָט בעוויזען, ווי ווייט איהם בעריהרט יעצט די רייד און פּרעטענזיעס פון דער אַלטער משפּחה און ווי ווייט ער טראַכט פלענער ווי אַזוי די אַלטע משפּחה צו בעזייטיגען.

די זון האָט אַריינגעשיינט אין די גרויסע בעקוועמע שטובען און אָבגעשפּיגעלט זיך אין גרויסען טולער סאַמאָוואַר, און די בעכערס, לייכטער און גראַפינען. עס איז געוועזען שטיל און געשמעקט מיט עפּעס טאַליגעס, זיידענס און פּעדימדיגס, ווי עס פיהלט זיך אָפּט אין אַ ניי־געאָרדענדער שטוב. וואָר־נישט־וואו איז איבער די קריסטאָלענע שויבען דורך אַ רויטע ביהן, זיך אָנגעשלאָגען מיט די פליגעל אין די שויבען און געבלאָנדזשעט איבער דער שטוב.

צאַלוש האָט זיך אויסגעלעגט אויף דער שטוהל און פערטראַכט זיך אויף די פּאַסען פון די ראָלעטען, אין וועלכע עס

האָט זיך אַלע מאָל אָנגעשלאָגען די רויטע ביהן. מאַריטאַ איז אַריין.

—שען אין דרויסען היינט. אַ גוטער טאָג. גוט וואָלט גע־וועזען זיך איבערצופאָהרען ערגעץ. אוי, ווי שען אין דרויסען,—האָט צאַלוש בעמערקט.

מאַריטאַ האָט עפּיס אַ טרויעריגען בליק צום פענסטער ווע־טהאָן און צאַלוש האָט צוגעגעבען:

—נאָך וואָס טרויעריג זיין, מאַריטאַ, און נאָך וואָס אַרומ־געהן מיט'ן קאָפּ אַראָב, אַז צאַלע איז קיין עין-הרע אַ געראָ־טענער מענש. זעה נור דאָס פערמעגען אַרום, אַ קייזערטום! גריי־נע דעכער, גרויסע פענסטער, טירען בעליישט מיט גאָלד, גער־טנער, בלומען און וועמען געהער עס אַלץ? צאַלושען! אוי, מאַ־ריטקאַ, סאַראַ נאַרעלע דו ביזט, און ווי גוט דאַרף דיר זיין, וואָס דו ביזט צאַלעס ווייב! וואָרום וואו, אין וועלכע שטוב קו־מען צו גאַסט טשינאָווניקעס? קייזערליכע מענשען? מענשען, וואָס האָבען דעם כּוח אין די הענד?

צאַלוש האָט געדרעהט די קליינע וואָנסעלעך און גע־רעדט:

—דאָס אַלטע הויז מאָטיעס האָט פון אַזעלכעס נישט גע־וואוסט. איז אַמאָל צו איהם געקומען אַ טשינאָווניק? אַ גובערנאַ־טאָר? אַ פּאָלקאָווניק? ניין! אָבגעריסען איז דאָס הויז געוועזען און מאָטיעס טאָכטער האָט געזעהן פאַר זיך דעם נאַקעטען הי־מעל. אַ עלענדע איינזאַמע, ווי גאָטס דאַרע בוימער און אַצינד ווער איז זי? אַ גרעפין.

דער שמועס האָט זיך דאָ גענומען דרעהען אַרום די געסט און צאַלוש, רעדענדיג וועגען זיי, האָט בעמערקט:

—מענשען פון דער גרויסער וועלט. דער טשינאָווניק איז אַ גרויסער מאַן, פיהרט-אויס קייזערליכע בעפעהלען, באָדט זיך אין מילך און אין ווין. אַלע רוסישע פרויען שטאַרבען פאַר זיין טריט, און די אויסלענדישע פרויען לאָזשירען אין זיינע האָטע־לען. געפעלט ער דיר, מאַריטאַ? נאָך מיין געדאַנק דאַרף ער דיר געפעלען, ווי מיר געפעלען די דאַמען פון מיין קליענט־

טשינאָווניק, וואָס ליגט אין חובות איינגאַנצען ביי מיר. אוי, שוועסטערל, נאָך וואָס דאָס לייקענען? אַ גוטע געזעלשאַפט ווירקט גאָר בעסער אויפ'ן אַפּעטיט פון לעבען. אָט, אַ שטייגער, האָסטו דיר די דאַמע אין זיסען אָנטהאָן. שוין אַ צייט לאַנג קומט אָט די דאַמע און טאַנצט און שפּילט און מאַכט עפּיס דאָס לעבען וואויל און גוט. אַזוי איז אויך מיט דעם, וואָס שפּילט אויפ'ן פידעל און זינגט כּל-מקדש. ווי געפעלט ער דיר, דער קריסט, וואָס זינגט כּל-מקדש?

צו ענפערן, ווי עס געפעלט איהר דער אָדער יענער פּאַרשוין פון צאַלושעס געזעלשאַפט, האָט נאָך מאַריטאַ נישט בעוויזען צו פערצייכענען אין איהר מוח. זי איז געוועזען דאַן אין דער צייט פון איבערטרעטען די שוועל פון אַ נייעם לעבען, וואָס צוליב דער שנעלער איבעראַשונג קאָן מען נאָך נישט זאָגען, וואָס גוט און וואָס שלעכט עס איז אין דעם. און זי האָט געשעפּטשעט פערשעמט:

— גוטע מענשען זענען זיי. זיי קומען ווייל'ען און מאַכען גרינגער אויפ'ן האַרץ. זאָל'ען זיי קומען, זאָל'ען זיי קומען אָפטער, איך האָב ליב, ווען עס איז פרעהליך אין אונזער הויז.

— און ווייסטו, מאַריטאַ, אַז די געסט זאָגען, אַז דו ביזט הויך און שען, ווי אַ בת-מלכּה און אַז יעדער בעזונדער ווינשט זיך אַזעלכע, ווי דו!

אין מאַריטאַ'ן האָט עפּיס הייס אַ ציטער געטהאָן, פּונקט ווי עמיץ וואָלט אַדורכגעשאָסען איהר ברוסט מיט אַ פרעהליכע בליציגע פייל. זי האָט פערשעמט די אויגען אַראָבגעלאָזט און דאָס ערשטע מאָל האָט זיך איהר אויסגעדוכט, ווי שטאַרקע הענד פון די געסט אַרומען איהר אַרום און שרייען הויך:

— מאַריטאַ, ווי שען און הויך ביזטו! „מאַריטאַס גליק" איז דאָך ביי אונז אַלעמען אין די הענד. זי קאָן דאָך אונז ווייל'ען און געפעלען, אָ, ווי שען און הויך זי איז.

דאָס מאָל איז שוין דאָס רחמנות אויף טאַטעס-מאַמעס ליגען אין קאָמאָרקע ביי מאַריטאַ'ן עפּיס ווי אַוועק אויפ'ן צווייטען פּלאַן און זי האָט זיך געפרעגט:

י. מאַמטבוים.

—ווער-זשע איז עס דער גאַסט מיט׳ן הינטעלע און דאָס בלאָנדע מיידעל נעבען איהם, צאַלע?

—גוטע בעקאַנטע,—האָט געענטפערט צופרידען צאַלע.

—און אָט דער צווייטער, וואָס רעדט יודיש און זינגט זמירות? האָט ער אַ פאָטער, אַ מוטער, אַ ווייב נעבען זיך?

—ניין, קיינעם נישט.

—און אָט דער קריסט פון טעאַטער—איז ער מיט אָט דער קריסטין אַ פּאָר?

מאַריטאַ האָט זיך איצט אָנגעהויבען אויספרעגען אויף יעדען בעזונדער און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי פרעגט זיך נישט גלאַט אַזוי, נאָר מיט עפּיס אַ בעזונדער כוונה. און עס האָט זיך איצט דערקאָנט אין איהר אַ ווילען, אַז יעדער בעזונדער זאָל בעזייטיגען זיין פאָטער, זיין שוועסטער און פרוי צוליב מאַריטאַס הויכקייט און שענקייט.



# עס ווייזט זיך אַרויס.

מיט עטליכע טעג שפּעטער האָט מען געזעהן ביי צאַלושען אַזוי פאַרשוין: ר׳ מאָטיע מיט אַ ווייסער צולאָזטער באָרד און אויפגעריסענע לאַצען, ווי ביי אַנ׳אבל און זיין ברודער מיט פויסטען אין דער קעשענע דערנעבען.

—קודם-כל די ביכער און דאָס בעל-הבית׳עווען, מאָטיע,— האָט דער פעטער חיים געזאָגט, האַלב צו מאָטיע׳ן האַלב צו צאַלע׳ן,—געהען צוריק איבער צו מיינע הענד. פאָלגט ער עס, איז גוט, ווען נישט...

צאַלוש האָט עפּיס, ווי איינער, וואָס איז שוין בעפעסטיגט אויף זיין פּאָזיציע, אַ שמייכעל געטהאָן, און דער פעטער האָט אויסגעשריען:

—ער חוזק׳ט פון אונז, מאָטיע, אָבער כל-זמן חיים לעבט, וועט מאָטיע ביי דיר צו קיין קצבה נישט קומען און קיין בעטעל-ברויט נישט עסען. פאַרוואָס האָט ער אַראָבגעריסען די אַלטע רויטע דעכער? צולעגט די אַלטע פּאָדוואַלינעס פאַר בעלי-חובות? ניין! ירושה ביים לעבען וויל ער. אָט וואָס!

## י. מאַסטבוים.

דער פעטער חיים האָט אָנגעהויבעי דונערן מיט זיין מעכטיגער שטים, רייסענדיג און וואַרפענדיג דערביי די פאַפּי-רען פון טיש, דעם „סוואָד זאַקאָנאָוו,“ דאָס גלעקעל, די גרינגע פאַפּירען פון געריכט און דאָס אַלץ, אויף וואָס עס האָט זיך געדרעהט די שרויף פון צאַלושעס לעבען. מאָטיע האָט איהם אָבגעהאַלטען, צאַלוש האָט געציטערט און געשמייכעלט און דער פעטער חיים האָט געשריען מיט בייזע אַרויסגעזעצטע פויסטען צו צאַלושע׳ן:

—וואָלט איך מיין ביקס געהאַט, מאָטיע, וואָלט איך אין איהם אויסגעשאָסען, וואָרום צו וואָס האָט ער פערטריבען די הינד, פערפייניגט די פערד און אָנגעיאָגט פרעמדע מענשען אַהער? צוליב דער מורא פאַר בעלי-חובות? ניין, מאָטיע, עס איז אַ גזלן פון וואַלד. די האַק פון גאַרטעל בעדאַרף מען אַרויסנעה-מען געגען זיין קאָפּ.

עס האָט שטאַרקער געשריען חיים, שליידערענדיג אַלץ פון טיש, עס האָט מיט עפּיס אַ פערבעהאַלטענעם וועהטאָג אָב-געהאַלטען איהם מאָטיע און צאַלוש האָט ביטרע געשמייכעלט, ווי איינער זאָגט—און וואָס קאָנען דען טהאָן מענשליכע הענד, ווען נור גאָטס גרינגע געריכט געהט מיט איהם?

עס איז אַריין מאַריטאַ. זי האָט זיך געשטעלט צווישען פאָטער און צאַלושע׳ן. זי האָט אויסגעזעהן ווי אַ בלאַסער גע-פאַלענער מלאך.

—טאַטעשי זיך נישט בייזערן,—האָט מאַריטאַ אַרומגענומען דעם פאָטער.—צי דען מיינט ער, אַז צאַלע האָט געכאַפּט זיין פערמעגען? אָ, ניין, מרים איז נאָך דאָ בעל-הבית׳טע, זאָל טאַ-טעשי נישט בלאַס ווערען און נישט ציטערן, מיינע טירעלעך זענען דאָך פאַר׳ן טאַטעשי שטענדיג אָפען און מיין געלעגער פאַר איהם שטענדיג געבעט. זאָל דער טאַטעשי אַרויס פון די פינסטערע קאָמאָרקעס, איך געה אויף זיין אָרט.

דער פאָטער האָט איהר פון זיך לייכט אָבגעשטויסען. מאַ-ריטאַ האָט זיך געשטעלט צווישען פאָטער און צאַלושע׳ן. צאַלוש

 האָט איהר פון צווישען זיך לייכט אָבגעשטויסען און געשעפּ-

טשעט אויפ׳ן אויער מיט עפּיס אַ לייכטע גרינגשעצונג:
—אַוועק, אַוועק.

מאַריטאַ איז שוואַך אָבגעטרעטען אַ פּאָר טריט און האַלב-געפאַלען אין אַ נאָהענטען שטוהל. די זון איז פערגאַנגען און געשיקט קאַלטע רויטע שטראַהלען אויף די גלעזלעך, טעלער, סאַמאָוואַר און יאַפּאַנישע גלעזער.

און אויסגעדוכט האָט זיך, אַז מאַריטאַ איז שוין שוואַך ווידערצושטעהן צאַלושעס פערלאַנג, און אַז די איבערהאַנד איבער איהר האָבען איצט צאַלעס פידעלדיגע פאַרשוינען און פרעה-ליכע לייט. מיט עטליכע מינוט שפּעטער זענען ביידע ברידער אַוועק, אָנזאָגענדיג, אַז נאָך אין עטליכע טעג אַרום זאָלען די חשבונות צוריק איבערגעהן צו זיי.



## נאַטאַריוס אילין און זיין עקזעקוציע.

אין אַ נידעריג שטיבעל. בעהאַנגען מיט גרויסע קאַלענדאַרען, מיט געריכטס-בעפעהלען און סתם פּאַפּירען מיט בול-שטאַבען, אַז זיי געהערען די אויספיהרונגס-מאַכט, איז אַריינגעקומען אַ מאָדנע עלעגאַנט מענשעל, מיט אַ ביינערנעם שטעקעל און מיט אַ טעקע אין האַנד און געפרעגט זיך ביי דער טיר:

— נאָטאַריוס א.לין?

—אָ, שוין לאַנג, לאַנג אויף די פיס,—האָט געענטפערט אַ גרויער אַלטער פּאַרשוין פון קאַבינעט מיט די קאַלענדאַרען, מיט אַ פולער נאָז, ווי פון אַנ׳אייביגען קאַטאַר,—שוין לאַנג אויף די פיס, און צי קאָן דען אַ מענש לאַנג שלאָפען, ווען ער דאַרף זיין די עקזעקוטיווע מאַכט פון קייזערליכען געריכט! איבערי-געגנב. שטעה איך צו דיספּאָזיציאָן. וואָס פאַר אַ מין ענין?

—אָט וואָס!—האָט דאָס עלעגאַנטע פּאַרשוינדל געענטפערט.—פאַר אייך שטעהט דאָ אַ גרויסע עקזעקוציע, צו פער-זיגלען גרויסע שלעסער, מויערן און שפּייכלערס, אַפילו פון אַנ-אייגענעם מענשען און אויף יענער וועלט, קאָן זיין, ווען מען

דערפאַר שמייסען מיט אייזערנע ריטער. אָבער ווי זאָגט מען עס עפּיס, וואָס דאַרף מען עס עפּיס קוקען, ווי דער שד וועט שפּעטער טאַנצען אין די אויגען. זענט איהר פאַרטיג? געהט מיט גאָטס ווילען, אייער לוין איז אַ פּאַרטיגער: צוויי גרינע דרייערלעך פאַר דער עקזעקוציע און אַ „קאָטעריינקע" נאָך איהר, געהטס און זענטס מצליח.

נאָטאַריוס אילין האָט ווידער אַ נאָס-אויס געטהאָן, גענו-מען דאָס פּאַפּיר און געזאָגט:

—איך וועל עס, מיט גאָטס הילף, צו שטאַנד ברענגען. אַ גוטען טאָג.

אָט דערדאָזיגער נאָטאַריוס אילין האָט נישט בעלאַנגט צו די בייזע מענשען, וואָס האַקען, בראָקען און סטראַשען בעת אַן עקזעקוציע. דאָס איז געוועזען אַ מענש, אַ מלאך, פון אַ יאָהר 70, מיט גרויע האָר, ווי דאָס שטרוי פון אַן אַלטען דאַך, מיט אַ גרינעם, אייביג-אָבגעריסענעם פאַסאַרום היטעל און צוויי גרויסע קאַלאָשען סיי זומער, סיי ווינטער, מיט אַן אייביגען „נאַסמאַרק" אין דער נאָז, וואָס האָט זיך דערקאָנט אויף די וואָנסען און אַ טעקע אין האַנד מיט אַ קופּערנעם שלאָס, ווי ביי אַ קופּערט.

ווען אָט דער פּאַרשוין איז געקומען אויספיהרען זיין עק-זעקוציע, האָט ער עפּיס פריהער איידעל געעפענט די טיר, אַ קוק געטהאָן אויף דער טיר, ווי ער וואָלט דאָרט זוכען אַ מזוזה, דערנאָך געזאָגט גוט-מאָרגען, דערנאָך זיך אויסגעפּרעגט, וואָס מען מאַכט, לאַנגזאַם אויסגעווישט די ברילען מיט עפּיס אַ טיכעל, ווי אַ יודענע ביי דער תחינה, דערצו אַ טאַפּ געטהאָן ביים אויהער, צי ער איז וואַרים און בעמערקט שטיל:

—די מעשה, ליבער פריינד, איז אַזעלכע. איך בין דאָ גע-קומען וועגען אַ וויכטיגען ענין. אי איהר זעהט, האָב איך דאָ פערשריבען אייערע מויערן און הייזער און אָט דאָס מוז איך איבערגעבען אייער בעל-חוב. ווי איהר קוקט מיך אָן, בין איך נישט דער אמת'ער שולדיגער דערפון. עס איז פאַרהאַן אַ גאָט אין הימעל, וואָס האָט געמאַכט משפּט'ען דעם מענש אויף דער ערד. דידאָזיגע מאַכט הייסט „קייזערליך געריכט" און אָט דאָס

געריכט מוז מען פאָלגען, זאָנסט זעגען מיר קאַפּוט מיט דער שטעל. אָט אַזאַ מין וועלט איז עס.

ביי די ווערטער האָט ער אַ זיפץ געטהאָן אויפגעשלאָסען די טעקע, ווידער אַ זיפץ געטהאָן, און אָנגעהויבען אויספרעגען, צי יענער האָט שוין חתונה־געהאַט, אָזער צי האָט זיין טאָכ־טער תנאים געשריבען, צי האָט זיך די רויטע קיה געקעלבט און אויב דער זוהן האָט זיך אומגעקעהרט פון די זעלנער. און פינסטער איז יענעם אין די אויגען געוואָרען, ווען ער האָט איהם דערזעהן, דען נישט קיין קופּערנע פאַן אָדער פּאָר לייכ־טער איז אילין געקומען נעהמען, נאָר באַלד דאָס גאַנצע לעבען פון אַ מענשען און דאָס איז נישט געוועזען אָבצובעטען נישט מיט קיין גוטס און שלעכטס.

אָט האָט דער נאָטאַריוס אילין איצט, נאָך צאַלושעס צו־זאָג, אַרויסמאַרשירט פון זיין נידעריגען שטיבעל און פאַמעליכעל מיט דראָבנע פּוס־טריט אַריינגעקליבען זיך אין ר' מאָטיעס קאַ־מערקעס, וואו עס איז געלעגען דאָ, דאָרט קופּערוואַרג, זילבער־וואַרג און אַנדערע חפצים, אַ קוק געטהאָן אויף דער טיר און געזאָגט ווייך:

—פאַניע מאָטיע, עס איז דאָ צו אייך אַ ענין. איהר מוזט מיט מיר אַ ביסעל געהן דורכזעהן אייערע אַלטע הייזער, אַ ביסעל נאָר, אויף עטליכע געצעהלטע מינוט און שוין...

דערזעהענדיג איהם נאָר ביי דער טיר, זענען די משפחה־מענשען אויפגעשפּרונגען, ווי פאַר עפּיס אַ בלאַסען משחית און מאָטיע האָט צופאַלענדיג צו דער וואַנד, קוים אַרויסגעזאָגט:

—אָבער זאָגט, וואָס איהר ווילט. זאָגט זיך, זאָגט אָפען, פאַניע אילין, איהר האָט דאָך ס'רוב ליב צו ריידען דעם אמת. ווער האָט אייך געשיקט אַהער? וועלכער בעל־חוב? פאַניע אילין, איך בין איך, איך בין נישט איך.

אילין האָט פערזויערט אַ פּאָר מינוט געקלערט און ענדליך אַרויסגעזאָגט:

—בערוהיגט אייך, מאָטיע, איך האָב ליב צו ריידען נאָר מיט רוהיגע מענשען. איך פערלאַנג, אַז איהר זאָלט זיך מיט מיר

נאָר דורכגעגאַנגען דורכקוקן דאָס אַלץ, וואָס עס איז אין אייער בעזיץ און דערגאַנג ווילן מיר ריידן. דען, פערשטעהט איהר, עס איז נישט געוועגדט בלויז אין מיר, איך בין דאָ נאָר אַ שליח צו ערפילען עמיצענס פערלאַנג. אַן'אומגליקליכער עק־זעקוטאָר. וואָס מאַכט עפּיס אייער טאָכטער, מאָטיע?

מאָטיע האָט נישט געהערט, וואָס ער רעדט און וואָס זיין אַריינגעקומענער גאַסט רעדט. עס האָט זיך איהם געמישט אין קאָפּ און עס זענען געפלויגען פינטעלעך מאָדנע פייערדיגע, ווי רויטע ספר־תורות.

—גו, גערעדט שוין איינמאָל און גענוג,—האָט שוין אילין אַ ביסעל שטייפליך גערעדט,—איך האָב פיינט צו ריידען צוויי מאָל אַ זאַך. איבעריגענס, אַז מען רעדט צוויי מאָל, מוז מען וועניגסטענס פאַר צוויי מאָל בעצאָהלען. געהט איהר? ווען נישט, געה איך אַליין און וועל זיך אַליין דורכקומען.

נאָטאַריוס אילין האָט אָנגעהויבען צו געהן פאַמעליכעל, מאָטיע און זיין ברודער נאָך איהם. בעקוקט, בעטראַכט און אויסגעמאָסטען דעם שטח, האָט אילין זיך ביטער אויסגעניסט, אָבגעווישט די דיקע וואָנסען, גענומען זיך צו דער טעקע, אַרויס־געצויגען אַ פּאַפּיר און ווייך געזאָגט:

—איז אייך בעקאַנט די אונטערשריפט, פאַניע מאָטיע?

אָט זיי, זעהט איהר, טרעטען יעצט אַרויס מיט אַ פאָדערונג, אַז איהר זאָלט אָבטרעטען פון אייערע פערמעגענס, איהר, אייער גאַנצע פאַמיליע אין פערלויף פון אַ קורצער צייט.

נאָטאַריוס אילין האָט געווישט די נאָז און וואָנסען, עט־ליכע מאָל זיך אויסגעסמאָרקעט און דערביי צוגעגעבען די בע־קאַנטע בעמערקונג:

—אַלענפאַלס, בין איך גאָרנישט שולדיג. איהר קאָנט מיר גלויבען אויפ'ן וואָרט, אַז דאָס איז נישט מיין ווילען, נאָר דער ווילען פון דער העכערער מאַכט. איך בין נאָר אַ משולח פון באָט און זיין געריכט. לעבטס לאַנג און האָטס אַ גוטען טאָג.

נאָטאַריוס אילין איז אַוועק, און מאָטיע האָט איצט נישט געוואוסט, וואָס מיט אוהם קומט פאָר. פאַר זיינע אויגען האָבען

אָנגעהויבען טאַנצען רויטע ספר-תורות, פאַלען טישען און צוּב-רייסען זיך די הענג-לייכטער. זיין פנים איז ווילד געוואָרען און די לאַצען פון העמד אויפגעריסען, ווי ביי אַ מרה-שחורה.

—קצבה!—האָט ער אויסגעשריען,—אָט וואָס עס זעהען מיי-נע אויגען. טאָרבעס אויף אַ זייט, בעטעלברויט, פינסטערע נעכט, גיהנם און פייער, און אַצינד, קינדער, לאָזט לויפען, לאָזט, זאָ-לען מיינע אויגען פלאַקערן פון משוגעת, ווי אַ וואָלף פאַר פייער. געבראָכען דאָס וואָרט, געפאַלען דאָס פערמעגען און קאָפּ-געלעגער אַפילו. וועה איז איהם, וועה!

ער האָט אויסגעצויגען זיינע ריזיגע הענד צום הימעל. דאָס איז נישט געווען קיין תפילה, דאָס איז געווען אַ הויך וועה-געשריי צום הימעל. דערנאָך האָט ער די הענד אַראָבגעלאָזט, שטעהן געבליבען אַ מינוט פערטראַכט און באַלד האָבען אונטער איהם אָנגעהויבען זיך ווילד צוברעכען די טישען, פאַלען די לייכטער, די גלעזער, און אויסגעזעהן האָט ער איצט, ווי אַ משוגענער קעניג, וואָס איז אין אַ פינסטערער נאַכט פון זיגען אַראָב.

—חבל! חבל!—האָט ער אויסגעשריען,—חבל! חבל



# אין חלום.

טיף אַראָבגעזעצט אויף דער ערד צוו שען די פּאָדוואַליניעס פון זיינע אַלטע הייזער, איז ר׳ מאָטיע געזעסען אין האַלבבעוואוסטען צושטאַנד, די גרויסע הענד פערלעגט פון ביידע זייטען, ווי אויף זיין גרויסען שטוהל, און די צוויי ברעמען, וואָס האָבען פערצעהלט פון פרומקייט און ר׳ מאָטישען גליק, האָבען פערדעקט די פערמאַכטע אויגען און אָבגעטיילט איהם פון דער ערד, אויף וועלכער ער האָט אַזוי שען געלעבט.

עס איז געווען אַ שעה פון שפּעט-צו-נאַכטס. דעמאָלט גראָד געהט זיך מאָטיע אַ ביסעל אַרום פאַר דער שטוב, פאַר די אַלטע הייזער בעטראַכטען, ווי שען גאָטס לבנה׳דיגע נאַכט שפּרייט זיך אויס אַרום. דאָס מאָל אָבער איז איהם אויסגעקומען צו זיצען אויף די פּאָדוואַלינעס פון קינפטיגע פרעמדע נייע הייזער. און געגענאיבער זיין פענסטערל איז געשטאַנען אַ לייכטער און אַ ליכטעל האָט געצאַנקט, אויסגעגאַנגען און ווידער געצאַנקט. עס הערט זיך אַ מורמלען און אַ שטיל בעוויינען די ווערטער „גאָט פון אַברהם" און אַ שלוכצען אין זיך. ר׳ מאָטיע

ווײנט נישט, נאָר זאָגט אונטער'ן נאָז: „אליהו הנביא, אליהו התשבי." דאָס איז דאָס אַלטע גוטע וואָרט פון יעדען שפּעטס-צו-נאַכטס בײ ר' מאָטיע'ן, ווען ער זעהט פאַר זיך טאַקי אָט די פײַערדיגע קאָטש מיט די פערד, וואָס רײסען זיך אין הי-מעל אַרײן. מאָדנע פרעהליך און ערקוויקענד ווערט זײן ברוסט און זײנע הענד ציהען זיך און ציהען. דאָס מאָל איז ער גע-זעסען נידערגעשלאָגען און ווי פערגעסען פון דער גרויסער גו-טער אַמאָליגער וועלט.

די לעצטע פײערן פון ליכט האָבען דאָרט אין פענסטערל קאָנוואולסיוו געוואָרפען די ברײטע פלאַמען, אַזש ביז ר' מאָט'ע'ן און עהנליך געמאַכט איהם צו עפּיס אַ שניי-ווײסען קעניג, וואָס איז אין אַ פינסטערער נאַכט פערבלאָנדזשעט געוואָרען אין אַזאַ שטיבעל, וואו נאָר אורחים און אָרימעלײט האָבען זײער מאָלצײט געהאַט. ער האָט דאָס מאָל געקלאַפּט מיט די צוויי פינגער אין דער ערד און בײ יעדען מאָל, וואָס זײן שטוב האָט זיך דערהויבען צום געזאַנג, האָט ער דערזעהן פאַר זיך אַ מאָדנע זאַך: „דאָס איז געווען נישט יענע אליהו'ש קאָטש די פײערדיגע, מיט די גרויסע פערד, וואָס פליהען אין הימעל אַרײן, דאָס איז געווען אַ בליץ פון צוויי געפּאַכטע הענד, עהנ-ליך צו די הענד, וואָס גיבען זיך „תקיעת-כף" און דער „תקיעת-כף" האָט עפּיס איבערגעלאָזט אַ „בת-קול":

—מאָטיע, מאָטיע, צי הערסטו נישט די קלאָג-שטים פון דיר אַלײן? צו זעהסטו נישט די געבראָכענע דורות דײנע, וואָס ווע-לען געהן נאָך דיר און טויזענדער מאָל עלענדער ווי דו ביזט? אוי, מאָטיע, מאָטיע, אונגליקליכע, פערלוירענע וועלען זײ געבען מיט געבראָכענע ווערטער נישט דערהאַלטענע תקיעת-כף'ן און צושאָטען וועט זײער לעבען ווערען, ווי דאָס לעבען פון אַ גע-קניפּטע קײט, וואָס צופאַלט אײנציגווײז. אײנציגווײז, וועה איז דיר, וועה.

## היימישע.

—אַנו אייך מזל-טוב, מאָטיעס טאָכֿטער, און אייער מאַן אַלע. מיין אַרבייט און פליכֿט האָב איך ערפילט. איך בין גליקליך אייך צו זעהן אַרומגערינגעלט מיט אַזויפיל הייזער און פערמעגענס און ווינש אייך גליק, ווי איהר וואָלט אַ מיידעל געהאַט, ר׳ מאָטיעס טאָכֿטער. אַצינד וואָלט לוינען צו נעהמען צו ביסעלעך בראָנפען. זענט איהר צופרידען?—האָט עקזעקוטאָר אילין שפּעטער מיט עטליכֿע טאָג בעגריסט דאָס יונגע פּאָר, אויסצעהלענדיג די „קאַטערינקע” אין קליינגעלד פון צאַלוש׳ן און דערביי געווישט די וואָנסעס און געסמאָרקעט, און געטרונקען בראָנפען, ווי אויף אַ שמחה.

מאַריטאַ האָט זיך פערטראַכט צו די גענגענאיבערדיגע אַלטע הייזער און קאַמאָרקעס מיט אַ טרויער, נאָר גלייכֿגילטיג, ווי איינער זאָגט: „איך קאָן דיר גאָרנישט העלפען, מיין פּאָטער.” נאָר אין דער מינע איז געלעגען עפּיס אַפּאַטישעס און עפּיס נישט דאָס צו טאַטען-מאַמען פון נעכֿטען און אייערנעכֿטען. זי האָט אין דער מינוט געמאַכֿט אַן׳איינדרוק פון יענע פּרוי-

ען, וואָס ווערענדיג געפאַנגען אין בעטריגערישע הענד, לאָזען זיי דעם רויבער פון זייער שיקזאַל אויף גאָטס בעראָט. זיי עסען, טרינקען, שווייגען און ריידען אָהן ווילען.

—אַלזאָ, מאָטיעס מאָכטער, זענט איהר גאָרנישט צופרידען פון אייער מזל? זעהט איהר גאָרנישט די גרויסע פראָצעוטער, וואָס די פּאַציענטען וועלען אייך טראָגען פון טירען, דירה-געלדער און סתם גוטמאָרגענס? אָ, איך אויף אייער אָרט, וואָלט איך באמת געוועזען אין זיבעטען הימעל!—דער אונגליקליכער עקזעקוטאָר אילין האָט ווידער פערזויפט מיט בראָנפען צוהאַלטענדיג דאָס היטעל.

אַריטאַ האָט פערביסען די ליפען און צאַלויש האָט גערעדט מיט די הענד אין די קעשענעס:

—רעדט נישט מיט איהר, עס איז אַנ׳אמת׳ע בהמה. ווייזט אויס, אַז זי ווייסט גאָרנישט פון דעם גרויסען גליק, וואָס מיט איהר האָט געטראָפען. מענשען קאָנען אָבלעבען יאָהרען און אַזאַ גליק זאָלען זיי נישט זעהן. וואָלט עס טרעפען מיט אַנ׳אַנדער פרוי, וואָלט זי אין זיבעטען הימעל געוועזען, נאָר מיט איהר איז עס פערק הרט. מילא, אַ בהמה, וואָס קאָן איך טהאָן מיט איהר? נעהמט איהר נישט נאָך עפּיס צום מויל? מיר זענען דאָך עפּיס „היימישע מענשען.“ אילין קאָן מיך שוין נישט פון געסען און אייערנעכטען, לחיים!

ביידע האָבען אָנגעקלונגען אין די גלעזלעך און אויסגעטרונקען אַ גליקליכען לחיים, און אילין האָט געזאָגט:

—אַצינד זענט איהר פאָלקאָם רוהיג, אַז דער באָדען, אויף וועלכען איהר שטעהט, איז אייערער, איהר וועט דאָ נישט דאַרפען וואַרטען ביז אייער פאָטער אָדער גרויספאָטער וועט צו מאַכען אַנ׳אויג. און ווייסט איהר נאָך וואָס? טאָמער וואַגט עמיץ אויפצוהויבען אַ האַנד געגען אייער פערמעגען, וויל נוקמען זיך און אונטערצינדען, דאַן גראָזיעט יענעם דריי יאָהר טורמע. לעבטס וואויל!

פון געגנאיבער זענען געזעסען עטליכע פּאַרשוין. דאָס זענען געוועזן די טשינאָווניקעס, איינער מיט׳ן קליינעם הינדטע-

לע אויפ'ן זילבערנעם קייטעלע, דאָס היטעל פערדרעהט, די
וואָנסעס בעהאָנגען מיט טראָפּענס פון געטראַנקען. דער צווייּ-
טער, זיין חבר, אַ יונגערמאַן מיט אַ בינאָקל, וואָס מחמת וואָס
ער האָט ליב געהאַט פרויען, האָט ער אויף יעדע פרוי, באַדאַ-
אַנ'אַלטע, אָנגעשטעלט זיין ברילל. און איינער סתם זיך אַ יונגער-
מאַן פון אַקציז, וואָס האָט מיטגעהאָלפען מיט די חברים. דער-
ביי אויך אַ דירעקטאָר פון אַ טרופּע און אַ פּרימאַדאָנע פון שטעד-
טעל ש...

אָט די אַלע צוזאַמען זענען געזעסען און אַ מאָדנע פרייד
האָט געטאַנצט אין זייערע אויגען. יעצט האָבען זיי זיך אויפ-
געהויבען, און דער מיט'ן הינדטעלע האָט פּלוצלונג אַרויסגע-
זאָגט צו מאַריטאַ'ן:

—מיר האָבען געהערט, מאַריטאַ, ווי הייסט אייער פאָ-
טער? מאַטווי, דאַכט זיך? אַלזאָ, מאַריאַ מאַטוויעוונאַ, מיר האָ-
בען געהערט, דאָס איהר זענט אַריבער צו אַ ניי פערמעגען,
בעגליקט געוואָרען מיט אַ פּרעמיע פון אפשר אַ 300 טויזענד.
איהר פרעהט זיך גאָרנישט? באַ, ווען גאָט זאָל אונז מיט אַזאַ
פערמעגען בעגליקען, זענען מיר מוחל דעם גאַנצען אַקציז מיט
די גריץ און זויערקרויט אויפ'ן קאַזיאָנעם חשבון. אַך, ווי גוט
זי איז היינט!

—זי איז באמת גוט היינט, ווי אַ בלויער מלאך, דו
הערסט?—האָט געזאָגט דער צווייטער חבר מיט'ן בינאָקל.—ביי
אונז אין פעטערבורג איז אַזוינס נישט צו זעהן און גאַנץ אומזיסט
האָב איך מיך בעקלאָגט אויפ'ן קיסר, וואָס האָט מיך אַהער
געשיקט.

—צופרידען, צופרידען,—האָט אונטערגעהאַלטען דער דריי-
טער, אַ שטיק נאַאיווער בחור, וואָס האָט זיך געלאָזט פיהרען
פון זיינע קאָלעגען און נאָכגעזאָגט דאָס, וואָס זיי זאָגען. „ביי
אונז" אין פעטערבורג זעהט מען נישט אַזעלכע טויבען.

דער דירעקטאָר האָט עפּיס אַ-'אינגאָרירענדען בליק געוואָר-
פען אויף זיין פּרימאַדאָנע, וואָס איז איהם אויסגעקומען שרעק-
ליך מאוס נעגען מאַריטאַ'ן, און געלאָזט איהר גלייך אין די

אויגען אַריין אַ נעבעל רויך, פון וועלכען זי האָט זיך בעליידיגט מיט אַ שטרענגען: „צאַש טאַ?"

—און אַזוי האָבען מיר ביי אונזער שכן היינט אַ מזל-טוב, ה' עקזעקוטאָר,—האָבען אַלע אויסגעדרעהט די קעפ,—טרינקען מיר לחיים.

כאָטש מאַריטאַ איז געוועזען, ווי אונטער אַ בעפעהל פון צאַלושעס רייד, זיך נישט צו מישען אין זיינע מעשים, כאָטש זי האָט געפיהלט דאָס טיפע אונגליק פון די עלטערן, אויף וועלכען זי האָט אין דער שטיל געוויינט, דאָך האָבען איהר די איצטיגע רייד געמילדערט דעם וועהטאָג און זי האָט געשעפ-טשעט לייכט:

—טרינקט טרינקט, געסט, ווען אייך ליב איז און גוט איז.

ביי זיך אין האַרץ האָט זי דערווייל אָנגעהויבען צו בע-טראַכטען די געסט און יעדען בעזונדער. אָט איז איהר אויס-געקומען, אַז דער טשינאָווניק מיט'ן הינדטעל, מיט דער קאַשטאַ-נאָווער באָרד איז סך-הכל אַ מאַן פון אַ יאָהר 32, רעדט שען און שטאַמט מסתמא פון אַ גוטער היים. דער צווייטער איז נאָך יונגער. ער איז ברונעט און מאַכט אַן'איינדרוק פון אַ פרומען בחור. דער דריטער איז סתם זיך אַ פיינער מענש, נאָר נישט מעהר, וואָס דער דירעקטאָר איז אַן'אַלטער מאַן שוין, און דער עקזעקוטאָר מאוס.

בכלל האָט זיך מאַריטאַ געפיהלט איצט מאָדנע האַלב-פרעהליך און דערהויבען, נאָר נישט מעהר, וואָס יעדעס מאָל האָט איהר אויפ'ן געדאַנק אַ שפרונג געטהאָן דאָס פנים פון טאַ-טען, פון רבי'לע, פון טוביה'לע שרייבער. נאָר דער טרויער איז צו נישט געוואָרען, גאַנץ צו נישט.

מיט עטליכע מינוט שפעטער איז די שטימונג אין שטוב געוואָרען פרעהליכער. עס האָט זיך געדרעהט אין דער ריינער לופט אַ רויך פון פאַפּיראָסען, וואָס האָט פון צייט צו צייט פערשטעלט מאַריטאַס פנים. דאָ—דאָ, דאָ—דאָרט איז עמיץ אויפ-געשטאַנען פון אָרט, דערלאַנגט עפּיס מאַריטאַ'ן אין מויל אַריין, בעריהרט די האַנד לייכט, און פערנויגט זיך פאַר איהר און

דאָ און דאָרט איז עמיץ צוגעקומען, געריעדט עפּיס אײדעל, געדריקט די האַנד און צוגעװאונשען. און מערקװירדיג, װאָס מעהר מען האָט בעמערקט די אײדעלקײט, אַלץ מעהר האָט זיך אױסגעדאַכט, אַז זי, ר׳ מאָטיעס טאָכטער, זינקט, אַז זי, ר׳ מא־טיעס טאָכטער, פאַלט.

אָבגערעדט, אָבגעטרונקען און אָבגעפּרעהט זיך אױף צאַ־לושעס שמחה, האָבען זיך די געסט װי אױפגעכאַפּט און דער טשינאָװניק מיט׳ן הינדסעלע האָט געפרעגט:

—ה׳ דירעקטאָר, װאָס געהט הײנט אין דײן טעאַטער? באמת געװעזען אַ גוטער פּלאַן, הײנט צו פאָהרען אין שטעדטעל אױף די פאָרשטעלונג.

און אַזױ װי דער דירעקטאָר האָט שטאַרק געלױבט די פאָרשטעלונג, האָבען אַלע צוזאַמען מיט צאַלוש׳ן אױסגעשריען:

—מיר געהען אױפ׳ן ספּעקטאַקל, מיר װעלען בעזוכען די פאָרשטעלונג. זײט אַזױ גוט, צאַלעס פרױ, און גרײט אײך אין װעג אַרײן. צאַלע, קאָן מען שפּאַנען דײנע פערד?

—מיט פערגעניגען,—האָט צאַלע געענטפערט,—מײנע פערד װעלען געשפּאַנט װערען און מײן װעגעלע שטעהט גרײט אין װעג אַרײן.

—אַנו, מאַריטאַ, מיר בעטען אײך!

# אין זיך.

דער הימעל אין מזרח איז געשטאַנען אַ בלויער, טונקעלער און פערכמאַרעטער. עס האָט זיך אויסגעדוכט, פונקט ווי ער וואָלט זאָגען: „האָט מיך די זון און פריהמאָרגען פערלאָזט, טאָ צו וואָס האָבען מיר זיך צו פרעהען?" נאָר אין מערב-זייט דאָרט, וואו זי, די זון, האָט געהאַלטען אין פערגעהן, האָט עפּיס נאָך געצויגען צהין. „קום, קום בריטשקעלע, דאָ איז נאָך טאָג, דאָ איז אַ זון. אָ, סאַראַ גרויסע מילדע זון!"

דער פאַרנאַכט האָט זיך נישט געאיילט צוצופאַלען און די מילדע תמוז-ווינדטלעך האָבען געוויגט דאָס קאָרן פוןביידע זייטען שאָסיי. עס האָט זיך אויסגעדוכט, פונקט ווי עפּיס אַ קליין פינטעלע וואָלט זיך שניידען אין אַ רוהיגען גרינעם קאָרן-ים ווייטער און ווייטער. דען וואָס אַרט דען דאָס בריטשקעלע, וואָס מענשליכע געדאַנקען זענען אומעטיג און טראַכטען נאָך אַלץ, אַז אין מזרח איז פינסטער? דאָס בריטשקעלע איז געפלויגען נישט נאָר מיט די געסט, נאָר עפּיס אַלץ אין דעם איז געשפרונגען און געפלויגען פון פרייד. פון איין זייט דער גאַסט

מיט׳ן הינדטעלע ביי מאַריטאַס האַנד. פון דער צווייטער—דער „אָרענטליכער בחור.“ פון דער דריטער—דער טשינאָווניק מיט׳ן בינאָקל. פון ה׳נטען—דער עקזעקוטאָר מיט׳ן דירעקטאָר. פאָרנט צאַלע מיט דער ערשטער פרימאַדאָנגע. אַלץ רעדט, אַלץ פרעהט זיך, סאַראַ גוטע וועלט!

—אַך, ווי גוט איהר זענט, מאַריאַ מאַטווייעווגאַ!
און ווי שען און ווי ליב איהר זענט!
—אַ גריכישע געטין פון הימעל!
—פראָסט אייך אַיומצונעהמען!
—אין חלום אַזוינס נישט געזעהן!

איבערראַשט פון דידאָזיגע רייד, האָט עס מאַריטאַ׳ן נישט געאַרט, פאַרוואָס צאַלע זיצט מיט׳ן פנים איבערגעדרעדט פון איהר. פערקעהרט, עס האָט איהר געפרעהט דאָס, וואָס ער זעהט איהר נישט, ווי גוט מען רעדט און ווי איידעל די געסט בע-האַנדלען זי. און רעדענדיג מיט זיי, האָט זי זיך דערווייל פערטראַכט, ווי עס זעהט אויס דער גאַסט פון רעכטס, לינקס און געגענאיבער, געפרעגט, ווי פערברענגט אין דער קינדהייט, ווי געלערנט, ווי שטודירט און ווי אַרום געקומען אַהער. נאָר פאַמעליך האָבען די רייד אויפגעהערט און זי האָט אַ בליק גע-טהאָן פון הינטען, דאָרט ווייט, דוכט זיך, שטעהען די קאַמאָר-קעס פון טאַטע-מאַמע, איבער וועלכע עס שוועבן איצט טרויע-ריגע טעג. און די פרעהליכע טעג איז זי, מאָטיעס בת-יחידה, געווען אַ לוסטיגע ביי טאַטע-מאַמע, און היינט, וואָס? צאַ-לעס ווייב, וואָס האָט קיין דעה נישט אין שטוב און מוז נאָכ-געבען דעם פערלאַנג פון זיינע עקזעקוציעס אויף די טאַטע-מאַמע און ווילען זייגע געסט.

—מאַריטאַ מאַטווייעווגאַ, וואָס זענט איהר אַזוי פער-טראַכט?

—אָט,—האָט מאַריטאַ געענטפערט,—איך קוקט זיך אום, ווי-וויט מיר זענען אָבגעפאָהרען. איך בין אַ קנאַפע פאָהרערין און ווען איך בין אין וועג, דאַכט זיך מיר, אַז עס דרעהט זיך מיר דער קאָפּ.

און ריידענדיג וועגן דעם, ווי זי איז נישט געוועהנט צו פאָהרען, האָט זי זיך דערוויייל דערמאָהנט, אַז דאָרט ווייט שטעהט אויפ'ן טאַטענס חשבון אַ הויז, וואו עס ווייי-לען זיך געסט קייזערליכע, וואו עס שפּילען פּיאַנינעס, טאַנצען מענשען און ווערען געמאַכט עקזעקוציעס מאוס'ע, שענדליכע אויף אייגענס, אויף אייגען בלוט און פלייש.

אַ שוידער און אַ ציטער אָהן קעלט לויפט עלעקטריש דורך איהרע גלידער. וואו איז זי דאָ? וואָס טהוט זי דאָ? אַ ווייב? וועמענס ווייב? ווער איז איהר היטער?

די געדאַנקען האָבען זיך ביי איהר געוואָרפען מאָדנע, משונה'דיגע, שלעכטע און אויפגערעגטע. נאָר באַלד איז זי גע-וואָרען ארומגענומען פון איין האַנד און דער צווייטער: איינער האָט איהר פּאָפּראַוועט דאָס טיכעל אויפ'ן אַקסעל, דער צוויי-טער—דעם מאַנטעל, דער דריטער האָט געבעטען נעהמען אַ שטיקעל פּאָמעראַנץ און דער פערטער—אַ ביסעל ליקער. דאָס בריטשקעלע איז געפלויגען, די שמועסען זענען געוואָרען לעב-האַפט. עס איז געוואָרען וואַרים אין די גלידער און זי האָט פערגעסען דאָס שווערע.

—אַנו, גאָט צו דאַנקען, זענען מיר שוין אויפ'ן אָרט, און מיר קאָנען שוין פּראָבשטייגען,—האָבען אַלע ארויסגערעדט מיט איין שטים, צוקומענדיג צום אָרט,—גאָט צו דאַנקען.

עס זענען אַלע אַראָב אין פערשידענע זייטען. צאַלוש מיט דער פּרימאַדאָנע, דער עקזעקוטאָר מיט'ן דירעקטאָר און טאַריטאַ אין דער בעגלייטונג פון דריי.



## צווייערליי שבתים.

דער פּאַרנאַסט האָט געבּרענגט מאַריטאַ'ן אַ ניי גליק. בּייטאָג נאָך האָט מאַריטאַ ערהאַלטען פון בּראָנפען-פאַבּריק אַ בּריוועלע, אין וועלכען די געסט מעלדען וועגען זייער קומען צו צאַלושעס טיש: דעם שבּת'דיגען טיש, וואו זיי פלעגען עסען פיש, טרינקען בּראָנפען, נאָכקרימען „כל-מקדש" און סתּם זינגען זעלנערישע לידער. דאָס איז געוועזען בּיי צאַלוש'ן אַ מין טראַדיציע. אַלע גוטע קליענטען אָדער סתּם נאָהנטע געריכטס-מענשען האָבּען אין שבּת'דיגען טאָג געפונען דאָרט זייער אָרט, זייער פיש און זייער ווייַן.

געשריבּען איז דאָס בּריוועלע געוועזען קורץ און שאַרף:
„בּריליאַנטיגע מאַריאַ! מיר קומען היינט צו אייך אויף פיש."
צוערשט האָבּען אַפילו אָט די פרעמדע ווערטער אין אָט דעם היימישען שבּת אַריינגעקלונגען פרעמד, נאָר דערמאָהנענדיג זיך אין דער גוטסקייט פון די מענשען, האָט איהר אַ פרייד אַרומגעכאַפּט: „זאָלען זיי קומען, די מענשען, זאָלען זיי פערבּרענגען בּיים טיש. אַך, זאָלען זיי פערבּרענגען!"

##### י. טאטעבוים.

זי האָט דערום פון פאַרנאַכט אָן צוזאַמען מיט'ן יונגען דינסטמיידעל געפּוצט דעם קריסטאָלענעם שפּיגעל, געהייסען גלאַנציג מאַכען דעם סאַמאָוואַר, די קליאַמקעס פון די טירען און אָנגעצונדען ליכט. ניין, נישט די ווייסע קלאָרע ליכט פון ר' מאָטיע'ן, וואָס פערצעהלען פון עונג-שבת. דאָס זענען געווען מאָדנע ראָזע ליכט מיט רויטע פייערן, ווי אין אַ צערקווע, און ווען די נאַכט איז צוגעפאַלען און זיי האָבען ראָזיג בעלויכטען די געשמירטע פּאָדלאָגע, די גלעזער, די הירשען-קעפּ פון דער וואַנד, דעם טיגער אויף דער פּאָדלאָגע און דעם סאַמאָוואַר, וואָס די געסט האָבען שטענדיג ליב געהאַט אויפ'ן טיש, האָט זי דערזעהן פאַר זיך עפּיס נישט יענע ר' מאָטיעס שטוב, נאָר אַ שטוב אַ פרעמדע, געמישט פון וואָך און שבת. נאָר געאַרט האָט עס איהר נישט, דען זי האָט געוואוסט, אַז באַלד וועלען קומען די געסט. און די געסט וועלען זיך פרעהען און טאַנצען.

די תפילות און געזאַנגען, וואָס זי איז געוועהנט געווען צו הערען אין טאַטענס הויז, זענען דערום געוואָרען דאָ גיך אָבגעפּטר'ט, ווי אַ וואָכעדיג ענין. צום פאַרנאַכט צו איז נאָר צאַלע אַריין אויף אַ פיר מינוט אין דער נייער שוהל, אויף וועלכער ער האָט מנדר-געווען גלאַט אַזוי, צוליב אַ נאָמען וועגען, גאַנצע פינף טויזענד, געשטעלט זיך אין דער מזרח-וואַנד, געזאָגט מבינות אויפ'ן נייעם חזן און אַוועק אַהיים, זיך געכאַפּט צום בעכער מיט עפּיס אַ פאַלשען קידוש, אויסגעטרונקען דעם וויין און אַ ליטרע שמייכעלע געטהאָן:

—דאַוונען, מרימ'ל זאָל מען נאָר דאָרט, ביי דיין טאַטען, און עסען זאָל מען ביי מיר.

דערביי איז עפּיס דאָס גאַנצע זיצען בייס טיש געווען אַ לייכטע צערעמאָניע.

וואָס עס אַנבעטרעפט מאַריטאַ'ן, האָט זי עפּיס אַליין נישט געוואוסט, פאַרוואָס האָט זי אַזוי פיינט צו זיצען ביים טיש און פאַרוואָס איז דאָ אַזוי ווייניג כבוד פאַר די שבת'דיגע ליכט.

דער היפך פון איהר אַמאָליגען האַלטען זיך געטריי ביי דער זייט פון טאַטען אין שבת-טאָג, איז זי יעצט געוואָרען

פון טיש ווייט. איהרע האָר זענען געווען האַלב-צולאָזט און פון איהר לייב האָט געשמעקט אין שבת אַריין מיט פּערפום און מיט אַזעלכע וואַסערן פון גרויס-שטאָדטישען טואַלעט. אויך אַצ'ינד איז זי אַרומגעגאַנגען מיט עפּיס אַ מאָדנעם געפּעלערי-שען פּאַר זיך אַליין שמייכעל, בעטראַכט איהר שטוב מיט די ראָזע ליכט, מיט דעם האָריגען טיגער-פעל, מיט די שען אויפגעבעטע בעטען, מיט'ן שענעם סערווירטען טיש, צווישען וועלכע מאַריטאַ האָט זיך אַליין נישט דערקאָנט. און דערביי האָט זי אַ בליק געטהאָן דאָרט אַהין, צום געגענאיבערדיגען געשפּענסט פון קאַמאָרקעס און נידעריגע הייזער, וואו עס זענען געשטאַ-נען אין די פענסטער די ווייסע ליכט, אָרימע, מיט טרויעריגע פייערלעך, אָבער גלייכע, בכבוד'יגע. זי האָט געזעהן דאָס בליי-כע פער'מרה-שחורה'טע פּנים פון טאַטען, פון דער מאַמען, פון פעטער חיים און פון דער דינסט סאָסיע, נאָר קיין טרויער האָט עס איהר נישט געבראַכט. דאָס איז נאָר פאַר איהר געווען עפּיס אַ ווייט קאַלט בילד, וואָס שרעקט נישט און פרעהט נישט, אַ וויטער קלאַנג פון אַמאָל, וואָס ברענגט אַפילו נישט די מינד-סטע ערינערונג. „דאָס לעבען געהט אויף טרעפּ פון דורות, דער אַלטער דור איז שטענדיג פערשימעלט. זענט צופרידען מיט דעם, וואָס איהר האָט בעקומען אַזאַ ירושה אָהן אייער פּאַ-טערס טויט!״ האָבען געקלונגען די ווערטער פון די קייזער-ליכע בראָנפען-לייט אין איהרע אויערן אַזוי פּשוט און אַזוי דרייסט, פונקט ווי אַנדערש וואָלט עס נישט דאַרפען זיין.

עס האָט זיך געהערט אַ קלאַנג פון דער שטאָלענער טיר-גלאָק און עס זענען אַריין די געסט: דריי טשינאָווניקעס מיט גרינע היטלען, מיט מאָדנע ווילדע הינד, נאָך וועלכע עס איז נאָך דער עקזעקוטאָר אילין און אַ מחנה פון די דירעקטאָרען און אַקטאָרען פון דער טרופּע: קליינע, גרויסע פודרירטע פרויען, חשוב'ע מענער, די רויטע דאַמע און דאָס בלאָנדע מיידעל פון אויסלאַנד, נאָך וועלכער דער טשינאָווניק מיט'ן הינדטעל האָט אָנגעמאַכט חיבות ביי צאַלוש'ן.

—גיט עסען, גיט עסען, מיר שטאַרבען פאַר הונגער,—זענען

אַלע אַריין מיט אַ וואָכעדיגען געזונדטען „גוטען־אָוועגד,״—וואָס איז אונז דאָרט אייער שבת, טראָגט איהר אייך דאָרט אַוועק אין שוהל אַריין. מיר זענען הונגעריגע מענשען. מיר עסען, מיר עסען.

אַלע האָבען זיך צוזעצט ביים טיש און אַפּעטיטליך גע־נומען עסען און טרינקען פון טיש אין קעשענע, פון כשר׳ן און נישט־כשר׳ן. מאַריטאַ איז אַרומגעגאַנגען אַרום די געסט מיט עפּיס אַ מאָדנער מינע, וואָס בלאָנדזשעט צווישען שבת און וואָך. זי האָט זיך געפרעהט און בעדינט די אָרומיגע. נאָר יעדעס מאָל האָט זי בעטראַכט דאָרט יענעם בכבוד׳יגען אָרימען און שטילען שבת, וואו עס ברענען ליכט, ליכטיגע, ווייסע, אין מנורות. אָ, די ווייסע, אַלטע מנורות!

—מאַריאַ מאַטווייעוונאַ, עפּיס זענט איהר ווידער היינט גישט אויפגעלעבט. זיצט און נעהמט מיט אונז גלייך אין מויל,—האָט פּלוצלונג געזאָגט דער אַקציזניק מיט דעם בינאָקל, וואָס האָט כסדר דורכ׳ן לייכטען פּאַפּיראָסען־רויך בעטראַכט מאַריטאַ׳ן און דערמאָהנט זיך, אַז נאָר אַזעלכע האָט ער געזעהן אין קיי־זערליכען הויף.

—איהר וואָלט ביי מיר דאָ אַ גאַנץ גוטען פּלאַץ האָבען צום זיצען,—האָט זיך געבעטען דער חבר זיינער מיט׳ן הינדטע־לע, וואָס מחמת ער האָט שוין דאָרט, אין בראָנפען־פאַבריק געהאַט גענומען עפּיס אין מויל און געקומען אַהער פערבייסען, געהאַלטען זיך אַזוי, אַז מען זאָל איהם נישט דערקאָנען.

—איך בין דאָך בעל־הבית׳טע און מוז דינען מיינע געסט,—האָט זיך ענטשולדיגט מאַריטאַ,—נישט נויטיג!

צווישען די אָרומיגע האָט זיך בעמערקט זיצען צאַלוש מיט׳ן דירעקטאָר און בלאָנדער מיידעל, צו וועלכער צאַלוש האָט בעוויזען זיינע פיינע קאָקעטישע מינעס. דער עקזעקוטאָר איז, פּונקט ווי זי, מאַריטאַ, וואָלט גאָרנישט זיין, אויסגעקומען מיט׳ן בנים צו דער רויטער דאַמע. מאַריטאַ האָט זיך געזעצט צווי־שען די אַקציזניקעס.

—ברילליאַנט און ברילליאַנט,—האָט אַ קלאַפּ געטהאָן דער 

רויטב־רדיגער מיט'ן הינדטעלע, דערזעהענדיג דעם ברילי־אַנט אויף איהר ברוסט,—אַליבאַ, מאַריטאַ, איהר ווילט מיך דאָ פון זינען אַראָבפיהרען. דען ווען איך דערזעה אייך אָנגעטהאָן אין איהם, מיין איך, אַז איך זעה אייך מיט אַ גע'גנב'עטען שטערען פון הימעל. נו, חברה, לאָמיר אַ טראַכט טהאָן, פון וואָס פאַר אַ מין סאָרט איז עס דער ברילי־אַנט?

אַלע האָבען אויסגעדרעהט די פנ"מ'ער צו מאַריטאַ'ן און דער אַקציזניק האָט איהם אָבגעשפילעוועט און געזאָגט:

—ה' עקזעקוטאָר, איהר זענט דאָך אַ מענש, וואָס האָט צו טהאָן מיט בעוועגליכע און נישט-בעוועגליכע פערמעגענס, מיט וויפיל שמעקט עס פון אַזאַ ברילי־אַנט?

אילין האָט זיך אויסגעסמאָרקעט, אָנגעטהאָן אַ בריל, בע־טראַכט און אָבגעשאַצט איהם אויף אַ היבשען ווערט. דאָס איי־גענע האָט אויך געטהאָן די רויטע דאַמע, וואָס האָט שוין לאַנג געאייפערט מאַריטאַ'ן און דערום אויך בעוואונדערט די צי־רונג מיט פערדרוס. דעם ברילי־אַנט האָט אויך בעטראַכט דער דירעקטאָר, די פרימאַדאָנע און אַלע אַרום.

ווייל די פרויען פון דער געזעלשאַפט האָבען געפונען, דאָס ער, דער ברילי־אַנט, איז נישט איינער דאָ, האָבען זיי אָבגעשפיליעט זייערע ברילי־אַנטען און יעדע פון זיי האָט בע־מערקט:

—און אויך דער איז נישט פון קיין קליינעם ווערט, און אויך פאַר איהם האָט מען מיט גוט געלד בעצאָהלט.

דידאָזיגע אַלע ברילי־אַנטען האָט מען צוזאַמענגעלעגט, גע־געגנעשטעלט איינס דאָס אַנדערע. זעלבסטפערשטענדליך, האָט דאָ יעדער ברילי־אַנט געהאַט זיין געשיכטע. איינעם האָט דער דאַמע געשענקט אַ גענעראַל אין דער צייט פון זיין שכרות, איינער האָט געשטאַמט פון אַ גוטען קאַוואַליער און עס זענען געוועזען ברילי־אַנטען, וואָס זענען געקויפט געוואָרען ביי... אַ גוט געשעפט פון ליבוועע...

—און איך, זעהט איהר,—האָט בעמערקט דער אַקציזניק מיט דער רויטער באָרד,—בין איך דער מיינונג, אַז אָט דער

ראָזסטער און שוואָלסטער אין פאַרבען איז דער בעסטער פון די. ווי פערשטעהט איהר, אילין?

— איך בין אַ מענש, וואָס אָנערקען נישט די נייע מאָדעס פון לעבען, — האָט געוואָרטשעט אילין, — מיין עקזעקוטאָרישע פּראַקטיק לערנט מיך, אַז ווען איך פאַל־אַריין אין אַ קעלער אַריין און דערזעה אַלטען און נייעם ווײַן, וויל איך שטענדיג פאַר מיר פערנעהמען דעם אַלטען. איהר פערשטעהט? דער ווערט איז נאָר בעהאַלטען אין דעם אַלטען, דאָס נייע איז געפעלשט. אין אַלטע הייזער ליגט פּראַצע, נייע זענען פונדאַמענטלאָז. צווישען די אַלע בריליאַנטען איז דער ווערטפולסטער דער ערשטער.

— און אויך איך בין אין דער מיינונג פון איליג׳ען — האָט דער רויטבערדיגער אַקציזניק אונטערגעהאַלטען.

די חברים האָבען זיך געגעגנגעשטעלט:

— צווישען פרוי מאַריאַס און די איבעריגע בריליאַנטען געפעלען מיר די איבעריגע מיט די שאַרפע שטראַהלען. זיי זענען שענער, שטאַרקער און פּאַסטען גיכער פאַר אַ יונג האַרץ, — האָט געזאָגט דער מיט׳ן בינאָקל.

— איהר פערשטעהט נישט און האָט נישט קיין געשמאַק פאַר קיין פרוי און בריליאַנטען, — האָט זיך געשפּאַרט דער ערשטער.

— איהר זענט איינגעשפּאַרט.

— איהר זענט אַ רעאַקציאָנער!

די שמועסען און שפּאַררייען צווישען די, וואָס האָבען געהאַלטען פאַר׳ן „בריליאַנט פון מאַריטאַס גליק״ און די, וואָס האָבען געקעמפט פאַר די בליצען פון די אַנדערע, האָבען זיך פערשטאַרקט. און בעטראַכטענדיג די בריליאַנטען מיט די פּאַלשע פייערן, צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען דער בעשיידענער מאַריטאַס, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס קעמפען נישט קיין מענשען, נאָר בריליאַנטען אמת׳ע און פאַלשע.

דערווייל האָט דאָס טרינקען און ריידען אָנגענומען אַנ־ענטוזיאַסטישען כאַראַקטער. עס האָבען זיך איבערגעדרעהט די

בלעזלעך, פלעשלעך און געצויגען זיך אין דער לופט די נעבלען פון רויך. מאַריטאַס געדאַנק איז געוועזען האַלב-פער׳שכור׳ט, איהרע האָר, האַלב צולאָזט און איהרעביידע הענד זענען גע-וועזען אַרומגענומען פון צוויי חברים, וואָס האָבען מיט פער-שכור׳טע אויגען עפּיס דערצעהלט, גע׳חנפה׳ט און צוגעזאָגט:

—איהר זענט גוט, מאַריאַ.

—איהר זענט וואויל.

— זייט פרעהליך.

—אייער ברילִיאַנט איז דער שענסטער און דער בעסטער, מאַרִיאַ!

און צווישען דעם אַלעם האָט זי אוספּעיעט צו זעהן ווי דאָרט, ביים עק טיש, זיצט צאַלוש, איהר מאַן, און זאָגט אויך עפּיס צו און חנפה׳ט אויך עפּיס און ווי איבער זיין קאָפּ ברע-נען ליכט ראָזע מיט מאָדנע אונרוהיגע פייערן. עפּיס אַ מאָדנע שטוב, אַ מאָדנער שבת, מאָדנע ליכט און מאָדנע מענשען.



## אלטע געשיכטעס.

די געשיכטע האָט געדויערט נישט לאַנג, סך-הכּל אַ חדשים דריי, ביז דער זומער איז אַוועק. געגען הערבסט זענען די אַק-ציזניקעס אַוועקגעפאָהרען, אין זייערע היימען פערברענגען אַ שטיקעל צייט, איבערלאָזענדיג אין מאַריטאַס געדאַנק אַן׳ערינע-רונג פון רויך, בראָנפען און עקעלהאַפט-חנופה׳דיגע רייד. אין צאַלושעס געזעלשאַפט איז געוואָרען שיטער פון „אָנגענעהמע געסט.״ און אָנגעקומען זענען געסט אַנדערע—באָרגער פון געלד, לייהער, אָרימע חניפה׳ניקעס, מעקלער, פרויען מיט טואַלעטען, דאַמען מיט מאָדנע בליציגע בריליאַנטען, וואָס איז זי, מאַריטאַ, פאַר זיי און זיי פאַר איהר?

מיט איהר מאַן צאַלע האָט זי עפּיס ווענינ וואָס געהאַט צו ריידען. בשעת זיי האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען ביים טיש, איז איהר גלייך אויפ׳ן זינען געקומען, אַז זי, מאַריטאַ, איז אַ קינד פון אַן׳אָרימען טאַטען און אַז מיט זיין פערמעגען הערשט ער. און זי האָט זיך דערמאָהנט, אַז אין דער סאַמע בעס-טער געזעלשאַפט פלעגט ער זי לאָזען זיך סוד׳ען מיט טשי-

נאָווניקעס און בעריזהרט וערען פון זיי. אָט דאָס געפיהל איז מעהרסטענס געקומען פון דער צייט, וואָס די אַלע פריהערדיגע מענשען זענען אַוועק. און אויף מאַריסאַ'ן איז אָנגעפאַלען אַ מאָדנע זאָרג, ווער איז איהרער און וועמענס איז זי? און דאָ זענען אָנגעקומען די קורצע לאַנגווייליגע הערבסט-טעג, וואו די בוימער אַרום איהר הויז זענען געוואָרען נאַקעט און די בלע-טער האַלב-געלע, האַלב-גרינע האָבען זיך נעוואַלגערט אין די קאַלוזשעס.

עס האָט געטריבען פון שטוב, נאָר נאָכמעהר—פון דרויסען, וואו עס האָט זיך געזעהן די קייזערליכע בראָנפען-פאַבריק, מיט די גרינע שילדען און מיט די גרויסע קראַטענע פענסטער, פון וועלכע עס האָט געשלאָגען מיט בלויער עלעקטריע און מיט עפּיס אַ ריח פון וואַרימען וואַסער. די בראָנפען-אַרבייטער זענען צום הערבסט געוואָרען האַרטער און בייזער צו די אַרומיגע פרעמדע. און זייערע הינד האָבען ווילד געביסען די-יעניגע, וואָס זענען שטעהן געבליבען און פערוואונדערט בע-טראַכט דאָס פרעמדע לעבען.

די טשינאָווניקעס האָבען זיך פעסטער איינגעפונדעוועט אין זייערע נייע דירות, געהייסען זיך אָבפיהרען ברען-מאַטעריאַל און בעלעגט די פענסטער מיט קאָלירטע וואַטע, גערעדט וועגען איינאָרדנען קאָרטען-געזעלשאַפטען אין די לאַנגע נעכט, וועגען פאָהרען קיין פעטערבורג זיך דורכטאַנצען מיט שענע פרויען, וועגען ווינטער-יאַגד און וועגען דעם, אַז עס וואָלט לוינען צו איינאָרדנען דערנעבען אַ פרויען-קלוב.

דאָס לעבען דאָ איז געוואַקסען און ברייטער געוואָרען, און מיט דערזעלבער קראַפט, וואָס עס איז דאָ געוואַקסען, איז עס דאָרט, אין ר' מאָטיעס הויז, צונישט געוואָרען. אָבגעלעבט אַ זומער אין קאַמאָרקעס און פיהלענדיג, אַז איליגס עקזעקוציע איז שוין אַן'אייביגער טויט-קלאַפּ, האָבען די צוויי ברידער אָנ-געפיהרט צום הערבסט ליים מיט ציגעל און פאַרמירט פון די קאַמאָרקעס הייזלעך—נידעריגע מיט קוימענדלעך און וואַרימע אויוועלעך, ווי אַ ווינטער-סוכה. און געטהאָן האָבען זיי עס מיט

עפּיס אַ גלייכגילטיגקייט, ווי אַנדערש וואָלט עס שוין נישט קאָנען זיין, מיט עפּיס אַ געוויסען בטול, ווי איינער זאָגט: „האָט מיר שוין דער מלאך-המות אָבגעזאָגט דאָס לעבען, טאָ צו וואָס רייסען זיך צו קעמפען דערפאַר?" עס האָט זיך פאַמעליכעל פון ר' מאָטיעס שטוב אָבגערוקט דער פּערדרוס און עס האָט זיך בעזעצט דער ברוגז און דער בטול צו דער גרויסער וועלט אַרום.

די טאָכטער איז היינט קראַנק געוואָרען דאָרט אין געגענ-איבער, אָדער געזונד געוואָרען, פרעהליך געוואָרען, אָדער נאָהנט פון טויט, ווען אַרט עס און ווער קימערט זיך דערמיט?

עפּיס נאָר אין געוויסע מינוטען האָט מען דערמאָהנט איהר נאָמען. דאָס זענען געווען אין איינציגע פאַלען, ווען די טאָכטער פון געגענאיבער האָט עפּיס אונטער'ן מאַנס וויסען און אונטער מאָטיעס אַריינגעשיקט אַ פּעקעלע עסען. דאָס פּע-קעלע איז בעשטאַנען פון פיש, וויין און חלות פון שבת צו שבת, און ווען מען האָט עס דערזעהן, האָט מען מיט טרעהרען אין די אויגען געזאָגט:

—מרים שיקט דעם טאַטען אויף דער עלטער קצבה, בע-טעלברויט. אָ, איהר הערט אַ סוף? קצבה-ברויט פון אַ פרעמדען טיש, אָט וואָס.

די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרען שטיל און קאַלט, נאָר זיי זענען אַריין טיף אין האַרץ און משוגע געמאַכט דעם געדאַנק.

מאָטיע האָט אַ שווערען זיפץ געטהאָן און שיער נישט דערוואָרגען געוואָרען. דער פעטער און די מוהמע האָבען גע-שאָקעלט מיט די קעפּ, און סאָסיע מיט דער מוטער האָבען געוויינט אין אַ ווינקעל.



## מאַריטאַס גליק.

ס׳דוב אין די שטילע פאַרנאַכטען איז מאַריטאַ האַלב-געלעגען אויפ׳ן בעט. אין שטוב איז קיינער נישט געוועזען. צאַלוש איז נאָכ׳ן אָבפּאָהר פון די אַקציזניקעס און זייערע בלאָנדע מיידלעך וועניג געזעסען אין שטוב און נאָר ווען ער האָט זיך אָבגעפּאַרטיגט, איז ער אַוועק אין דער נייער קריסטליכער גאָסטיניצע, וואו עס האָבען געוויילט די אַמאָליגע דירעקטאָרען מיט זייערע פרימאַדאָנעס און געמאַכט פרישע געשעפטען...

אין שטוב איז קיינער נישט געוועזען, נאָר דאָס נייע דינסטמיידעל, וואָס האָט זיך גע׳חנפה׳ט צום בעל-הבית מעהר ווי צו דער בעל-הבית׳טע, איז דאָרט אין קיך קאָקעטיש אַרומגעלאָפען, געקלונגען מיט די לעפעלעך, מיט די גלעזער און אויסגעזונגען לייכטזיניגע לידער. אויסער דער דינסט, זענען די שטובען געשטאַנען לעדיג. אַ קליין רויט פייערל פון לאָמפּ האָט שוואַך בעלויכטען די רויט-געשמירטע פּאָדלאָגעס מיט דער האָריגער פעל פון צאַלושעס טיגער, וואָס האָט געבראַכט עפּיס אַ פערשטונקענעם אייל-ריח, געמישט מיט נאַפטאָלין, ווי מען וואָלט

עפּיס דאָ אײַנזאַלצען. פון די ווענד האָבען אַראָבגעקוקט לאַנד-שאַפטען פון ווינטער-יאַגד, פאָטאָגראַפיעס פון צאַלושעס עלטערן, הירשען-קעפּ, צאַלוש און זיינע חברים אַקציזניקעס אין זייערע שמייכעלדיגע פּאָזען, און דאָס אַלץ איז נישט געשטאַנען רוהיג, נאָר געשפּרונגען פאַר איהרע אויגען געשפּענסטליך.

אויסגעהערט, וואָס די דינסט טהוט דאָרט אין קיך, האָט די פּאַמעליכעל אַ בליק געטהאָן צו דער דרויסענדיגער קייזער-ליכער בראָנפען-פאַבריק, וואָס האָט אין פאַרנאַכט אַריין געדרושט און געקלאַפּט מיט אַ ווילדער פּאַרע אין דער-הויך און דער געבעל האָט פערדעקט די געגענד אויף וויאָרסטען-ווייט.

זי האָט זיך צוגעהערט צום ווילדען געזאַנג פון די נייע מענשען, צום בילען פון זייערע הינד און צום פייף פון מאַשין, וואָס האָט גערופען די מענשען באַלד אָבצושטעלען די אַרבייט. אָבער דאָס האָט איהר עפּיס שטיל פערקלעמט אין הארצען און געצוואונגען אַוועקצודרעהען די אויגען פון פענסטער אויף דער וואַנד.

דאָרט אויף דער וואַנד איז שוין געלעגען עפּיס אַ בלויער שיין פון דער נאַכט, וואָס האָט פערדעקט די טונקעלע ערטער פון די לאַנדשאַפטען, נאָר דאָס ליכטיגקייט פון די פּנים'ער האָט נאָך מאָדנע געטאַנצט פאַר מאַריטאַ'ן. אָט איז צאַלעס פּרעהליך פּנים, אָט זעננען די צוויי טשינאָווניקעס און אָט איז דער רויטבערדיגער, מיט וועלכען זי, מאַריטאַ, פלעגט געהן אויף יאַגד...

דאָסמאָל האָט איהר וועזען אַ שפּאַציר געטהאָן איבער די ווייטסטע ערטער פון איהר קינדהייט. איהר האָט זיך דער-מאָהנט דער גרויסער סאָד, אין וועלכען דער טאַטע שיקט זי שפּאַצירען. שפּאַצירען אַליין אונטער די סאַמעטענע בלומען גע-גען די רויטע און פאַרנאַכט-צו. דערביי האָט זי זיך, ווי אין אַ הלום, דערמאָהנט אין ברילי'אַנט און אין פּנים פון יונגען צאַלע, וועלכען זי האָט אָבגעשטויסען פון זיך. מאַריטאַ האָט אַ ציטער געטהאָן און עפּיס אַ שטילע מיטלייד אויף זיך און איהר פאָ-טער מאָטיע האָט אַרומגעכאַפּט איהר וועזען. דערביי האָט זיך

מאָדנע בעוויזען דאָס פנים פון טוביה׳לע שרייבער מיט זיינע פאָרהאַנגעלעך און ברילעכלעך, וואָס איז געשטערט געוואָרען פון טאַטען, פון וועלכען זי האָט אַ צווייטען ציטער געטהאָן. פאַמעליכעל איז אויף איהר ערינערונג געקומען די ערשטע וואַרימע רייד פון צאַלוש׳ן, אין וועלכען זי האָט מאָדנע געגלויבט, זיין איצטיגע עקזעקוציע, אילין, דאָס געשטאַלט פון די דריי געשטאָרבענע ווייבער און דאָס בינטעל פרעהליכע טשינאָווניקעס מיט זייערע גוטע רייד און ביטערן פאַפּיראָסען-רויך צוזאַמען.

עפּיס עקעלהאַפטעס און זינדיגעס האָט מאַריטאַ אין זיך געפיהלט. דאָס ערשטע מאָל האָט זי זיך געפיהלט נידערגעשלאָגען און בעליידיגט מיט דעם געפיהל, ווי עס פיהלט זיך אָפּט אַ קינד, וועלכענס באַקען עס זענען פון פול ליפען בעריהרט געוואָרען און דאָך פון קיין איינס נישט ריכטיג געקושט געוואָרען.

זאָל דאָס זיין מאַריטאַס גליק? האָט עפּיס אַ געפיהל פון בעטראַכטען דאָס אייגענע לעבען אַריינגעדרונגען אין איהר מוח? דערביי זענען פאַר איהר געשטאַנען אונטער דער פּלייצע מאָדנע בלאַסע געשטאַלטען, פאַר וועלכע זי האָט זיך דאָס ערשטע מאָל שולדיג געפיהלט און וועלכע עס זענען איהר עפּיס שולדיג געוועזען. אויף צו בעשיצען זיך פון אַזעלכע געדאַנקען, פלעגט זיך מאַריטאַ אויפהויבען פון געלעגער און פאַמעליכעל געהן בעטראַכטען די נייע גאַסען.

פאַרנאַכט, די זון איז פערגאַנגען און איבערגעלאָזט עפּיס אַ רויט-שטאָלענעט גלאַנץ אין די קאַלטע זומפען פון גאַס, וועלכע זענען דאָ—דאָ, דאָ—דאָרט בעוואָרפען געוואָרען מיט גרינע בלעטער. מאַריטאַ איז דורך לאַנגזאַם די געסלעך, וואָס האָבען געפיהרט צו דער בראָנפען-פאַבריק, בעטראַכט די פרעמדע גאָלדענע אָדלערס, די אייזערנע קראַטען פון די פענסטער און אויסגעמיטען די הינד. שפּעטער האָט זי זיך פערקערעוועט צום נייעם פּאָסט-געסעל, וואו עס האָט זיך נישט לאַנג בעזעצט אַ פּאָסט-נאַטשאַלניק. נייע סלופּעס פון טעלעגראַף זענען צוועקגע-

שטעלט געוואָרפֿן דאָרט, און מאַריטאַ האָט זיך דערמאָנט, אַז היינט דאַרף זי בעקומען אַ בריף פון די אָקציזניקעס.

ניט אינטערעסירט האָבן איהר איצט די אַוועקגעפֿאָה־רענע טשינאָווניקעס. ניט געוואָלט האָט זי וויסען, וואָס זיי טהוען, דאָך די בריף און די ערוואַרטונג אויף איהר האָבן זי געצויגען.

די בריף פֿלעגט זי בעקומען שפּעט פאַרנאַכט, ווען דער פּאָסט־טשינאָווניק האָט זיי סאָרטירט און צולעגט בעזונדער.

מאַריטאַ רייסט אויף אונרוהיג די בריף, שטעלט זיך אַוועק אין דרויסען ביי די שוואַך־בעלויכטענע פענסטער פון דער פּאָסט און לייענט:

„גאָלדענע מאַריטאַ! באַלד קומען מיר ווידער, אָנהויבען וועלען זיך ווידער די פרעהליכע אָוועגדען. עס געהען נייע לידער, נייע טענץ“.

„מיר לעבען דאָ גוט, מאַריטאַ, מיר זענען גליקליך, מיר האָפען אייך צו זעהן. אַזוי, וואָס מאַכט איהר אָהן אונז? זענט איהר ניט טרויעריג?“

דורכלייענענדיג די בריף, געהט מאַריטאַ ווידער דורך די נייע גאַסען מיט די קראָמען, פון וועלכע עס קוקען אַרויס סוחרים, נייע מענשען. זיי לאָזען איהר דורכגעהן ווייט, ווייט און ריידען אונטער דער פלייצע: „אָט וואָס אַ מענש קאָן, רואי־ירט אַנ׳אַלט פערמעגען, אַלץ צו אַש געמאַכט, צובראָכען און צו־שטאָכען. איצט איז מען געקומען נעהמען ירושה ביים לע־בען.“

—חצופה!

ווייט איז שוין מאַריטאַ פון גאַס, פערלוירען פון אונטער איהרע פיס דאָס קלאַפּען פון די טראָטואַרען־שטיינער און דעם בלישטש פון די פענסטער, דאָך דאָס וואָרט „חצופה“ קלינגט איהר נאָך, ווי אַ שאָס, אין די אויערן. און עפּיס אַ מאָדנע בי־טער געפיהל בעהערשט איהר.

—גאָט! אין זי שולדיג? האָט זי צושטערט דעם טאַטענס

פּלענער? רואיגירט זיין פערמעגען? און אָבגעמעקט דאָס אַלטע גוטע לעבען? גאָט, ווי שלעכט און איינזאַם איהר קלינגט איז אָט די נייע וועלט, ווי איינטעניג צאַלושעס שטוב. אום זיך צו בערוהיגען, פערלאָזט מאַריטאַ אָט די גאַס און לאָזט זיך געהן דאָרט אַהין, צום טאַטענס קאַמאָרקעס, נישט אַריינגעהן, נאָר אַ קוק-טהאָן פון דרויסען, וואָס אין שטוב קומט פאָר.

שטעהענדיג אונטער די פענסטער, בעמערקט זי, ווי דער טאַטע ליגט מיט'ן קאָפּ אין עפּיס אַנ'אַלט ספר, פערגאָסען מיט ליכט און טרעהרען. די מאַמע קוקט אין סדור און ווישט די אויגען. דער פעטער און די מוהמע זיצען, ווי שטיינער און סאָ-סיע קלאָגט צום הימעל. כאָטש דער אייביגער ברוגז פון מאָ-טיע'ן האָט איינמאָל פעריאָגט מאַריטאַ'ן פון זיין שטוב און כאָטש צאַלושעס אויגען האָבען איהר שטענדיג נאָכגעקוקט, צי פערברענגט זי נישט אין מאָטיע קבצנ'ס שטוב, דאָך פלעגט זי אַריין מיט אַ מאָדנער דערשלאָגענער מינע, אַוועקשטעלען זיך פאַר'ן טאַטען און זאָגען:

—טאַטעשי, רחמנות, מיטלייד אויף דיין טאָכטערס יאָהרען, אָט וואָס איך וויל. דען פון מיינעטוועגען מעג אַלץ פון גע-געניבער פערברענט ווערען, צוהאַקט ווערען, אַ שטיין אויף אַ שטיין זאָל נישט בלייבען, דו הערסט? אַ וואָרט פון דיר וויל איך, אַ וואַרים, נישט ברוגז וואָרט.

דער טאַטע פערשטעלט די אויגען, ווי פאַר אַ געשפּענסט און מורמעלט:

—אַוועק, אַוועק, דען נישט קיין טאָכטער, נאָר אַ מלאך-המות זעה איך. זאָל זי געהן צו איהם.

דער טאַטע האָט פאַר איהר קיין וואָרט נישט און פון איהרע וועגען וויל ער נישט וויסען. מאַריטאַ פאַלט נעבען איהם, וואַרפט אַריין דעם קאָפּ אין קישען און צעוויינט זיך מאָדנע קינדיש.

דער פאָטער הויבט זיך אויף פון אָרט און לויפט אַרום אין שטוב, ווי עפּיס אַ פערלאָזטער קעניג פאַר זיין רייכע פרינ-

צעסינס, ער ווארפט און שמעטערט אלץ אונטער זיינע הענד און שרייט:

—אַ קללה אויף דעמס קאָפּ, וואָס האָט געבראַכן זיין בטחון, אַ קללה אַ גרויסע!

מאַריטאַ הויבט זיך אויף און פּרובירט אומאַרמען די מאַמען, סאָסיע׳ן און די מוהמען, נאָר אַלע קוקן איהר אָן מיט מאָדנע גרויסע אויגען, ווי זיי וואָלטען זי נישט דערקענט.

נאָך אַ זעלכע מינוטען געהט מאַריטאַ אַרום אויפ׳ן גאַס און זעהט קיין וועג נישט פאַר זיך. פאַר די אויגען שיטען זיך פינטלעך און אונטער די פיס גליטשט זיך עפּיס. עס דאַכט זיך איהר אויס, ווי די בראָנפען-פאַבריק איז איבערגעדרעהט מיט׳ן קאָפּ אַראָב און די ליכטיגע פענסטער פון איהר הויז שטעהען, מיט די ליכטיגע לאָמפען איבערגעקעהרט.

זי קומט לאַנגזאַם אַרויף צו זיך אין שטוב, פאַלט-אַריין אין געלעגער, בעטראַכט נאָך אַמאָל פון ווייטען די קייזערליכע בראָנפען-פאַבריק, די ווייטע נאַקעטע בוימער פון פעלד און הערט זיך איין אין בילען פון מאָדנע הינד, וואָס לאָזען הערען זייערע צפון-שטימען אין דער ווייטער נאַכט אַריין, אָדער ווי צאַלוש זיצט מיט געסט אין זיין קאַבינעט און בעריהמט זיך מיט דער גרויסער אַרבייט געגען מאָטיע׳ן, אָדער ווי ער שפּילט זיך מיט די פרימאַדאָנעס, געלד-באָרגערינס.

אַ טיילמאָל קומט אַריין צאַלוש, דרעהט ער זיך עטליכע מאָל איבער שטוב און פרעגט:

—מאַריטאַ, וואָס ביזטו אַזוי שלעפעריג און וואָס ציהט דיך נאָר דאָס בעט?

און אַז מאַריטאַ ענטפערט מיט אַ שלוכצען און וויינען אין קישען אַריין, זאָגט צאַלע:

—וויין, וויין, טעכטערל, דו האָסט, כלעבען, וואָס צו וויינען. איך האָב דאָ בעגראָבען אַן׳אַלטען הונד. געמאַכט פון אַן׳אַלטען פעלץ אַ שען מלבוש. געפעלט עס דיר נישט, לאָז איך דיך פריי, קאָנסטו דיר געהן צו איהם צוריק אין הויז אַריין!

# די נייע שוהל.

צום הערבסט איז שוין דאָס נייע ישוב אינגאַנצען פאַרטי-
בעוואָרען. די אַלע בודינקעס, וואָס זענען געשטאַנען מיט בוי-
ווערקשטאַטען פערשטעלט, זענען איצט פריי געוואָרען פון די
סלופּעס-ברעטער, זאַמד און ציגעל פון די ציגעל-טרעגער, וואַ-
פנע-גריבער, און דאָס שטעדטעל האָט בעקומען דעם אייגענעם
אויסזעהן, ווי דאָס אַנדערע, ווי דאָס דריטע שטעדטעל: קינ-
דער ווערען געבוירען פון דער מאַמעס בויך. די ליידען זע-
נען שווער און דאָס בלוט, מיט וועלכען עס איז איינגעריכט,
פערשפּרעכט נישט די צוקונפט פון אַ לעבעדיג פרעהליך בעשע-
פעניש. דאָך וואַקסט עס אויס, ווי דאָס צווייטע, ווי דאָס דרי-
טע קינד—ווערט אַ מענש מיט מענשען צוגלייך.

און איז מען געשטאַנען פון ווייטען, האָט מען געזעהן
אַ הויכען קלויסטער-שפּיץ, אַ שפּיץ פון אַ צערקווע, פון אַ פּיי-
ערלעשער-טורם, פון אַ מאַגיסטראַט, אַ פאַרקאַן פון אַ בית-עולם, אַ
שוהל-הויף, אַ בית-המדרש, מיט נאָר איין אונטערשייד, וואָס
דאָרט איגוועניג איז די אַלטע פאָרם פון בוי איבערגעביטע

געוואָרען אויף נייע פּאָרמען און די תּפילות זענען געוואָרען אומגעביטען אויף נייע תּפילות, די דאַוונער—נייע דאַוונער, די שמשים—נייע שמשים, די חזנים—עפּיס אַנדערע זינגער און פון די אַלע אַלטע הייליגקייטען זענען געוואָרען נייע. אַט אַ שטייגער, מאַטיעס שוהלכל, דאָס קליינע פּאָר עטליכע מנינים איז צולעגט געוואָרען און אויפגעצויגען געוואָרען ביז דריי שטאָק. דאָרט, אויפ׳ן סופית האָט מען געזעהן אַן אָדלער געצייכענט פון אַ געניטע קינסטלערישע האַנד, וואָס האָט אַקאַדעמיש בעהאַנדעלט די פליגעל און די ווערטער „קל כנשר.״ אַ הירש, אַ לייב, כלי-זיין—נישט דאָס, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון אַ נישט געניטע, דאָך גלויביגע האַנד, נאָר עפּיס אַ מין מאַלעריי, וואָס זוכט קונסט-רוהם. אַ בעלעמער אַ נייער, אין ווענכען עס זענען געווען אויסגעשניצט פויגעל, בערען און לייבען, נאָר די זענען געמאַכט געוואָרען נאָך דער נייער מאָדע.

די אַלע פעסער, וואָס זענען געשטאַנען ביי דער טיר צום וואַשען זיך, זענען אָבגערוימט געוואָרען, און אויף זייער אָרט האָט מען אָנגעקלאַפּט אַ כיור און אָנגעגאָסען אַ קליין בעסעלע וואַסער. אויף די טישען און בענק האָבען זיך שוין מעהר נישט געזעהן די ווילדע לערנער צו מנחה און מעריב און נישט די מתמדים, נאָר עפּיס עטליכע יונגעלייט אויסגעפּוצטע אַ ברום טהאָן דעם ניגון פון גמרא, אַ בליק טהאָן דאָ און דאָרט אין ש״ס און אין פּוסקים גלאַט אַזוי פאַר יוצא-וועגען, און אין דידאָזיגע מינוטען פון יוצא-וועגען האָט מען דערווייל אַ בליק געטהאָן אונטער די נייע ספרים, וואָס זענען פערבעהאַלטען געוואָרען אונטער די טאָוולען און געקוויקט זיך מיט די ווערטער, וואָס רופען צו אַ נייע וועלט...

האָט מען אַ בליק געטהאָן צום אָרון-קודש, האָט מען שוין נישט געזעהן דאָס אַלטע רויטע פּרוכת מיט׳ן גאָלדענעם מגן-דוד, נאָר עפּיס אַ מין געשטריקטער פאָרהאַנג מיט צייכנונגען, ווי דער פאָרהאַנג ביי אַ ביהנע. פון אינוועניג האָט מען אַרויסגענומען די ספר-תּורות, וואָס האָבען יאָהרען, יאָהרען געדינט צום לייענען, צו אַרומגעהן מיט זיי הקפות. מען האָט אויסגע-

כונען, אַז זיי זענען פסול און מען האָט געלאָזט שרייבען אויף זייער אָרט אַנדערע. אויבען האָט מען געזעהן נייע פענסטערלעך מיט קאָלירטע שייבלעך אין פאָרם פון אַ מגן־דוד. קיין נעסטען אונטער זיי האָט מען נישט געזעהן, נאָר עס צווישערן יונגע לייכטזיניגע פויגעל און עפּיס אַ מאָדנע פאַר־בינג־פאַלשע זון האָט אַריינגעבליקט אין דער נייער שוהל.

## דער נייער חזן.

דערזעהן די נייע שוהל מיט איהרע בלישטשענדיגע הענג־לייכטער און שויבען, מיט איהרע שניצערייען און מאַלערייען, האָט מען אַ טראַכט געטהאָן וועגען אַלטען חזן. נאָר איהם האָט מען געהאַלטען פאַר אַנ׳עובר־בטל. מען האָט זיך דערמאָהנט, אַז ער־שטענס, האָט ער קיין קול נישט און דאָס, וואָס ער זינגט, איז אַלט, ווי די נאַכט, אַז קינדער אין די וויגען קענען עס; צווייטענס, איז ער שוין נאָהנט פון הימעל און זיינע בגדים און נוסח פון דאַוונען פאַסט נישט פאַר דער נייער שוהל. דערויף האָט קהל געסטאַרעט זיך צו ברענגען אַ נייעם חזן, אַ חזן פון ווייט, אַ חזן פון שטאָדט מיט נאָטען.

אין איינעם אַ שענעם טאָג האָט מען געזעהן אויפ׳ן בע־לעמער עפּיס אַ הויך, שטשופּלע מענשעל מיט אַ קורץ טלית׳ל און ברילען, אין אַ הויכען סאַמעטענעם קאַפּעל, ווי אַ קליין שוואַרץ פּעסעל. ער האָט זיך עפּיס אַ מאָדנעם וויש געטהאָן די וואָנסען און אַ זונג געטהאָן מיט אַ שטימעלע, ווי אַ פּרוי:
„אל אדון על כל המעשים.“

אַט דערדאָזיגער „אל אָדון" האָט אָבגעקלונגען מאָדנע.

ווען מען האָט אַ בליק געטהאָן אין דער זייט פון דער מזרח-וואַנד, האָט מען דאָרט געזעהן מענשען ניי-געקומענע, סוחרים, הענדלער, לעהרער, שפּעקולאַנטען און פּריש-אויפגעקומענע גבירים, וואָס האָבען פערנומען די מזרח-וואַנד צוליב דעם, וואָס זיי האָבען מנדר-געווען פאַר דער שוהל גרויסע נדבות. ביי זיי אין די אויערן האָט דער „אל אָדון" אָבגעקלונגען פרעהליך און לעבעדיג—מעשה פערוויילונג. עס האָט זיך פון זייערע ליפּען אַראָבגעגליטשט אַ פרעהליכער שמייכעל: „זעהט, קיין עין-הרע, וואָס מיר האָבען דאָ אַראָבגעבראַכט צו דער נייער וועלט." זיי האָבען זיך געפרעהט מיט זיין קליידונג, מיט זיין אויסזעהן און זיסען, ווייכען שטימעלע.

פון הינטען אָבער, צו דער טיר צו, האָבען זיך געזעהן אַנדערע מענשען. דאָס איז געווען מאָטיע דער אַלטער חזן און דאָס גאַנצע אַלטע עובר-בטל'דיגע דור, וואָס איז געשטאַנען דאָ אין שוהל, ווי איינגעבעטען, ווי גרייט עפּיס הייגט, מאָרגען אַרויסגעשטויסען צו ווערען, און ווען זיי האָבען דערהערט דעם חזנ'ס קול, האָט זיך זייער געדאַנק שיער נישט פערדרעהט. גאָט, וואָס איז דאָ געשעהן? וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

ווי עמיץ וואָלט בערויבט דעם חוש פון אויער און עפּיס אַרויסגעריסען פון האַרץ ליבעס און טייערעס,—אַזוי האָט זיי געטראָפען דאָס שבת'דיגע קול. עס האָט זיי געקלונגען פאַלש, ווי פון אַ פערשטעלטען מענשען. איז דאָס אַ תּפילה? איז דאָס אַ חזן? האָט מען עפּיס פאַר זייערע אויגען עפּיס נישט פערדרעהט? נישט איבערגעמאַכט? ווען זיי פלעגען אַוועקגעהן פון שוהל, זענען זיי אַרומגעגאַנגען עלענדע, נישט געניסענדיג פון זיין דאַוונען.

אין שפּעטערדיגע צייטען האָט מען געזעהן דעם חזן נישט נאָר דאַוונען לייכט, נאַרען מיט זיין סתּם עפּיס אָבזינגען אַ תּפילה, נאָר אויך זינגען אויף חתונות און ברית'ן, בעקלאָגען טויטע און בעזינגען כּלות.

ס'איז אויפגעקומען געוואָרען אין דער נייער וועלט אַ חזן, אָבער שוין נישט דער, וואָס האָט זיך ביי זיינע תפילות פערטראַכט, געזונגען מיט אַ בעזונדער כונה, מיט אַ בעזונדער ניגון, נאָר אַ זינגער אויף גיך, ווי בעשטעלט אין ווין. אַז מען האָט אַ בליק געטהאָן אין צאַלושעס הייזער, צום פרעהליכען, לעבעדיגען און געשעפטליכען אַרט לעבען, דאָס, וואָס אַרבייט אויף דער מיגוט און צייט, האָט מען אויך פערשטאַנען דעם חזן.



# דאָס שטעדטעל נעהמט־אויף אַ רב

ווייל די שוהל און דער חזן האָבען זיך צוגעפּאַסט צום נייעם דור, האָט מען אויך אַ טראַכט געטהאָן וועגען אַזאַ רב, וואָס זאָל פּאַסען פאַר׳ן נייעם ישוב. דער פריהערדיגער רב פון אַלטען ישוב איז, אמת, געוועזען אַ מומחה, אַ בעל-דעה, נאָר די נייע וועלט האָט פון אַזאַ רב איצט נישט געטראַכט, ווען זי האָט געזאָגט:

—מיר מוזען האָבען אַ רב, וואָס זאָל זיך פּאַסען צום לעבען, אַ רב, וואָס זאָל קאָנען אַ שמועס טהאָן מיט נאַטשאַלסטווע, מיט׳ן פּאָליצמייסטער, אַ רב נישט קיין בטלן, וואָס זאָל קאָנען די וועלט, אַ בעגריף האָבען אין פערשידענע זאַכען. אָט אַזאַ רב האָט מען איצט פערלאַנגט. ווייל די אָנגעקומענע בעלי-הבתים פון דער גרויסער שטאָדט האָבען אַזעלכען פון זייער היים געקאָנט, האָט מען איינמאָל אַ ברענג אַ רב געטהאָן, אַ פאַרשוינדעל מיט ברילען אויף דער נאָז, אַ געצאַצקעטען, מיט אַ צילינדער אין שבת און מיט אַ פּאָר געפּוצטע שטיוועלעך. מען האָט איהם פאָרגעשטעלט דעם עולם און מען האָט געזאָגט:

—אָט האָט איהר אַ רב אַ מאַגנאַט. גוים וועלען זיך מעגען אַרויסזעצען די אויגען. דען פערשטעהסט איהר, ער וועט שוין נישט זיין קיין שווערער מענש, ווי יענער אַלטער רב, וואָס האָט מחמיר געווען דין-תורות, געפּסל׳ט די גרינגסטע שאלות. אַ רב—אַ בריליאַנט, אַ ליאַלקע און מען האָט איהם בעזעצט אין אַ הויז לויט׳ן נייעם פאַסאָן, מיט קריסטאָלענע פענסטער און בלומען-טעפּ, צוגעגעבען אַ פּאָר קופּערנע סאַמאָוואַרען טיי צו טרינקען און עטליכע מעדניצעס די הענד צו וואַשען...

אַ חוץ דעם האָט מען בעמערקט עטליכע געפּוצטע ספרים-שענק, און ס׳פּלאָנטען זיך שוין אין קאָפּ ביים רב׳ל וועלטליכע ידיעות, ווי קאָפּערניק, וואָס האָט אויסגעפונען, ווי אַזוי די ערד דרעהט זיך, קאָלומבוסעס רייזע קיין אַמעריקאַ און דער וועג פון די רויטע יודלעך ביז׳ן טייך סמבטיון. אָט אַזאַ מין רב איז עס געוועזען. שבת, יום-טוב האָט זיך דאָס רב׳ל אין צילינדער צוזאַמען מיט עפּיס אַ לייכטזיניג שמש׳ל אַראָבגעלאָזט פון די שטיגען אין דער נייער שוהל צו מזרח, צום דעם ערשטען בעל-הבית, וועלכען ער האָט לויט׳ן חשבון פון עטאַט-צאָהלען געדאַרפט זאָגען „גוט-שבת.״ און דאָס איז געווען צאַלוש-פּרעדסעדאַטעל, און ער, צאַלוש, האָט צוריק געענטפערט מיט עפּיס אַ מאָדנעם סוחר׳ישען שאָקעל מיט׳ן קאָפּ „גוט-יאָהר.״ דערנאָך האָט זיך דאָס רב׳ל אַוועקגעשטעלט ביים שטענדער, זיך איינגעוויקעלט אין טלית און געטראַכט:

—רבונו-של-עלום! סאַראַ נייע סטאַדע שעפּסען אַרום מיר דאָ איז. ווייזט-אויס, עס איז גוט זייער וואָל צו שערען און זייער מילך צו טרינקען, פראָסט זיך קיין בעסערס נישט געוואונשען, און וואָס קאָן דען מיר דאָ עפּיס פעהלען.

ווען דער עולם האָט אַ בליק געטהאָן אויפ׳ן נייעם רב, האָט זיך דערקאָנט עפּיס אַ צומישונג צווישען די מענשען.

דער צד, וואָס איז אויסגעקומען צום מזרח, איז בעשטאַנען פון פרישע לעבעדיגע סוחרים׳לעך. זייערע נייע סאַמעטענע היטלען זענען געוועזען שמאָלע, די סדורים׳לעך מיט גאָלד גע-

זיישט און די טליתים׳לעך קורצע, ווי געבאָרגט צו אַ ספּעק-טאַקל. זיי זענען געוועזען אין דער מיינונג פון צאַלע׳ן, אַז לעבען אויף דער וועלט איז פּאַרהאַן אַ סך און געלד ווינציג. אַלטע רבנים פון אַלטע דורות זענען אַ קללה און אַ וועלטליכער רב—ער איז אַ נחת, און ווען זיי האָבען איהם דערזעהן, האָט זיך אַ שמייכעלע דורכגעטראָגען אויף דער מזרח-וואַנד:

—אַ רב, אַ רב, מיט אַלע פּיטשעווקעס, קיין עין-הרע, שונאים פּעגען אונז מקנא-זיין.

אַזוי גליקליך זענען זיי געוועזען. הינטען אָבער, וואו עס זענען געשטאַנען די מענשען פון אַלטען דור מיט אַלטע געלע טליתים, מיט אָבגעריבענע היטלען, האָט דאָס געשטאַלט פון נייעם רב עפּיס אַ מאָדנעם ציטער איבערגעלאָזט ביי זיי: „איז דאָס אַ רב? אַ ראש-הקהל? דער, צו וועמען אַנ׳עדה דאַרף זיך בויגען? ווער, וועה, סאַראַ מאָדנע געפּוצט קאַפּאָטקעלע, סאַראַ פאַלשע שמייכלען!"

ווען דאָס רב׳ל איז נאָכ׳ן דאַוונען אַוועק פון זיין אָרט, האָבען איהם די נייע מזרח-וואַנד-מענשען חניפה׳דיג נאָכגע-שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אַ „גוטען-שבת" און ער זיי. די מענשען אָבער פון הינטען האָט דאָס רב׳ל אויסגעמיטען און זיי האָבען זיך אָבגערוקט, פערבעהאַלטען אין די ווינקלען, בעליידיגט אַרויס פון שוהל, ווי עמיץ וואָלט זיי אַרויסיאָגען.

ווען מען איז צו דעם רב׳ל אַריינגעקומען צווישען דריי און פיר אַלע טאָג, האָט מען געזעהן דאָס קאַפּעלדיגע פאַר-שווינדעל זיך אַרומדרעהן צווישען זיינע שאלות-פרעגער. אָרימע יודענעס מיט טעפּלעך אין די הענד זענען געשטאַנען ביי דער טיר און געפרעגט:

— רבי, וואָס זאָגט איהר? איז אָט דאָס עסען אין דער כלי טרפה אָדער כשר?

צו זיי האָט דער רב גערעדט שטרענג און מיט א האַרטער מינע און מיט א „געהט געזונדטערהייד". פאַר אַנדערע רייכע שאלות-פרעגער האָט דער רב ווייך אויסגעטייטשט:

—מען מעג עסען, קיין הויז איז דערפון נישט אומפּאַלען. די תורה אַסר'ט עס נישט.

נאָך די עטליכע שאלות און דין-תורות האָט זיך דאָס רב'ל אַ לעג אַוועק געטהאָן אויף דער סאָפע, ווי ער וואָלט פון קאָפּ אַרויסשליידערן אָט דעם גאַנצען פלאָנטער פון דין-תורות און שאלות, וואָס עס איז נאָר אַנ'ענין פאַר נאַראָנים און האָט גענומען אין די הענד אַריין אַ ספר'ל מיט גאָלד-שניט. די זון האָט זיך געהאַלטען ביים אונטערגעהן און בעשיינט קוים די רויטע פלאַש פון ביר און די טעלערלעך נאַשוואַרג, וואָס זענען גע-שטאַנען אויפ'ן רב'ס טיש אַלע טאָג, ווי שבת נאָכ'ן שלאָף. דער זייגער מיט די זילבערנע ווייזערס איז רוהיג געגאַנגען און אַרויסגערופען צו יעדע שעה אַ קוקאַוקע, וואָס האָט זיך עפּיס געשטעלט געגען רב'ס קאָפּ, ווי איינער זאָגט: „וואָס פעהלט דען דיר דאָ, ראש-הקהל, בעסער נאָך, ווי אין גן-עדן."

ביי אָט דעמדאָזיגען קלונג פלעגט שטענדיג אַריינקומען די רבי'צין, אַ מין דיקליך געשטאַלט, פון קיך פערמעהלט, פער-ווייסט פון די בייטאָג-פּאַטראַוועס און אַריינריידען: „וויל נאָך עפּיס דער רב צום מויל נעהמען? וויל ער נישט אויסטרינקען אַ גלאָז ביר אָדער סתם עפּיס זיסעס נעהמען צום מויל?" און אַז דער רב ענטפערט: „ניין," לאָזט זי איבער אַ זאַטען שלו-קערץ, כאַפּט אַ בליק צום זייגער און, בעטראַכטענדיג דעם מאַרק מיט די פערמעהלטע יודען, ווי בהמות, וואָס דאַרפען טראָגען די שפּאַן פון מאַן, געהט זי, גרויס ביי זיך, אַרויס פון שטוב.

ס'רוב אין דערדאָזיגער צייט פלעגט אַריינקומען דער ראש-הקהל פון שטעדטעל, צאַלוש פּרעדסעדאַטעל, זיך אַוועקזעצען אויף דער סאָפע, אויף וועלכער דער רב איז געלעגען און גע'טובל'ט זיך אין דער גרינג-פלאַשיגער מחיה און געפרעגט:

—רבי, ווי געהט עס עפּיס אין דער וועלט. האָט דער שוחט געשליפען זיין חלף און געשאָכטען די קוה? זענען די בעניסעס פון די בהמות כשר? און די דין-תורות אַ סך?

און אַז דער רב דערהערט די פראַגען, גיט ער זיך עפּיס

אַ מין מחיה׳דיגען וואָרף אויף דער סאָפע, ווי אַ פישעלע אין וואַסער און זאָגט:

—און אַז געזונד זאָלט איהר זיין, ר׳ צאַלע, איהר זענט דאָך באמת אַ ירא-אלהים און דערצו אַ מפרנס פון שטעדטעל, וואָרום ווער דען, אַז נישט איהר, האָט בחסד אלהים אויפגעבויט הייזער און אויפגעקאָכט אַ לעבען פון שמשים, דינים און עטאַט-צעטלען?

ריידענדיג וועגען די גרויסע מעלות פון צאַלוש פרעדסעדאַטעל, געהט דערווייל איבער דאָס גוטע רב׳ל צו זיך אליין און אַ דרעה טהוענדיג ביי די פאה׳לעך, וואָס זעהען-אויס, ווי צוויי שעפסען-עקעלעך, זאָגט ער:

—און, ר׳ צאַלע, זענט איהר פון מיר נישט צופרידען? פאַסט איך נישט פאַר׳ן נייעם דור? פסק׳ען איך דען נישט די דין-תורות לויט זייער רצון און ווי מען דאַרף?

און אַז צאַלע שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, הויבען זיך אָן ביי די ביידע די קול׳עכלעך פון צופרידענהייט צוצושרייען, צוצוקוויטשען, ווי ביי ברידערלעך...

ביי דידאָזיגע מינוטען דערהערט די יונגע רבי׳צין דאָס קול פון צאַלע׳ן, צו וועלכען עס ציהט איהר בעזונדערס. זי קומט אַריין און זעצט זיך אַוועק אין אַ מאָדנער פּאָזע פון אַ צושראָקענער כלה. דאָס פּנים ווערט ביי איהר אָנגעצונדען, ווי אַ הימעל אין מזרח און די הענד ליגען צוואָרפען איבער׳ן טיש, נישט וויסענדיג מיט זיי וואָס צו טהאָן.

—אָבער אויך די רבי׳צין איז נישט משונה,—וואַרפט אַריין אַ וואָרט צאַלוש,—אָבער אויך זי איז נישט קיין פערקנייטשטע. אַ רבי׳צין, קיין עין-הרע, מיט אַ סטרוי, מיט אַ שטאַט. די ווייבער אין שוהל קוועלען.

דער רבי׳צינס פּנים ווערט נאָך מעהר אָנגעצונדען און זי שטאַמעלט ווידער, נישט וויסענדיג, וואו אַהינצוטהאָן די הענד מיט די אויגען.

—איך, איך... ניין, יאָ, וואָס... באַ...

און הויבט-אָן אויפסניי רויט צו ווערען. ענדיגענדיג די

שמועסען, וואָס דרעהען זיך ס׳רוב ביי עטאַט-מסחרים און רבי-פּליכט, געהט צאַלוש אַוועק און דאָס רב׳ל בלייבט אַליין, טראַכטענדיג וועגען דעם, וואָס ער האָט צוטהאָן ביינאַכט. דאָ דערמאָנט ער זיך אין אַ ברית, אַ שמחה. אַ טיילמאָל קומט איהם אויפ׳ן רעיון אַ חופּה און דאָ האָט דאָס רב׳ל זיך צו בעטראַכטען איז די שמחה אַ רייכע, פּוצט ער זיך אויס און געהט צו דער חופּה פּרעהליך. ביי אַן׳אָרימער חתונה געהט ער פויל, מיט-שלעפּענדיג די פיס. ווען די חופּה ווערט געשטעלט און עס קומען זיך אָן מענשען פון אַרום און אַרום, זעהען זיך ווייבלעך, מיידלעך פון געשעפטען, סוחר׳טעס און סתם ווייבלעך, חופּה-ליבהאָבערינס. זיי בעטראַכטען דעם נייעם יונגען רב און קוועלען.

—אָט האָבען מיר דערלעבט אַ נחת, אַ רב אַ חתן, אַ רב אַ קאַוואַליער, אַ שפּיגעל.

הינטען אָבער שטעהען די אָרימע פרויען פון דער אַלטער וועלט, וואָס בעטראַכטען אָט דאָס מאָדגע שפּיגעל און שעפּטשען :

—וועה, וועה איז אונזער וועלט, פאַלשע רייד, פאַלשע וואונשען, פאַלשע חופּה וקדושין—צאַלוש, צאַלוש פּרעדסעדאַטעל



# אויך דער שמש.

אויך די שמשים פון דער אַלטער וועלט זענען דאָ גע-וואָרען אָבגעשטויסען. צוגענומען איז געוואָרען אַ שמש'ל פון אַ גרויסער שטאָדט, וואָס האָט לויט'ן חשבון פון די מטבעות גע-וואוסט וועמען צו חנפה'נען. שבת, יום-טוב איז דאָס שמש'ל געשטאַנען אויך דער וואַך צו רופען צום דאַוונען די בעלי-הבתים, יונגע, רייכע, וועלטליכע.

ווען דער חזן האָט געדאַרפט זינגען, דער מגיד ריידען אָדער דער רב האַלטען אַ דרשה, האָט דאָס יונגע שמש'ל, וואָס האָט מעהר דערמאָהנט אין אַ בעצאָהלטען קעלנער, אַרויף אויף דער בימה, און פון אונטער זיינע הענד זענען אַרויס קלעפּ צו מאַכען שטיל-שווייגען דעם עולם. אָבער שוין נישט יענע האַרציגע קלעפּ, וואָס האָבען געקלונגען מיט גאָטספאָרכ-טיגקייט און כוונה צום דאַוונען און הערען תפילות, קלעפּ לייכ-טע, וואָס האָבען דערמאָהנט אין לייכטזיניגע קלעפּ פון געלד-אסיפות, פון געשעפט, פון פוסטע צוזאַמענקומען. און דאָס יונגע שמש'ל האָט בעדינט די שוהל לויט דעם, פון וועמען און ווי-

פיל שוין האָט בעקומען בעצאָהלט פאַר זיין אַרבייט און ווער איז געוועזען די הויפטשרויף, וואָס האָט אויסגעהאַלטען דאָס הייליגע „כלי-זיין" פון דער נייער וועלט—צאַלוש פרעדסעדאַטעל!

צאַלע הייסט ליכט צינדען ערב-שבת. ער הייסט זיי שפעטס-צונאַכטס אויסלעשען, קדוש-מאַכען, הבדלה-מאַכען, מחדש-זיין די לבנה, שכור'ן שמחת-תורה, טרויערן אין תשעה-באב— אַלץ צאַלוש פרעדסעדאַטעל! און אָט פאַר דעם בעל-הבית איז דאָס נייע שמש'ל געשטאַנען מיט די פיסלעך און קעפעלע גע-בויגען.

ס'רוב פאַר די ימים-נוראים, ווען דאָס שוהל-כלי-קודש ווערט גוט בעלוינט פאַר בעדינען צו די תפילות, האָט מען דאָס יונגע שמש'ל, ווי אַ משרת'ל ביי די פיס געזעהן אַרומלויפען אַרום די טישען און די שטענדערס, וואו צאַלוש האָט געדאַ-ווענט.

—ר' צאַלע,—פלעגט ער צוקומען צו דער מזרח-וואַנד, וואו עס איז געזעסען צאַלוש פרעדסעדאַטעל מיט'ן טלית און דער גאָלדענער עטרה און לייכטזיניג געבלעטערט די בלעטער פון נייעם מחזור,—איז אייך הייס אָדער אַ ווינד בלאָזט אייך אין פנים? מיט איין מינוט איז אַלץ לויט אייער רצון. איהר דאַרפט אייך נישט שווער מאַכען. איהר פערשטעהט, ר' צאַלע, איהר האָט דאָ אויפגעשטעלט גאַנצע דורות, פרנסות געמאַכט, הייזער און שוהלען געבויט, האָט אַ גוט יאָהר, ר' צאַלע.

און כהרף-עין האָט דאָס שמש'ל דאָס לופטשיקעל פון פענסטער געעפענט אין אַ פריש ווינדטעל אויף צאַלושעס פנימ'ל געלאָזט, פון וועלכען צאַלוש אָטעמט-אָב פריי און טראַכט, בע-קוקענדיג דאָס אַרומיגע: „סאַראַ שענקייט, סאַראַ פראַכט, וואָס זענען פריהער די וועגד געוועזען? אַלטע, איינגעפאַלענע, גע-שיט זיך פריכנע. וואָס זענען פריהער די רבנים געוועזען? בטלנים, טויגעניכטסען, אַלטע, געבויגענע לייט, און די חזנים? משטיינס-געזאָגט, בעלי-תפילות אָהן שטימען צו זינגען. היינט די שמשים—קריכערס, שלאָפען ביי די אויוועגס און צי האָב

איך נישט, גאָט-פאָטער, בעגייט דיין וועלט? און צי קומט מיר נישט דאָס אייביגע לעבען?" ס'רוב אין דער צייט, ווען דאָס נייע שמש'ל בעדינט די מענשען פון דער נייער וועלט, וואָס זיצט ביי דער מזרח-וואַנד, לויפט ער כּאַרביי אָדער ער לויפט צו דעם אָרט ביי דער טיר, וואו עס זיצט מאָטיע איינגעבויגען מיט'ן קאָפּ אַראָב, פערגעסען פון די מענשען דאָ אַרום. פון צייט צו צייט כאַפּט ער נאָר אַ בליק דאָרט צו דער מזרח-וואַנד, וואו עס זיצט עפּיס אַ פרעמד פּנים. ווער איז דאָס פּנים? אַ צושטעער-טער פון זיין אַלטער גוטער וועלט? אָדער סתם עפּיס אַ געהיימער שליח צוצורייסען דעם גאָלדענעם פּאָר פון זיין אינערליך גוט לעבען?

אָבער ער איז שוין אַזוי צוגעוועהנט, דאָס עס קימערט איהם שוין נישט, ווער עס איז יענער, דאָרט ביי דער וואַנד.

דורכגעהענדיג, דערמאָהנט זיך דאָס שמש'ל, אַז פּאַר איהם זיצט אויך אַ בעל-הבית, נאָר אַן אַלטער קבצן, אַ מענש, וואָס וועט איהם קיינמאָל פאַר גאָרנישט בעצאָהלען. איהם מיידט אויס דער שמש, און ווען ער בעט איהם עפּיס צו טהאָן, צו עפענען דאָס פענסטער נעבען איהם אָדער אויסקעהרען אָדער יערלאַנגען, קומט דאָס שמש'ל און לאַכט זיך פון איהם אויס.

## יענער הערבסט.

דער הערבסט האָט זיך נעשטעלט גאַנץ פריה. די שוהל, דאָס בית-המדרש און די אַלע ערטער, וואָס האָבען געדינט אין די ימים-נוראים צום דאַוונען, זענען פריה באַלד נאָך אין די ערשטע נאָך-סוכות-טעג געשלאָסען געוואָרען און שטעהן געבליבען קאַלטע איינזאַמע, פונקט ווי די תפילות, וואָס די דאַוונער האָבען געשיקט צו גאָט, זענען געוועזען נאָר עפּיס אַנ׳ענין אויף אַ צייט, אַ שטיקעל קאָמעדיע אָבצונאַרען דעם בורא.

וואָרום דאָרט, אויף דעם נייעם ישוב האָט זיך אין די לאַנגע נאָך-סוכות-נעכט געצויגען עפּיס אַ לאַנגער האַרציגער ניגון, אַ צוריסענער זמר פון בחורים׳לעך, וואָס האָבען זיך אַ גוט-יאָהר אויסגעבעטען, פון יונגעל׳טלעך, וואָס האָפען אַ גוטע פּרנסה צו האָבען. דאָ איז עס אָבער נישט נויטיג געוועזען, דען די תפילות זענען ביי זיי געוועזען אַ סעזאָן-מסחר, אַ זאַך, וואָס מען מוז איבערשפּרינגען. און דערום זענען זיי, די בתי-מדרשים געוועזען געשלאָסענע און קיין פוס פון קיין פערשפּעטיגטען דאַוונער האָט מען דאָרט נישט געזעהן.

אין די טונקעלע פערנאַכטען זענען קליינע פייערלעך אָנגעצונדען געוואָרען אין דער שוהל און בית-המדרש און גע-גען די פענסטער האָט מען געזעהן אַ דראָבנע שניילע פאַלען, וואָס עס איז באַלד צוגאַנגען אין וואַסער און מאָדנע פערגאַנ-גען אין די פיס.

מאַריטאַ פלעגט פון שטוב אַ גאַנצען טאָג נישט אַרויס, נאָר געזעסען אין פענסטער און בעטראַכט דעם קאַלטען גלאַנץ פון די דעכער, עלעקטרישע לעמפּלעך און מאַגניט-שפּיזען. נאָר פאַרנאַכט-צו האָט זי זיך אַראָבגעלאָזט פון די שטיגלעך צו דער פאַראַדנער טיר און געגאַנגען צו ד׳ר פּאָסט. דאָרט, אין דער פּאָסט האָט איהר דער טשינאָווניק דערלאַנגט אַ בריף פון די אַקציזניקעס אָדער אַ שאַקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ: „גאָרנישט.״

געהט זי צוריק אַהיים, בעטראַכטענדיג די נאַסע שטיינער און די שניילעך געגען די פוסטע פענסטער פון דער שוהל און בית-המדרש און פאַלט-אַריין אין די ווייסע, ווייכע קי-שענס, בעטראַכט די פאָטאָגראַפיעס פון די אַקציזניקעס, וואָס שוועבען-אַראָב פון די ווענד, ווי לעבעדיג און קלינגען איהר עפּיס אַזוי ליגנעריש און נעבעלהאַפט, ווי דאָס גאַנצע הויז צאַ-לושעס, אָדער זי דרעהט אויס דעם קאָפּ געגען דער רויטער שיין פון דער האַלב-אָפענער טיר און זעהט דאָרט די פרויען, וואָס קומען צו צאַלוש׳ן מאַכען הלואות, לאַכען, חנפה׳נען און וואַרפען חנ׳דלעך צאַלוש׳ן אין די אויגען אַריין.

עפּיס אַ טונקעלע ערינערונג לעגט זיך אויף איהר גע-מיט און כאַפּט אַרויס דאָס געשטאַלט פון די דריי ווייבער צאַלושעס. מאָדנע קרענקליכע, בעליידיגטע טאַנצען זייע פּאַר איה-רע אויגען, ווייזען מיט די פינגער און שעפּטשען:

—אַך, מאַריטאַ, ווי שלעכט אונז איז און ווי נישט גוט דיר איז. דען סוף-כל-סוף ערוואַרט דיך אונזער אונגליק, וואָ-רום מיר אויך, ווי דו זענען אויף די בעטען געלעגען און גע-קוקט, ווי צאַלוש זיצט מיט פרעמדע ווייבער, ווי זיי חנפה׳נען איהם. סאַראַ מאוס׳ע עקע׳האַפטע חניפה!

 ווען די געסט צוגעהען זיך, דערזעהט זי צאַלוש׳ן פון

ווייטען מיט אַ ליכט אין די הענד געהן אַנטקעגען, ווי עפּיס אַ מערדער, וואָס זוכט זיין קרבן. זי וויל איהם דערצעהלען פון איהר שרעק און אנגסטיג זיך וואַרפען אין זיינע אָרעמס. ער קומט אָבער צו מיט אַ גיפטיגען שמייכעל און שעפּטשעט:

—שלאָפסט, מאַריטאַ? אָ, ניין! דו ליגסט און וויינסט אין קישען אַריין. מסתמא האָסטו כסדר שלעכטע חלומות. דו זעהסט מסתמא אַ חתונה, אויף דער חתונה איז פאַרהאַן אַ סך ווייבער און צווישען די ווייבער טאַנצט אַ מאַנספּערשוין, אַן עלעגאַנטער פלינקער מאַנספּערשוין?

מאַריטאַ האַלט פערשלאָסען די אויגען, אָדער דרעהט-איועק דעם קאָפּ איהם אויסצומיידען און צאַלוש רעדט איהר אַריין גיפטיג אין די אויגען:

—ויין, ויין, מאַריטאַ, דו האָסט, וואָס צו וויינען. צעהן ווייבער האָב איך איצט געקושט און די עלפטע וועל איך בע-גראָבען. צעהן פערמעגענס האָב איך צוגענומען און דאָס עלפטע וועט צו מיר אין די הענד קומען.

ער שפּייט-אויס פאַר איהר פּנים, לעשט-אויס דאָס ליכט און פאַלט-אַריין מיט'ן פּנים צו דער וואַנד.

מאַריטאַ עפענט די אויגען און דערמאָהנט זיך אין עפּיס אַ מורא'דיג פּנים, אַ פרעמדס, אויף אַ חתונה. צעהן פרויען, איין מאַנספּערשוין, אייז מאַנספּערשוין, צעהן פרויען.



# אין די ווייסע טעג.

און עס ציהען זיך לאַנגע נודנע טעג. די ערד איז בעדעקט מיט שניי, ווי אַ ווייס זויבער מלבוש, וואָס האָט איינמאָל איוף שטענדיג אַ קערפּער פון אַ יונג לעבען פערדעקט. דאָ נאָהנט אַרום שטעדטעל איז דער ווייסער שניי בעפלעקט מיט געלע סמנים פון היגטישע טריט און דאָס ווייסע לעבען איז קאַליע געוואָרען פון גריבער און שאַנד-פלעקען. וואָס אָבער ווייטער פון שטעדטעל, אַלץ רייגער איז דאָס ליכט און אַלץ זויבערער דאָס ריינע לעבען אַרום.

און אין די פריהמאָרגענס כאַפּט זיך מאַריטאַ האַסטיג אויף פון שלאָף. צאַלוש איז שוין אין שטוב נישטאָ און נאָר דער שאָטען פון צעוואָרפענעם געלעגער צאַלושעס, די צווי פאַנטאָפלעך און דער טיגער-פעל ביים געלעגער לעגען עפּיס אַ שווערען שאָטען איוף איהר געמיט.

ס'רוב אין אָט די שטילע ווייסע טעג פערלאָזט מאַריטאַ איהר שטוב, קירעוועט זיך דורך די סטעזשקעס, וואָס פיהרען צום טאַטענס הויז, שטעלט זיך אַ מינוט פון ווייטען, וואו דורך דעם קליינעם בעשנייטען פענסטערל זיצט דער טאַטע און קוקט

מיט פערוויינטע אויגען אין די געלבע ספרים, און די מאַמע זיצט פערזאָרגט און סאָסיע טרייסט איהר. דערנאָך שטעלט זי זיך בעטראַכטען די גרויסע קייזערליכע בראָנפען-פאַבריק אין טיפען גרויען הימעל. ווייס, ווייט שטעהט זי און רוישט איינטעניג אין דער שטילער לופט אַריין. פון צייט צו צייט הערט זיך אַ בילען פון אַ הונד און אַ קאַקען פון קראָהען פון דאָרט.

מאַריטאַ קוקט זיך אום. קיין לעבען. קיין בעוועגונג, ווי עפּיס אַן'אייביגער ווייסער טרויער. עס הויבט-אָן קלאַפּען אין מוח און וויינען דאָס האַרץ מיט רחמנות אויף זיך אַליין. ווער איז דאָ מאַריטאַ? פון וואַנען קומט זי אַהער? ווער איז איהר צאַלוש פרעדסעדאַטעל? ווער, פון וואַנען זענען אָט די מויערן? אָט די נייע שוהל? אָט די חזנים און שמשים? אָט די פרויען, וואָס קומען שפעט ביינאַכט צו צאַלוש'ן?

פאַמעליכעל, פאַמעליכעל געהט זי אַוועק אין דער ווייסער וועלט אַריין, וואו עס הויבט זיך אָן פיהלען דער ווינטערדיגער וואַלד, דאָ לעהנט זי זיך אָן אין אַ בוים, נעהמט-אַרויס די בריף פון די אַקציזניקעס און לייענט:

„מאַריטאַ, מיר לעבען דאָ גוט אויף דער וועלט. וואָס מאַכט איהר, מאַריטאַ, צי זענט איהר געזונד?"

בשעת זי לייענט דורך די ווערטער, דערמאָהנט זי זיך אין דעם געזונדטען וואַלד, אין וועלכען זי איז מיט די אַקציזניקעס אויף דעם יאַגד געגאַנגען, פויגעל געשאָסען, אַ טאַטען מיט אַ מאַמען,ביידע אונשולדיגע, ביידע פרייע. עפּיס אַ מין זומערדיגע בענקשאַפט צו יאַגד, צום וואַלד קלינגט-אָן אין מאַריטאַ'ן: „אַך, עס זאָלען איצט קומען די אַקציזניקעס, די אַקציזניקעס זאָלען קומען!"

ווידער בלייבט מאַריטאַ שטעהן, דורכקוקענדיג די בריף און ווידער דערהערט זיך פון ווייטען דאָס רוישען פון די מאַשינען אין דער שטילער לופט אַריין און וועקט אויף עפּיס אַ מין בענקשאַפט צו יענע צאַרטע קינדישע שניי-יאָהרען פון אונטער'ן טאַטענס פענסטער: „ווער איז זי דאָ? פון וואַנען?"



## דאָס לעבען.

שפּעט אין ווינטער אַריין זענען די אַקציזניקעס צוריק געקומען פון אורלויב, אויסגעגעסענע, מיט פּעק און זעק, וואָס זענען בּאַשטאַנען פון ווילדע פיש, ניס און זיסקייטען פון דער „יאָלקע.”

אַראָבּלעגענדיג די שווערע פּעק און זעק ביי צאַלוש'ן אין שטוב און קנייפּענדיג דאָס נייע דינסטמיידעל, האָבּען די געסט אַ קלאַפּ געטהאָן צאַלוש'ן אין פּלייצע און געזאָגט:

—מיר מאַכען דיר אַנ'אָוועגדטעל. די „יאָלקע” וועלען מיר דאָ ווידערהאָלען. און וואו זענען עפּיס די פרויען?

מאַריטאַ האָט זיך בּעוויזען פון איהר חדר. דורכגענימען מיט טונקעלע ערינערונגען פון די אַקציז-יקעס אין דער צייט פון זייער נישט זיין דאָ, ברוגז און פערבּיטערט פון צאַלוש'ן, האָט זי שוואַך דערלאַנגט די הענד דעם רויטבּערדיגען און עשעפּטשעט:

—דער ווינטער, דער ווינטער, ער האָט זיך טיף בעזעצט אין אונזערע קאַנטען. וואָס הערט זיך עפּיס אין אייער קאַנט?

—פרעהליך, ווי אויף אַ חתונה,—האָבען די אַקציזניקעס מונטער ארויסגערעדט אַלע מיט איין שטים צו מאַריטאַ'ן,—אָבער פאַרוואָס, מאַריטאַ מאַטווייעוונאַ, זענט איהר אַזוי בלאַס?

מאַריטאַ האָט עפּיס אַ זייטיגען בליק געוואָרפען אויף צאַלוש'ן, ווי צו זאָגען דערמיט, ווער עס איז שולדיג דערין. און אום אָבצוואַשען זיין שולד, האָט צאַלוש געזאָגט:

—דער פרוי פערדריסט, פאַרוואָס איך האָב פון טויטע ביינער אַ מענש געמאַכט און פון אַלטע חורבות—שענע מויערן געבויט. זי קלאָגט נאָך אויפ'ן טויט פון די אַלטע הינד. זאָל זי קלאָגען.

מורא-האָבענדיג, אַז די סעודה, וואָס זיי האָבען געוואָלט מאַכען, זאָל נישט געשטערט ווערען, האָבען די אַקציזניקעס צונישט געמאַכט צאַלושעס רייד געגען מאַריטאַ'ן און צוגעגעבען:

—נישט געזאָרגט, מאַריטאַ, אונזערע גוטע מאָלצייטען און לידער וועלען אייך שוין איבערבעטען און נישט צולאָזען צו קיין טרויער. זענט פרעהליך, מאַריטאַ!

אין דער אייגענער נאַכט איז דאָס אָווענדטעל פאָרגעקומען מיט אַלע פריהערדיגע געסט: די דריי אַקציזניקעס, דער נאָטאַריוס, די רויטע דאַמע און די דירעקטאָרען מיט די פּרימאַדאָנעס. אויפ'ן טיש האָט געברענט אַ בוימעלע מיט פערשידענע פייערן און די אַקציזניקעס האָבען געגעסען און געזונגען.

—איך פערשטעה דיך נישט, צאַלע, וואָס דו האָסט צו דיין ווייבעל,—האָט דער רייטבערדיגער אַקציזניק פערטיידיגט איצט מאַריטאַ'ן, כדי איהר צו קאָנען האַלטען נאָהענט פון זיך,—פון זינט מיר זענען אַוועק, איז זי געוואָרען בלאַסער. עס שהוט וועה דאָס האַרץ.

דער פרומער בחור האָט נישט פערשטענדליך געדרעהט

מיט'ן קאָפּ. דער אַקציזניק מיט'ן בינאָקל האָט פּאָרוואורפן גע-געמאַכט צאַלוש'ן אויף זיין שלעכטע בענעהמונג געגען זיין פרוי.

עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָס פרעהליכע עסען און טרינ-קען, דאָס שפּילען אויף גיטאַרעס, קלינגען אויף פלעשער און פּויקען אויף צימבלען, בעזונדערס צוליב דעם, וואָס די געסט זענען אַזאַ צייט נישט געוועזען. עס האָט זיך צופלאַקערט מיט פערשידענע קאָלירען דאָס „בוימעלע," וואָס די אַקציזניקעס האָבען געבּרענגט מיט זיך און אַלע האָבען געקוקט און גע-קליבען נחת.

צאַלוש מיט זיינע פרויען-פּרימאַדאָנעס איז געזעסען בע-זונדער, אילין מיט דער רויטער דאַמע, די דירעקטאָרען און די צוויי אַקציזניקעס אַרום מאַריטאַ'ן.

ווייל צאַלוש האָט איהר אינדערפריה נאָך צו-נישט גע-מאַכט אין די אויגען פון די אַקציזניקעס, האָט זי זיך געהאַל-טען פיינדליך צו צאַלוש'ן, נישט אויפגעהויבען קיין אויג און עפּיס בעזונדערס געשמייכעלט צו די אַקציזניקעס. די אַקציז-ניקעס האָבען עפּיס בייטאָג נישט געליטען די בעליידיגונג. ביי-נאַכט אָבער האָבען זיי אויפ'ן חשבון פון צאַלושעס שלעכטע רייד צו מאַריטאַ'ן געבעטען זי אויסצוטרינקען אַ גלעזעל, פער-רויכערן עפּיס און פרעהליך זיין.

—אייך וועט איצט גוט זיין, מאַריטאַ, מיר וועלען אייך אַ שלום-מאַכען צווישען אייך און אייער געמאַהל. קומט, קומט, מאַריטאַ!

מאַריטאַ האָט אַרויסגעוויזען עפּיס אַ געפאַלענע צערטליכ-קייט, וואָס האָט געשטאַמט פון צאַלושעס אָפטען בעליידיגען מאַריטאַ'ן און האָט קרענקליך-שטאָלץ געהאַלטען זיך געגען צאַ-לע'ן. מיט עטליכע שעה שפּעטער איז דאָס בוימעלע מיט זיינע ליכטיגע פייערליך אויסגעגאַנגען. די שטוב איז געוואָרען פול מיט רויך פון פּאַפּיראָסען און אַ ווילדער שכור-טאַנץ האָט פערכאַפּט אַלעמען.

 עס האָט געטאַנצט צאַלוש מיט די פּרימאַדאָנעס, אילין מיט

ז. פּאַסטבוים.

דער רויטער דאַמע, די דירעקטאָרען האָבען זיך געדרעהט מיט זיך אַליין, די אַקציזניקעס האָבען פעסט געהאַלטען מאַריסאַ׳ן, וואָס האָט זיך שטענדיג נאָכגעדרעהט די אומגעלומפּערטע פיס פון די שכורים און געטאַנצט האָט זי קרענקליך-פערדראָסען, פעסט געהאַלטען פון די טענצער. זי האָט עס געטהאָן צולי׳שט צו קרענקען, איהם צו ערגידעריגען, איהם אויסצומיידען.



## מאריטאַט וועת.

די חדשים זענען געגאַנגען פּאַמעליִלעל, פּונקט ווי עפּיס אַ געהיימע האַנד וואָלט זיי האַלטען און נישט דערלאָזען, אַז דער לעבעדיגער פריהלינג זאָל בעהערשען אָט די נייע אויפגעשרויפּטע וועלט.

אויף וויאָרסטען-ווייט זענען געלעגען די קופּעס פּייכטע שנייען, וואָס האָבען שוין אונטער'ן איינדרוק פון וואַרימען וועטער געלאָזט און אויסגעזעהן, ווי קופּעס ברודיגע קעץ, וואָס עמיצענס האַנד האָט דאָ צעוואָרפען אויף אַ ווייטען ש״ח.

איבער'ן וועג איז שווער צום פאָהרען און צו געהן, נאָר איין וועגעל, וואָס פיהרט פון דער בראָנפען-פאַבריק צו צאַלוש'ס הויז, איז פריי פון שניי און בלאָטע, און מענשען געהען ביי־טאָג און ביינאַכט אַהין און צוריק טוישען, האַנדלען, קויפען און פערקויפען.

טאָג-טעגליך זענען די אַקציזניקעס געקומען און געמאַכט סעודה'לעך ביי צאַלוש'ן, געפאָהרען מיט שליטענס אויף אויספלוגען, אויף יאַגד, שיסען האָזען, פויגעל. דען וואָס נאָך האָבען זיי בעדאַרפט!

מאַריטאַ איז איצט צוליב דעם שלעכטען דרויסען געזע־סען אין שטוב און צוליב דעם, וואָס די האָט שמחה זיך אַלע־מאָל פערמעהרט מיט די פרויען-געסט, האָט זי עפּיס אין שטוב פערנומען אַ צווייט אָרט, נישט אינגאַנצען פון קיין בעל־הבית׳טע.

דערזעהן, אַז מאַריטאַ האָט זיך שוין אַ סך מאָל געלאָזט מיט זיי אויף יאַגד און פּילענדיג, אַז די קאַלטקייט פון צאַ־לוש׳ן צו מאַריטאַ׳ן שטאַמט דערפון, וואָס אין איהר צאַרטען קערפּער איז אַנ׳ענדערונג געוואָרען, וואָס דער וואָרצעל דערפון וועגען געוועזען די ערשטע חניפה׳דיגע טעג צאַלושעס צו מאַ־ריטאַ׳ן, האָבען זיי, די אַקציזניקעס אָנגעהויבען דורכצולאָזען, עס הייסט זאָגען אַ העפליכען גוט-מאָרגען אָדער לייכט אויסריידען פּאַר נישט קומען צו דער צייט און בכלל ווערען איידעל, און די מאַריטאַ, ווידער, האָט זיך אָנגעהויבען דערווייטערן פון די ער־טער, וואו עס זענען געשטאַנען די חברים.

—איך בין עפּיס היינט נישט מיט זיך, איך געפעל מיר היינט נישט,—פלעגט מאַריטאַ מיט אַ קרענקליכער העפליכקייט בעמערקען די אַקציזניקעס.—און איהר, מיינע פריינד, וועט שוין עמיצען אַנדערש געפינען, מיט וועמען זיך צו אַמוזירען. מיך אָבער מוז מען לאָזען גאַנץ אַליין.

און אַזוי טאַקי איז עס געוועזען. די אַקציזניקעס האָבען ביים טיש געפונען עמיצען אַנדערש. מאַריטאַ איז דאַן געבלי־בען אין חדר אויף די ווייסע קישענס און בעטראַכט דעם רויך און דאַמף פון די טומעלדיגע געסט. פון איהרע אויגען זענען נעגאַנגען טרעהרען, שטיקענדיגע, מיט עפּיס אַ ביטער רחמנות אויף זיך אַליין, אויפ׳ן אייגענעם לעבען.

אויך געגען צאַלוש׳ן איז זי שוואַך געוואָרען צו טהאָן עפּיס אַזעלכעס, וואָס זאָל איהם בעליידיגען און דערמיט אָבשטעלען זיין פייניגען. פערקעהרט, זי האָט זיך איצט געפיהלט אונטער־טעניג און האָט פּרובירט פערשווייגען און נאָכגעבען זיינע קאַפּ־ריזען. צאַלוש האָט פונדעסטוועגען נישט אויסגעמיטען צו זאָ־גען:

—דיך, מרים, ציהט צו דיינע עלטערן. מילא, קאָנסטו דיר פערגעהמען דיינע זאַכען און געהן. דען ביי מיר, פערשטעהסטו, איז נישט קלאָג - שטוב, וואו מען דאַרף יאָמערן, און עס ליגט קיינעם נישט קיין פענטע אויף די פיס, ביי מיר צו זיין. און דאָס, וואָס דו טראַכסט מיר אויף דער וועלט אַ „זכר'ל" צו ברענגען, מילא, קאָנסטו עס דיר מיטנעהמען, דען איך בין נאָך אַליין אַ יונגער זוהן אויף דער וועלט.

כאָטש מרים האָט זיך שטענדיג קרענקליך געוואָלט צו וויינען אויף איהר מאַנס רייד, האָט זי פונדעסטוועגען געענט-פערט איינגעהאַלטען:

—און דאָס קאָן געשעהן גאַנץ גיך, מיין מאַן, צאַלע. שטע-רען דיין וועג וועל איך נישט. דאָס, וואָס גאָט וועט מיר גע-בען, קאָן איך מיט מיר מיטנעהמען, און איבערלאָזען מיין בעט אַ צווייטע, אַ מעהר פרעהליכע פון מאָטיעס טאָכטער און מיין מאַן צאַלע איז אומזיסט בייז אויף מיר.

צאַלע האָט דערויף געגעבען אַ מאַך מיט דער האַנד, ווי אויף אַ פוילען מסחר און אוועק.



## איהרע שווערע טעג.

די טעג האָבּען בּיי מאַריסאַן אָנגעהויבּען צו ווערען
עפּיס מאָדנע, נישט קלאָרע. אויסשטעהענדיג, האָט זי איהר מאַן,
צאַלע, אין בּעט נישט געפונען און נאָר געהערט דאָס קלינגען
פון זיינע זילבּערנע שליסעלעך אין דער צווייטער שטוב און
בּעטען פון די קליענטען, אַז צאַלע זאָל זיי צורוה לאָזען און
נישט אָוועקנעהמען זייערע פערמעגענס.

אָנטהאָענדיג דעם בּלויען שירץ, וועלכער האָט איהר פון
די מיידעל-יאָהרען אויסגעזעהן צו קורץ און שמאָל און עפּיס
געפעלען זי געמאַכט אין די אייגענע אויגען, האָט זי אויס-
געטרונקען צוויי טיי-שעלעכלעך, דערלאַנגט פון יונגען דינסט-
מיידעל, וואָס האָט איהר שטענדיג אונטער די פּלייצעס אויס-
געלאַכט, נאָכדעם זיך אַוועקגע־עצט נעבּען פענסטער, געגען די
הויכע קופּעס געלבּען שניי, וואָס זענען, ווי גרויסע בּרודיגע
חיות ווייסע געלעגען איבּער די וועגען ווייט, ווייט, און גע-
פרגלט האָט זי ווענען איהר פּאָהרען מיט די אַקציזניקעס אויף
יעגד, ווענען פּאָטענס קליין פענסטערל, ווענען צאַלושעס

גיפּסיגע רייד, װעגען זיינע דריי געשטאָרבענע װייבער און װע-
גען דעם נייעם בעפאָרשטעהענדען, װאָס װעט אינגאַנצען אויס-
זעהן, װי צאַלוש פּרעדסעדראַטעל.

אָט דערדאָזיגער לעצטער געדאַנק האָט עפּיס אַזוי מאָדנע
אַ טרייסעל געטהאָן דאָס האַרץ מאַריטאַס, דאָס זי האָט דאָס
פּנים אין די הענד בעהאַלטען און אַ נערװעזער ציטער האָט
דורכגעשטראָמט איהרע גלידער. זיצענדיג, װי צוגעשלאָגען צום
אָרט, פלעגען אַריינקומען די אַקציזניקעס און פּערנויגען זיך
פאַר מאַריטאַ'ן און פרעגען העפליך, צי איז זי געזונד? האָט
זי אַפּעטיט? טהוט איהר דער קאָפּ נישט װעה? שלאָפט זי
גוט? און מאַריטאַ האָט עפּיס נישט דייטליכעס געענטפערט, פון
װעלכען די אַקציזניקעס האָבען זיך פערנויגט, װי פאַר אַנ'אונ-
בעקאַנטער און אַװעק איידעל, נישט בעריהרענדיג די ערד.

נאָך זייער אַװעקגעהען האָט זי װידער געזעהן דורכ'ן
שפּיגעל דאָס אָנקומען פון דינסמיידעל מיט אַ פּראַגע, אויב זי,
מאַריטאַ, פערלאַנגט עפּיס און מיט אַ לייכטזיניגען געלעכטער
אַװעק צוריק אין קיך.



## איבער איהר קערפּער.

מאַריטאַ האָט זיך אומגעקוקט. דער זייגער האָט געקלאַפּט מיט זיינע גרויסע סעקונדען. קיין שטים פון קיין מענש, קיין פּיפּס פון קיין פויגעל און נאָר די קופּעס געלבּער שניי האָבּען זיך געצויגען אויף וויאָרסטען ווייט און דערמאָהנט אין עפּיס אַלאַנג לעבּען אָהן וועגען, אָהן פריהלינג און אָהן פרייד.

פון צייט צו צייט האָט עמיץ פון די קליענטען אַ קלונג געטהאָן ביים שטאָלענעם גלאָק פון דער טיר. מאַריטאַ האָט האַלב זיך בעוויזען אין דער טיר און געבּעטען קומען, שפּעטער.

פון קיך האָט זיך ווידער געהערט דאָס לייכטזיניגע געלעכטער פון דינסטמיידעל וועגען דעם, אַז דער בעל-הבית זעהט שטענדיג אויס, ווי אַ חתן און אַז דער בעל-הבית׳טעס קערפּער איז אומגעלומפּערט און וועגען דעם, אַז די טשינאָווניקעס קומען שוין זעהר וועניג און אַז דער בעל-הבית טראַכט די בעל-הבית׳טע אַרויסצושטויסען באַלד נאָכ׳ן קינד-האָבּען.

אַ געלעכטער בעגלייט ווידער די רייד פון קיך אַרויס.

מאַריטאַס קערפּער גיט זיך איינגאַנצען אַ טרייסעל, ווי פון אַ טיפען שלאָף, און עפּיס אַ קליין וועזען, עהנליך צו צאַלוש פּרעד-סעדאַטעל שטעלט זיך פאַר איהרע אויגען. פאַרנאַכט-צו איז שטענדיג צאַלוש געקומען מיט אַ דאַמע פון גאַס. ער האָט זי גע׳חנפ׳עט, צוגעזאָגט אַ הלואה.

די דאַמע איז שטענדיג פערבליבען אויף מיטאָג. און מאַריטאַ האָט בעמערקט, ווי די דאַמע פרעגט זיך לייכטזיניג אויס, וואָס זי, מאַריטאַ, מאַכט, ווי זי טרינקט בראָנפען, ווי זי רויכערט, ווי זי וויגט זיך אין וויג-שטוהל און ווי דאָס מיטאָג איז עקעלהאַפט פעט.

באַלד קומען די אַקציזניקעס, אילין, די דירעקטאָרען און מען האָט אָנגעהויבען זיך וויצלען וועגען מאַריטאַס צושטאַנד. שטילענקע, שטילענקע נאָכגעמאַכט, ווי זי געהט, ווי זי רעדט און ווי זי פערטאַיעט זיך, נישט בעמערקט צו ווערען פון עמיצען. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען צו ריידען פון אויספלוגען מיט אַנדערע דאַמען, וועגען יאַגד מיט אַנדערע פרויען.

די נאַכט-פערוויילונגען האָבען איצט לאַנג נישט געדויערט. צאַלוש מיט די געסט האָבען איבערגעלאָזט אַ שלעכטען רויך און דאַמף אין שטוב, פערדרעהט דעם לאָמפּ און אַוועק אויף אַ גאַנצער נאַכט.

מאַריטאַ איז געפאַלען אין די ווייסע קישענס און מיט אָפענע אויגען געקוקט אויף די זילבערנע ווייזערס פון זייגער און אויפ׳ן אַרייגעדרעהטען לאָמפּ, וואָס האָט שוואַך בעבלישטשעט די רויט-געשמירטע פאָדלאָגע, מיט די צוויי גרינע בלישטשען פון דער טיגער-פעל, און אויפ׳ן שפּיגעל, פון וואַנען עס האָבען, ווי אַרויסגעטאַנצט צוויי ווייבער, דערשראָקענע, צוטראָגענע.

מאַריטאַ שטעהט-אויף פון בעט און רופט דאָס יונגע דינסט-מיידעל. קומט זי אַריין מיט עפּיס אַ פערשלאָפענעם געלעכטער אויף די ליפּען און מורמעלט איראָניש:

—די בעל-הבית׳טינקע קאָן נישט שלאָפען, מסתמא קיין קריאת-שמע נישט געלייענט, די שדים טאַנצען דאָ אין די

ווינקלען שטוב. וואָס וועקט מיך די בעל-הבית'טינקע?

מאַריטאַ נעהמט איהר קינדיש אָרום און שעפּטשעט שטיל:

—פאַרהאַן אַ שלאָף אַ שווערער. די אויגען פאַלען גיך צו, די געדאַנקען פערגעסען זיך, און פאַרהאַן אַ שלאָף, טעכטערל, אַ לייכטער. אַזעלכען איז גרינג איבערצורייסען.

און דאָס דינסט-מיידעל זאָגט-אַריין:

—אָ, דער שלאָף פון דער בעל-הבית'טינקע איז אַזעלכער פון אַ טראָגעדיגע. די טראָגעדיגע חלומ'ט זיך שטענדיג, אַז שדים און משחיתים טראָגען זיי אויף די פליגלען. זיי דוכט זיך שטענדיג, אַז זיי וועלען געבוירען שדים און האָבען, האָבען זיי קינדער, קינדער מיט אויגען און אַ נאָז. חאַ, חאַ, חאַ, פאַר-וואָס שלאָפט נישט די בעל-הבית'טינקע?

מאַריטאַ מיידט-אויס צו ענטפערן אויף די פרעכע געלעכ-טערן און הויבט-אָן ריידען פון מילדע זאַכען. זי פערצעהלט איהר וועגען די בלויענקע קליידלעך, וואָס זי האָט געטראָגען אין די קליינע קינדער-יאָהרען, וועגען אויערינגלעך אין די אויערן, וועגען זיידענע און סאַמעטענע קישעלעך און דאָס דינסט-מיידעל ענטפערט יעדעס מאָל מיט אַנ'אַנדער געלעכטער-וואָרט, ביז דער פריהמאָרגען הויבט-אָן אַריינבלייכען אין די געלבע-ווייסע קופּעס שניי, וואָס זעהען-אויס, ווי טויטע חיות, הויבט-אָן פאַמעליכעל אַריינצושיינען אין דער גרויער שטילער שטוב. צאַלוש בעווייזט זיך מיט עפּיס אַ הייזעריגען גוט-מאָרגען צום דינסט-מידעל.



## ביי צאַלוש'ן אויפ'ן ברית.

די לעצטע טעג פון אדר האָט זיך דאָס שטעדטעל דער-פרעהט מיט אַ ברית. וואָרום, וואָס-נישט-וואָס, צאַלוש איז אַ סאָנדאָוויק, אַנ'עקזעקוטאָר, אַ פּראָצענטניק פון ערשטען ראַנג: אַ ברית וועט דאָך פאָרט זיין אַ פרעהליכער. און מענשען וועלען אַריין מיט אַ סך פאַלש-געוואָרפענע מזל-טוב'ן. אַרויס וועלען זיי דאָך, מילא, זאַטע, צופרידענע. און באַלד פון פריה-מאָרגען האָט זיך אַ שפּרייט-אויס געטהאָן אַ טיש מיט בולקעס, שפּיגעלדיגע לעקעך, צוצויגען און צעוואַקסען אין ברייטע בע-קענס און שנאַפּסען מיט ווייגען און ליקערען מכל-המינים.

עס איז געזעסען פון אויבען-אָן דער רב, אויסגעפּוצט און מיט עפּיס אַ יום-טוב'דיג מויל געצויגען און גענאַשט פון די פּלעשלעך. נעבען איהם דאָס נייע שמש'ל מיט'ן ווייכען פּנימ'ל אין רויטע בעקעלעך האָט געטרונקען און געשיט מיט מזל-טוב'ן אויף רעכטס און לינקס.

פון דער צווייטער זייט איז געזעסען אַ מוהל, אַ יוד מיט

אַ ווייסער באָרד, און מחמת ער האָט זיך געריכט אויף אַ שטאַר־קער מטבע פאַר דער מצוה, האָט ער פרום זיך געשאָקעלט און עפּיס אונטערגעזונגען צום פיש־פאַן.

נאָך איהם זענען געזעסען אַ חברה פון דער נייער שוהל, לערנער, גבאים, מלמדים; אַ ביסעל אָבגערוקט—די אַקציזניקעס, אילין, די דירעקטאָרען, די רויטע דאַמע און דאָס אַלץ איז געזעסען פרעהליך, געזונגען, געקלונגען מיט גאָפּעל, מעסער, אונטערגעשטיפּט זיך פרעהליך מיט די הענד און זיך משמח־געווען.

עס זענען אַפילו אין דעם טאָג געבעטען געוואָרען די אַלטע לייט פון אַלטען ישוב, די פערגעסענע, בטל־געוואָרענע, וואָס האָבען שוין שום קיין בעדייטונג פאַר׳ן פרעהליכען איידעמס טיש. נאָר די אָבער זענען אין די ערגסטע וועה־מי־נוטען אָבגעשטאַנען אונטער די פענסטער, געציטערט, געקלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן, געלאָפען איינרייסען אין שוהל, נאָר ווען אָבער מען האָט זיי געברענגט די בשורה, אַז די טאָכטער האָט שוין עפּיס אויף דער וועלט געברענגט, זענען זיי צוריק אַריין אין זייערע שטיבען און געבליבען זיצען מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ, נישט־ווילענדיג פערזוכען דערפון, וואָס די טאָכטער מיט די אייגענע הענד האָט זיי אַראָבגעשיקט.

איינע נאָר סאָסיע, די בלינד־געוואָרענע פון ווייגען, די, וואָס מאָטקע, דער אויסגעלערנטער טרומבאַטשיסט האָט זי שוין לאַנג פערלאָזט, איז פון צייט צו צייט אַריינגעקומען, עפּיס צו פערבעהאַלטען, טרויעריג צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, גענומען דאָס קישעלע מיט׳ן קינד און געזאָגט מיט עפּיס אַנ׳אירצעדיגען טאָן:

—מאַריטאַ, ווי פיהלט זי זיך? קאָן זי נישט נעהמען עפּיס אין מויל אַריין? ציהט עס איהר נישט צום ליגען? אוי, איך דערמאָהן מיך עפּיס, ווען זי איז נאָך אין וויקעלעך געלעגען, האָב איך זי אַזוי געהאַלטען, פונקט אַזוי געטוליעט און געהאַל־טען, פונקט אַזוי.

און אַ שטראָם טרעהרען זענען פון איהרע אויגען אַרויס און זי איז אַוועק.

מאַריטאַ איז שוין אין יעם טאָג געשטאַנען אויף די פיס.
זי איז געווען מיד, דאָך אין די ביינער האָט זי געפיהלט אַנ׳-
אָנפאַנג פון אַ קרעפטיגקייט. איהרע באַקען זענען געווען בלאַס,
נאָר אינדערמיט באַקען האָט זיך עטוואָס געררויטעלט אַ פרייד
פון פטור-ווערען אַ לאַסט. אין זיך האָט זי געשפירט אַ לער-
קייט, דאָך די לערקייט האָט זי געטרייסט. זי האָט יעדעס
מאָל געוואָרפען אַ בליק צו די רויטליכער אדר-זון און עפיס אַ
נייעם דרויסען האָט זי געזעהן פאַר זיך, אַ דרויסען אַ פרייען,
אַ שפּאַצירענדען, מיט נייע פויגעל און נייע הימלען.

עס איז אמת, אַז אין דער אייגענער מינוט האָט זי אַ
טראַכט געטהאָן וועגען קינד, וואָס זעהט-אויס אינגאַנצען, ווי צאַ-
לוש פרעדסעדאַטעל. אָבער פערקעהרט, דאָס האָט זיך איהר איצט
בעוויזען, ווי ווייט און פריי זי איז פון דער שטוב און ווי
ווייט און פריי זי איז פון די מורא׳דיגע נעכט, צוזאַמען מיט׳ן
גאַנצען עקעל פון די געסט, מיט׳ן טאַנץ, מיט דעם יאַגד, מיט
די אַקציזניקעס און מיט אָט דער פרעמדער צורה פון קינד,
וואָס זיין פאָטער הייסט—צאַלוש פרעדסעדאַטעל.

וואָט אָנבעטרעפט צאַלוש׳ן, איז ער געווען גוט אויפגע-
לעגט. מיט די ראָזע פאַרבלעך אין פנים און מיט׳ן צוגעקעמטען
בערדעלע האָט ער מיט פערגעניגען אויפגענומען די מזל-טוב׳ן
פון אַלע זייטען. עס האָט זיך עפיס אין איהם אָבגעשפּיגעלט אַ
מינע:

—אַ ברית, מהיכי-תיתי, פאַר אַ קינד קאָן נאָך ביי מיר
סטאַרטשען. אַי, מאָטיעס טאָכטער, צו איהר האָט עס נישט. זי
וועט זיך קאָנען געהן פון מיין שטוב, ווען נאָר זי וועט ווע-
לען, נאָר קיין דעה-זאָגען אין מיינע געשעפטען, זאָגען טאָג, ווען
איך וועל זאָגען נאַכט, דאָס וועט נישט זיין.

ווען ער איז פונדעסטוועגען צוגעגאַנגען צו דער קימפּע-
טאָרין, האָט דאָס נייע דינסט-מיידעל, וואָס איז שטענדיג נאָכ-
געגאַנגען דעם בעל-הבית, מחמת זי האָט געטראַכט, אַז די בע-
הבית׳טע וועט דאָ לאַנג נישט זיין, אויפגעדעקט דאָס קישעלע
און געזאָגט:

—דאָ טאַטע, דער טאַטע מיט די ביינער.

ביי דידאָזיגע ווערטער האָט זיך צאַלוש אַ ביסעלע פער-שעמט און ווען ער איז אַריין צום טיש, האָט ער זיך אַ ביסעלע אָנגעשכּור׳ט.

די סעודה האָט זיך פערצויגען ביז שפּעט אין דער גאַנצער אַריין. עס האָט זיך געהערט אַ פרעהליך סמאָטשקען די ביינער פון רב׳ס זייט, אַ קלאַפּען מיט די טעלער, לעפעל, אַ זאָגען מזל-טוב, דערנאָך האָט דער רב גענומען דעם יום-טוב׳דיגען צילינדער און, בעטראַכטענדיג דעם אָבגעגעסענעם טיש, איז ער טרויעריגער געוואָרען און זיך אַרויסגערוקט מיט אַ גוט-וואונשעריי.

דאָס אייגענע האָט אויך געטהאָן דער מוהל, דער שמש, דער חזן, וואָס האָט זיך ביז איצט אָנגעגאָרגעלט מיט מי-שברכ׳ס, הייזעריגע, הויכע, האַרציגע, צוויגילדענדיגע, לעקעך-און-בראָנפּענדיגע און אַוועק מיט אַ זיפץ.

צום סוף זענען געבליבען נאָר די עטליכע אַקציזניקעס, וואָס האָבען נאָך היימישערהייד געשטיפט, געוואָרפען זיך און גערעדט פון היימישע פּרויען און סתם נאַכט-ענינים. דערנאָך האָט יעדער גענומען זיין היטעל, אָנגעקלאַפּט אין מאַריטאַס טיר, געשטעלט זיך פאַר איהר, ווי ברוגז׳ע חדר-יונגלעך, צוגעלעגט די היטלען צום האַרץ, ווי פאַר אַ גלח און געשעפּטשעט איי-דעל:

—אַנו, אַ גוט יאָהר אויף אייך, מאַריאַ, גאָט צו דאַנקען, וואָס מיר זעהען אייך שוין אויף די פיס. עס געהט, גאָט צו דאַנק צום זומער, צו יאַגד און צום שפּאַציר. צום... ווידער-שפּעניגען!



# מאַריטאַס געדאַנקען.

ערשט אין די שפּעטע נאָך פּסח-טעג האָבען די שנייען געלאָזט ראַפּטום. פון איין וואַרימען טאָג האָט דאָס אייז פון די טייכען געלאָזט, די בערג-שנייען זענען צולאָפען שנעל, שנעל, און דאָס וואַסער האָט זיך צושאַרעוועט מיט אַ ווייס-געלען שוים איבער די קאַנאַלען, געווילדעוועט, געבּרויזט איבער די קאַנאַלען פון די שאָסעען, ווי משוגה'דיגע צולאָזטע לייבען, איינס אויף דאָס אַנדערע אָהן אָבּשטעלען זיך אויף אַ מינוט. די ווינד-מיהלען האָבען אָנגעהויבען געהן.

די וואַסער-מיהלען האָבען געקלאַפּט שטאַרקער. עס האָט זיך נאָך קיין גרינע ערד נישט געזעהן, נאָר עפּיס אַ לייכט יוינדטעל, וואָס האָט שוין געשמעקט מיט גרינס, האָט געיאָגט און געפּאַלדעוועט זיך אין דער לופט, ווי עפּיס אַ לייכטער אונזעהבאַרער פּאָרהאַנג און מאָדנע פריש געמאַכט די הויט און ביינער, דערצעהלט פון פריהלינג, פון בלומען, פון פויגעל-געזאַנג, כאָטש דאָס אַלץ איז נאָך נישט געוועזען.

 מאַריטאַ איז שוין דאַן פון עטליכע טעג געשטאַנען אויף

די פיס, דער קערפּער איהרער איז אויסגעמאַטערט געוועזען, עפּיס אַ מאָדנע לערקייט האָט זיך געפיהלט, פּונקט ווי זי וואָלט גרינגער געוואָרען אין יאָהרען און טעג.

אָבער די לערקייט האָט איהר נישט געשראָקען, דען די ביינער זענען שטייפער געוואָרען, די אויגען—לעבהאַפטער, די ברוסט האָט געקלאַפּט מיט פרייהייט, פּונקט ווי אין איהר וואָל-טען דינע זילבערנע סטרונעס געשפּילט. עס האָט געלעבט דער פריהלינג אין האַרץ, אַלץ אַרום האָט געשמעקט מנט בלויקייט, קינדישקייט און פרייהייט און איהר אָטעם איז דורכגענומען געוואָרען מיט פרישע פערלאַנגען: פאָהרען, געהן, אָפּפערן זיך, אַנטלויפען, איבערגעבען זיך אין די הענד אַריין. ווען? וואו-הין? אין דידאָזיגע טעג פלעגט אַפילו צאַלוש צוקומען עפּיס זי איבערפרעגען, וואָס זי מאַכט? האָט איהר עפּיס נישט וועה געטאָהן? און צי וויל זי נישט עפּיס נעהמען צום מויל? אָבער די פראַגען האָבען איהר קאַלט געלאָזט, דען די מורא און די אונטערטעניגקייט, וואָס זי האָט אַ צייט לאַנג געפיהלט אין זיין שטוב, זענען עפּיס, ווי דער שניי אין דרויסען, אָבגעטראָטען. נישט גויטיג איז איהר אויך געוואָרען דאָס, וואָס די אַקציזני-קעס, וואָס האָבען איהר יעדען טאָג העפליך בעזוכט, זענען איצט, נאָכ׳ן ברית, אָפטער געקומען זי אויספרעגען, וואָס זי מאַכט און צי טראַכט זי נישט וועגען נייע שפּאַצירען און איבערפאָהרען זיך אויף יאַגד.

די צוזאָגען האָבען איהר איצט נישט אינטערעסירט, ווי די מורא׳ס אין שטוב פאַר׳ן שטילען גאַנג פון זייגער, פאַר׳ן טויטען גלאַנץ פון שפּיגעל און טאַנצעריי, פאַר די אויגען פון צאַלושעס דריי ווייבער, ווי דאָס ריידען און אויסלאַכען פון דער נייער דינסט-מיידעל.

ווען זי פלעגט אָבזויגען דאָס קינד און בעטראַכטען, ווי ווייט עס איז נישט עהנליך צו איהר, האָט זי זיך מיט דער-דאָזיגער פרעמדקייט געפרעהט, דען איהר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס מייכלעל פון קינד, וואָס זיין פאָטער איז צאַלוש פערד-סעדאַטעל, איז אַלץ איינס וועמענט ברוסט עס זאָל נישט זויגען

אַבי אַ ברוסט אַ זאַטע און אַ פעטע מעג עס זיין פון וואָס אַ מוטער עס זאָל נישט זיין.

וועט עס דאָס קינד עלטער ווערען, וועט איהם נישט אינ־טערעסירען, ווער די מאַמע איז. עס וועט, ווי דער טאַטע, מאַ־כען עקזעקוציעס, וואוינען אין אַ שטוב מיט אַ טיגער־פעל, מיט אַ פריש געשמירטע פאָדלאָגע און מיט אַ זילבערנעם גלאָק ביי דער טיר, וואו עס וועלען קלינגען פרימאַדאָנעס, אַקציזניקעס און פעבעלדיגע פאַרשוינען. היינט, וואָס האָט זי צו טהאָן דער־ביי?

מאַריטאַ פלעגט דערביי אַ קוק טהאָן אונטער זיך, וואו עס איז געלעגען דאָס פנימ׳ל פון קינד מיט׳ן קעפעלע, וואָס עס האָט פערשפּראָכען צאַלוש פרעדסעדאַטעל, דערביי בעטראַכט דעם צוגאָסענעם דרויסען, די ווייסע טויבען, וואָס פאַשען זיך אין דער לופט, וואַרפען זיך איבער, דרעהען זיך איבער מיט די בייכלעך צום הימעל, זיך צוגעהערט צום קלאַפּען פון די ווינד־און וואַסער־מיהלען און עפּיס איז זי איבערגעבוירען גע־וואָרען אויף דאָסניי: פאָהרען ערגעץ? איבערגעבען זיך וועמען? וואוהין?



## זי פערלאָזט דעם נייעם ישוב

איהר אַוועקפאָהרען אויף אַ שטיקעל צייט האָט זיך גע־צויגען פון אַ קליין בריוועלע, וואָס זי האָט די טעג בעקומען פון אַ גרויס־שטאָדטישער חבר'טע, אַ חבר.טע פון די קליינע קינ־דעריאָהרען, מיט וועלכער זי האָט זיך געפלאָכטען אין בלומען און געשפּילט אין פּישלעך און פויגעלעך מיט דעם אונטער־שייד, וואָס מאַריטאַ איז שטענדיג געזעסען אונטער'ן סאַטעשיס דאַך און קיינמאָל נישט אויסגעוואַנדערט אין אַנ'אַנאַנדער אָרט, און איהר חבר'טע איז אָפט געקומען פון גרויסע שטעדט און פערברענגט אַ שטיקעל צייט. דאָס בריוועלע האָט געהאָט אַזאַ אינהאַלט:

„מאַריטקע, איך פיהל, אַז דו ביזט מיד און שוואַך. דען דו האָסט געבוירען אַ פיצעלע. כאַ, כאַ, כאַ. אַ פיצעלע אַ קליינס, אַ עוֹפֿה'לע אין אַ קישעלע פערבעהאַלטען, פונקט ווי איך און דו זענען געוועזען. איך ווייס, מאַריטאַ, אַז ביז איצט האָט דיך געפייניגט דער ווינטער, דער קליין־שטעדטעלדיגער ווינ־טער. ווי נודנע און שווער ער איז, דער ווינטער דאָרט ביי

אייך, וואו עס זעהט זיך נישט קיין מויער, קיין קלאָר פענ־סטער און ליכטיגע שויב. קום־זשע איצט צו אונז אַ ביסעל. ביי אונז איז פאַרהאַן אַ ווילע, אַנ'אָברוה־אָרט מיט וואַסערלעך צום באָדען, מיט הויזשדאַוועקעס צום הוידען זיך, אַ גן־עדן. קום, קום, נישט פערציה די צייט.

**פעליא.**

דערדאָזיגער געדאַנק וועגען אָבפאָהרען אויף אַ שטיקעל צייט האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם בעגריף, אַז אייגענט־ליך, קיין גרויס פערגעניגען דאָ וועט זי שוין היינטיגען זומער נישט האָבען. מיט איהר פאָטערס הויז איז זי שוין העכער אַ יאָהר פון ווייטען. די שטעדטעלדיגע מענשען מיידען זי אויס, קיין בריף פון ערגעץ וועט זי נישט בעקומען, מיט צאַלוש, איהר מאַן, האָט זי זיך נישט וואָס צו קריגען און אויף וואָס גוט צו זיין. דאָס דינסט־מיידעל האָט זי פיינט, דאָס קינד וועט קאָנען האָבען אַ נאַניע, אַנ'אַם אַ געזונדטע, ווי זי איז. דער געדאַנק וועגען פאָהרען איז ביי איהר אַרויס נאַטירליך, האָט זי גאַנץ קאַלטבלוטיג געזאָגט צאַלוש'ן:

—איך קלויב מיך אַוועקצופאָהרען אויף אַ שטיקעל צייט פון דאַנען, צאַלע. איך פיהל מיך טויט־מיד. דאָס קינד וועט קאָ־נען אָנגעזויגט ווערען פון אַן אַם.

צוערשט האָט אַפילו צאַלע געלאָזט אַ וואָלקענדיגען רויך פון זיין ציגאַרנשפּיצעל און געמאַכט די מינע, וואָס ער פלעגט מאַכען צו אַ קליענט, ווען יענער האָט איהם צוגעזאָגט אַ קליי־נעם פּראָצענט. באַלד אָבער האָט ער זיך איבערלעגט, געמאַכט אַ ווייכע מינע און, פערקעהרט, נאָך אויסגערעכענט אַ רייהע גאַשוואַרגען און גוטע מאכלים, וואָס זי וועט מיטנעהמען אין וועג אַריין. דאָס האָט אויך אונטערגעהאַלטען דאָס דינסט־מיי־דעל און די נאַניע.

די רייזע איז אָבגעלעגט געוואָרען אייף נאָך שבועות. אַ שענער ליכטיגער טאָג האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דער גע־גענד און מאָדנע אַריינגעשיינט אין די לויטערע געפּוצטע שטובען מיט די רויטע, פּריש־געשמירטע פּאָדלאָגעס צאַלושעס.

דאָ, דאָרטען זענען געווען אָנגעוואָרפען שטיקער שטאָף און מאַ־טעריע פאַר די ווינקעלשנורען פון מאַריטאַס קינד און אַ נאַניע מיט אַ ווייך שמייכלענדיג פנים האָט געבונדען די הענד פון קינד און געוואָרפען די עקען פון די בענדער, ווי די פלעכט פון אַ פאַרביגער חלה, חנפה׳ענדיג די בעל־הבית׳טע, וואָס גרייט זיך אין וועג אַריין. מאַריטאַ איז שוין דאַן געשטאַנען אין שטוב, ווי אַ גאַסט, פערפאַקט איהרע מלבושים, וואָס האָבען נאָך פון טאַטענס שטוב געשמעקט מיט יענעם ווייןפון הבדלה און קידוש, מיט יענע ליכט און בשמים. די אַנדערע נייע מלבושים פון נאָך דער חתונה האָט זי געלאָזט קאַלט הענגען אין צאַ־לושעס שאַנק מיט עפּיס אַ געדאַנק קיינמאָל זיי נישט צו זעהן.

דער טאָג האָט גענויגט צום פאַרנאַכט און מאַריטאַ איז שוין געשטאַנען מיט איהרע געפּאַקטע חפצים, ווי עפּיס אַ ריי־זענדער, גרייט אין וועג אַריין. זי האָט מיט עפּיס אַ טרויערי־גען איינזאַמען בליק בעטראַכט דעם טאַטענס הויז, אין וועלכענס פענסטער עס איז געזעסען, ווי שטענדיג, דער אָרימער טאַטע מיט׳ן געלען ספר אין דער האַנד, ווי עפּיס אַן׳איביגער רע־טעניש פון פערגליווערונג און טויט. זי האָט געוואָלט זיך גע־זעגענען מיט אָט דער שטוב, נאָר זי האָט געזאָגט גלאַט אין דער וועלט אַריין, צו זיך אַליין: „צום זעהן זיך נאָכ־אַמאָל.״

אַ מאָדנעם קאַלטען בליק האָט זי געוואָרפען אויף דעם קליינעם בעשעפעניש, אַרומגענומען פונ׳ם קישעלע, איבערגעלאָזט עפּיס אַ מאָדנעם עקעלהאַפטען טרויעריגען קוש דעם בעשעפע־ניש און זיך בווזעגענט.

געזעגענט האָט זי זיך מיט איהר מאַן צאַלע מיט עפּיס אַראָבגעלאָזטע אויגען, עטליכע געזעגען־ווערטער האָט זי גע־שענקט דער נאַניע, דער דינסט־מיידעל און דער גאַנצע וועלט אַרום.

דער צווייטער פריהמאָרגען האָט זיך ליכטיגער אויסגע־שפּרייט איבער דער ווייטער, ווייטער געגענד און איבער׳ן וועג האָט זיך געזעהן אַ בריטשקעלע מיט אַ שמייסער, אונטער וועלכען

פאַמטבוים.

עס איז געזעסען אַ פרוי, וואָס האָט זיך פאַמעליכעל צושיידט מיט עפּיס אַ וועלט פון אַ מענש, וואָס הייסט צאַלוש, מיט געסט אַק־ציזניקעס, אַ קייזערליכע בראָנפען־פאַבריק מיט אַ מאָדנע פרעמד קינד און אַ וועלט פון פאַלשע שבתים, פאַלשע ימים־טובים און לייכטזיניגע עקעלהאַפטע טעג. אונטער דידאָזיגע טעג איז גע־שטאַנען אַ לעבען אַ יונגס, אַ שענס און אַ ליכטיגעס. דאָסדאָזיגע לעבען איז שווייגזאַם פערגאַנגען, ווי עס פערגעהט אַ הייסע ליכטיגע זון.

און מאָריטאַ האָט זיך געצויגען פאַמעליכעל, פאַמעליכעל. איין וועלט האָט זי ענטטוישט, אָבגענאַרט, ערמידעט איהר קער־פער און צובראָכען איהרע גאַנצע שבתים און פרעהליכע יאָה־רען און די אַנדערע האָט געצויגען, גערופען: „קום, קום, מאַ־ריטאַ, אין אַ וועלט אַ נייע, אַ שענע און אַ גוטע.“



## „שטאָרק - מענשען"

די ווילדע „פייכטע כויענע" האָט פאַר דעם פערהאָרעטעטען מענש פון דער גרויסער שטאָדט, וואָס לעבט־אָב אַ גאַנצען ווינטער אין די פערמאַכטע הייזער, צווישען קינסטליכע פלאַנצען און בלומען, אונטער דעם שיין פון עלעקטריע, און סתם געקינסטעלטקייט פון דער נשמה, האָט גאָט געגעבען אַ שטיקעל צייט אין יאָהר, וואָס אַזאַ מענש האָט ליב צוזאַמענצוטרעפען מיט דער נאַטור.

דאָס זענען די קליינע פאָר חדשים זומער. ביי די ערשטע נאָך סוכות-טעג האָט איהם דער רעגען און דאָס לערעפעלד פערטריבען פון זיך מיט אַ געוואַלדיגער מורא. איז ער אַנטלאָפען פון איהר, פונקט ווי עפּיס אַ רעגען-גייסט וואָלט איהם נאָכגעיאָגט. נאָר צום לייכטען וואַרימען זומער איז ער געקומען צוריק צו איהר און מיט עפּיס אַ געקינסטעלטער מינע האָט ער איהר די האַנד געגעבען: „וואָס מאַכסטו, שוועסטערל? ווי געהט עס מיט דיר? האָסט זיך נישט געזעהן אַ גאַנצע צייט

מיט פיינע שטאָדטישע מאָדעס, טעאַטערס, קאָנצערט-הייזער און קינעמאַטאָגראַפען. ווערסטו זיך יעצט צום זומער בעגע-גענען מיט זיי.״ און ס׳רוב טאַקי מאַכט עס אַנ׳איינדרוק, אַז די נאַטור האָט איינגעזאַפּט עפּיס אין זיך פון דעמדאָזיגען שטאָדטי-מענש און געוואָרען אין איהם ענליך, ווי אַ שוועסטער.

אָפּגעלעבט דעם קאַלטען שטיק הערבסט און ווינטער מיט אַ שטיק פריהלינג אין קויט און אין בלאָטע, האָט זיך די ערד אויף גיך געגעבען אַ טרייסעל-אָפּ פון איהרע שטיל פערלאָזט לעבען און פלוצלונג, ווי פון דער חלער הויט, בעשיט געוואָרען מיט גרינס און מיט נאָדל׳ען, מיט בוקעטען און בלומען, פונקט ווי זי וואָלט זיך חוזר׳ן אין איין אָטעם מיט אַ לייכטזיניגער תנועה:

—ווילקאָמען, ביטע שען, דאָס האָב איך דיר אויסגעפוצט אַ לעבען, ווי פאַרציאָהרען, ווי פאַר צוויי יאָהרען און צייטען צוריק, אָבי אָטעם שטאַרק מיט מיר, שטאַרק דיין ברוסט מעכ-טיג דיין קראַפט אויף דעם נייעם ווינטער.

און ווען מען האָט זיך אַ קוק אום געטהאָן אויף דער ווי-ליע, די „פייכטע לויענע״ האָט זי אויך איבערגעלאָזט דעם אײַ-גענעם איינדרוק.

די ווילי „פייכטע לויענע״ איז געוועזען אַ מין דאָרף, וואו די נאַטור האָט זיך לויט׳ן געשמאַק פון שטאָדטישען מענשען צו-זאַמענגעלעגט שען. דאָ—דאָ, דאָ—דאָרט האָט זיך אויסגעהויבען אַ באַרג, אַ פלאַך אָרט, אַ צושפּאָלטענער קינסטליכער טעלז, אַ וואַ-סערפאַל, וון-באָד פאַנטאַזיען און יער, נאָך זעלבען נאָהנט צו דער ווילדער נאַטור.

איבערגעלאָזט זי אין הערבסט אויף גאָטס בעראָט, האָ-בען דאָרט אַ גאַנצען ווינטער געלעבט אַ פּאָר אָרימע וועכטער, עטליכע וועשינס, עטליכע האָלץ-העקער פון דער געגענד. דאָ זענען געלעגען צעוואָרפען שטיקעס פון טאַרדינען, פלעשער פון רפואות, שטיקער וואַטע, פּאַפּיר, כתבים, ליבעס-בריף און דאָס אַלץ, וואָס אַנ׳אויסגעקומענער שטאָדטמענש האָט אַנגעשמוצט, אַנט-לויפענדיג.

אויסערדעם, האָבען דאָ אין גאַנצען ווינטער אַרומגעוויל-

דעוועט הינד, קעץ און עפּיס אַ ווילדע אָרגיע פון פיר־פיסיגע, וואָס האָבן זיך אָהן קאָנטראָל אַריבערגעכאַפּט פון אַנדערע ווילעס און אָבגעלעבט דאָ דעם גאַנצען ווינטער.

איז אָבער אָנגעקומען דער זומער, האָט זיך דאָס אָרט שנעל אָבגערייניגט פון זיין שמוץ און ווינטער־געסט. די „וואַ־סערפאלען" האָבן אָנגעהויבן רוישען, די פאָנטאַנען שפּריי־צען, די בוימער און בלעטער שנעל בליהען. און איז מען געשטאַנען פון וויטען, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס איז דער צווייטער גן־עדן, וואו גאָט האָט אַרויסגעטריבען זיינע אדמ׳ס און חוה׳ס, די ערדישע, און געזוכט זיך פאַר איינוואוינער מלאכים.

ס׳רוב, ווען דער זומער איז שוין דערגאַנגען צו זיין הייסקייט און צייטיגקייט, האָט מען די מענשען פון דאָרט גע־זעהן איבער דער געגענד מיט ווייסע האַנדטיכער צום באָדען, מיט קראָקעט, מיט באַלעמס, מיט בוימער, מיט שנורען, מיט הוזשדאַווקעס, מיט פידלען, מיט גיטאַרעס און מיט דעם אַלעם שענעם, וואָס גאָט האָט זיי געגעבען צו געניסען פון דער שענער נאַטור. דערנאָך, ווען זיי זענען דורכגעגאַנגען די גע־געגנד, האָט מען דערקאָנט, אַז די מענשען האָבן זיך אָנגעזע־טיגט מיט דער לופט און דאַרפען... עסען.

ווען מען האָט גוט בעטראַכט די געגענד מיט איהרע קליינע געפאַרבטע הייזלעך, בעצירטע און בעפּוצטע מיט בלומען, מיט איהרע בערג און טאָלען, האָט מען זיך אונבעדינגט אָב־געשטעלט אויף איין הויז. דאָס הויז איז געווען אַ הויכס מיט אַ זיגזאַג פון אַ געפאַרבטען בעגאָלדעטען זוים פון אונטער׳ן גרי־נעם דאַך, הויכע פענסטער מיט גאַרדינען, קליינע געסלעך אַרום מיט מאָזאַאיקעס פון בלומען. פאַרביגע בוקעטען, אַרומגעשוירען, אויסגעצייקעלט, ווי צאַצקעס אין אַ שוי־פענסטער.

דאָס זענען געווען בלומען, שטאָדטישע, צירליגע, חנ׳עווי־דיגע, וואָס אַ שטאָדטישער מענש איז געוועהנט זיי צו טראַ־גען אין לאַץ, שענקען זיי אַ געליבטע, בעלעגען צו פוסענס

* פאַסטבוים.

ביי אַ טויטען און זאָגען אָפּט: „ווי זיי שמעקען, די בלומען, אַ גן-עדן אַ גוטער. אונזער שענע ליבע מיט זיי צו בעצירען.“ אָט פון אַזאַ סאָרט זענען די בלומען געוועזען. וואו-נישט-וואו האָט זיך געזעהן נעבען די בלומען אַ פּייכלט „כויענע בוימעל“ אין גאָרטען, וואָס מהמת זיי זענען נאָך יונג געוועזען, האָבען זיי מיט זייער פּייכלטען ריח פערשמעקט די געגענד און בערויבט אַלע אַנדערע ריחות.

# די פאַמיליע רוזש.

די פאַמיליע פון דער שטוב איז געווען זעהר אַ צערט-ליכע און בעלאַנגט צום אָדער פון יענע דילעטאַנטישע משפחות, וואָס קאָנען מאָלען, צייכענען, שניצען, שרייבען, זינגען, שפּי-לען און אין גרונד גענומען קאָנען זיי גאָרנישט.

עס איז, אַ שטייגער, דאָרט געווען אַ מוטער, וואָס האָט אין דער יוגענד געהאַט אַ זיסע שטים צום זינגען, אַ פרוי פון אַ יאָהר פערציג, אַ היבע, האַלב-קאָקעטישע, האַלב-בעל-הבית׳טע, אַ ווירטין מיט פענסנע אויף דער נאָז, פערצויגען מיט אַ גאָלדען שנירעלע ביים קליינעם אויערעל. היינט אָבער האָט זי זינגען נישט געקאָנט הויך, האָט זי יעדעס מאָל אַ קאָקעטיר געטהאָן מיט׳ן שוואַכען שטימעלע אין דער-שטיל און געוואָלט מאַכען אַנ-איינדרוק פון אַ ליבער נשמה.

דער פאָטער האָט שפּילען נישט געקאָנט, האָט ער אָבער אין דער יוגענד געהאַלטען אַ פּענזעל צום מאָלען און האָט דערום היינט נאָך אָנגעדרעהט פערשידענע בלומען, בילדער, פּייזאַזשען און סתם עפּיס נאַרישע פעלדער און וועלדער, וואָס

קיינער האָט נישט פערשטאַנען די בעדייטונג פון זיי.

דער זוהן האָט מאָלען נישט געקאָנט. האָט ער אָבער פערמאָגט אַנ׳אָפּעענעם באַריטאָן און געזונגען און געדרוישט אָפּט צווישען די געסט, ווי פלאַסטינקעס פון אַ פּאָנאָגראַף.

אַ ברודער איז דאָרט געוועזען, אַ מאָדנער פילאָזאָף מיט ברילען אויף דער פערקרימטער נאָז. האָט ער זינגען, שפּילען און מאָלען נישט געקאָנט, איז ער אָבער בעזעסען פיל שפּראַכען. און מיט די שפּראַכען האָט ער אָפּט געוואָרפען צווישען געסט, ווי אַ קונצענמאַכער מיט זיינע באַלעמס. און אַ שוועסטערל, אַ מיידעל, מיט קיילעכדיגע בעקעלעך און געטאָקטע הענדטלעך, איז דאָרט געוועזען.

האָט זי אַנ׳אויער פּאָר אַ פידעלע געהאַט, און ביי דער קלענסטער ביטע זיך צובעווייזען, האָט זי געצויגען דאָס הענדטעל, ווי אַ פידעלדיג מלאכ׳ל. אויסערדעם, האָט מען דאָרט געזעהן ביים טיש אַרומלויפען אַ געשוירע, הינדטעל מיט אַ סאַמעט מענטעלע און גלעקלעך. אַ זעקס, זיבען שפּיל-פויגעל אין בעגאָלדעטע קלעטקעס, אַ פּאָר סטאַטועטקעס, בראָנזען, מאַיאָליקס, גיפּסענע דאַמען; משונה׳דיגע בילדער פון פערזעהענישען, אויסטערלישע סצענעס.

אָט דידאָזיגע משפּחה איז, טראָץ דעם, וואָס זי האָט פון קליינעם רייכען שטעדטעל געבראַנגט אַ גרויסען קאַפּיטאַל, געקומען מיט אַ מאָדנעם חשק זיך צוצופּאַסען צום לעבען פון דער גרויסער שטאָדט. איהרע נעמען: פויגעלע, רבקה׳עלע, זענען עפּיס גיך פערוואַנדעלט געוואָרען אויף פּעלעטשקאַ, רעוועטשקאַ. איהרע מאַנירען, אין וועלכע עס זענען נאָך פערבעהאַלטען געוועזען די בעוועגונגען פון לאַנגזאַמער קליינשטעדטעלדיגקייט, זענען גיך, ווי אויף אַ מאַשין, געוואָרען שנעלע מיט שטאָדטישען טאַקט.

אויסערדעם, האָבען זיי זיך באַלד אַ וואָרף געטהאָן אויף פערשידענע באָד-רייזעס איבער דער וועלט און פון דאָרט מיט געבראַכט אַ בריל אין איין אויג צו בעטראַכטען דאָס לעבען, ווי

מען בעטראַכט עפּיס אַ בילד דורך אַ קאַלײדאָסקאָפּ פון פיגורען. אַ פּאָר באָנעס און גובערנערינס צו אײדעלער ערציהונג און נאָך עפּיס אַזעלכעס, וואָס האָט דעם צוועק געהאַט צו פער-אײדעלען גאָטס רויהע וועלט.

עס איז אמת, אַז אָפטמאָל האָט די „פאַמיליע פון רויזען" דערמאָהנט אין עפּיס אַ פערגאַנגענהייט, וואָס עס האָט געשמעקט מיט אַלטע קלײן-שטעדטעלדיגע שבתים און יום-טובים, מיט ליכט און אַמאָליגער זאָרגלאָזיגער פרייד. אָבער... דאָס האָט די משפחה גיך געסטאַרעט זיך צו פערגעסען און אָנשטאָט דעם, האָט זי זיך אַרײנגעדרעהט אין איהרע שמועסען:

—די רייזע קיין ווענעציען, קיקלאָפּען, וואָס וויל פון זיך אַראָבטרייסלען די ערד...

זומער-צייט, ווען די פעלדער הויבען-אָן גרינען, פערלאָזט די „רויזען-פאַמיליע" די שטאָדט און בעזעצט זיך אין דער אייגענער ווילליע „פייכטע כויענע" מיט איהרע שפּילער, זינגער און קינסטלער אויף אַ גאַנצען זומער.

אָבער ווען עס שיינט נאָר אויף די זון, זעהט מען ד מענשען אויפשטעהן פון געלעגער, זיך אויסרייבען די אויגען, כאַפּען האַנדטיכער אויף די פּלייצעס, און אַרונטערשטעקען די קעפּ אונטער די קראַנען פון וואַסער, ווי משוגעים. דערנאָך זעצט מען זיך אַרום טיש און מען פערטיפט זיך אין די טיי-גלע-זער, געמישט מיט זיסען צוקער און זאַפט. מען הויבט-אָן דאָ ווידער זיך צו ריהמען מיט די גרויסע רייזעס אַרום דער וועלט אָדער עס הויבט זיך אָן יעדער צו בעווייזען מיט זיין „טאַ-לענט," וואָס גאָט האָט איהם געשענקט.

פאַרנאַכט-צו, ווען די לבנה האָט דורך די פענסטער גע-צערטעלט די ליליען און סתם בלעטער אין די גרוימע סאַלאָנען פון דער „רויזען-פאַמיליע", קומען זיך אָן יונגעלייט, ברייט-קאַפּעלושעדיגע, מיט פידלען, און פרויען-נימפען ווערען בעצוונגען, בעקלונגען און אַוועקגעצויגען צום ווייטען גריכישען געטערטום. אַזוי דיכטעריש זענען זיי.

דערום טאַקי איז די „רויזען-פאַמיליע" געווען עפּיס אַ מין אַברוה-אָרט פאַר דער יונגער וועלט פון דער גרויסער שטאָדט, דען דאָרט האָט מען געכאַפּט „געטער," ווי פויגעל און מלאכים-פּרויען האָבען זיך געשאָטען פון אַרבעל, ווי פליגען. איידעל זענען זיי געוועזען. אין דער צייט, וואָס די גאָרזשעלניע איז געשטאַנען אין איהר גוטער לאַגע, האָט די נאָהנטע שטאָדט געהאַט אַ פערבינדונג מיט דער גאָרזשעלניע דערמיט, וואָס די איידעלע „רויזען-פאַמיליע" האָט, טראָץ איהר נויגונג צו דער „פּאָליטישער וועלט," פערמאָגט אַ מעש-און אייזען-פאַבריק, וועלכע האָט צוגעשטעלט דער גאָרזשעלניע די רעהרען און מאַשינען.

פאַר די צושטעלונגען פון מכשירים און נויטיגע זאַכען האָט מען ריזיגע סומען אַרויסגעצויגען פון ר' מאַטיעס גאָרזשעלניע און מען האָט זי, די גאָרזשעלניע הייסט עס, ליב געהאַט דערפאַר, ווי דאָס לעבען.

—ר' מאַטיע איז אַ פעטער ביין,—פלעגען די הערען פון דער פאַמיליע רויז, וואָס האָבען זיך געטויגט צום האַנדעל בעסער ווי צו שמועסען מעשה געבילדעטע זאָגען צווישע זיך.—זיי דאַרף מען אַמאָל פערבעטען צו אונז און אַמאָל קומען צו זיי. דער מסחר דערפון וועט נישט ליידען. און מ'איז טאַקי אַמאָל געקומען צו זיי צו גאַסט.

ס'רוב פאַר די גרויסע ימים-טובים איז די מוטער פון דער פאַמיליע רויז מיט איהר טאָכטער געקומען אין דער גאָרזשעלניע, איינגעקויפט פון פערשידענע זיסע בראָנפענס און געזאָגט צו מאַריטאַ'ן:

—ר' מאַטיעס טאָכטער, קאָנען זי אַמאָל נישט קומען צו אונז? אַך, גאָט, ווי שען די שטאָדט איז און אונזער הויז! האָזען זי דאָך עלעקטריע, גאַז און פערשידענע בעקוועמליכקייטען. מאַריטאַ, קומען זי דאָך צו אונז, בעטראַכטען אונזערע געמעלער פון בראָנז, גיפּס און מאַיאָליק. האָבען זי דאָך די באַטישטעל: ביי אונז.

און מאַריטאַ האָט זיך נישט בעטראַכט אַפילו אין איהרע ווערטער. אין דער לעצטער צייט אָבער האָט איהר צאַלושעס שטוב ביסלעכווייז אַוועקגעשטויסען אַהין. זי האָט אָפט געשריבען בריוועלעך צו דער פאַמיליע, דערצעהלט אַ ביסעלע פון איהר לעבען און אַצינד איז זי געקומען צו זיי.



## די נייע וועלט.

אנגעקומען איז די צום פריהמארגען. א שענע רויטליכע זון האט אויפגעשיינט פון מזרח-זייט און בעגאלדיגט די גרינע שפיצען פון די יונגע כויענע בוימלעך און גלעזוערנע באלעמס פון די אלטאנעס. עס האט געשמעקט מיט בלומען, אבער נישט די איינפאכע דארפס-בלומען. דאס איז געווען א ריח פון עפיס אנ'אראנזשעריע געוויקס, וואס מען קאן עס פיהלען אין די גרויסע גערטנער אונטער די שטעדט. עס האט געשלא-גען וואסער פון דעם פאנטאן און די שפיל-פויגעל פון שטוב האבען ארויסגעצווישערט און עפיס לעבהאפט געמאכט די: ווילליע און דאס לעבען ארום. מאריטא האט זיך אוועקגע-שטעלט פאר דער ווילע און בעטראכט דעם ברילאנטענעם בלישטש פון דעם פאנטאן-שטראם, די גיפס-פיגורען און די יונגע כויענע בוימלעך, נעבען וועלכע עס האבען זיך געשפילט קינדער מיט באלעמס, רייפען און קאלירטע שפילצייגען. זייערע קינדערישע געשרייען און שפילערייען האבען עפיס אוועקגע-

רויבט בײ מאַריטאַ'ן דאָס שווערקייט אויפ'ן האַרץ און מידקייט פון נישט דערשלאָפען די נאַכט.

—ווי שען און גוט איז די וועלט אַרום,—האָט מאַריטאַ געשעפּטשעט צו זיך,—איז דאָס דאָס הויז, צו וועלכען זי איז צוגאַסט געקומען?

זי האָט פּאַמעליכעל געעפענט דאָס טירל, אַריין אין אַ קאָרידאָרל. עס האָט אין איהר באַז אַ שלאָג געטהאָן די ווילדע ריחות פון פערפומען און אַ צוויטשעריי פון קולות האָט איהר פערקלינגען אין די אויערען.

—גאָט איינער! עס איז אונזער מאַריטעטשקע פון דער גאָרזשעלניע, די, וועלכע מיר האָפען שוין אויף איהר יאָהרען,—האָט דאָס טעכטערל פעליטשקאַ איהר בעגעגענט מיט אַ געצער־טעלט קושען און האַלזען.

—ווילקאָמען, אונז פרעהט זעהר זי צו זעהן אין אונזער הויז. ווילקאָמען, ר' מאָטיעס, אוי, ניין, פאַן מאָטיאָס טאָכטער. געדענקען זי עפּיס אונזער קומען אין גאָרזשעלניע און איינקויפען די טײערע בראָנפענס און ווײנען?—האָט די צאַרטע מוטער מיט'ן גאָלדענעם שנירעלע ביים אויער אונטערגעכאַפּט.—אַך, מאַריטאַ, ווי שען אויסגעוואַקסען, פּראָסט אַ מלאך אַ בלויער. דאָס מאַכט אייער מוטער, דער גרויער, די מוטער און, אַך, אַ מאַן האָבען זי דאָך אַ פּראַכט, אַ מענש, אַ קויפמאַן, אַן אַריס־טאָקראַט. און יאָ, האָבען זי דאָך איין זוהן אַ פּראַכט. אַך, זי זענען נאָר אַ ביסעל אָבגעמאַטערט—הויט און ביינער. זענען זי דאָך אָמער בלאַס און אידעל און נישט אָנגעגעסען, ווי פעלד־מיידעל. אַנו, אַראָבגעוואָרפען טון זיך די שווערע מלבושים און גענומען עפּיס צום מויל.

די אויגען פון די אַרומיגע ביים טיש זענען מאַריטאַס שלאַנקע פיגור בעפּטלען, ווי ביהנען, און די גאַסט־פריינדליכע מוטער האָט צוגעגעבען מאַריטאַ'ן:

—שטעל איך זי פאָר די אַנוועזענדע: מיין מאַן, געוועזענער און איך איצטיגער מאָלער־קינסטלער, מאָלט: בוימער און טירע. האָבען זי מיינע זיהנע—נאַאום און נאַטאַן. איינער

זינגט פּרעכטיג און טראַכט אַרויסצוטרעטען אויף דער קייזערליכע ביהנע. דער צווייטער, אַ געבילדעטער, בעזיצט אפשר פּופּצעהן שפּראַכען, אַ געשליפענע צונג, אַ וואַזשנער קאָפּ, אַנו, אַצינד זעהען זי פאַר אונז, פרוי שטערן, געוועזענע לעהרערין מיט אַ דיפּלאָם פון אוניווערזיטעט יעצט מיט גאָטעס גנאַדע גובערנערין ביי אונז. און יאָ, ה׳ וואַצלאַוו, ה׳ אַנטיקוואַר פון קונסט גע־מעלדע, אויסער קונסט־שמוק. קאָנען זי די געסט?

מאַריטאַ האט אַנ׳ענטציקענדען בליק געטאָהן אויף די אַרומיגע און זיי בעטראַכט.

עס איז געזעסען פון אויבען־אָן אַ מאַן פון אַ יאָהר פופציג, מיט אַ געשוירען ווייס־גרוי בערדעל, וואס האט דערמאָהנט אין דער פאַרב פון אַנ׳אַלטען שטרוי־דאַך, מיט אַ קרומליכער נאָז אויף אַ זייט, אויף וועלכער ס׳איז געלעגען צוויי גלעזלעך פון ברילען, מעשה פּיליזאָף, און עפּיס אַ מאָדנע היטעל, וואס האט קאַמיש אויסגעזעהן און פערענדערט דאס גאַנצע געשטאַלט, און האט נאָכגעסמאָטשקעט דעם טעם פון גוטען טיי און בעלעקט זיך, ווי אַ זאַטער בער.

נעבען איהר זענען געזעסען ביידע זיהן נאַאום און נאַטאַן. דער ערשטער, אַ שוואַרצער מיט אַ געקרייזעלטען קאָפּ האָר און אַ נאָז, וואָס עס האט דערמאָהנט אין אַ האַק־מעסער. ער האט עפּיס אויסגעגלאָצט אַ פּאָר גרויסע אויגען און אונטערגע־זונגען.

דער צווייטער איז געוועזען אַ בלאָנדער מיט אַ קרומליכע נאָז און ברילען, וואס איז געזעסען מיט די אויגען פער־טיפט אין די טיי־גלעזער און זיך בעלעקט בעריש, ווי דער פאָטער.

ווייטער אַ ביסעלע איז געזעסען אַ דאַמע פון אַ יאָהר פער־ציג, אַ האַלב־גרויע, מיט אַ נאָז און פּנים וואס עס האט שטאַרק דערמאַהנט אין פּנים פון אַ מאַנספערשוין. נאָר ווייל זי האט געטראָגען ברייטע אַרבעל, האט מען דערזעהן, אַז זי בעלאַנגט נישט צו דעם מענער־מין.

די לעצטע האָט זיך אויפגעשטעלט פון אָרט און, נישט־בעקאַנט אינגאַנצען, זיך באַלד גענומען מיט איהר חבר'ן, ריידען, קושען און שמועסען איבער איהרע ערציהונגען, רייזעס־בעשאַכטונגען און ערפאַהרענהייטען.

דער לעצטער, וואָס איז איהר געוואָרען פאָרגעשטעלט, איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָהר פערציג, הויך, מיט אַ מאָדנעם גרויסען שטערען, אין וועלכען עס איז ווי געשטאַנען צוויי גרויסע אויגען מיט שוואַרצע ברעמען. פון קאָפּ האָט איהם ווי אַראָבגעפּרונען אַ פלאַנטער פון שוואַרצע האָר, ווי אַ נזיר; אַ נאָז מיט עפּיס אַנ'אָנשטעל פון אַ העלדישען גענעראַל קאַן אין מויל אַ טייערער ציגאַר־שפּיצעל, וואָס האָט איהם עהנליך געמאַכט צו אַ פאָרנעהמען, סאָלידען מאַן וויל ער האָט זיך אַרויסגעוויזען שטענדיג זעהר העפליך צווישען פרויען, האָט ער זיך יעצט בעגריסט מיט מאַריטאַ'ן און זיך אָוועקגעזעצט.

דערדאָזיגער הער האָט געהייסען ה' וואַצלאַוו, אָדער ווי די פרויען האָבען איהם גערופען אין דער גרויסער שטאָדט, מחמת זיי האָבען איהם געהאַלטען אַ מאַן פון אַנטיטשנער שענהייט „אַפּאָלאָן בעלוועדערסקי." מיט יאָהרען צוריק איז ער געווען טאַקי דער געשעפטס־פיהרער פון דער אייזען־פאַבריק, וואָס האָט געהערט צו דער רויזען־פאַמיליע.

דאָס איז געווען אַ כאַראַקטער פון אַ שטילען אויסנוצער, וואָס האָט שטיל און לאַנגזאַם דורכגעפיהרט די ציעלען פון זיין אַרבייט, פאַר וועלכער ער האָט געקראָגען אַ גרויסען געהאַלט פון דער רויזען־פאַמיליע, וואָס האָט לויט איהר אייגענקייט קיין מסחר נישט פערשטאַנען.

וויל די רויזען־פאַמיליע האָט שוין געהאַט איהרע געשעפטען ליקווידירט און די גרויסע פערדינסטען פון די שטעדטלעך, דערפער איינגעמאָהנט, האָט דער פערוואַלטער, ה' וואַצלאַוו, זיך גענומען צו אַנדערע געשעפטען, דהיינו, צו האַנדלען מיט אַנטיקען פאַר'ן סאַלאָן פון דער גרויס־שטאָדטישער וועלט. אַ רייך פאָר האָט חתונה־געהאַט און וויל, אַז עפּיס נייעס און שענעס זאָל שטעהן אין זייער סאַלאָן, קומט מען צום אַנטיקוואַר,

ה׳ וואַצלאַוו. מען בעצאָהלט איהם גוט געלד און מען זאָגט —עפּיס גוטס סטיליסטישעס, ה׳ אַנטיקוואַר.

און ה׳ וואַצלאַוו שלעפּט-אַרויף אויף די פיס זיינע הויכע פאַנטאַסטישע קאַמאַשען, זיין קינסטלער-באַנד ביים האַלז, זיין קיילעכדיגען גרויסען רעמבראַנד-הוט, נעהמט אין האַנד דעם סאַ־וואָיאַזש, זעצט זיך אויף אין אויטאָמאָביל און שלעפּט צו־נויף זיינע אַנטיקען ביי די ראַהמען=מאַכער, מעבעל-הענדלער און אַלט-אויפקויפער און זאָגט זיין קליענט ברייט:

—האָט איהר עפּוּאָס פּראַכטפולעס. דער פּרייז איז זעהר און זעהר אַ געהויבענער. דער סטיל פון דעם אַנטיק איז איינער אין דער וועלט.

און ה׳ וואַצלאַוו, וואָס האָט אַ חיבה ביסעל אַנרעקלאַמירט זיינע אַנטיקען, איז געוואָרען גוט בעלוינט אויף חדשים צו לעבען. דערפאַר טאַקי ווייל ער האָט זיך יאָהרען שוין געדרעהט ביי אַנטיקען, איז ה׳ וואַצלאַוו אַליין געוואָרען אַ קענער פון קינסטלערישער אַרבייט. ער האָט געקאָנט אַ ביסעל שפּילען, זינגען, מאָלען, שניצען, שרייבען און אויך... דעקלאַמירען. און איז דערום געוואָרען דער ליבלינג פון פרויען, וואָס האָבען זיך געדרעהט אַרום טיש פון דער רויזען-פאַמיליע.

—אַ פרוי איז עפּיס אַ מין אַנטיקשנע בעשעפעניש,—פלעגט דער ה׳ וואַצלאַוו בעגייסטערט צרויסבלאָזען דעם רויך.—איהר דאַרף מען צמאָל אַרונטערשטעלען אונטער אַ גלאָז, אַז קיין שטויב זאָל אויף איהר ניט פאַלען. צווי געטליך איז זי.

און מחמת ער האָט זי שטענדיג פערגעטערט, האָט ער זי טאַקע בעוואָרפען, ווי מען וואַרפט אַ געטשקע.

עס טרעפט, אַז אַ דאַמע פון דער אויפגעקומענער וועלט, ס׳רוב אַ אַלמנה, בלייבט פעראייניזאַמט אין איהר סאַלאָן, פערבעט זי צו זיך דעם ה׳ וואַצלאַוו און שעפּטשעט שטיל:

—ליבער מיינער, טייקעל און מיין לעבען. ווי אַ שאָטען דרעה איך מיך אַרום אויף דער איינזאַמער וועלט. און ווען איהר זאָגט מיר ניט צו קיין ליבע, איינציגע, איינציגע ליבע, דאַן זאָגט מיר צו, אַז נאָכ׳ן טויט וועט איהר קומען

אויף מיין קבר און טראָגען מיר בלומען און בלעטער. וואָרום קיין אַנדערער, וואָס זאָל ירש'ענען מיינע פערמעגענס, האָב איך נישט און ווער עס זאָל זיך קימערן אין מיין טויט, אויך נישט. ווערט איהר קומען אויף מיין קבר?

און דער גוטער ה' וואַצלאַוו זאָגט איהר צו אויף נאָכ'ן טויט אַלדאָס גוטעס. ביז די דאַמע שטאַרבט און דאָס מאַיאָנטעק פאַלט איהם אין האַנד אַריין. קיין בלומען אויפ'ן קבר טראָגט ער איהר נישט, קיין טרעהרען פערגיסט ער אויף איהר נישט, און זי ווערט אינגאַנצען אויסגעלאָשען פון זיין געדאַנק.



## נחום אָדער נאַאום און נאַטשן.

עטליכע טעג נאָכאַנאַנד האָט מען זיך איבעראַשט מיט'ן נייעם גאַסט. די שטוב-מענשען און פרעמדע האָבען נישט אויפגעהערט צו בעפאַלען מאַריטאַ'ן מיט פרעהליכע וויוואַטען, קאָקעטישע געלעכטערס און ווילקאָמען-אויסגעשרייען.

נאָר וויל די פאַמיליע האָט נאָך געהאַט אין זיך אַ היבש ביסעל קליינשטעדטעלדיגקייט, וואָס איז אָפט איבערגעשפרונגען שנעל פון יום-טוב'דיגער פרייד צו וואָכענדיגקייט, האָט מען די פרעהליכע צערעמאָניע לאַנג נישט געקאָנט האַלטען און מען האָט זיך באַלד פון ענטוזיאַזם אויסגעלאָשען. אויף מאַריטאַ'ן האָט מען אָנגעהויבען צו קוקען גלייכגילטיגער: ניש'קשה, אַ מענש עסט, שלאָפט, שפּאַצירט און... שפילט אין קראָקעט, אַ גאַסט, ווי אַלע געסט און מען האָט זיך גענומען צו איינפאַכע שמועסען.

אַזוי, אַ שטייגער, האָט מען פאַר דער ווילע געזעהן זיצען ביידע אַמאָליגע חבר'טעס, מאַריטאַ און פעליאַ, ביידע אַרויסגעלעגט די הענד אויף די אַקסלען, פערטראַכט, קוקענדיג זיך

אַלעמאָל אין די אויגען און פעליאַ האָט געזאָגט בעטראַכטענדיג די קליידער מאַריטאַס:

—סאַראַ שען קלייד, מאַריטאַ, פּראָסט חי אין פּאַריז געניידט. נאָר וואָס, שוועסטערל, דו דאַרפסט לעבען מיט אונז דאָ אין שטאָדט, זיצען אין אונזער געזעלשאַפט און לעבען אין אונזערע סאַלאָנען. חאָרום וואָס אין אַ גרעסערער שטאָדט מען איז, אַלץ מעהר ווערט מען קליגער, אויפגעהאָדעוועטער און רוייער פון זאַבאַבאָנעס. אָט, אַ שטייגער, בין איך דאָ געוועזען אין פּאַריז, איז דאָס אַ וועלט! געהען דאָרט רעדער אויף עלעקטעריע און באַהנען ליפען איבער דערפער און לאָמפּען און טענץ און אַך...

מאַריטאַ האָט קינדיש צוזאַמענגעצויגען די ליפען און אַ ריהר געטהאָן דעם ברילליאַנט פון „מאַריכאַס גליק” אויף איהר האַלז, וואָס האָט פאַר דער זון אַ ציטער געטהאָן, ווי דערשראָקען זיך פאַר עפּיס.

אין איהר געדאַנק האָבען זיך עפּיס אָנגעהויבען דרעהען געשטאַלטען פון נייע מענשען, אונבעקאַנטע, אויף רעדער פון נייע וועגענס און הויכע פערד.

—פאַריז,—האָט מאַריטאַ געשעפּטשעט,—אַ שען לעבען דאָרט. מסתמא לעבען דאָרט מענשען גליקליך און רוהיג.

—און אָט דער אומגליק איז אָט חאָס, מאַריטקעלע. אין די קליינע יאָהרען האָט מען מיך נישט גערופען פעליטשקאַ, נאָר פייגעלע, דו הערסט? פונקט ווי דו, געוואַלגערט זיך איז אָט די בלאָכיגע שטעדטלעך, געצונדען ליכט צו שבת, געריסען טייג פון דער חלה און געוואָרפען אין אויווען אַריין. כאַ, כאַ נאַרישע יאָהרען, נאַרישע דורות, ווי מיר שעמען זיך! אַבי גאָט צו דאַנקען, פּטור-געוואָרען פון זיי.

מאַריטאַ האָט נערוועז אַ ציטער געטהאָן און פייגעלע האָט בעמערקט:

—אַצינד, שוועסטערל, דאַרפסטו אויך טראַכטען, ווי אַזוי פּטור-צו-ווערען דערפון, פערטיפען זיך אין ביכער, לעזען וועלט-בעשרייבונגען, טראַכטען מאַכען. פערשטעהסט? וועלען

געפּעלען מענשען, מענשען היינטיגע, געבילדעטע, בעלעזענע, וואָס קעהרען אַ וועלט און האָבען אַ רייכטום.

אָט פֿאַרוואָס מאַריטאַ האָט נייגיריג און פֿערצווייפֿעלט אויסגע-הערט די ווערטער. עפּיס אַ מאָדנע שרעקליך געפֿיהל האָט איהר דורכגענומען: פֿאַרוואָס איז איהר חבר'טע שוין אַזוי קלאָר אין וועלט-זאַכען און פֿריי פֿון איהר אַמאָליגער וועלט און זי איז נאָך מיט איהר אייגענער פֿערבונדען און זי וועט זיך, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט קאָנען שיידען. זי האָט אַ בעוועגונג גע-מאַכט מיט אַ פֿינגער און געזאָגט, ווי איינער אונטער אַ שווע-רער לאַסט:

—קיינער, פֿויגעלע, האָט נישט קיין אָרימען צובראָכענעם טאַטען, קיין צובראָכענע שבתים און ימים-טובים, קיין מאַן צאַלע, דו הערסט, קיין עפּיס אַזעלכעס, וואָס ציהט איהם צו-ריק. אָט בין איך ביי אייך היינט. מאָרגען, מאָרגען פֿאָהר איך צוריק און ווער צוריק די אייגענע מיט אַן אָרימען טאַטען און אַ קינד—אַ שלאַנג.

—אַזוי טראַכסטו, מאַריטאַ, גיך צו פֿערלאָזען אונזער הויז און זיך איבערצוגעבען צו קליינשטעדטעלדיגקייט?—האָט פּע-ליטשקאַ געפֿרעגט פֿערוואונדערט.

—פֿאַרלאָזען גיך דיך, שוועסטערל, און זיך צוריקקעהרען אַהיים צו מיין מאַן צאַלע מיט זיין הויז פֿאַר קליענטען פֿון געריכט און קייזערליכע אַקציזניקעס, צו פֿערברענגען אין פֿינ-סטערע נעכט און אין אויך פֿינסטערע טעג.

מאַריטאַ האָט זיך שטיל פֿערטרויט פֿאַר איהר חבר'טע. זי האָט איהר פֿערצעהלט דאָס שיקזאַל פֿון די לעצטע חדשים. פֿויגעלע האָט איהר אויסגעהערט און געזאָגט:

—ניין, ניין. דיך לאָזט מען מעהר שוין נישט צוריק פֿון דאַנען. דו בלייבסט ביי אונזערע, צווישען אייגענע מענשען. נאָר וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען?

פּעליטשקאַ איז דאָס מאָל פֿאַרביי דאָס געשטאַלט פֿון „אַפּאָלאָן,“ וואָס וויים גוט, ווי אַזוי מען דאַרף איבעררייסען

מיט אַלע טראַדיציעס און פאָרמען פון געזעצליכען לעבען, אָבער ווי גוט זיי זאָלען נישט זיין, האָט זי עפּיס אַפּאָלאָנ'צן נישט-וויסענדיג, פאַרוואָס, צוגעפּאַסט צו מאַריטאַן, די פערהייראַטע מאַריטאַ און געזאָגט:

—אונזערע מענער זענען אידעאַלע מענשען. זיי בעלעגען נישט די פרוי מיט קיין לאַסט פון חופּה וקדושין, ווי דאָרט ביי אייך. פריי זענען די מענער פון די פרויען און פערקעהרט. אָ, איז פאַרהאַן ביי אונז אַ מענשעל!

ווייל דער שענער „אַפּאָלאָן" איז דאָ איצט נישט געווען, האָבען ביידע חבר'טעס נאָך גערעדט און פערצעהלט פון וייער לעבען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז איין פעליאַ האָט שוין פון איהר אַלטען דור לאַנג פערגעסען, ווי אָפּגעמעקט פון זכרון. די צווייטע, ווידער, האָט זיך געבראָכען צווישען די וועהטאָגליכע ערינערונגען פון נעכטען און נייעם מאָרגען.

—אַזוי, אַזוי מוז איך מיך אומקעהרען צוריק אַהיים, צו די אַלטע אומגעוואָרפענע הייזער פון מיין פאָטער,—האָט מאַריטאַ פיינליך ווידער גערעדט.—דאָרט איינדערהיים שטעהט פאַר מיר אַ וויגעל מיט אַ קינד, מיט אַ שלעכטען מאַן, אַ גיהנם.

—און דאָך ווערסטו, שוועסטערל, נישט פאָהרען אַהין. פערגעסען ווערסטו אָן זיי. פערלאָזען ווערסטו זיי. ביי אונז פיהרט זיך עס נישט אַזוי, מאַריטאַ. מיר שפּילען זיך נישט אין פליכטען. צו וואָס דאָס האַרץ ציהט און וואָס דאָס האַרץ גלוסט, איז ביי אונז דאָס שענסטע און בעסטע. אַזוי האָט אונזער אַריינגעהער ה' וואַצלאַוו געזאָגט.

פעליאַ האָט נאָך עפּיס גערעדט וועגען דעם, ווי די פליכטען צו מאַן און קינד אין שטעדטעל זענען נאָך פערבונדען מיט זאַבאָבאָנעס, ווי פאַריז איז די שענסטע שטאָדט, ווי ה' וואַצלאַוו דער אַנטיקוואַר, איז אַ קלוגער מענש. זי האָט נאָך עפּיס געוואָלט ריידען, נאָר דאָ האָט זיך פון הינטער די פּלייצעס געהערט טריט פון בעקאַנטע מענשען—פעליעס ברידער.

—איך שטעל דיר פאָר מיינע צוויי ברידער,—האָט פעליאַ געזאָגט,— נאַאום דער זינגער און נאַטאַן אַ יונגערער, וואָס קאָן

פיל שפּראַכן, אַ סטודירטער, פערשטעהסט, וואָס קאָן די לערע פון אוניווערזיטעט אויסוועניג. נו, זענט בעקאַנט. דער ברודער נחום האָט זיך איצט העפליך פערנויגט.

מאַריטאַ האָט גושט דרייסט אויסגעצויגען איהר האַנד. דאָסזעלבע האָט אויך געטהאָן דער יונגערער ברודער.

דער ברודער נחום איז געווען אַ דיקער יונג פון אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג. זיינע האָר זענען געווזען געדיכטע, שוואַרצע, פּערדרעהטע אין זיך, ווי ביי אַ שעפּס, די נאָז אַ ביינערדי־גע, ווי אַ האַקמעסער, דאָס מויל האָט זיך ביים זינגען מאָדנע צו־שפּרייט און אַ ווייס מויל ציינער האָט ביי איהם אַרויסגעקוקט, ווי ביי אַ פאַרשמירטען קוימענקעהרער.

ווען ער האָט געזונגען, האָט ער ס'רוב געריסען די שטים, געוואָרפען מיט די הענד, געשוויצט און מאָדנע קאָפּירט די זשעסטען פון דעם אָדער יענעם אָפּערען־זינגער. פאַר די קליינ־שטעדטעלדיגע געסט, וואָס זענען פון צייט צו צייט געקומען בעזוכען די רויזען־פאַמיליע, איז דאָס געוועזען אַנ'איבעררא־שונג.

—זעהסט־נאַר, קיין עין־הרע, ווי די משפחה האָט זיך אַרויפגעאַרבייט,—האָבען געזאָגט די־יעניגע, וואָס האָבען געקאָנט די רויזען־פאַמיליע פון פריהער און זיי מקנא־געווען דערמיט, וואָס זיי האָבען זיך אַרויסגעשיילט פון אָט דעם קליינשטעד־טעלדיגען דור. ווען אַזאַ נחום'קע וואָלט געלעגען ביי אונז אין עפּוש'דיגען ווינקעל, וואָלט פון איהם גאָרנישט געוואָרען און אַזוי—אַ שפּיל־פויגעל.

די געסט אָבער, וואָס זענען געקומען פון הויכען סאַלאָן, האָבען נישט צו פערשעמען די קאָמישע פיגור פון „זינגער נחום," אַריינגערוקט אַ פינגער אין מויל, צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און ביי אַלעמען, וואָס מען האָט זיי געפרעגט געזאָגט: „גוט," און ווען זיי האָבען אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער, מחמת זיי האָבען זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטען, האָבען זיי זיך גע־קנייפּט מיט די פינגער, בעוואָרפען מיט קאָנפיטור און סתם יאָ־שעקלעך פון געלעגער, כדי צו דערשטיקען זייער געלעכטער.

דאָסדאָזיגע געלעכטער פלעגט אָבער אַזוי מאָדנע ווירקען אויפ׳ן זיינגער נחום, דאָס ער איז באַלד אַריין אין אַ צווייטען צימער און צעוויינט זיך, ווי אַ קינד. געוויינט, געריבען די אויגען און געמאַכט פויסטען פון נקמה. די מאַמע, וואָס האָט אָבער זעהר געליבט איהר זוהן, האָט זי באַלד איהם נאָך איבערגעבעטען און געזאָגט:

—ווייִן נישט, מיין קינד, נישט כדאי, קליינשטעדטעלדיגע בהמות. עס לוינט זיך גאָרנישט צו רעכענען מיט זיי. אַנו, נעהם און פערבייס עפּיס און פערטרינק מיט וויין. לאָז דיך אויס!

ווען נחום האָט דערזעהן איצט מאַריטאַ׳ן, האָט ער גענומען פישטשען, וואַרפען מיט די הענד, פאַלען, קניהען און מאָדנע בעגייסטערט ציהען מיט די הענד צום הימעל.

—אַצינד מוזט איהר מיר זאָגען, ווי עס געפעלט אייך,— האָט נחום, דער, וואָס איז געוועהנט געוועזען, אַז מען זאָל איהם אויסלאַכען, געפרעגט אין דער שטיל מאַריטאַ׳ן.

אויף מאַריטאַס פנים איז פאַרביי עפּיס אַ מין לעכערליכער שמייכעל. זי האָט פערלעגט די האַנד אויפ׳ן האַרץ, ווי אַ מענש וואָס וויל, אַז מען זאָל איהם גלויבען און געזאָגט:

—איך פערשטעה מיך זעהר ווייניג אויף געזאַנגען פון דער גרויסער שטאָדט. ביי אונז זינגט מען אַנדערש. פון שבת צו שבת, פון יום-טוב צו יום-טוב און אינדערוואָכען זעהט מען ביי אונז נאָר קונצענמאַכער. זאָל מיר, פאַן נחום, ענטשולדיגען זי, איך וועל מיך אפשר צוגעוועהנען דערצו שפּעטער, שפּעטער.

נחום, וואָס האָט אָבער שטענדיג פערלאַנגט, אַז דער גאַסט זאָל אַרויסזאָגען זיין מיינונג וועגען זיין שטים, האָט איהר צוגעשפּאַרט:

—זאָגט דאָך, מאַריטאַ שענע, געפעלט אייך נישט מיין שטים? קלינגט זי אייך נישט אין די אויערן?

און ווייל מאַריטאַ וויל זיך אָבטשעפּען, האָט זי עפּיס אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ אויף יאָ. האָט נחום מוטיג געזאָגט:

—אַ ברוסט, מאַריטאַ שענע, פאַרהאַן, נאָר וואָס, איטאַליען פעהלט. איך זאָל האָבען איטאַליען, וואָלט איך געזונגען, ווי אַ שפּיל-פויגעל. אוי, סאַראַ נאַראָנים מיין משפחה, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ לאַנד פון אַ קאַלטען קלימאַט, דאָ, וואו די ברוסט און שטים ווערען פערפרוירען. קומט דאַך, מאַריטאַ שע-נע, אַ ביסעל שפּאַצירען איצט

נחום האָט מאַריטאַ'ן אַ נעהם געטהאָן פאַר'ן האַנד און האָט, ווי זיין שטייגער, געוואָלט זיין גאַסט אַרונטערפיהרען אונ-טער די שענע יונגע בוימלעך, דאָרט ווייט פון ווילע, וואו ער האָט זיך קאָנען, ווי זיין שטייגער, בעווייזען „מיט זיין שטים" און „מיט זיינע פעהיגקייטען." דער צווייטעד ברודער אָבער, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסען נאַכלעסיג אָנגעשפּאַרט אויף זיין שוועס-טער פעליא, און נישט געליטען ווי מאַריטאַ הערט זיך איין אין דעם זינגען, האָט בעמערקט:

—אַצינד איז מיין אָטשערעד. הערט מיך אויס, שוועסטער מאַריטאַ, אויך איך האָב אייך עפּיס צו זאָגען. אַצינד זאָל ער זיך זעצען און איך וועל זיך אויפשטעלען...

ער האָט נחומ'ן געגעבען אַ שטויס-אָב פון אָרט, זיך אויפגעשטעלט, פּאָפּראַוועט די מאַנזשעטען, דעם קראַוואַט און זיך מאָדנע פערטראַכט, ווי אַ פאַיאַץ. דער ברודער נאַטאַן איז גע-ווען אַ מיטעלער פאַרשוין פון אַ יאָהר פינפאונדרייסיג, מיט אַ מאָדנע בלאַס פנים, פערוואָרפען מיט בלאָנדע האָר, אַ נאָז אַ קרומליכע, אויף איהר זענען געזעסען אַראָבגעלאָזט צוויי אויגענ-גלעזלעך פון ברילען, ווי ביי אַ זקן.

אין זיינע שלייפען האָט מען שטענדיג געזעהן פולסירען צוויי בלויע אָדערן. דאָס איז געווען אין די מינוטען ס'רוב, ווען ער האָט מקנא-געווען זיין ברודער דעם זינגער.

קיין שטים צום זינגען האָט ער נישט געהאַט און קיין פעהיגקייטען צו עפּיס אַזעלכעס אויך נישט. דאָס איז געווען אַ מענש אַ שטילער, מיט אַ קול'כעל אַ דינעם, ווי ביי אַ קינד, און מיט צוויי קאַצען-אויגען, וואָס האָבען פערצעהלט פון נייד און כיט-ראַסט צום נאַשען.

דער הפּוך פון נחומ׳ן איז ער געווען. אין מוזיק טרו־קען, ווי אַ ביין, קיין קלאַנג האָט ער נישט פערנומען און אויף אַ מוזיקאַלישער נאָטע האָט ער זיך נישט פערשטאַנען, וואָס דאָס איז און אַז מען איז געזעסן אין שטוב פערטהאָן אין געזאַנג, האָט ער בעת-מעשה געלעקט די טעלערלעך פון איינגעמאַכטס אָדער געטרונקען טיי, ווי נישט איהם מיינט מען. נאָר וואו עס איז געקומען צו ריידען איבער שפּראַכען, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון שלאָף און געזאָגט:

— הערלעך — דאָס איז געווען די שפּראַך פון מצרים, מאַריטאַ. מענשען האָבען גערעדט דורך פויגעל און חיות. אוי, מאַריטאַ, איהר זאָלט וויסען, וואָס אַזוינס די שפּראַכען זענען היינט און וואָס זיי זענען געווען אַמאָל.

דער ברודער נאַטאַן האָט דאָ אָנגעהויבען צושיטען מיט שפּראַכען און ווערטער, ווי אַ קונצענמאַכער מיט באַלעמס. מאַ־ריטאַ האָט עפּיס דאָ אויך זיך געוואָלט צולאַכען, נאָר זי איז געפאַלען אויף די אַקסלען פון איהר חבר׳טע און געזאָגט:

—איך דאַנק דיר פאַר די בעקאַנטשאַפט מיט דיינע ברידער. וואוילע מענשען, זיי שאַפען מיר פערגעניגען. אין שטעדטעל ביי אונז קאָן מען אָבלעבען די יאָהרען דאָס נישט צו זעהן און צו הערען אַזוינס. גוט איז מיר דאָ, היילע נייקייטען.

ווייל ביידע ברידער זענען נאָך זייערע סעאַנסען שטעהן געבליבען, ווי קינדער פורים-שפּילער, וואָס שטרעקען - אויס די הענד, אַז מען זאָל זיי בעצאָהלען מיט קליינגעלד, האָט מאַריטאַ ביידע גלייך בעדאַנקט, געבעטען זיי זיצען און ביידע האָבען זיך מאָדנע גליקליך געטוליעט אין דער זייט פון מאַרי־טאַ׳ן.



## שפּאָלאָן און מאַריטאָ.

אויף צומאָרגענס זענען ביידע ברידער געוועזן גע-צוואונגען אָוועקצופאָהרען אין שטאָדט, איינער מיט דער שטים צום פּראָפעסער, וואָס האָט אין ברודער נחומ'ן שטילערהייד קיין שום פעהיגקייט נישט געזעהן, נאָר וויל דאָס געצאָהלט איז געוועזן גרויס, האָט ער, דער פּראָפעסער, גלאָט אַזוי אונ-טערגעהאָלפען איהם זינגען, געלערנט, געאַרבייט מיט די הענד, ווי אַ צירק-מייסטער מיט דער מאַלפּע. דער צווייטער ברודער איז געפאָהרען זיך עקזאַמענירען מיט זיינע שפּראַכען און אויך מיט דעם זעלבען ערפאָלג, וואָס זיין ברודער.

אין דעם פריהמאָרגען איז דער אַנטיקוואַר, ה' וואַצלאַוו, עפּיס מעהר, ווי שטענדיג אויפגעשטאַנען פריה, זיך אויסגעבאָ-דען אין אַ ברייטער וואַנע, אָפּגעלעגען אַ שעה צוויי אין אַ ליילאַך, דערנאָך געמאַכט גימנאַסטיג, געוואָרפען מיט גירעס אויסגעשטויסען מיט די שווערסטע געוויכטען און אַריינגעלעגט זיך אין אַ הויג-שטוהל מיט אַ וואָכען-צייטונג, אין וועלכע עס האָ-
265 בען זיך אַנאָנסירט פערמעגליכע פּאָרן, וואָס זוכען אַנטיטענע

חפצים אויף זייער טיש און ס'רוב אַזעלכע, וואָס ווילן עפּעס פּערקויפֿן. די נעמען פֿון דידאָזיגע האָט ער באַלד פֿאַרצייכנט ביי זיך.

אָבגעלעגן אַפּאָר שעה, האָט ער דערנאָך אויסגעטרונקען עטליכע גלעזער טיי מיט ביסקוויט, זיך אויסגעהוסט, אָנגעטהון אַ פּאָר געקעסטעלטע ווייסע זומערהויזען, אַ פראַק אַ ברייטען, אַ רעמבראַנד־הוט, אַרויפגעזעצט די סיגנעטען אויף זיינע פינף גראָבע פינגער, צעררויכערט אַ האַוואַנאַ־ציגאַר, דורכגעשפּאַצירט די ברייטע שטובען, מיט די שווערע פּאָרטיערען, הויז־שפּיגלען, פּאַלמען, טעע־טישלעך, קאנדלאברעס, זילבערנע סאַמאָוואַרען, סערוויזען, געשיר, גלאָזוואַרג, אַ חוץ פערשידענע ראַהמען, קאַרניזען און סתם צובראָכענע אַנטיקען, וואָס האָבען געדאַרפט אַ תקון. ער שטעלט זיך אין פענסטער בעטראַכטען די לאַנדשאַפט, דאָס וואַסער, די ערד, די בוימער און פויגעל.

ווייל די צוויי ברידער פון דער פאַמיליע, וואָס האָבען זיך ס'רוב געקריגט אויף זייערע פעהיגקייטען בעגינען, זענען איצט נישט געווען, האָט אַ שטילקייט געהערשט אין לאַגער פון דער רויזען־פאַמיליע. עס איז געזעסען די דאַמע מיט'ן גאָלדענעם שנירעלע ביים אויער און אויסגענייהט אויף די ווייסע וועש מאָנאָגראַמען.

דער פאָטער האָט זיך שטאַרק פערטראַכט אין אַנ'אַלגעברישער אויפגאַבע און מאָדנע צופרידען געשמייכעלט. פעליאַ און מאַריטאַ זענען געגאַנגען דאָרט ווייט ביים שמאָלען טייכעלע מיט די הענד אויף די אַקסלען און פעליאַ האָט כסדר גע'חזר'ט אויפסניי:

—וואָס דערלעבט מען, משטיינס געזאָגט, אין ברודיגען שטעדטעל? צרות, לאַנגע נעכט, שלאָפען ביז'ן טאָג אַריין. האָסטו דען דערנעבען עטליכע יונגעלייט, וואָס זאָלען דיך אָנפיהרען שפּעט ביינאַכט אַהיים אָדער ס'רוב פערברענגען אין שמועס? אַט זענען מיר דאָ דעם ערשטען חודש, מאַריטאַ, ווי די יונגעלייט פון די נאָהנטע ווילעס ריגלען מיך אַרום. אַט שפּאַצירען

מיר, אַט עסען מיר און אַט טאָר שפּילען מיר, בלומען אויף די הענד און פיס, לעבעדיג און לוסטיג! נישט אַזוי?

ווייל מאַריטאַ האָט נאָך אַלץ פערטיידיגט דעם געדאַנק, אַז אין איהר מוח ליגט נאָך די פליכט צו איהר מאַן צאַלע, צו איהר קינד און צו דעם אַלעמען, וואָס לייכט, ווי אַ טונקעל פייערל אין איהר האַרץ, האָט פעליטשקאַ איינגערוימט:

—שוועסטערל, אַ נאַרישקייט, אַ פאַנטאַזיע, כלעבען, ווען מיר זענען אַרויס פון שטעדטעל האָב איך אויך אַזעלכען גע־האַט געליבט, געהאַלזט, און געהאָפט צו עפּיס גוטעס... נאָר אַזוי, ווי מיר זענען אַוועק, האָב איך איהם פער׳מאוס׳ט, ווי אַ צלם.

—צי דען פויגעלע? — האָט מאַריטאַ וואונדערליך גע־פרעגט.

—אָ, ווי דען! אָבגעריסען מיט אַט די פערשימעלטע מענ־שען, מיט אַט די אַלטע דורות און זיך דאָ אויסגעפונען ביי־ע מענשען, איידעלע. דו פערשטעהסט, ביי וועלכע עס איז פאַר־האַן לעהרער, אוניווערזיטעטען, קולטור, אָט צו וואָס מיר שטרע־בען. און דו שטרעבסט אויך נישט דערצו, מאַריטאַ? ווילסטו נישט פריי זיין? זאָרגסטו נישט דערצו, אַז יונגעלייט זאָלען דיך שפּעט ביינאַכט בעגלייטען, זאָגען דיר קאָמפּלימענטען און לערנען מיט דיר פון ביכער?

כאָטש מאַריטאַ האָט געהאַלטען אין איהר ערינערונג דאָס טונקעלע געשטאַלט פון צאַלוש פרעדסעדאַטעל, דאָס שלאַנגישע קינד און דאָס אַלץ פון טאַטען, וואָס האָט געפּייניגט איהר געמיט, האָט דאָך עפּיס מורא׳דיגעס אין איהר אַ ציטער געטהאָן, ווי ערגעץ וואו וואָלט אַ גאָלדענער באַרג צושמעטערט געוואָרען, און זי האָט גלאַט אַזוי געזאָגט אין דער שטיל:

—גיב מיר בעקאַנטשאַפט, גוטע, טרייע מענשען, פויגעלע, דו פערשטעהסט? אַז זיי זאָלען מיך נישט שרעקען, נישט קיין בייז טהאָן, נישט אַוועקגעהן אויף גאַנצע נעכט, נישט איבער־לאָזען קיין קליין טונקעל פייערל אין הויז. אוי, דאָס קליינע טונקעלע פייערל פון צאַלוש פרעדסעדאַטעל.

האָט שוין פעליאַ געהאַט דורכגערעדט זיך מיט איהר

חבר׳טע וועגען דעם, ווי דאָס לעבען אין שטעדטעל איז מאוס און לאַנגווייליג און וועגען דעם, אַז אין שטאָדט זענען פאַר-האַן יונגעלייט, וואָס פיהרען-אָב ביינאַכט אַהיים. האָט זי צוגע-געבען:

—פאַרהאַן אין אונזער הויז אַ מענש, זאָג איך דיר, אַ מלאך. פערמאָגט דער מענש אַ געשעפט פון אַנטיקען, ברילִיאַנ-טען און דימענטען. רייך, אַ שררה

ביידע חבר׳טעס האָבען נאָך אַ סך געשמועסט וועגען דעם און זענען אַרויס שפּאַציִרען.

ווייל מאַריטאַס פיגור האָט זיך שוין געזעהן דאָרט דורך די בוימער, האָט ה׳ וואַצלאַוו, שטעהענדיג, אין אַנ׳אָבסערווירענ-דער פּאָזע, בעטראַכט דאָס נאָהנטע רויב, וואָס וועט איהם פאַ-לען אין די הענד אַריין, און געשעפּטשעט:

—אַ פרוי—אַ גן-עדן. סאַראַ הענד, סאַראַ געדיכטע האָר און שאַ, אַ ברילִיאַנט זעה איך אויף איהר האַלז. אַזעלכעס זעהט מען גאָר הייגט נישט, אַ שטיקעל אַנטיק, זאָג איך, פראָסט אין מיינע אַנטיקען צו פערבעהאַלטען. אַנו, וואַרט נאָר, טייבעלע, איך געה דאָ צו דיר.

באַלד האָט ער גענומען דאָס פייכטע זומער-שטעקעל און אַרויס אויפ׳ן זאַמד. עס זענען איחם ביידע חבר׳טעס אַנטקעגען געקומען מיט אַ שמייכעל אין די אויגען. און פעליאַ האָט העפ-ליך געזאָגט:

—גוט-מאָרגען! ה׳ וואַצלאַוו, דאָ שטעל איך אייך פאָר מיין גאַסט. זענט בעקאַנט, מיין חבר׳טע מאַריטקאַ, מאַטיעס טאָכטער, און...

אַפּאָלאָן האָט אַ לאָז אַרויס געטהאָן אַ וואָלקען רויך פון ציגאַר, צוטריבען און געמאַכט עפּיס אַ מין זאַטע מינע, פונקט ווי אַ מאכל וואָלט איהם שמעקען, אויסגעצויגען אַ האַנד און געזאָגט:

—איז אייער נאָמען מאַריטאַ? אַך, דער נאָמען דערמאָהנט מיר אין אַ קעניגין מיט אַ קרוין אויפ׳ן קאָפּ. אין איהם, נו,

אין איהם איז פאַרהאַן עטוואָס, נו, עטוואָס רייכעס, שענעס און מאַיעסטעטישעס.

מאַריטאַ האָט פאַר דעם קאָמפּלימענט שטיל בעדאַנקט און בעמערקט:

—אַ רייכער נאָמען, אַ שענער נאָמען. דער נאָמען איז נאָך דאָך נישט אַלץ.

—אָבער דאָך האָב איך וועגען אייער נאָמען פיל גע-הערט. איך האָב געהערט, דאָס איהר שטאַמט פון אַ גוטע וואויל-האָבענדע פאַמיליע, דאָס אייער הויז איז דער מיטעלפונקט, ארום וועלכען עס איז אָנגעבונדען דאָס לעבען פון גאַנצען ישוב. אַמאָליגע יאָהרען איז מיר אַליין אויך אָפט אויסגעקומען צו זיין ביי אייך אין גאָרזשעלניע, נאָר אייך, שענע מאַריטאַ, האָב איך קיינמאָל נישט בעגעגענט.

וויל ה' וואַצלאַוו האָט דאַ געוואָלט בעווייזען מאַריטאַ'ן, ווי ווייט ער איז אין געדאַנק פון צו נויגען זיך פאַר די זי-טען און מנהגים פון אַלטען דור, כאָטש ער האָט אַלטע ברי-ליאַנטען ליב, האָט ער נאָך בעמערקט:

—אַלטע בריליאַנטען האָבען מיר ליב אויסצושלייפען פיין, פיין. אַליין אָבער זענען מיר יונג, ניי און פריי. מיינט איהר, מאַריטאַ, דאָס איך בין פרום? דאָס מיר קריכען אין קאָפּ אַריין די אַלטע מעשיות און מעשה'לעך, וואָס דער זיידע און עלטער-זיידע האָבען מיר אָנפערצעהלט? כאַ-כאַ! נאַרישקייטען. אָט געה איך מיר, מאַריטאַ, אין שטאָדט אין דער סינאַגאָגע שבת, צו וואָס? גלאַט אַזוי צערעמאָניע. היינטיגע מענשען האָבען ליב צערעמאָניע. איז אָנגעקומען אַ גרויסער יום-טוב, טהו איך אָן מיין צילינדער, נעהם דעם שטעקען אין האַנד און געה אויס-הערען די תפילה פון קאַנטאָר. כאַ-כאַ. צערעמעניע, מענשען האָבען ליב זיך צו פערבלענדען די אויגען. פעראורטיילט-זשע מיר נישט, דאָס איך געהער צו פרומע, צי וויל איך זאָגען—אַ-בערגלויבער. מיין נאָמען איז אַנטיקוואַר, ה' וואַצלאַוו. עס הייסט אַ געשעפטס-מענש פון אַלטע בריליאַנטען, גאָלד און זילבער.

אַליין האָב איך בעקומען נייע הויכע בילדונג. איז אייך אַנגע־נעהם די בעקאַנטשאַפט?

מאַריטאַ האָט נישט בעשטימט געמאַכט אַ בעוועגונג מיט דער האַנד און געשעפּטשעט קוים:

—זעהר וואויל און גוט, פאַן וו. אַליין בין איך נאָך אָבער נישט בעקאַנט מיט אייערע נייע וועגען. עס וועט אפשר קומען די צייט דערצו. ענטשולדיגט, וואָס איך רייד נאָך אַזוי ווענינ. איך האָב נאָך נישט בעוויזען זיך אויסצולערנען, גאַנצע יאָהרען געזעסען און געקוקט אין בלויען הימעל אַריין.

—און אָט דאָס טאַקי האָב איך געוואָלט זאָגען, מאַריטאַ שענע. עס וועט מיר זעהר גוט זיין מיט אייך צו ריידען דער־פון. וואָרום איך האָב ליב צו ריידען מיט מענשען, וואָס ווייסען נאָך ווענינ. וועט נאָך פעליטשקאַ דאָ בלייבען און נישט נעהן עפּיס איבערבייסען?

איין בליק פון וואַצלאַוו'ן האָט די חבר'טע אַוועקגעיאָגט פון אָרט. זי האָט זיך אַוועקשפּאַצירט מיט עטליכע יונגעלייט און מאָדנע ווילד געלאַכט, געשטיפט געגען מאַריטאַ'ן.

—איהר פערשטעהט, מאַריטאַ שענע, אין מיין געדאַנק לעגט זיך שוין לאַנג אַ ווילען צו בענייען די וועלט. ברענגען זי צו דער נייער צייט. אָט אַ שטייגער, קום איך אין אַ דאָרף. דאָס דאָרף איז רויה, די ערד נישט בעאַרביים. וואָס טהו איך? שיק איך אַריין מיין נייעם רידעל, מיין נייעם אַקער און די ערד גיט אַרויס פון זיך די שענסטע פּרוכט. דערזעה איך ווידער אין אַ שטעדטעל, וואו דאָס לעבען דרעהט זיך שוואַך, און מסתּם איז וואָס? פיהר איך איין נייע פאַראָווע מאַשינען, וואָס טרייבען, טרייבען דאָס לעבען. מיינט איהר צו אונגליק? כאַ-כאַ. הונדער־טער שטעדלעך וואַקסען אויף איבער נאַכט, ווערען רייך, לעבע־דיג, קולטיווירט, איהר פערשטעהט? בעקומען נייע פאַרבען אין די באַקען. לעבען, פרעהען זיך, וואַקסען-אויף. איהר פער־שטעה, מאַריטאַ שענע?

מאַריטאַ האָט אינסטינקטיוו אַ שוידער דערפיהלט. זי האָט זיך עפּיס אונטערטעניג געהאַלטען, ווי אַ שילערין געגען איהר

נייעם לעהרער און גערעדט שוואַך:

—אַלץ פּאַמעליכ̃על, מיט דער צייט וועט עס קומען. איך האָב ליב צו הערען אַזעלכ̃ע רייד. איך האָב ליב, ווען מען פערצעהלט. עפּיס איהר פערצעהלט אַזוי שען, אַזוי גוט!

## די ערשטע לעקציע.

—ווען איהר וואָלט הייראַטען, מאַריטאַ, מיט עמיצען, שענקען אייער האַנד אָדער אָבלעבען מיט עמיצען נאָך אַ חופה און איהם אויפהערען צו זיין דאָס, וואָס איהר זענט געווען, וואָלט איהר אונבעדינגט געפאָדערט אַ גט? צי סתם גלאַט אַזוי איהם פערלאָזט און פערגעסען?—האָט דער דיקער. אַנטיקוואַר, וואָס זיין נאָמען איז געווען צאַפּאָלאָן, געפרעגט מאַריטאַ'ן.—ביי אונז, אַ שטייגער, אין דער מעהר קולטורעלער וועלט איז די זאַך אַנדערש. אָט, אַ שטייגער, שטעהען היגטער מיינע פלייצעס אַ וועלט מיט שענע ליבע פרויען, וואָס ליבען מיך, קושען מיך, נאָר וואָס ווילען זיי פון מיר? חופה, גט. דערין, מאַריטאַ, האָבען זיך ווילדע אַמאָל געשפּילט. מיינע ליבע פרויען ווילען עס נישט. פריי זענען מיר אַלע, נישט מיר הייראַטען און נישט מיר גט'ן זיך. און יאָ, טהוט מען עס גלאַט אַזוי—צערעמאָניע. און איך האָף, אַז איהר, מאַריטאַ שענע, וועט עס אויך פּאַר-נעהמען.

זי און נאַריש געשמייכעלט אין איהרע בלויע אויגען אַריין. מאַריטאַ האָט קוים פערוואָרפען די הענד, זיך צו בעשיצען און דאָך אַריינגעפאַלען אין יענער נאָכגיביגקייט און הכנעה פון אַ פרוי, כאָטש זי ווייס, אַז דאָס, וואָס מען זאָגט איהר, איז אונרעכט און ליגען.

—און אָט וואָס, שוועסטער מאַריטאַ, איהר דאַרפט זיך אויך בעפרייען פון אַזאַ געדאַנק, דערצו, ווי איך האָב געהערט, איז אייער מאַן דאָרט אין שטעדטעל אַ מענש פון געשעפטען, פערנומען טאָג מיט נאַכט, און אַ קינד האָט איהר אַ קליינס און אַ העסליכ'ס אַז איהר אַליין ליידט עס נישט און דער טאַטע לעבט אויף אַ חורבה. אָבער אונז, מענשען, אַרט עס נישט ווער איהר זענט געוועזען. אָך, איהר זענט היינט גוט און מיד, שוועסטער מאַריטאַ.

די זאַטע מינע, מיט וועלכע דער ה' וואַצלאַוו האָט גערעדט און בכלל דאָס בלאָזען פון רויך אין דער לופט אַריין, האָט מאַריטאַ'ן אינסטינקטיוו קליינליך געמאַכט אין איהרע אייגענע אויגען. דאָך האָט זי אויסערליך אַרויסגעוויזען יענע העפליכקייט פון אַ פרוי, וואָס פיהלט, אַז אַנדערש האַלטען זיך קאָן זי שוין נישט.

און פלינק איז אַרויסגעשוואומען פאַר איהר דאָס שלעכטע עקעלהאַפטע פנים פון איהר מאַן און זיין זוהן, און איהר, דוכט זיך, וואָלט גרינג זיין, מיט איין מינוט זיי אַרויסצורייסען פון האַרצען, נאָר זי איז שטעהן געבליבען פערטראַכט אין די שענע חופות פון איהר אַלטע משפחה און אויך די טרעהרען, ווען זיי איז ביי וועמען אַ גט פאָרגעקומען.

און זי האָט דרייסט געשעפטשעט:

—און דאָך מוז מען זיך שיידען, פאַר גאָט און מענשען זיך שיידען, זיך אַרויסרייסען, זאָגען, אַז איך בין נישט דיין, אויסשפייען פאַר'ן פנים, אָט וואָס,—האָט מאַריטאַ העפליך נישט איינגעשטימט, דערמאָהנענדיג זיך אין האַרצען, ווי גוט עס וואָלט איהר געוועזען, ווען זי שיידט זיך אויף אייביג מיט איהר מאַן באַלע און זיין ווילדען זוהן.

—אַזוי מיינט איהר, שוועסטער?

—איך טראַכט אַזוי, איך האָב עס אַזוי געזעהן. ענטשול-דיגט, וואָס איך רייד אַזוי. איך בין אַנדערש נישט געוועהנט, אפשר שפּעטער...

—נו, איהר וועט מסתמא, מאַריטאַ שענע, זיך אויסלערנען אַנדערש צו ריידען,—האָט ווידער ה׳ וואַצלאַוו געזאָגט,—אַצינד וועלען מיר אַ ביסעל אַריין צו אונז אין הויז און בעקענען זיך מיט מיינע פּערמעגענס און אַנטיקען, מיט וועלכע איך בעציר מיין הויז, אָט געהט איהר מיט מיר!

דער טאָג איז געוועזען אַ שענער און אַ ליכטיגער, די בלויע וואַסערלעך מיט די גאָלדענע פישעלעך אַרום דער גע-גענד האָבען זיך טיף אויסגעשניטען פון געלבען טרוקענעם זאַמד, אין וועלכע די הייזער און גערטנער זענען געוועזען אוןביידע זענען אַריין אין אַ הויך הויז, וואָס האָט געשמעקט מיט פרישער פאַרב, גאַרדינען, און עטוואָס פיינעם פון טול און זייד.

ווירקליך האָט ה׳ וואַצלאַוו פּעררוקט די פּאָרטיערען פון זיין רייכען קאַבינעט, בעהאַנגען מיט טייערע פּאָרהאַנגען. אינ-דערמיט שטוב איז געשטאַנען אַ געדעקטער טיש און גע-פּעס מיט פּאָמעראַנצען, וויינען, ליקער האָבען אַראָבגעשמעקט און אַראָבגעבלישטשעט פון טיש. אין די ווינקלען פון שטוב זענען געשטאַנען—סטאַטועטקעס בראָנזענע, גיפּסענע, נימפען-פנים׳ער, היסטאָרישע פיגורען, ריטער און אויף די בלומיגע ווענד זענען געהאַנגען גאָלדענע ראַהמען, אייל-בילדער און עטוואָס ברילּיאַנ-טענעס און גאָלדענעס, וואָס עס האָט געבלענדעט אין די אוי-גען.

—אָט דאָ זענען מיינע אוצרות, מיינע אַנטיקען. צום ווינ-טער פיהר איך זיי אין שטאָדט, צום זומער קומען זיי מיט מיר אין דאָרף,—האָט אַפּאָלאָן אָנגעוויזען אויף די ווענד און שווער אויסגעסאָפּעט, פּונקט ווי ער וואָלט דאָן עפּיס נייעס ברענגען אויף דער וועלט,—און צי ווילט איהר זיך בעקענען מיט זיי?

מאַריטאַ האָט זיך צוגעבויגען נייגיריג צו דער וואַנד און די וואַזלאַוו האָט אָנגעוויזען:

—דאָס בילד, אַבנים, פון אַ מלאך, אַ בילד פון אַ פרוי, ווערט געשאַצט אין טויזענדטער און איך האָב עס בעקומען פאַר קליין-געלד. מאַריטאַ, סך-הכל נאָכ׳ן טויט פון אַ ליבע פרוי, וואָס האָט קיין יורשים נישט געהאַט און מיר עס געהייסען געהמען. אַ פיין שטיקעל. און אָט דאָס צווייטע—אַ גאָלדענע שיף, וואָס פאָהרט אויפ׳ן וואַסער, געפינט קיין ברעג נישט און נאָר אַ גוטע האַנד פון אַ קאַפּיטאַן רעטעט זי און נאָך: אַ גאָלדענער שטערען, אַ בריליאַנט פון אַ פרייען-האַרץ בעקומען נאָכ׳ן טויט און געפונען אַנ׳אויפשריפט, אַז ער, דער בריליאַנט, האָט אַ מאָדנע געשיכטע געהאַט. כאַ-כאַ. איהר הערט? עס האָט איהם געטראָגען אַנ׳עלטער-עלטערבאָבע, אַ באָבע, אַ מאַמע, אַ שוועסטער, אַ קינד, אַ טאָכטער. כאַ-כאַ. ער האָט זיך געוואָרפען פון איין האַנד אין דער צווייטער, געבאָרגט געוואָרען, גע׳גנב׳ט געוואָרען, געקויפט און פערקויפט. נו, וואָס שווייגט איהר, מאַריטאַ?

מאַריטאַ איז טונקעל געוואָרען אין די אויגען... אַ קנאַל, ווי אַ בליץ מיט אַ דונער, האָט זיך געהערט אין יענעם קאַבינעט פון אַנטיקען, וואָס האָט איהרע אויערן, ווי פערטויבט איף עטליכע מינוט.

—צי דען,—האָט מאַריטאַ געשעפּטשעט,—איז דאָס אַנ׳אמת׳ע געשיכטע? צי איז דאָס געשעהן ערגעץ?

—אָ, שוועסטער מאַריטאַ, איהר זאָלט עס מיר גלויבען, דען יעדער אַנטיק האָט זיין געשיכטע. עס גיבט גאָרנישט אַזוינס, אַז אַנ׳אַנטיק זאָל קיין געשיכטע נישט האָבען און די אַנטיקען, וואָס הענגען ביי מיר דאָ, האָבען הינטער זיך אַ זעהר אַ רייכע פערגאַנגענהייט. נאָר וואָס... נאָר וואָס די ליבע פרויען מיינע זענען שוין געשטאָרבען, און איך בין רייך, רייך אַזוי זיך מיט איך צו טיילען, מאַריטאַ.

אַ שטילער גלייכגילטיגער בליק פון מאַריטאַס אויגען איז בעפאַלען אויף אַפּאַלאָנ׳ען, וואָס האָט אויפסניי אויסגעבלאָזען

אַ מויל רויך אויף די ווענד בעהאנגען מיט זילבער און גאָלד, און דער בליק איז געווען דער אייגענער, ווי אַמאָל אין דער צייט, וואָס צאַלוש פרעדסעדאַטעל האָט איהר די ברילליאַנטען פון זיינע דריי טויטע ווייבער געוויזען.

עפּיס איז איהר שלעכט געוואָרען אויפ'ן האַרץ און גע־שטאַלטען פון אַ סך בלאַסע פרויען האבען זיך געטוקט אין נעבעל.

—ווען די געשיכטע מיט אָט דעם ברילליאַנט איז אַני־אמת'ע,—האָט מאַריטאַ געזאָגט,—מאַכט זי שלעכט און ביטער אויפ'ן האַרץ. איך שרעק זיך, איך וויל אייך עפּיס זאָגען. אַך, שווייגט אַ מינוט. נו, נישט איצט וויל איך עס ריידען.

זי האָט עפּיס אָנגעהויבען שעפּטשען מיט די ליפּען און בעטראַכט דאָס געשפּענסט פון אייגענעם ברילליאַנט. ה' וואַצ־לאַוו האָט זיך דאָ אָבער העפליך צוגעבויגען צו מאַריטאַ'ן.

און ליכט זי געצערטעלט דערביי האָט ער איהר אַריינ־געפיהרט אין צווייטען צימער דאָרט זענען געוועזען געסט פרעהליכע גרייטע צום טאַנץ. אַפּאָלאָן האָט איהר פאָרגעשטעלט און יעדער האָט איהר עפּעס אויסגעפרעגט. עטליכע לייכטע יונגלעך האָבען איהר גלייך אַנעם געטהון ביי דער האַנד און געזאָגט מיט קוראַזש: קומט טאַנצען!



## עס בעאונרוהיגט זי.

די נאַכט איז מאַריטאַ שלעכט געשלאָפן. דער ווילדער טאַנץ, די פעסטע אומאַרמונגען פון די טענצער, דאָס קושען זיך פערליבט אין די אויגען אַריין בשעת דעם טאַנץ, דאָס צוזאָגען איהר עפּיס אויפ'ן אויער און דאָס אַלץ, וואָס עס האָט אַזוי פריהער זיס געקלאַפּט אין מאַריטאַס ברוסט, האָט איצט העכסט אומעטיג געמאַכט איהר געמיט. דערצו איז נאָך צוגעקומען איין זאָרג, איהר האָט זיך אויסגעדוכט, דאָס דער ה' וואַצלאַוו, דער שענער אַפּאָלאָן איז איצט שרעקליך געקרענקט אויף איהר, צו־ליב איהר צופיל איבערגעבען זיך אין די הענד פון די טענצער.

דאָס געפיהל איז ביי איהר געוועזען אַזוי שטאַרק, דאָס זי האָט מיט אָפענע אויגען געקוקט אין דער נאַכט אַריין, אויס־געוואַרט דעם טאָג, כדי צו קאָנען אַריינגעהן צו איהם, איהם איבערבעטען, ענטשולדיגען זיך.

אין דער'אמת'ען איז אָבער מיט דער זאַך גאַנץ אַנדערש געשטאַנען. ה' וואַצלאַוו, בטבע אַנ'איבערזעטיגטער פון פרויען, איז די גאַנצע צייט פון איהר טאַנץ געשטאַנען און געקוקט אויף

דריי זאַכֿען—ווי שען די האָר זענען פון הינטען פערקעמט, אויף ווי ווייט איהרע פיס געהען געשיקט אויף דער פּאָדלאָגע און אויף וויפיל איהר ברוסט איז אַ פולע. דערביי האָט ער געמאַכֿט עפּיס אַ צוזאַמענמיש צווישען זיך און איהר. און די פרוי איז דאַן פערשוואונדען פון זיין געדאַנק.

ווען ער איז געקומען אין שטוב, האָט ער אַראָבגענומען פון זיך די רינגען פון די פינגער, דעם גאָלדענעם זייגער, זיי צוזאַמענגעוויקעלט אין קליינעם גלעזערנעם וואַזעלע, אַריינגעפאַלען מיד אין גנלעגער אין פעררויכֿערט דעם האַוואַנע-ציגאַר. כּל-זמן דער רויך איז נאָך געגאַנגען פון זיין מויל, האָט ער אַלץ געטראַכֿט וועגען דעם, אַז ביי מאַריטאַ איז ביים האַלז די האָר שען פערקעמט און אַז זי האָט פלינק געשטעלט די פיס און אַז איהר ברוסט איז אַ גולע. נאָך עפּיס צוגעטראַכֿט אַ געדאַנק, וואָס עס האָט אין גאַנג געלאָזט די אויפגערעגטע נערווען, דאַן אויסגעלאָשען דעם ציגאַר, אָפּגעהוסט שווער און אַריינגעפאַלען אין אַ שווערען פּאָפּע.

ביי מאַריטאַ'ן אָבער האָט שווער און זינדליך געקלאַפּט דאָס האַרץ. איהר האָט זיך אויסגעדוכֿט, אַז דורך דעם קאַראַהאָד פון אַלע האָט דער שענער אַפּאָלאָן געזעהן איהר, מאַריטאַ'ן אויפכֿאַפּען דעם אָטעם פון יענעמס מויל, דאָס שעפּטשען אין אויער. ווי מאוס און עקעלהאַפט זי איז געוועזען.

—ווען עס וועט טאָג ווערען,—האָט מאַריטאַ געטראַכֿט,— וועל איך אַריינגעהן צו איהם און איבערבעטען, אַז די געסט האָבען צוגעפיהרט דערצו. זיי האָבען זיך צופיל ערלויבט.

זי איז געלעגען, ווי פערהילט אין אַ פינסטערן טומאַן און איינגעהערט זיך, ווי די צוויי ברידער, נחום און נאַטאַן קריגען זיך פון שלאָף.

ערנאָך האָט זי אין דער האַלב-טונקעלער שטוב דערזעהן דעם שוואַכֿען עסקיז פון די זיידענס, סאַמעטען, אָנגעוואָרפענע אָנטהועכֿצען אין בעט, אין וועלכֿען עס האָט זיך שוואַך געצייכֿענט דאָס פּנים פון דער חבר'טע פעליאַ.

זי איז געשלאָפען פעסט, קריצענדיג מיט די ציינער, שווי-

מענדיג מיט די ליפּען, אַ סימן, אַז דער טאַנץ האָט פאַרט זי בעזיגט און מיד געמאַכט.

קוים, קוים האָט שוין אָנגעהויבען צו טאָגען און דער ערשטער שפּיל־פויגעל הינטער׳ן פענסטער האָט געגעבען דעם ערשטען פּישטש, האָט זיך מאַריטאַ שוין ביי די מאַרמאָרנע וואַש־טישען און זילבערנע קראַנען אַרומגעדרעהט, ווי אַ שאָטען.

זי האָט זיך געוואַשען, אָבגעווישט און בעטראַכט זיך אין שפּיגעל אויף וויפיל עס האָט געווירקט אויף איהר די נאַכט און דאָס נישט שלאָפען. דערנאָך איז זי אַרויס אין דרויסען, דאָרט צום טייכעל־צו, וואו עס שוימען און פליסטערן פישעלעך גאָלדענע, זילבערנע, ריינע, אומשולדיגע, וואָס האָבען נישט געטאַנצט ביי־נאַכט, נישט געווילדעוועט.

די רויטע זון האָט אַריינגעדרונגען אין אַפּאָלאָגס פענסטער און בעלויכטען דאָס טונקעלע פּנים פון אַ מענש, וואָס איז שוין וואַך געלעגען.

מאַריטאַ האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

—שלאָפט איהר נאָך? און מיר שטעהען שוין אויף די פיס. אַ שטיקעל שפּאַציר געמאַכט. אַנו, אפשר דאָך...

אַפּאָלאָן האָט אויסגעצויגען די הענד, געזונד אויסגעקנאַקט די ביינער און אַ הויכען געניץ געטהאָן. נישט בעטענדיג, האָט ער זיך אַ לאָז צו געטהאָן מיט׳ן טונקעלען קאָפּ אונטער׳ן זיל־בערנעם קראַן, געפּאָרסקעט, געפּאָשען, געררוישט מיט׳ן וואַסער, דערנאָך זיך איינגעהילט אין אַ ליילעך, אַריינגעקאָלערט זיך אין וויג־שטהול און פעררויכערט אַ ציגאַר.

—אַצינד, מאַריטאַ שענע, קאָנסטו מאַכען דיין פריהען בע־זוך,—האָט ער פלוצלונג פון דער נעכטיגער נאַכט אָנגעהויבען איהר זאָגען דו,—דו ביזט שען און דו האָסט שען געטאַנצט. ביזטו אַמאָל נישט הונגעריג צום פריהמאָרגען?

—גראָד דאָס נישט,—האָט מאַריטאַ געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ,— אָבער נאָר וואָס זיי האָבען מיך פון די הענד נישט אַרויסגע־לאָזט. געצוואונגען.

 —נו, עס מאַכט נישט אויס. פויגעלעך טאַנצען אַסך, גוט

און לעבען גוט. ביי אונז, פויגעלע, וועסטו זיך אַ סך גוטע זיטען אויסלערנען.

—און איהר געפינט נישט, דאָס איך האָב זיך צופיל איי-בערגעגעבען, צופיל אָנגעשטרענגט,—האָט מאַריטאַ מיט עפּיס אַ שטילען מיין געזאָגט די ווערטער, כדי איהם אויפמערקזאַם צו מאַכען דערויף, וואָס זי האָט געטהאָן געגען איהם.

—וואָס פאַלט עס דיר איין?—האָט אַפּאָלאָן געזאָגט,—פערקעהרט, די אייגענשאַפט פון אַ מיידעלע איז צו טאַנצען אַ סך. וואָס מעהר זי טאַנצט, אַלץ בעסער איז. און די טענץ זענען פערשידען און מיט יעדען טענצער מוז מען אַנדערש טאַנ-צען...

אַפּאָלאָן האָט פון מדיל אַרויסגעלאָזט אַ וואָלקען-רויך, וואָס האָט זיך צוריסען אין בלויע שטיקער און פערפלויגען אויף די ווענד וואו עס זענען דאָ, דאָרט געהאַנגען די אַנטיקען, ראַהמען מוט גאָלד געליישט, בראָנזענע פיגורען, העלדען, קעניגען, מלאכים און פרויען, דערביי האָט ער זיין דיקע ווייסע האַנד אַרויפגע-לעגט אויף מאַריטאַס קאָפּ, ווי אַ יעגער אויף דעם קאָפּ פון אַ נאַרישען פויגעל, און געזאָגט:

—טאַנץ, טאַנץ, נאַרעלע, מיך האָט עס געפרעהט. איך האָב גאָרנישט דאַגעגען, אַבי עס איז דיר גוט געוועזען.

און ביי זיך האָט ער געטראַכט: אַלע נאַרישע פויגעל פליהען דעם שוחט אין האַנד אַריין.

מיט עטליכע מינוטען שפּעטער האָט די שטוב אָנגענומען איהר געוועהנליכען אויסזעהן. די שעגע בעטען זענען פערבעט געוועזען און די אַלטע דינסט האָט אַרויפגעשטעלט אויפ׳ן טיש אַ זילבערן טשייניקל טיט שוואַרצע קאַווע, אַ ביסעל ביסקוויט, פּאָמעראַנצען און וויין. און וויל זי, מאַריטאַ, האָט פון ה׳ וואַצלאַוו קיין פאָרוואורף וועגען איהר טאַנצען נישט געהאַט, האָט זי זיך אָנגעהויבען פיהלען געמיטליך, געגעסען, געטרונקען און גערעדט וועגען דעם, אַז די זון איז היינט אויפגעגאַ-גען פון אַ כמאַרע, וועגען דעם, אַז די רעגענס די לעצטע ציי-טען זענען קאַלטע, וועגען וועלקען פון בלומען און גאָך, גאָך

שוועדע זאַכען. דערנאָך האָט זי זיך געלעגט אויף דער קו-
שעטקע און בעטראַכט די אַלטע דינגט, די אַנטיקען, דאָס טשיי-
ניקל, און געשעפטשעט :

—דאָ פעהלט אַ פרוי, אַ בעל-הבית'טע, אַ פרוי אַ בעל-הבית'-
טע פעהלט דאָ.



## צווייַ בריף.

—ל'פערשטעה גאָרנישט, פאַרוואָס איך ערהאַלט קיין בריף נישט. גאַנצע דריי חדשים שוין קוים אַ בריוועלע בעקומען. אי דאָס מיט וועניג ידיעות,—האָט מאַריטאַ שפעטער מיט עטליכע וואָכען גלאַט אַזוי געזאָגט צו ה' וואַצלאַוו, ליגענדיג אויף דער זיידענער קושעטקע פון זיין קאַבינעט מיט אַ מינע שוין פון אַ היימישער און דערביי צוגעגעבען, ווי זיך צו ענטשולדיגען פאַר אַפּאַלאָנ'ען:

חורבות, דאָך ציהט, ציהט צו זיי און כאָטש דאָס פּנים פון מיין מאַן צאַלע איז מיר אַ בית-עולם, דאָך...

—דאָך איז זי געפאַנגען אין נעץ און וויפיל זי זאָל זיך נישט פיהלען שלעכט, דערמאָהנענדיג זיין נאָמען, רעדט זי נאָך פון יענעם נאַרישען קליינשטעדטעלדיגען עבר. נאַרישע מאַ- ריטאַ.

—איך רייד נאָך אַלץ נישט צוליב איהם. עס איז מיר שלעכט, פינסטער און ביטער אין די אויגען, גאָר וואָס, איך

דערמאָהן זיך אָן... מיין טאַטענס דורות און זיינע שבתים און ימים-טובים.

—אין טאַטענס דור און אין דער מאַמענס דור,—האָט ווידער ה׳ וואַצלאַוו שפּאָטיש גערעדט,—נאָך אַלץ זיך געשפּילט אין ציגעלעך? אַנו, נאַרישע מאַריטאַ, ווער שפּילט עס זיך היינט אין אַזעלכע זאַכען, ווער טראַכט עס פון פליכטען צו אַ מאַן און אַ קינד, וועלכע מען ווינשט זיי נישט צו זעהן מעהר, און ווער טראָגט עס ערינערונגען צו אַ קאַלטען בית-עולם? אָט, אַ שטייגער, האָב איך געהאַט אַרום מיר אַ שמיק צעהן ליבע פרויען. יאָהרען האָבען זיי מיך געליבט, געהאַלזט, איבערגעלאָזט פערמעגענס אויף מיין נאָמען. האָבען זיי דען דערמאָהנט אַמאָל, אַז הינטער זייערע פלייצעס שטעהט אַ מאַן, אַ קינד, מיט איין וואָרט, אַ אַ פליכט? כאַ-כאַ. קליינע מאַריטאַ, אָט אַ שטייגער, האָב איך פערמאָגט אַמאָל מאַשינען, וועלכע איך האָב זיי געלאָזט אויף שטעדטלעך און דערפער, האָבען זיי דען געפרעגט, וועלכע אַלטע געביידען זיי ברעכען און וועלכע זיי בויען? אינטערעסירט זיי די טראַדיציע? גאַנצע קליינע וועלטעלעך האָבען זיי פערוואַנדעלט אין גרויסע וועלטען, גאַנצע קליינע הייזעלעך האָבען זיי אַראָבגעלאָזען, ווי מיט׳ן ווינד. ווי נאַריש און קינדיש דו ביזט נאָך.

—און דערום טאַקי,—האָט מאַריטאַ געזאָגט,—האָב איך מיר פּרובירט איצט אָנשרייבען צוויי בריף—איינע צום אַלטען הויז, אַז איך בין געזונד, אַז איך לעב פרעהליך און דעם אַנדערען צו מיין מאַן צאַלע, אַז איך וויל זיך שיידען מיט איהם, איבעררייסען, זאָגען, אַז דו ביזט נישט מעהר מיין מאַן.

און ז׳ האָט אַרויסגענומען פון בוזעם צווייערליי בריף און פאָרגעלייענט:

„טייערע עלטערען! שוין דעם דריטען חודש געפין איך מיר ווייט פון אייך, צווישען נייע מענשען, גוטע מענשען, מענשען וואָס בעקרוינען מיין צוקונפט. און וואָס פעהלט מיר מעהר? גוט איז מיר, וואַרויל איז מיר. נאָר וואָס, נאָר וואָס, איהר מיינט מסתמא, דאָס דער בריליאַנט פון רבי׳נס הויף איז שוין נישט

מעהר אויפ'ן האַלז. דאָס ער האָט זיך אַוועקגעקאָלערט, פערלוי־
רען געגאַנגען. ניין, ניין, ער איז ביי מיר אין דער האַנד און
זיין וועט ער כל־זמן, כל־זמן...

מאַריטאַ האָט באַטאָנט די ווערטער „כל־זמן" מיט יע־
נער מילדער שטים, ווי עס ווערט דערמאָהנט די ערינערונג פון
אַ גוט ווארים לעבען. זי האָט דעם בריף דורכגעלעזען און גע־
נומען דעם צווייטען:

„צו מיין צאַלען! שוין דעם דריטען חודש בין איך ווייט
פון דיין הויז און קינד. איך געפין מיך צווישען נייע מענשען,
גוטע מענשען, און קאָן נישט פערגעסען די פליכט, וואָס דיין
הויז האָט אַוועקגעלעגט אויף מיר, דאָ איז די מערדערישע
האַנד דיינע, וואָס האָט פון טאַטענס אַלטע הויז נייע חורבות
געשאַפען און דאָ זעה איך דאָס ערשטע פאַלען פון מיינע שבתים
און פרעהליכע טעג.

„ווען דו זאָלסט מיר פרעגען, וואָס פאַר אַן'אורטייל, מיין
מאַן צאַלע, איך וואָלט דיר געגעבען דערפאַר, איז עס נאָר איין
וואונש, דיך צו פערלאָזען אויף אייביג, דיך מעהר נישט אָנצו־
קוקען און מיט דיר איבערצורייסען, ווי עס רייס איבער אַ לע־
בעדיגער ביים קבר פון זיין מת.

„איך ווינש, אַלזאָ, אָבשייד פון דיר. אייביג געזעגע־
נען זיך. דאָס קאָן נאָר זיין אַ גט. עס הייסט זאָגען, איך האָב
דיך פיינד און מוז אָבקעהרען פון דיר אויף אייביג. לאָז מיך
פריי פון דיר".

מאַריטאַ האָט איבערגעלייענט די ווערטער מיט אַן'אינער־
ליכער ביטערקייט און אַ צאַרטע טרעהרען־שטים האָט איבער־
געריסען די ווערטער. דאַן האָט זי די בריף אַוועקגעלעגט און
געפרעגט מילד:

— זאָל איך עס אַוועקשיקען?

אַפּאָלאָן איז די גאַנצע צייט געזעסען אויף דער קושעט־
קע און מאַשינעל געגלעט די האָר מאַריטאַס און ביי יעדען
וואָרט, וואָס עס האָט דערמאָהנט, אַז מאַריטאַ איז פערבונדען
מיט איהר אַלטער וועלט, האָבען זיך זיינע ליפּען געקרימט צום

שמייכלען. ער איז געווען קאַלט צו די ווערטער. ער האָט בעלאַנגט צו יענע טרוקענע עגאָאיסטישע נאַטורען, וואָס יעדער ציטער און וועה פון דער נשמה איז זיי פרעמד און דער חוש פאַר אַלעבענס-ערינערונג איז ביי זיי אָבגעשטאָרבען.

— און אַזוי וויל זי די בריף אָבשיקען אַהיים, קאָן זי זיי אָבשיקען, — האָט אַפּאָלאָן מיט אַ קאַלטער איראָניע געזאָגט צו מאַריטאַ'ן, — ביי מיר אָבער איז דאָס נאַריש.

— זאָל איך דאָס נישט אַוועקשיקען?

— עס איז רעכט נישט,—האָט אַפּאָלאָן געענטפערט.

— עס הייסט, איך זאָל פערגעסען אין דעם הויז, אין וועלכען איך האָב געלעבט?

— אויסמעקען פון געדאַנק.

— און איך זאָל דאָ קאָנען בלייבען אונטער אַדאַך, אָהן, אָהן... גט?

— קיין צערעמאָניע נישט.

— נו, אויב אַזוי, — האָבען געציטערט איהרע ליפען, — שענק איך אַלץ אַוועק פון מיר: מיינע חענד, מיין מזל, איך וועל מעהר נישט געדענקען, נישט פרעגען און נישט טראַכטען פון מיינע אַלטע דורות. איך שווער עס. מאַריטאַ האָט אַ ריזיהר געטהון דעם ברילליאַנט. אַפּאָלאָן האָט איהם גענומען צו בע-טראַכטען.

## וואוהין ?

צום פריהען הערבסט האָט די פאַמיליע רוזש אָנגעהויבען צו קלייבען זיך אין שטאָדט אַריין. די סיבה איז געווען, וואָס אי דער ברודער נחום, אי נאַטאַן, אי זייער שוועסטערל פעליאַ, וואָס איז געווען אַ צוהערערין אין אַ שטאָדטישען אינ־סטיטוט, האָבען זייערע עקזאַמענס נישט געטאָרט פערשפעטי־גען.

מאַריטאַ האָט זיך אויך געפּאַקט אין וועג אַריין, דאָך אַלע מאָל שטעהן געבליבען מיט אַ פערצווייפעלטער מינע צום הימעל:

—וואוהין ? וואוהין פאָהר איך ?

עפּיס עטליכע טעג פאַר'ן אַוועקפאָהרען, האָט די מו...

און פעליאַ קאַלט און איידעל זיך אַ קראַץ געטהאָן אין שריינט פון קאָפּ, פערצויגען מיט די ליפּעלעך און געפרעגט:

—וועט מאַריטקע מיטפאָהרען מיט אונז?

נאָר מאַריטאַ, וואָס האָט זיך שוין דאָ געפיהלט איבעריג, האָט געענטפערט אונבעשטימט:

—מעגליך אַהיים, און אפשר, אפשר אין שטאָדט.

ערשט שפּעטער, ווען אַפּאָלאָן האָט בעשטימט מאַריטאַס פאָהרען מיט זיך, האָט די פאַמיליע צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

—פאָהרט דאָך מיט. עס איז דאָך בעסער דאָרט, ווי אָבצולעבען אין דאָרפישער פינסטערניש.

דעמאָלט האָבען זיך ביי די טירען פון הויז אוועקגעשטעלט עטליכע בריטשקעס, אויפגענומען די געסט און גאַלאָפּירענד געפלויגען מיט זיי צו דער ב...נער באַהן-סטאַציע, וואָס איז געלעגען ווייט פון דער ווילע פּייכטע כויענע.

דער טאָג דאַן איז געוועזען איינע פון די הייססטע הערבסט-טעג, אין וועלכע עס פיהלען זיך שוין אָבער יענע ערשטע רעגענס און פּוילע טעג. הינטער זיך האָט מאַריטאַ געזעהען נאָך די הייזער פון דער פּייכטער כויענע און פאַר זיך—אַ פּאַרע מיט אַ הויכען לאָקאָמאָטיוו, וואָס האָט געטראָגען באַהן-בעאַמטע, וואַגאָן-שמירער, פּאַסאַזשירען אונרוהיגע, ערוואַרטענדע עטוואָס, איילינע צום לויפען.

—זיצט איהר דאָ מיט אונז, צי איהר ווילט שטעהן אין פענסטער?—האָבען ביידע ברידער, נחום און נאַטאַן, געפרעגט מאַריטאַ'ן אין וואַגאָן.

און אַזוי ווי מאַריטאַ האָט געענטפערט

—בעסער שטעהן אין פענסטער—

האָט זיך די גאַנצע פאַמיליע צוזאַמען מיט אַפּאָלאָנ'ען אוועקגעזעצט אויף איין אָרט, צוזאַמענשמועסען וועגען פּלאַן פון ווינטערדיגען לעבען.

מאַריטאַ האָט זיך אין דעם געשפּרעך נישט געמישט. זי איז געשטאַנען אין פענסטער און בעטראַכט די פליהענדיגע היי-

זער, בוימער, סטאַדעס מיט זייערע פּאַסטוכער, אָדער געהאַל-
טען זיך אין דער ליניע פון די טעלעגראַף-דראָטען, וואָס האָ-
בען זיך געבאָדען אין דער געדיכטקייט פון רויך און פּאַ-
רע.

פאַר איהרע אויגען זענען געשטאַנען די הייזער פון טאָ-
טענס אַלטע ווענד, די שפּאַצירען אין סאָד, די דינסטען און
רביים, די קינדישע שבתים און מיידעלשע ימים-טובים, דער-
נאָך די וועלט פון צאַלוש פרעדסעדאַטעל מיט זיינע קייזערלי-
כע אַקציזניקעס און פידעלדיגע פאַרשוינען. אַצינד אָבער—וואו-
הין פאָהרט זי איצט? צו וועמען? נאָך וואָסערע צילען? ווער
ווערט איהר אויפנעהמען? וואו און ווי אַזוי וועט זי לעבען?
און דער בריליאַנט? דער איינציגער ליכטיגער בריליאַנט?

פאַרנאַכט האָט זיך דער צוג געשטעלט ביי אַ סטאַ-
ציע. די מענשען האָבען זיך געלאָזט לויפען פון די וואַגאָ-
נעס. די פאַמיליע רוזש מיט זייערע פּעקעלעך און זעקעלעך
און אַפּאָלאָן זענען אַראָב פון די שטיגלעך, ווי געוועהנליך, אָהן
איבעררעשונג. מאַריטאַ אָבער האָט, אָבשטעלענדיג זיך, יעדעס
מאָל בעטראַכט די פיל לאָקאָמאָטיוועז, די עלעקטרישע לאָמ-
פּען, דאָס גערויש פון די מאַשינען, און דעם נאָמען פון דער
שטאָדט, מיט שווארצע בוכשטאַבען געשריבען.

שפּעטער זענען די אָנגעקומענע אַרויס אויפ'ן גאַס. אַפּאָ-
לאָן האָט גענומען מאַריטאַ'ן אונטער דער האַנד און גע-
זאָגט:

—אַצינד זענען מיר אינדערהיים. זעה, מאַריטאַ, די גאַסען, די
לאָמפּען, די מענשען. אין חלום האָסט אַזאַ לעבען נישט געזעהן.
געבענשט זאָל די שטאָדט זיין. זי גיט דאָס לעבען, די גרויסע
קולטור, זי האָט פון די פערשלאָפענע שטעדטעלדיגע מענשען,
געבילדעטע פערזאָנען געמאַכט. אָנשטאָט דאָס היטעל, איז דאָ
אויסגעוואַקסען דער יום-טוב'דיגער צילינדער, מאַריטאַ, אָנ-
שטאָט אָט דאָס קליינע ברודיגע שוהלכ'על האָבען מיר דאָ אַ
סינאַגאָגע און אָנשטאָט די בית-עלמינ'לעך מיט די צעוואָרפענע
שטיינער, האָבען מיר דאָ פאַמיליען-גראָבען. שוין איז דאָס

לעבן, קאַפעען, רעסטאָראַנען, נאַכט-גלעגערס, פערוויילונגס-ערטער, דאַמען-געזעלשאַפט. ביזטו שוין אין וועלכער עס איז שטאָדט געווען, מאַריטאַ?

—לאַנג, שוין לאַנג,—האָט מאַריטאַ געזאָגט,—נאָך אַלס קינד. די מאַמע איז אין שטאָדט אַריינגעפאָהרען קויפען יאַקע-לעך און היטעלעך פאַר מיר. איך בין צעהן יאָהר אַלט געווען און געדענק דערפון גאָרנישט. אַצינד קוק איך מיר אום, ווי שען די וועלט איז, אַ גן-עדן!

—אַ גן-עדן אויף דער וועלט. קום, מאַריטאַ, עס איז שפּעט-ליך אין דער נאַכט. מיר זענען מיד פון וועג. מיר וועלען נאָך איבערריידען.



## צוגאסט.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה האָט מאַריטאַ זיך דערזעהן אין דיינעם קאַבינעט פאַר געסט. זי האָט בעטראַכט דאָס סטיליזירטע מעבעל, די גרויסע אַלט-מאָדישע בלומען-טעפּ, פערשטעקט מיט פּאַווע-פעדערן, די שפּיגעל-שענק, די זילבערנע קראַנען, וואָס האָבען אַרויסגעבליקט פון די מאַמאָרנע טישלעך, און זיי האָבען איהר בעזונדערס יום-טוב'דיג געמאַכט אויפ'ן האַרץ. און ווייל זי איז געשטאַנען העלפט אונטער'ן פאָרהאַנג פון פענסטער, האָט זי אַ בליק געטהאָן אויפ'ן דרויסען, וואו עס פליהען אויטאָמאָבילען, קאַרעטען, דורכגעהער אייליגע, פאַמעליכדיגע, פרעהליכע און טרויעריגע. פריי און מונטער האָט זי איצט בעטראַכט די נייע וועלט און געפיהלט זיך, ווי נאָך אַ שווערע אויסגעשלאָפענע נאַכט.

איהר איז געוועזען, דוכט זיך, איצט נישט קיין שאָד עפּיס. קיין שום זאַך האָט איהר נישט געפעהלט און די אַלע שווערע ערינערונגען האָבען זי פערלאָזט.

—מען קאָן נישט זאָגען,—האָט זי געטראַכט,—ווען אַ מענש

זעצט זיך דאָ איין אין שטאָט׳ס אַ געוויסע צייט, קאָן מען זיך איינלעבען. די שטובען זענען דאָ שענער, די מענשען רייכער און דערצו פערגעסט מען פון זאָרג.

ביי די ווערטער האָט זי אויפגעהויבען דעם קאָפּ, פאַרבראָוועט די האָר און זיך אָנגעטהאָן.

יער שפּיגעל האָט בעוויזען, אַז איהר טאַליע און פיגור שטעהען נישט אָב פון די אַנדערע פיגורען, וואָס זי זעהט איצט אין שטאָדט און אַ צופרידען שמייכעלע געטהאָן. דערנאָך פאַרבראָוועט מיט׳ן פודער-בערשטעלע איהרע בלאַסע באַקען, געגנו מען אין האַנד אַריין אַ מיט גאָלד-בעלוישטען בוך, בעטראַכט די בלעטער און געמאַכט דערביי די מילדע מינע פון אַ גרויסשטאָדטישע פרוי, ווען זי קומט אַריין איינע אַליין אין אַ פרעמדען רייכען סאַלאָן.

ווייל עס איז שוין געווען געגוג שפּעט, איז די דינסט פון קיך אַריין שנעל און אין אָרדנונג געבראַנגט די חפצים, וואָס ווערען איבערגעלאָזט געריהרט און געשטערט פון דעם אויסזעהן וואָס זיי האָבען אַ גאַנצען טאָג.

דערנאָך איז אַריין דאָס פריילין, לייכט אָבגעווישט די טייערע חפצים, צוגעפוצט דעם סאַלאָן און, אָבמעסטענדיג מאַריטאַ׳ן מיט יענעם פערבעהאַלטענעם אויפערזיכטס-בליק אונטער די בלייצעס, איז זי אַרויס פון שטוב.

באַלד איז אָנגעקומען אַפּאָלאָן, אָנגעטהאָן אין העלע קליידער. פון זיין פערקעמטען קאָפּ האָט געשמעקט פון בראָנפען און שאַמפּיאָן און פון צווישען זיינע דיקע פינגער, אין וועלכע עס האָט געשטעקט אַ האַוואַנער ציגאַר, האָבען אַראָבגעבליקט די ברילליאַנטען, פערשידענפאַרביגע. ער האָט מאַריטאַ׳ן צוגעטראָגען אַ פרעהליכען גוט-מאָרגען און מיט דער מינע פון אַ זאַטען מענשען געפרעגט:

—ווי זעהט עס אויס דער שלאָף אין שטאָדט?

—דער שלאָף אין דער שטאָדט,—האָט מאַריטאַ געזאָגט,—ער איז נישט אַנדערש, ווי אין אַ׳אַנדער אָרט. און איך פיהל מיך נאָך דאָ בעסער.

—אַ, הַ,—האָט אַפּאָלאָן געזאָגט,—די יונגע פויגלעך, וואָס קומען אין אַ נייע נעסט, זיי איז צוערשט בענגליך. דערנאָך אָבער ליבען זיי אַזוי די נעסט, מיט קיין שטיינער זיי נישט אַבצוטרייבען. ווארט, ווארט, מאַריטאַ, דו וועסט נאָך ליב האָבען יעדעס שטיינדעלע פון דאַנען, אַזוי וועט דיר שמעקען אָט די נייע וועלט מיט איהרע מויערן און פערוויילונגען, מיט גאָט און זיין סינאַגאָגע, מיט אַלץ, אַלץ. ווי גוט דו ביזט היינט, מאַריטאַ.

אַפּאָלאָן האָט אַ גלעט געטהאָן מאַריטאַ'ן איבער דעם שאַטיגער גלאַנציגער פריזור פון קאָפּ, דערביי אַ געמאַכט קינדיש שמייכעלע געטהאָן, וואָס האָט זיין פּנים צוגעגעבען די איידעלגעמאַכטע מינע פון אַ דעספּאָט.

מאַריטאַ האָט זיך אונטער דער ווירקונג פון זיינע הענד געפיהלט דערהויבען און צוגעגעבען:

—און ווען צו פיהלען זיך גוט דאָ, וואָלט איך וועלען מיט עפּיס פערנעהמען זיך, צו עפּיס איבערגעבען מיינע הענד. איך בין פון מיין קינדהייט געוועהנט צו עפּיס זיך צו פערנעהמען.

—פערנעהמען? אַ שטעלע? נאַרישקייטען! דו ביזט דאָ אַ קעניגין, שוועסטער מאַריטאַ, פאַר דיר איז דאָ אָפען אַלע מיינע פערמעגענס, דו קאָנסט דאָ קויפען און פערקויפען, אויסצאָהלען און בעצאָהלען, אָט טרעפט עס, אַז איך בין נישט אינדערהיים און עס קומט אַ קליענט קויפען אַ שטיק אַנטיק, נעה וויַז איהם, נעהם געלד און פערשרייב עס אין מיינע ביכער. פאַרנאַכט וועט דיר דערעסען דאָס זיצען אין שטוב, געה דיר אַליין אַרויס אַ ביסעל צום שפּאַציר אָדער אין שטאָדטטעאַטער. שבת, יום-טוב ווילסטו האָבען דעם שטאָדטישען קאָנטאָר, לויף אין סינאַגאָגע און שאַ! טאָמער האָסטו דאָ וועמען אויפ'ן שטאָדטישען בית-עולם, זוך איהם אָב און גיס אויס דיין האַרץ. שלעכט איז דיר? וואויל איז דיר! ביזטו צופרידען, שוועסטער מאַריטאַ?

—צופרידען און גליקליך,—האָט מאַריטאַ געענטפערט.— 

און ווען דאָס לעבען וועט אַזוי געהן, וועל איך פערגעסען אין טרויער פון מיין צובראָכענער וועלט.

—פערגעס, פערגעס,—האָט אַפּאָלאָן געזאָגט,—ווי אַ פויגעל אין נעסט. אַצינד, שוועסטערל, מאַך דיר פריי און נעהם עפּיס צום מויל.

די אַלטע דינסט האָט פלינק אַ ברענג אַריין געטהאָן די זילבערנע שאָלען מיט זייער פאָרצעלאַנענע טעצעלעך, הכנעה'דיג בעטראַכט די הערשאַפט, פונקט ווי זי וואָלט נישט וויסען אין וואָס דאָ געהט, און אַרויס.

האַלב דריי בייטאָג האָט זיך אַפּאָלאָן געהייסען אָנטהאָן מאַריטאַ'ן אין שוואַרצען קלייד מיט'ן בלויען וואואַל, אין גרויסען רונדיגען הוט, אונטער וועלכען עס האָבען אַרויסגעקוקט די צוויי אויגען, פערצויגענע צו די שלייפען, וואָס האָבען איהר איצט צוגעגעבען יענעם רייכען מאַיעסטעטישען אויסזעהן, צו וועלכען עס בענקט דער גרויס-שטאָדטישער מאַן. אַפּאָלאָן איז געגאַנגען אין שוואַרצען, יום-טוב'דיגען אוןביידע זענען אַוועק אויף אַ וויזיט צו דער רויזען-פאַמיליע.

דאָרט אין שטוב זענען געזעסען געסט און איינגעהער, וואָס זענען קיינמאָל אין ווילע „פייכטע כויענע" נישט געקומען: אַ דאַמע מיט גרויסע שוואַרצע אויגען און גרויסע רינגען אין די אויערן, מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל, וועלכען זי האָט געראַכערט שטאָלץ, ווי אַ מאַנספּאַרשוין, אַ ציגיינערין און אַ דאַמע אַ בלאָנדע, אין דעקאָלטע, מיט בלויע אונשולדיגע אויגען און אַ צימבעל אין דער האַנד. נישט צו שווערען. אַז דאָס איז נישט קיין אראַבגעפאלענער מלאך.

און סתם יונגע מיידלעך זינגערינס, שפּילערינס. די גרויס-שטאָדטישע פרויען, די, וועניגסטענס, וואָס זענען בעזוכערינס פון גרויסען סאַלאָן, האָבען אָפּט ליב צו ריידען פון זייער זומער-וואוינונג, ווי פון אַ גן-עדן. און צוריקקעהרענדיג אַהיים איופ'ן ווינטער, נעהמט יערע דאָס וואָרט וועגען דעם גוטען פרייען לעבען.

דערזעהן מאַריטאַ'ן, האָט זיך די מאַמע מיט'ן גאָלדענעם

שנירעלע אַ וואָרף געטהאָן צום קושען מאַריטאַ'ן. דאָסדאָזיגע קושען האָט געשטאַמט דערפון, וואָס זי האָט געוואוסט, אַז דער גאַסט וועט זיך שוין מעהר נישט בעזעצען אין איהר הויז. פעליאַ, די לייכטע גראַציעזע טענצערין, שפּילערין און די, וואָס האָט מעהר פון אַלץ געקאָנט שפּילען אויף די נערוועז פון אַ סך מענער גלייכצייטיג, האָט אומאַרמט די חבר'טע, בעגאָסען איהר מיט פּערפום און אָנגעשטעקט אַ פאַלשע בלום אין לאַץ. דאָסזעלבע האָט זי אויך געטהאָן מיט אַפּאָלאָנ'ען. נחום און נאַטאַן זענען געשטאַנען פון ווייטען.

די גרויס-שטאָדטישע פרויען, וואָס האָבען ביז איצט געשפּילט די הויפּט ראָלע אין שטוב מיט זינגען, שפּילען און רויכערן, האָבען זיך פּלוצלונג פון זייער פרעהליכער שטימונג אָבגעהאַלטען און ביי אַלעם איז כמעט דורך דערזעלבער בענייענדער בליק, וואָס מאַכט נאַריש דאָס פּנים פון דער סאַמע קליגסטער פרוי.

—ווער איז זי? פון וועלכער געגענד? סאַראַ שענע אויגען, סאַראַ פיגור, סאַראַ גאָלד און זילבער אין די אויערן!

און זיי האָבען עפּיס אין דער שטיל געשאָלטען אַפּאָלאָנ'ען, פאַרוואָס ער האָט זי אַהער געבראַכט.

באַלד אָבער האָבען זיי דערלאַנגט מאַריטאַ'ן קאַלט די הענד און יעדער האָט זיך צוריקגעכאַפּט צום פריהערדיגען שמועס. דער שמועס איז געגאַנגען וועגען דעם לעבען אויף זומער-וואוינונג, און די פרוי מיט די שוואַרצע אויגען האָט חנ'עוודיג בעמערקט:

—טונקעל, פערברענט פון דער זון. דאָקטוירים שרייבען עס צו דעם געזונד. אַצינד פיהל איך מיר גוט און גאָר גליקליך... לאָמיר זיך אָבוועגען. קום וואַצלאַוו זיך וועגען.

—אין אונזער ווילע איז אַ באָד געוועזען אַ ליכטיגע, אַ הויכע זון-באָד—גיבט עס נאָך בעסערס דערפון?—האָט אַריינגעזאָגט דער אונשולדיגער בלאָהער מלאך.

—נאָר נאַרישקייטען,—האָט אָבגעווענדט אַ דריטע,—אַמאָל

וואַרט מען אָבגעבראַכט און געזונדטער אָהן די הױכע זױ-בעדער.

—אָט איך אַליין,—האָט אונטערגעהאָלפען אַ פערטע,—בין אָבגעלעגען אַ גאַנצען זומער און בין נישט אָבגעבראַכט.

די גרויס-שטאָדטישע פרויען האָבען בעשפּראָכען זייערע לייבער, ווי מען בעשפּרעכט אַ פרעמדע זאַך, און ווען עס איז אויסגעקומען צו ריידען וועגען מאַריטאַ׳ן, האָט מען צוליב דאָס נישט בעקאַנט זיין מיט די בעדינגונגען, אין וועלכע זי האָט געלעבט, זי אויסגעמיטען.

פאַר מאַריטאַ׳ס אויגען האָט זיך איינער פון די געסט וואָס האָט אין דער שמחה פון דער רויזען-פאַמיליע אויך קיין אָנטייל נישט גענומען, אַרומגעדרעהט ביי די וועגד פון די ביל-דער, פאַמעליכעל, נאָכדעם צוגעקומען און אינסטינקטיוו זיך אָנגע-שלאָגען מיט דעם עלענבויגען פון מאַריטאַ׳ן. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר פינפאונצוואַנציג, אַ טונקעלער, מיט גע-קרייזעלטע האָר און אונרוהיגע אויגען, וואָס האָט פערמאָגט עפּיס אַ חנ׳עוודיג פרויען-שמייכעלע אויף די ליפּען, בעסער גע-זאָגט, אַ צאַרט פרויען-לאַכען, געמישט מיט אַ פערבעהאַלטענער מענשליכער איראָניע, און ווען איינער דעם צווייטען האָט אָנגע-קוקט, האָט זיך מאַריטאַ געפרעגט:

— איהר נעהמט נישט קיין אָנטייל אין דער פריידז?

— ניין,—האָט יענער געענטפערט,— איך בין קאַלט דערצו. צי דען דאַרף מען דען אַלץ נאָכטהאָן? עס זענען געקומען מענשען פון דער לופט און ווילען וויסען גענוי די וואָג פון זייער קערפּער, לאָזט זיי דאָס פערגעניגען.

—און איך געפין מין אויך נישט דאָ. איך האָב זיי גע-שיקט אַליין,—האָט מאַריטאַ מיט אַ שמייכעל צוגעגעבען,—איך געפין מיך נישט דאָ.

—נישט וויכטיג.

דער יונגערמאַן האָט זיך פּלוצלונג פערטראַכט אויף דער וואַנד, און מאַריטאַ האָט ערנסט געפרעגט:

—אָט שטעה איך שוין אַ צייט און בעטראַכט דעם לאַנד- 

אַפּט. איך זעה און ווייס נישט, וואָס איך זעה.

—איהר ווייסט, הייסט עס, נישט די בעדייטונג פון בילד?

—ניין. עפּיס דרעהט זי זיך מיר פאַר די אויגען.

—דאָס איז אַ פרוי, אייגענטליך, אַ קינד, וואָס איז פון אַ רוהיגער וועלט אַנטלאָפען אין אַנ׳אונרוהיגער און פון דאָרט אין אַ טיפען תהום.

—ווי הייסט?

—אַ יונג מיידעל, וואָס איז געלאָפען נאָך גליק, געזוכט דאָס גליק, די רוה, אָנגעשלאָגען זיך אין האַרטע מויערן פון ברייטען לעבען און פערזונקען... אין תהום.

—אַזוי מיינט איהר?

—איך קאָן טראַכטען אַנדערש. דאָס לעבען האָט אָבער דערצו געפיהרט. דאָס בילד האָט אַ גרויסען ווערט. אויסגעפּוצען האָט עס ה׳ וואַצלאַוו, דער, וואָס וועגט זיך איצט אויף דער קופּערנע וואָג.

—ווי מורא׳דיג!

אין דער צייט, וואָס יענער האָט אַזוי גערעדט, האָט מאַ-ריטאַ בעטראַכט דאָס מאָדנע טונקעלע פּנים, די אונרוהיגע אוי-גען און דאָס פערבעהאַלטענע שמייכעלע, וואָס די ליפּען האָבען ביים מויל אויסגעוועבט און אין איהר איז אויפגעשטאַנען יענע מורא, וואָס בעפאַלט אָפּט אונזער געמיט מיט דעם שרעקליכען געהיימניספולען פאָרזאָג און גלייכצייטיג די ליבע און הכנעה צו יענעם מעכטיגען אַלץ-ווייטער.

פון אָט דעם אומגליק האָט איהר האַרץ שטאַרק געקלאַפּט, די אויערן גערוישט און געוואָלט האָט זי עפּיס זאָגען, וואָס זי האָט נישט געקאָנט זאָגען און געוואָלט האָט זי טהאָן, וואָס זי קאָן נישט טהאָן. ווער איז ער? וואָס שרעקט ער איהר אַזוי? און פאַרוואָס אַזוי נאָהנט?

דערווייל זענען אָנגעקומען די אָבגעוואויגענע, פרעהליכע, לעבעדיגע: די פרוי מיט די גרויסע שוואַרצע אויגען האָט ברייט פערצויגען דעם לאַנגען פּאַפּיראָס, די בלאָנדע פרוי האָט געכאַפּט דעם צימבעל, נחום האָט געדונערט גלאַט אַזוי אין

דער וועלט אַריין מיט דער שטים, און אַפּאָלאָן האָט אויסגע-שריען:

—נאַרישע מאַריטאַ, פאַרוואָס האָסטו קיין אַנטייל נישט גענומען אין אונזער שמחה. איך בין אַזוי גוט געוואָרען אויפ׳ן האַרץ, דאָס איך האָב אַלע, אַלע פרויען איבערגעוואויגען מיט דער וואָג.

מאַריטאַ האָט זיינע רייד נישט געהערט. זי האָט געקוקט אויפ׳ן בילד, אויפ׳ן מענש, אויפ׳ן מענש און אויפ׳ן בילד.



# אויף קאריערע.

ביי אַ טיש פול מיט ביכער און חשבונות, וואָס נעהמען אַרום די געשעפטען פון אַפּאָלאָן פון בעלוועדער, איז געזעסען מאַריטאַ און געבלעטערט אין די ביכער און עפּיס פערשריבען און אויסגעמעקט. און דעמאָלט, ווען איהר איז דער חשבון נישט קלאָר געוועזען, האָט זי פערוואָרפען די הענד אויף די חשבונות און געשטראָכען און אונטערגעשטראָכען און געדרעהט מיט'ן קאָפּ, אַ סימן, אַז איהר איז דאָך עפּיס נישט פערשטענדליך.

נאָר אָט זענען איהר די חשבונות נמאס-געוואָרען, האָט זי זיך אַוועקגעלעגט אין דער וויג-שטוהל, אַ הויכען געניץ געטהאָן און געטראַכט:

— ווער בין איך ביז איצט געוועזען? ר' מאָטיעס טאָכטער, פערמאָגט הייזער, סקלאַדעס, בראָנפען-הייזער און פרעהליכע טעג. ווער בין איך דערנאָך געוועזען? אַ פרוי ביי דעם פּראָצענטניק און אַרכיטעקט צאַלוש פרעדסעדאַטעל און אַצינד? ביי ה' וואַצלאַוו אין הויז, פערטרעט זיינע געשעפטען און בעקום דערפאַר עסען, טרינקען, קליידער און דירה,

איך בין, הייסט עס, ביי וואַצלאַוו'ן אויף אַ שטעלע, אַ שטעלע? דאָס איז פונדעסטוועגן אַ ,,ייכטע אַרבייט, מען קאָן עסען, שלאָ-פען און האָבען פרייע צייט. און אָט, אַ שטייגער, זיץ איך איצט פריי פון אַרבייט. וואַצלאַוו איז נישטאָ. אַך, עמיץ זאָל אַריינקומען קויפען אָדער פערקויפען, באָרגען אָדער לייהען, פרע-גען אָדער ענטפערן. צום טייוועל, לאַנגווייליג!

די גרויסע סאַלאָן-טיר האָט זיך געעפענט און עס איז אַריינגעקומען דאָס פריילין פון אַפּאָלאָנס הויז, אַ שלאַנק בייז בעשעפעניש מיט פודער אָנגעשיט. זי האָט מיט וואַסער בעגאָ-סען די וואַזאָנען און בלומען, פאַפּראַוועט די בלעטעלעך, גע-שעפּשעט קאַפּריזנע עפּיס צו די בלומעלעך, געשאָלטען אין דער שטיל אַפּאָלאָנס נאָמען און אויסגעשפּיגען אין דער שטיל געגען מאַריסאַ'ן.

—איז עמיץ נישט געוועזען פרעגען זיך?—האָט מאַריסאַ געפרעגט מיד.

—ניין,—האָט יענע בייז געענטפערט, שמעקענדיג דעם זאַפט פון די בלומען מיט דער פעראַכטונג צו מאַריסאַ'ן, פונקט ווי יענע וואָלט קיינמאָל קיין בלום פאַר די אויגען נישט גע-זעהן.

—שאַ, איז פאַרהאַן אפשר בריף צו מיר? אַ בריף אָדער אַ פּאָסט-קאַרטעלע?

—ניין!

—ניין? טאָ צום טייוועל צאַלוש פרעדסעדאַטעל מיט זיין זוהן, מיט זיינע פערמעגענס, מיט אַלע צושטערטע הייזער דעם טאַטענס, מיט אַלץ, אַלץ אַרום!—האָט געטראַכט מאַריטאַ.

ווייל זי האָט פון געדאַנק אַוועקגעיאָגט די בריף און די ערינערונגען וועגען דער אַלטער היים, זענען איהר בליץ שנעל געקומען אויפ'ן געדאַנק די צוויי פרויען, וואָס זי האָט דאָ מיט עטליכע טעג צוריק געזעהן ביי דער פאַמיליע רוזש: איינע אַ טונקעלע מיט גאָלדענע רונגען אין די אויערן, ציגיינערין רופט מען זי. די צווייטע—אַ בלאָנדע, אַ גוטע, ווי אַ מלאך. דידאָזיגע ביידע פרויען האָבען גליק ביי מענער און קאָנען זיך געפינען,

און זי איז אַ פֿאַמעליכדיגע, טרויעריגע און אַ פֿערביטערטע פֿרוי.

איז זי געוועזן אינדערהיים, האָט זי נישט פֿערטראָגען דעם ברילִיאַנט פֿון מאַריטאַס גליק און עס איז איהר נישט געפֿעלען דאָס יונגע רב׳ל; איז זי געוועזן ביי צאַלוש פּרעדסעדאַטעל, האָט זי נישט פֿערטראָגען די פֿרויען, וואָס האָבען זיך געדרעהט אַרום זיין טיש און די קייזערליכע אַקציזניקעס. אַצינד, ביי אַפּאָלאָנ׳ען, האָט זי נישט געקאָנט דולדען דאָס, וואָס די צוויי פֿרויען, די טונקעלע און די בלאָנדע, זענען געשטאַנען דאָרט ביי דער וואָג, געוואויגען די קערפּער און גערעדט וועגען דער גוטער לופֿט.

—שלעכטע, פֿערשאָלטענע פֿרוי!—האָט מאַריטאַ בייז אויסגעשריען צו זיך אַליין.

עס איז איהר געקומען אויפ׳ן רעיון יענץ בילד אויף דער וואַנד פֿון דער „רויזען-פֿאַמיליע,“ אונטער וועלכען עס איז געוועזן אָנגעשריבען „די געפֿאַלענע פֿרוי.“ נאָר דאָס בילד איז בליץ שנעל פֿערשוואונדען, ווי דער ציטער אויף איהרע ליפּען.

אין דער אייגענער מינוט האָט זיך דערהערט אַ זילבערנער קלונג פֿון גלאָק ביי דער פּאַראַדנער טיר און עס זענען אַריין פֿריהער די צוויי פֿרויען, די ציגיינערין און דער בלאָנדער מלאך, דערנאָך אַ יונגערמאַן, וועלכען מאַריטאַ האָט פֿריהער געזעהן ביי דער „רויזען-פֿאַמיליע,“ נאָך איהם אַפּאָלאָן.

די צוויי פֿרויען האָבען שנעל אַראָבגענומען די שטרויענע היט פֿון סעצעסיע-פֿאַסאָן און מיט עפּיס אַ קאַפּריזנע פֿרעטענזיע זיך אָבגעמאָסטען אין שפּיגעל. אַפּאָלאָן האָט נערוועז אַ שליידער געטהאָן דעם שטרויענעם הוט, זיך שווער אַריינגעזעצט אין דער טיפֿער וויג-שטוהל און געפֿרעגט אַפּאַטיש:

—איז דאָ עמיץ געוועזן?

מאַריטאַ האָט זיך דערמאָהנט. אַז עס זענען היינט געווען עטליכע בעזוכער, וואָס האָבען מיט איהר אַ לאַנגע צייט גערעדט. זי האָט געוואָלט זאָגען „געוועזען,“ נאָר געזאָגט האָט זי:

—ניין, קיינער נישט געוועזען, קיינער, אַבסאָלוט קיינער.

דערנאָך איז זי אויפגעשטאַנען פון אָרט, בעגריסט די פרויען, וואָס האָבען זיך אַוועקגעזעצט אין דער זייט פון אַפּאָלאָנ׳ען און בעטראַכט דעם יונגענמאַן—אַ הויכער שטשופּלער קאָקעט מיט אַ צילינדער, ווייסע האַנדשוה און שמאָלע וואָנסלעך, איינער פון די, וואָס שלעפּען זיך שטענדיג נאָך דער גרויס-שטאָדטישער סאַלאָנען-פרוי.

ווייל זי, מאַריטאַ, האָט טיף זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים, האָט זיך אויסגעדוכט. אַז אַזעלכען האָט זי שוין וואו געזעהן, ער איז איהר, הייסט עס, שוין פון לאַנג בעקאָנט און, דרייסט צוגעהענדיג צום יונגענמאַן, האָט זי בעמערקט:

—איהר זענט מיר בעקאָנט, נאָר דוכט זיך פון דער רוזען-פאַמיליע. איבעריגענס, דערמאָהנט איהר מיר אין מיינס אַ קליין ברודערל,—האָט זי צוגעטראַכט אַנ׳עהנליכקייט.

—און איהר מיר—אין אַ גוטע בעקאַנטע, וואָס איך האָב בעגעגענט אַמאָל אויפ׳ן שיף,—האָט אויך דער קאָקעט צוגעטראַכט אַ פראַזע,—און ווי מיר שיינט, האָב איך אייך שויז געזעהן ערגעץ אויף אַ באַל. נישט וואָהר?

—מעגליך.

מאַריטאַ האָט זיך אוועקגעזעצט נישט ווייט פון יונגענמאַן און מיט דער אייגענער היימישקייט, וואָס די פרויען דאָרט ביי אַפּאָלאָנ׳ען האָבען גערעדט, געפרעהט זיך און מיט די פינגער געשטאָכען אין זיינע אויגען אַריין, האָט זי דאָ אויך זיך געווענדט צום יונגענמאַן.

דערנאָך האָבען זיך אַלע צוגעזעצט צום טיש, פערביסען ביסקוויט מיט ווין. די ציגיינערין, אַ טונקעלע פרוי מיט אַ פוילען דעקאָלטע, מיט גרויסע רינגען אין די אויערן און מיט דינע שפּיצען פון לאַקיר ביי די שיכלעך, האָט פעררויכערט אַ ציגאַרעט און געבלאָזען אַפּאָלאָנס גליק אין די אויגען אַריין. דער בלאָנדער מלאך איז געזעסען מיט די אויגען אַראָב און געפּויקט מיט אַ פינגער אין טיש. אַפּאָלאָן איז געזעסען מיד, אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט אַנ׳עלענבויגען און נישט געקוקט

אויף דעם, וואָס מאַריטאַ זיצט דערנעבען.

—אין דרויסען זענען די נעכט, פון זינט מיר זענען גע־קומען פון זומער־וואוינונג, אַוועק מיט פוסטקייט, מיט שלעפען זיך איבער די קאַפעען, מיט זיצען טאָג און נאַכט אין דעם הויז פון „בלויען־פויגעל.״ ווייסט איהר גאָר, וואָס היינט געהט אין טעאַטער? דער ווילדער אָריענטאַלישער טאַנץ,—האָט אַפּאָלאָן געזאָגט.

—דער ווילדער אָריענטאַלישער טאַנץ?—האָט אונטערגע־כאַפּט די ציגיינערין, וואָס האָט געטראַכט, אַז דער גאַנצער אָריענט ליגט אין איהר,—זעהר גוט, נאָר וואָס קאָסטיומען פעה־לען אויס, אַראַבישע קאָסטיומען

—מיט קאָסטיומען וועט שוין אונזער שענער אַפּאָלאָן בע־זאָרגען,—האָט אונשולדיג גערעדט דער בלויער מלאך,—אָ, ער קאָן דאָך אונז אַזוי גוט און וועט דאָך אונז צופּאַסען צום גע־שמאַק. ער קאָן דאָך אונזער געשמאַק.

—און אויב אַזוי, האָב איך טאַקי עפּיס עהנליכעס,—האָט אַפּאָלאָן זיך דערמאָהנט,—געה, מאַריטאַ שענע,—האָט ער זיך גע־ווענדעט צו מאַריטאַ׳ן, וואָס איז איהם אויסגעקומען וואָכענדיג,—הייס דערלאַנגען די טונקעלע בגדים דאָרט אין שאַנק.

—איך געה,—האָט מאַריטאַ געענטפערט, און אַליין דער־לאַנגט

# אין גרויסשטאָדטישען טעאַטער.

דער זאַל פון גרויסען טעאַטער איז געווען העל בעלויכ-
טען. דער פיינער טונקעלער רייך-אָרנאַמענטירטער פאָרהאַנג
מיט זיינע מלאכים, געטער, נימפען, איז נאָך אַראָבגעלאָזט. הינ-
טען ביי דער אַוואַנסצענע איז שוין ליכטיג. עטליכע אינסטרו-
מענטען פראַזירען, כדי דערמיט צו שאַפען שטימונג פאַר דער
בעפאָרשטעהענדער פארשטעלונג.

אין דערדאָזיגער קליינער פויזע האָבען זיך די גרויס-
שטאָדטישע הערן און דאַמען, מעהרסטענס, דאַמען, געהאַט צייט
זיך אַ ביסעל דורכצוקוקען דורך לאָרנעטען, צי סתם דורך די
אויגען, ווער, וואָס איז, צי האָט די אָדער יענע פרוי אַ שענעם
מאַן, ווי ווייט איז יענע דעקאָלטירט? וואָס פאַר אַ צירונג
טראָגט זי? איז זי עכט אָדער געפאַרבט? האָט זי אַ גוט לע-
בען ביי דעם אָדער ביי יענעם מאַן?

און בעטראַכטענדיג אַזוי דאָס גאַנצע געווימעל פון פרויען,
דוכט זיך יעדער פאַר זיך, אַז נאָר זי איז די איינציגע, וואָס די
גאַנצע געפוצטע טעאַטער-וועלט איז בעלויכטען נאָר מיט איהרע

שענע פאַרבען פון לייב און צירונג, דאָס גאַנצע איבעריגע איז גאָרנישט.

און ווען מען האָט געוואָלט געפינען אַזעלכע צוויי גליקליכע פרויען, האָט מען זיי געקאָנט געפינען אין דער ערשטער לאָזשע-רייהען. דאָס זענען געווען יענע צוויי ליבע פרויען, צווישען וועלכע עס איז געזעכען אַפּאָלאָן צופרידען. אין דער רייהע האָבען אַרויסגעשיינט די פרעהליכע פנימ'ער פון דער גאַנצער פאַמיליע „רוזש" מיט זייערע פרויען און מענער אויף לינקס; ווייט אָבגערוקט—מאַריטאַ און יענער פראַנט.

ווייל עס איז נאָך געווען געווען געוועזען געווען גענוג צייט צו דער פאָרשטעלונג און ווייל דאָס זיצען לאַנג דאָ צווישען זייגע פרויען, האָט זיך אַפּאָלאָן גלאַט אַזוי, צוליב איידעלקייט אַרייגגעשפּאַצירט צו מאַריטאַס שטוהל און געפרעגט: „פיהלט זי זיך גוט? דינט איהר די לופט?" און ווען יענער האָט געענטפערט אָהן אייפער: „גאַנץ גוט," האָט אַפּאָלאָן מיט אַ צופרידענעם שמייכעל צום הער נעבען איהר, וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט ביי זיינע פרויען, ווי אַ משרת, בעמערקט:

—היט אָב די פרוי, דען איך בין דאָרט פערנומען אין דער געזעלשאַפט.

און אַליין אַרויס פון לאָזשע, געדרעהט די וואָנסעס, געשאַרצט די האָר און בעגריסט די פילע בעקאַנטע פרויען און מענער, ווי אַ דיפּלאָמאַט. אין דערדאָזיגער מינוט האָבען ביידע אַפּאָלאָנס פרויען אָנגעשטעלט די לאָרנעטען געגען מאַריטאַ'ן און אין ביידע האָט זיך געדרעהט אַ כאָדנער געדאַנק: אויף אַ שטעקע, וואָס האָט זי דאָ? אַ פרוי? אַ פרעמדע, וואָס מען האַלט פאַר עסען, טרינקען און טאַשענגעלד און דאַך, ווי שען זי איז, ס'אַרא גלייכער האַלז, ס'אַרא בלויער שמייכעל פון די אויגען, ס'אַרא באַקען.

דעמאָלט האָט זיך דערדאָזיגער געדאַנק נאָכמעהר פערשטאַרקט, ווען די אינסטרומענטען האָבען פּראַזירט גלאַט אַזוי און מאָדנע זיס גליקליך געמאַכט מאַריטאַס בלאַס געזיכט אין זייערע אויגען.

די פרויען האָבען גליקליך און שטאָלץ בעטראַכט זייערע קאָסטיומען און קערפּער, פון וועלכע עס האָט געשמעקט מיט פּערפום און יונג-לייב, נאָר נאָכמעהר מאַריטאַס, וואָס איז געזעסען דאָרט מיט אַ פערבעהאַלטענע בעשיידענהייט.

—צום טייוועל, אַפּאָלאָן,—האָט די ציגיינערין שטאָלץ געזאָגט און אַ וואָרף געטהאָן מיט'ן קאָפּ, ווען אַפּאָלאָן איז צוריק אַריין אין לאָזשע—דו האָסט אונז געבראַכט אַ פרוי, וואָס שטערט אונז דאָס לעבען. איז זי ביי דיר אויף אַ שטעלע און געהמט מאַשענגעלד, איז איהר אָרט מיט שטאָקען נידעריגער, נישט גלייך מיט אונז, קוקען גלייך מיט אונז אין די אויגען אַריין.

—איינגאַנצען גערעכט,—האָט דער בלאָנדער מלאך צוגעלעגט אַ פינגער צום מויל,—זי שטערט אונז, זי זיצט געגענאיבער. אַפּאָלאָן שענער,—האָט זי זיך געפּיעסטעט,—צי צוליב דעם האָב איך פערלאָזט מיין אַלטען חתן, וואָס איז געזעסען אויף טריזענדטער אַ יאָהר פּענסיע? צוליב דעם האָב איך נישט פערענדיגט דעם... פאַקולטעט... צוליב דעם...

—איך האָב מיט אַ מאַן און פיר קאַוואַליערן געאָפּפערט, אַפּאָלאָן. צוויי דערוואַקסענע טעכטער און צוויי זיהן לויפען מיר נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג אין ברענגסט מיר ענטקעגען נאָך יעדען זומער-סעזען אַ נייע קאַנדידאַטקע—האָט כמעט געוויינט די ציגיינערין אויף פראַנצויזיש.

—איהר זענט, אמת, ביידע גערעכט,—האָט זיי ביידע אַפּאָלאָן גלייך בערוהיגט,—נו וואַרט-אויס, קינדערלעך, די זאַך איז גאָך נישט אַזוי שרעקליך. ערשטענס, וועט זי נאָר ביי מיר זיין אַ שטיקעל צייט און דאַן, שוועסטערלעך, האָט זי מיר אַ מתנה געבראַכט.

—דעם בריליאַנט?

—ריכטיג דער,—האָט אַפּאָלאָן רוהיג געענטפערט.

—צום טייוועל מיט דער פרוי און דעם בריליאַנט!—האָט די ציגיינערין געמאַכט אַ ווילדען זשעסט.

דאָס לעבע האָט נאָכגעטהאָן דער בלאָנדער מלאך. אַפּאָלאָן האָט זיי ביידע איינגענומען, בערוהיגט און צוגעגעבען:

י. פאָסמבויט.

—די פאָרשטעלונג פאַנגט זיך אָן.

אין דער מינוט האָט זיך דער פאָרהאַנג אויפגעהויבען. אין זאַל איז טונקעל געוואָרען, דער אָרקעסטער האָט אויסגע-שפּילט איינעם פון יענע אָריענט-טענץ. די טענצער האָבען ווילד זיך געבויגען, געוויגט רעכטס, לינקס און אונטער דעם איינ-דרוק פון דעמדאָזיגען ווילדען טאַנץ און מוזיק האָבעןביידע פרויען דערוויל פערגעסען אין דער שענער מאַריטא און פער-טראַכט זיך אין דעם געזונדטען פּנים פון אַפּאָלאָנ׳ען. עס איז זיי יעצט געפעלען זיין הויכער, געזונטער קערפּער, זיין חוצפּה אין דער צייט, ווען זיי פיהלען זיך שוואַך אין זיינע אָרעמס, זיין איינגעהמען זיי דעמאָלט, ווען זיי זענען בייז, דאָס, וואָס צו איהם גריסען זיך די אַלע גרויסשטאָדטישע פרויען אין טע-אַטער און דאָס, וואָס ווען ער קומט פון זומער-וואוינונג, ברענגט ער מיט זיך אַ פרוי, וואָס ער שליידערט זי באַלד צוועק, ווי אַג׳איבעריגע

דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אונטער׳ן קלאַנג פון טאַנץ אויפ-געהויבען די פרויען ווייט פון דער ערד, און צוועקגעטראָגען זיי מיט אַפּאָלאָנ׳ען, ווי אַ חלום.

אויך אַפּאָלאָן איז נישט אָבגעשטאַנען פון דעם געפיהל. ער האָט אונטער׳ן קלאַנג פון אָרקעסטער בעטראַכט די קאָמען און די ברילאַנטען, וואָס די פרויען האָבען פערמאָגט אין זיי-ערע פריזורען, און דערמאָהנט זיך אין דעם, ווי די צייגיינערין, אַ פרוי פון אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג, האָט פערלאָזט אַ מאַן, צוויי דערוואַקסענע טעכטער און פיר פערליבטע קאַוואַלערן, וועגען דעם, ווי שען פערקעמט זי איז, ווי זי האָט אַ שפּיציג שיכעל, ווי זי רויכערט פּאַפּיראָסען און ווי פלינק זי טאַנצט. און וועגען בלאָנדען מלאך האָט ער געטראַכט, ווי שען און בלוילין זי איז פון ווייטען, ווי גוט פון דער נאָהנט און ווי עס וועלען איהר פּאַסען מלאכים-פליגעל.

און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט זיך אויסגעמישט אין איין טונקעלען קאָשמאַר, וואָס עס האָט איהם צוועקגעטראָגען, ווי אין אַ ווייטען, ווייטען וואָלקען.

ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָבגעלאָזט איז אַפּאָלאָן און זײַנע פרויען ארויס אין קאָרידאָר און יענער הער מיט מיט מאַריטאַ'ן איז זיי אַנטקעגען געקומען. די צוויי פרויען האָבען שטאָלץ אָבגעמאָסטען די שענע מאַריטאַ ווי אַ פרעמדע. מאַריטאַ האָט זיי נישט בעמערקט. זי איז געגאַנגען האַרט ביי דער האַנד פון נייעם בעקאַנטען און אין איהרע בליקען האָט זי געטראָגען אַ פריש גליק פון אָפּפער און ליבע. דערצו האָבען מיטגעווירקט די שטאַרקע קלאַנגען פון אָרקעסטער, די טענץ, די נייע קאָסטיומען פון די פרויען, די פולע דעקאָלטעס, די גליקזעליגע בליקען פון די פערליבטע פּאָרען. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט עפּיס אויסטערליש געהיצט איהרע פערבעהאַלטענע קלעפּ פון האַרץ און אַוועקגעלעגט אַ מידע פערליבטקייט אויף איהר פּנים.

נאָר די פערליבטקייט איז גראָד נישט געווען געווענדעט בלויז צו איין מענש, נאָר צו אַלע אַרום: צו די אַקטאָרען אויף דער ביהנע, צו די פערליבטע פּאָרלעך, צו די מלאכים און נימפען פון דער פאָרהאַנג און נאָך, און נאָך. און איהר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אָט דער יונגערמאַן נעבען איהר איז אייגענטליך נישט איינער, נאָר דאָס אינגאַנצען, וואָס איהר רייצט אַזוי. פון זיי אַלע איז ער איינער אַ שענער, אַ הויכער און אַ שלאַנקער יונגערמאַן.

—ערלויבט אייך צו פרעגען?—האָט דער יונגערמאַן איבעגעריסען איהרע געדאַנקען,—איהר רויכערט?

—יאָ, איך רויכער אַפילו שוואַך, דאָך רויכער איך,—האָט מאַריטאַ זיך געסטאַרעט צוצופּאַסען צו די מאַנירען פון אַ גרויסשטאָדטישער פרוי.

דאַן האָט דער יונגערמאַן געפרעגט:

—מאַריטאַ שענע, האָט זי ליב בלומען? למיין, ווען עמיך קומט צו געהן שטיל אין איהר הויז און ברענגט מיט זיך אַ שענע בלומען-מתנה?

זי האָט זיך דערמאָהנט אין אַפּאָלאָנ'ען און הויזמיי-

מיידעל און דעם, וואָס זי איז דאָ פרעמד און געוואָלט זאָגען נײַן, נאָר זי האָט געזאָגט:

—עס וועט מיר זעהר גוט זיין אייער קומען. איך ערוואַרט אייך. איבעריגענס, איז ה׳ וואַצלאַוו קיינמאל נישט אין שטוב און מיר איז טרויעריג.



## אַריאַן שפּאַציר.

אַהיים זענען זיי געגאַנגען נישט גלייך. אַפּאָלאָן, די צי־ גיינערין און דער בלאָנדער מלאך זענען אַוועק אין דער נאַך הייסער זומער־נאַכט אין שטאָדטישען פּאַרק. קיין מענשען האָ־ בען שוין נישט שפּאַצירט, נאָר דער פֿאָנטאַן מיט זיינע צוויי וואַסער־שפּייענדע שלאַנגען זענען געשטאַנען געגען דער לבנה און עס האָט זיך געהערט דאָס רוישען און דאָס שפּריצען אין דער לופט אַריין. אַפּאָלאָן, געצאַרעמט מיטביידע פֿרויען, איז דאָ גע־ שטאַנען געגען פֿאָנטאַן און בעמערקט:

—וואַסער־קריסטאַל. איך ליב זעהר אַ שענעם פֿאָנטאַן און ווען איך קלויב מיך אַוועק ערגעץ אין אַ זומער־לאַנד, האָב איך אָפט דאָס ערשטע ליב צו בעטראַכטען דעם וואַסער־ קוואַל.

—אויך איך ליב זעהר שענע פֿאָנטאַנען. איך האָב ליב צוצוקוקען ווי די וואַסער־שנירלעך געהען רעדעלדיג אין דער הויך האָט דער בלאָנדער מלאך מיעשטשענדיג געזאָגט.—די מוזיק און די טענץ פֿון היינטיגער נאַכט האָבען מיר מאָדנע צושטרייט, 807

און דער פאַנטאַן, די לופט און די שוואַנען...

— איבערהויפט די טענץ, — האָט צוגעגעבן אַפּאָלאָן, — דאָס איז גוט, דאָס איז לעבען, דאָס איז, אָ, מיינע פרויען. ווען איך בין פאָריגעס יאָהר געוועזען אויף די פעריען, אויף קוראַציע, מיין איך, האָב איך פּאַר אַזעלכע טענץ בעצאָהלט מיט גאָלד. זיי וועקען אין אונז... די פאַנטאַזיע.

— נו, צום טייוועל, אַפּאָלאָן, — האָט דער בלאָנדער מלאך אַ קלאַפּ געטאָהן אַפּאָלאָנ׳ען מיט אַ פינגער איבער דער נאָז, — מיר ווייסען צו וואָס די צילסט... שטעה און שווייג און ווען נישט, געהען מיר אַוועק.

ווייל די לופט אין פּאַרק איז געוועזען פריש און קיין שפּאַצירענדע האט מען נישט געזעהן, האָבען זיך די אַלע אוועקגעזעצט אויף איינעם פון די בענק, וואָס זענען געשטאַנען אין שאָטען פון בוימער, געוויקעלט מיט די פינגער די בלעטער, געצערטעלט די בלומען, געשעפּטשעט זיך אין די אויערן און צוגעזאָגט באַהן־רייזעס, פערליבטקייט, וואַנדעריי איבער שיפען. נאָך סוף־כל־סוף האָבען זיך דאָ דורכגעוואָרפען יענע ביליגע פערלאַנגען, וואָס הערפען זיך דורך אין די געשפּרעכען פון די איינפאַכע נאַכט־פערשפּעטיגטע פּאָרלעך... דערנאָך, ווען זיי האָבען זיך געפיהלט אויסגעלאָשען, האָבען אַלע שווער אָבגעזיפצט, אויפגעשאָטעלט די קעלנער, אַ בליק געטאָהן צו דער לבנה און געזאָגט:

— מען דאַרף שוין געהן.



פינף אַ זייגער בעגינען האָט זיך מאַריטאַ אַרומגעזעהן, אַז די בלאָנדזשעט נאָך פעסט געאָרעמט פון איהר נייעם בעקאַנטען אין די ברייטע גאַסען פון שטאָדט. זי איז געגאַנגען צוגעשמידט מיט די אויגען צו אַ מענשען, וועלכען זי האָט געקאָנט עטליכע טעג, ריכטיגער געזאָגט, עטליכע שעה. אין פערלויף פון די עטליכע שעה האָט זי געפיהלט פערליבטקייט, גערויש פון מוזיק, טענץ, צערשטרייאונג און אַנגסט-אונטערטערטעניגקייט. אין פערלויף פון אָט דער קורצער צייט איז זי געזעסען אין אַ לאָזשע פון טעאַטער, אויף אַ באַנק אין פאַרק, גערידלערט פאַפּירָאָסען, געקושט געוואָרען, ליבע צוגעזאָגט, אייביגקייט, פליהען אין די הויכע וואָלקענס.

נאָר אָט הייבט-אָן טאָגען, די רייכע אין שטאָדט שלאָפען איין און מיט זיי שלאָפט אויך איין דאָס גערויש פון מוזיק, טענץ, פון גליקליכער ליבע. נאָר די אָרימע, וואָס בעדינען זיי נעכט און טעג, שטעהען-אויף מידע, בייזע, שילטענדיג זיך און דאָס גאַנצע אַרומיגע לעבען. 30

אין מאַריטאַס אויערן האָט פון דאַסניי זיך דערוועקט דאָס געריש פון נעכטיגען אָרקעסטער. נאָר פריהער האָט עס איהר געוויילט, ענטציקט און צוזאַמענגעגאָסען מיט דער כוואַליע פון גוטע מענשען. איצט האָט עס איהר גליקליך געקלונגען אין די אויערן, רחמנות׳דיג.

ווער איז זי? וואָס איז זי דאָ? צו וועמען? וואוהין?

ווייל מאַריטאַ האָט געפיהלט אַ מידקייט, האָט זי דעם יונגערמאַן, דער פראַגט, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס קאָמערסאַנט.

—איך שעם זיך אייך צו זאָגען, דאָס איך בין שוין מיד און לענגער האַלטען זיך אויף די פיס, קאָן איך נישט. געהן אַהיים וואָלט, דוכט זיך, שוין צייט געוועזן.

—און איך וואָלט נאָך דורכשפאַצירט נאָך אַ נאַכט אַזעלכע,—האָט דער יונגערמאַן בעמערקט,—דען ביי אונז שלאָפט מען ביי טאָג. ביינאַכט געהען מיר אַרום וואַך, ווי די טויטע. געפעהלט עס אייך דען נישט? ווי גוט איז עס צו שלאָפען אין ווייסען טאָג און ביינאַכט—אַ לעבען צו פיהרען. איבעריגענס, וועל איך אייך צופיהרען אַהיים.

—יאָ,—האָט מאַריטאַ געזאָגט,—מיינע טריט בעטען זיך שוין אַהיים. אַ גוטע נאַכט!

מאַריטאַ איז שנעל געלאָפען און איז פאַמעליכעל אַרויף העכער, העכער צום הימעל און אויפגעוועקט די שלאָפעדיגע בראָקירער אינדערמיט גאַס, די שכורים אויף די בענק, די בעקערס פון די קעלערס, וואָס האָבען אין דער נאַכט נאָר אַ דרימעל געכאַפט, די הייצערס ביי די אויוועס פון די פאַבריקען, די גראָבערס אין די קאַפאַלניעס און דאָס גאַנצע פערשוואַרצטע דינסט פאַר די האַרט-שלאָפענדיגע אונטער די ראָלעטען פון די שענע פענסטער.

—איז שוין טאָג?—האָט מאַריטאַ זיך געפרעגט,—און ווען יאָ, טאָ צו וועמען געה איך? איז דען די שטוב מיין שטוב? דאָס געלעגער—מיין געלעגער?

און דערמיט האָט איהר אויסגעזעהן פרעמד דער נאָמען צפאַלאָן, אומבעקוועם זיינע שטובען און עקעלהאַפט אַפילו די

ווייסע גאַרדינען, וואָס האָבען זיך געזעהן דורך די פענסטער.

אַ קליינער קלאַפ פון אַ פרויען-האַנד האָט נישט-דרייסטע געבעטען עפענען די טיר און אַ פרעכֿע פראַגע פון אַ מעגליכֿער שטים „ווער איז עס?" האָט אַראָבגעלאָזט דעם מעטאַלענעם קייטעל, אויפגעמאַכֿט און פערשוואונדען געוואָרען, צוריק אין אַ צווייטען צימער אַריין.

מאַריטאַ איז שטעהן געבליבען אין איהר צימער, אַ נישט-דרייסטע, אַ דערשראָקענע. דער זילבערנער בלישטש פון די וואַסער-קראַנען, די שענע בלישטשענדיגע שפיגלען, די קאַנדעלאַברעס, די שפיל-פויגעל, דאָס אַלץ האָט איהר אויסגעזעהן, ווי אַ געשפענסט פון אַ פרעמדער וועלט.

עס האָט איהר געשראָקען יעדער סקריפ פון דער געגלאַנצטער פאָדלאָגע, יעדער פישטש פון אַ פויגעל, יעדע בעוועגונג, יעדע ריהר. זי איז אינסטינקטיוו געפאַלען אויפ'ן געלעגער, גאָר שלאָפען האָט זי נישט געקאָנט. אין איהרע אויערן האָט נאָך גערוישט דער באַל, די עקזעלהאַפטע טענצער, און עפיס אַ בעליידיגטער קלאַנג פון פידלען און פייפען האָט פערקלאָגט איהרע אויערן.

—הייסט עס, האָב איך שפאַצירט היינט, געסטערן, פאַרגעסטערן; הייסט עס, אַז איך האָב קיין מאַן, קיין קינד, קיין פליכֿטען, קיין גלויבען. זאָל דאָס זיין דאָס גליק פון מאַריטאַס לעבען? אָ, ניין! אַזוי טהוט איינע, אַ צווייטע, אַ דריטע, אַ זעלכֿעס קומט אָפט פאָר אין אָרימע הייזער, זיי הייסען געפאַלענע פרויען. בין איך נישט איינע פון די-יעניגע? יאָ, יאָ, מאַריטאַ, דו ביזט אַזעלכֿע, וואָס בעטסט ברויט צום עסען און אַ געלעגער צום שלאָפען.

אַ שוידערליכֿער ציטער לויפט עלעקטעריש דורך איהרע ביינער. זי כֿאַפט זיך נערוועאיש אויף און בעטראַכֿט אַרום די שטוב. די זון שיינט שוין מיט נודנער וואַרימקייט, ווי אויפ'ן קערפער פון אַ מת, עס דוכֿט זיך איהר, אַז פון דער נאַכֿט טראָגען זיך נאָך שלעכֿטע ריחות פון אַלקאָהאָל, זיי מישען זיך אויס מיט די ריחות פון די טויטע וואַזאָן-בלומען און צווינגען

איהר צו אַ נודנעם שלאָף. זי כאַפּט יעדעס מאָל אַ דרימעל, פלאַ־טערט האַסטיג אויף, געפינט שום אויף די ליפּען און דער־זעהט זיך אין שפּיגעל אַ צושראָקענע, נערוועאישע, מיט אַ געלב־ליכען פּנים.

ווייל אַפּאָלאָנ׳ען האָט פון דער שפּעטער נאַכט געפּייניגט עפּיס אַ טונקעלער פּערדרוס, פאַרוואָס די פרויען זענען אַוועק אין דער זייט פון איהם ברוגז׳ע, האָט ער נישט געקאָנט שלאָפען. זיינע בייזע אויגען זענען געווען אָנגעשטעלט ערגעץ אויף דער וואַנד, די אָדערן פון די שלייפען האָבען זיך בעוועגט אין איהם און אין יעדער בעוועגונג, וואָס מאַריטאַ האָט דאָרט געמאַכט אין דער שטוב, האָט איהם שרעקליך געער־גערט.

—איך פערשטעה גאָרנישט, וואָס דאָס אַרומגעהן דאָרט אין שטוב דויערט נאָך,—האָט אַפּאָלאָן האַרט געפרעגט,—ווי שפּעט איז איצט?

זי האָט געוואָלט זאָגען דריי אַ זייגער, נאר זי האָט גע־זאָגט:

—זעקס אַ זייגער, שוין גרויסער טאָג.

—הייסט עס, ביז איצט שפּאַצירט איבער די גאַסען?—האָט אַפּאָלאָן, ווי אַ שטרענגער בעל-הבית געפרעגט.

מאַריטאַ האָט געטראַכט, וואָס צו זאָגען און זיך מודה־געוועזן:

—פערשפּעטיגט זיך. פּעררעדט אין וועלט-זאַכען.

—אין וועלט זאַכען,—האָט אַפּאָלאָן געמורמעלט,—און מאָר־גען וועס דאָס געשעפט שטעהן אָהן אַ מענש. ערלויבט זיך שוין צופיל.

—נו, וועל איך שוין מעהר נישט געהן,—האָט מאַריטאַ געבעטען.

—אַזעלכע ווערטער האָב איך שוין צופיל געהערט, מאַ־ריטאַ.

—איך האָב קיינמאָל אַזעלכעס נישט געזאָגט.



דו לייקענסט.

—אויך דו האָסט היינט שפּאַצירט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. דו בעהאַלסט עפּיס פאַר מיר.

—שווייג! שווייג!

אַזעלכע ווערטער האָבען אין פריהמאָרגען אַריינגעקלונגען. מאַריטאַ איז צוריק אויפגעשטאַנען פון געלעגער און געטאָהן עפּיס אַזעלכעס, צו פערדעקען די זינד פון דער נאַכט.

## די אַלטע געשיכטע.

די געשיכטע האָט אָנגענומען איהר געוועהנליכען כאַראַקטער. אַפּאָלאָן און זיינע געליבטע פרויען האָבען אין מאַריטאַס געגענוואַרט שפּאַצירט, געזעסען אין לאָזשע פון טעאַטער און געפאָהרען צוזאַמען אויף אויספלוגען נאַטירליך, איז אויך געוואָרען דאָס, וואָס דער שטאָדטישער קאָמערסאַנט איז זעלבסט געקומען צו מאַריטאַ'ן, אָבגעזעסען האַלבע טעג און פערצעהלט פון ברייטען פרייען לעבען אין שטאָדט, פון שטאָדטישען מוזעאום, פון פעריען, פון באַהן-רייזעס, פון נאַכט-קאַפּעען און וועגען דעם, אַז דאָס גאַנצע ליכטיגקייט פון הימעלס-הויך שוועבט אויך אַרום אויף אונזער ערד.

אָט דאָס אַלץ צוזאַמען, דאָס אָפטע איבערגעהן פון איין שמועס צום צווייטען, פון איין ענטציקונג צו דער צווייטער, פון איין געשטאַלט, פון איין פערליבטקייט צו דער צווייטער, האָט ביי מאַריטאַ'ן אין האַרצען בערויבט די רוהיגקייט. איהרע געדאַנקען האָבען זיך אַריינגעלאָזט אין אַ געוויסען לייכטזין און אַ געוויסען פערגעסען זיך.

—איך האָב פערמאָגט אַ פאָטער און אַ מוטער, וואָס האָבען מיך מיט גאָלד און זילבער געמאָסטען און געוואויגען. טאָ איז וואָס? איך בין פערבונדען מיט אַ מאַן און קינד. וואָס זשע איז? אַפּאָלאָן מיט זיינע פרויען שפּאַצירען, עסען, טרינקען, רויכערן און איך בין פערוואַנדעלט געוואָרען אין עפּיס אַ פינסטערע איינזאַמע שטוב־מיידעל. וועמען געהט עס אָן? דאָס לעבען רוישט, דאָס לעבען קלאַפּט אַ כוואַליע נאָך אַ כוואַליע, צו וואָס אָבשטעלען זיך, פערטראַכטען זיך. איבער'ן טייך שווימען איינציגע אָבגעריסענע בלומען, פערשידענפאַרביגע. כאַפּ, וועלכע איז בעסער. נישט וויכטיג אויף ווי לאַנג.

אָט דאָס אָפּטע בערעכטיגען די געשעהענע פאַקטען האָבען ביי איהר בערויבט די פיינליכקייט נאָך אויפריכטיגקייט, נאָך טראַדיציע, נאָך דעם, וואָס האָט געשעהן נישט געטאָרט און דאָך בלוטיג זיך געלעגט אויף איהר געוויסען. מאַריטאַ האָט עפּיס אָנגעהויבען נישט געדענקען, וואָס זי האָט נעכטען גערעדט און וואָס זי האָט נישט־ריכטיג געזאָגט, האָט עס איהר נישט וועה געטהאָן.

מיט עטליכע וואָכען שפּעטער, נאָך איהרע טיפע בעקענען זיך מיט דעם שטאָדטישען קאָמערסאַנט, האָט מאַריטאַ געפרעגט:

—איהר האָט ווען געליבט?

דער יונגערמאַן, וואָס האָט שוין געוואוסט, ווי אַזוי צו לייקענען די פרויען, וואָס טרעגען זיך אויס אויף הערצליכע ליבע, האָט גלייך געזאָגט:

—ניין, קיינמאָל נישט. און איהר?

—און איך? גאָט מיינער, צי ווייסט איהר דען נישט, אַז אויסער אייך האָב איך נאָך קיינעם אין האַרצען נישט געטראָגען. אַבסאָלוט קיינעם נישט.

נאָר אין האַרץ האָט מאַריטאַ געוואוסט, אַז דאָס, וואָס זי זאָגט, איז אַ ליגען און אַז אַמאָל האָט זי געטראָגען פאַר זיך דאָס בילד פון טוביה'לע שרייבער, דערנאָך איהר מאַן צאַלוש, דערנאָך די גאַנצע רייהע קייזערליכע אַקציזניקעס, דערנאָך

אפּאָלאָן, איצט איהם און דערנאָך, דערנאָך? נאָר זי האָט דאָס צונישט געמאַכט, און געזאָגט:

—ניין, קיינמאָל נישט, אַבסאָלוט נישט.

שפּעטער האָט מאַריטאַ בעמערקט, ווי אַפּאָלאָן זיצט פערטראַכט, מיד פון דער לעבענס-לוסטיגע נאַכט, איז זי צוגעגאַנגען און געזאָגט:

—מיין וואַצלאַוו, נאָך וואָס אַזוי טרויעריג, צי דען געפעל איך דיר נישט? און צי ווייסטו נישט, אַז אויסער דיר איז פאַר מיר די וועלט קיין וועלט נישט?

די ווערטער האָט זי גערעדט מיט אַ מינע פון אַ ליבענדער פרוי, וואָס פיהלט די געפאַלענקייט פון איהר מאַן און וויל איהם אויף אַ מינוט אַ מוטער ווערען. נאָר אין איהר שטים האָט געקלונגען די מורא פאַר איהר פערשפּילען די שטעלע. דאָס, וואָס מיט אַ מינוט פריהער האָט זי פערליבטקייט צוגעזאָגט עמיצען אַנדערש. דאָס, וואָס זי איז איינזאַם דאָ אויף דער וועלט און דאָס, טאָמער ווערט זי קראַנק, וועט איהר קיינער פון קראַנקען בעט נישט אויפהויבען.

אָבער אַפּאָלאָן, וואָס האָט געפיהלט, אַז איהרע ווערטער קלינגען נישט נאַטירליך, האָט אויסדרעהענדיג דעם קאָפּ, געפרעגט:

—איז דאָס ריכטיג?

—געוויס איז דאָס ריכטיג,—האָט מאַריטאַ פערבעהאַלטען איהר מורא,—איך קאָן דאָך אַנדערש נישט טראַכטען, ווי איך טראַכט.

—דו לייקענסט,—האָט ווידער אַפּאָלאָן געזאָגט, וויסענדיג, אַז פאַר אַזעלכע נעכט מיט פרעמדע פרויען קאָן קיינמאָל קיין פרוי נישט שענקען.

—צי דען לייקען איך,—האָט מאַריטאַ געזאָגט דערשראָקען.

—אין דיר רעדט מורא, געפאַלענקייט. דו הערסט? דו ביזט איינע פון יענע, וואָס האָבען מורא אויסצוזאָגען. דו ביזט...

מאַריטאַ האָט אויסגעהערט די ווערטער גיכט-גלייכגילטיג. זיי האָבען איהר אָפילו בעריהרט, נאָר ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען פון איהם, האָט זי די ווערטער צונישט געמאַכט און געטראַכט:

—איך האָב אַליגען געזאָגט, קיין איין וואָרט נישט ריכטיג. כאַ-כאַ. היינט יענעם, מאָרגען אַנאַנדערן, ווי גוט ביך איז מיט'ן ליגען.



## די גרויסשטאָדטישע סינאַגאָגע.

עטליכע טעג פאַר ראש-השנה אָדער פאַר ניי-יאָהר, האָט מען אין אפּאָלאָנס הויז נאָך די גרויסע ענדערונג פון די טעג און נעכט נישט דערקאָנט. דאָס לעבען איז געגאַנגען, ווי געס-טערן און פאָרגעסטערן, שפּאַציר, רויך, פיינער אַלקאָהאָל, פּו-דער, פאַרב, קאָקעטעריע פון פרויען, פלירט און סתם ערנסטע געשפּרעכען אונטער׳ן זיידענעם פאָרהאַנג פון לייכטזין.

נאָר אין דעם לעצטען טאָג, ווען די זון האָט מיד גע-באַקען די שטאָדטישע וואַסערן, פון וועלכע עס האָט זיך אויפ-געהויבען אַ געדיכטער וואָלקען, פּונקט ווי די זון וואָלט זיך פערקליבען אין איין טונקעלען וואָלקען פאַר גאָט און שרייען: דאָ, איז אַ טונקעל לעבען, אַ לעבען אָהן עקסטאַז, אָהן תפילות, אָהן געטליכע טרעהרען. דעמאָלט איז אַפּאָלאָן אַריין אין קיך און בעמערקט זייגע דינסטען׃

—מאָרגען איז ניי-יאָהר.

מיט׳ן וואָרט „מאָרגען איז ניי-יאָהר" האָט זיך די דינגסט דער-מאַהנט אין די עטליכע ברודיג-ווייסע אַפּאָלאָנס האַלז-בענדער, וואָס

דאַרפֿען געוואַשען ווערען און דעם טונקעלען צילינדער, וואָס דאַרף אויסגעפּוצט ווערען. אַלס אַ צייכען פון אַ גוט יאָהר, דאַרף אויף דעם פאָרהאַנג ווערען אויפגעהאַנגען בלוי-ווייסע שלייפען און אַז פון פאַראַיאָהרען איז איהר פערבליבען אַ פּאָר ווייסע שיך, צוגעהן שפּאַצירען אויפ'ן גרינעם פּלאַץ.

דאָס איז געווען מעהר אָדער וועניגער דער סיגנאַל צום נייעם יאָהר. און אַז דאָס אַלץ איז פאַרטיג געוואָרען, האָט אַפּאָלאָן אויף אַ מינוט אַראָבגעוואָרפען פון זיין געדאַנק זיינע ליבע פרויען, אויסגעלאָשען די אַלע געפאַלענע בעגריפען וועגען מאַרישאַ'ן און געזאָגט:

—ווּעסטו מאָרגען געהן בעזוכען די שטאָדטישע סינאַגאָגע?

—די סינאַגאָגע?—האָט מאַריטאַ קאַלט אויפגענומען דאָס וואָרט,—קאָן זיין. ווען דו געהסט, געה איך אויך.

—און דו האָסט פאַרטיגע קליידער צו דעם טאָג?

—אַ ווייס קלייד און אַ בלויען הוט.

—אויך בלומען אין קאָפּ, ווייס-בלויע?

—מעגליך.

אויף צו מאָרגען גאַנץ פריה האָבען די געלע שפּיל-פויגעל זיך צושפּילט אין די ציכטיגע שטובען אַריין, ווי שטענדיג. מאַריטאַ האָט זיך אויסגעפּוצט אין בלויען, אַפּאָלאָן האָט איהר גענומען אונטער דער האַנד און געפיהרט איהר איבער דער גאַס.

דער טאָג איז איצט געווען אַ מורא'דיגער. אַ מידע הייסע זון האָט זיך געטוקט דורך די וואָלקען און אַ לייכט ווינדטעל, וואָס האָט זיך אַריינגעריסען אָפט אין דער פאַרנער נודנעקייט, האָט אַראָבגעטראָגען די געלע בלעטער פון די בוימער אין שטאָדט.

—אָט דאָס איז אונזער שוהל, וואו מיר קומען זיך צוזאַמען פון אַ יאָהר צו אַ יאָהר צו גאָטעס-דינסט,—האָט אַפּאָלאָן געזאָגט ווייך, פונקט ווי ער וואָלט עפּיס גאָט אַ טובה טאָהן.

—און נישט עהנליך צו יענער אָרימער שוהלכעל, דאָרט

אין טאַטענס היים,—האָט זי פאַרגעשטעלט אַפּאָלאָנ׳ען.

—ווייסטו, ווער עס האָט זי אויפגעבויט? איך, איך, מיט מיינע ריזיגע אונטערנעהמונגען און פּאַרע-מאַשינען. איצט קום אַריין אינוועניג און בעטראַכט דעם אָרון-הקודש, נישט יענץ אָרימע קעסטעלע פון אַ צוויי, דריי ספר-תורות, נאָר אַ גאַנצער אַלטאַרזש, ווי אין אַ קירכע. איצט בעטראַכט דעם חזן. ביי אייך איז דאָס געווען אַנ׳אָרים געבראָכע יודעל, ביי אונז איז עס אַ זינגער, אַ טענאָר-שטים, אויסגעשריבען פון איטאַליען. אונטער זיינע פיס ליגט נאָך דאָס געפאַלענע קליינשטעדטעלדיגע חזנ׳דל. נישט ריכטיג? אַצינד בעטראַכט דאָס סאַמע וויכטיגסטע—דעם נאָמען „יהוה,״ וואָס איז ביי אייך אויפגעשריבען געוואָרען מיט קויל אויף דער וואַנד, ביי אונז אָבער איז ער מיט גאָלדענע בוכשטאַבען אויסגעקריצט, אַנ׳אייביגער אָנדענק, ליגט צווישען אָרנאַמענטען, מאַרמאָרשטיין און בלומען, אַז עס זעהט אויס, ווי אין דער הויך טהוט עס גאָט הנאה. נישט ריכטיג? אַצינד די תפילות, ביי אייך האָבען די מתפללים געהויבען די קעפּ צום הימעל, געוואָרפען זיך, געקניהט, אַזיאַטען. דאָ אָבער שטעהען מענשען אויף די געדונגענע פּלעצער אין די רייהען. וועלכעס איז שענער? אַצינד געה דאָרט אַרויף אויף דער פרויען-גאַלעריע און דאַווען.

מאַריטאַ האָט אויף זיינע ווערטער קיין ענטפער נישט געגעבען און געפונען זיך אין דעם צושטאַנד פון אַ מענש, וואָס איז געקומען אויף אַנ׳אויסשטעלונג פון בילדער, וועגען וועלכע ער האָט קיין אַהנונג נישט.

דערנאָך, ווען זי האָט דערהערט די קאַנטאָר-שטים און דעם ענטפער אויף זיינע תפולות פון די גרויס-שטאָדטישע משוררים, האָט זי זיך פערטראַכט:

—אַמאָל, אַמאָל אין איהרע קינדער-יאָהרען האָט איהר אין טאַטענס בית-המדרש בעהערשט אַ מורא פאַר׳ן שופר, געמישט מיט אַ פרייד. עס איז בעהאַלטען געווען אין יענע טעג זיסעס-באַקליכעס און איינצייטיג פרעהליכעס, און היינט, פאַרוואָס האָט זי קיין מורא נישט? פאַרוואָס ציטערט זי נישט פאַר דעם קול-שופר

פאַרוואָס פרעהט עס איהר ניִשט? עס טרויערט זיך איהר ניִשט? ווי? עפּיס עמיץ וואָלט איִן איהר האַרץ אויסגעלאָשען, און די? זיִנד זענען דאָך גרויס: דאָס יונגע רב'ילע האָט זי? פערלאָזט, טוביה'לע שרייבער האָט איהר פערלאָזט, מיִט'ן מאַן צאַלוש איִז זי? פערבונדען, ביי אַפּאָלאָג'ען איִן שטוב איִז זי? אויף סטעלע, מיִט אַ פּ-עמדען שטאָדטישען יונגענמאַן שפּאַציִרט זי, וואו איִז זשע די? תּפילה און דער קול שופר, וואָס זאָל דאָס אַלץ ריי-ניִגן? וואו איִז דער טייך, וואָס זאָל צונעהמען איהרע אַלע זיִנד, וואו?

טראַכטענדיִג וועגען דעם אַלעם, האָט זי? זיִך דערמאהנט איִן גרויסען שטאָדטיִשען טייך, וואָס פליִסט אַזוי ריין ביי די? זיִנדיִגע מויערן פון שטאָדט. ער איִז איִצט איהר געפעלען און געצויגען צו זיִך.

מאַריטאַ האָט זיך שנעל אויפגעהויבען פון אָרט, אַראָב פון די שטיינערנע שטיגען, געשטעלט זיך ביי די מאַרמאָרנע זיילען פון קאָרידאָר, אַ מינוט אַ בליק געטהאָן אויף דעם קאַנטאָר, אויפ'ן גאָלדענעם אויפשריפט „יהוה" דאָרט ביי דער מזרח-וואַנד. דערנאָך האָט זי אויסגעדרעהט דעם קאָפּ אין דער ווייטקייט, וואו עס איז רוהיג געפלאָסען דער גרויסער טייך און אַ היי-זעריגער פייף פון די דאַמפערס האָט גליקליך געשניטען אין איהרע אויערן.

—וואו ביזטו, מאַריטאַ? וואו ביזטו? זינדיג ביזטו, אַ גרוי-סע לעבענס-קייט פון זינד ביזטו. ווער וועט דאָס ריינוואַשען? טייך, טייך, שלינג מיך איין, נעהם מיך צו אין דיינע קאַלטע ענדלאָזע אָרעמעס!



# אונטער א מאַסקע.

דער ווינטער אין שטאָדט האָט זיך דאָס יאָהר גאַנץ פריה געשטעלט. די סינאַגאָגע מיט איהר רייכען אָרון-הקודש, אַרום וועלכען עס איז געלעגען איינגעוויקעלט אין בלומען דער גאָלדענער אויפשריפט „יהוה,” האָבען באַלד נאָך די ימים-נוראים די שטאָדטישע מענשען פערגעסען. עפּיס נאָר פאַרנאַכט-צו ווערט די סינאַגאָגע אויף עטליכע מינוט געעפענט, די עלעקטריע ווערט אָנגעצונדען און באַלד פערלאָשען, ווי א פייער-ווערק-שפּיל, אָנשטאָט אָבער דער סינאַגאָגע, הויבט מען אָן טראַכטען וועגען די גרויסע שווערמערישע סאַלאָן-נעכט פון פלאַכער-מוזיק, פון טענץ, פון יענע נעכטיגע פערוויילונגס-ערטער, וואָס ציהען צו די סודות פון רפאל המלאך.

דער טאָג איז קורץ און געהט אַוועק מיט בעשעפטיגונגען, די נאַכט אָבער איז אונטער דעם אָנגענעהמען שיין, מילד און וואַרום און ציהט אַוועק צו יענעם בלויען גן-עדן, וואָס די שטאָדטישע האָבען פאַר זיך אַליין אויסגעטראַכט: אָפּיום צום רויכערן, סטיליזירטע קאַבינעטען, פרויען מלאכים צום שפּאַציר און וואָס אַלץ נישט!

ווייל דער ווינטער און זיין סעזאָן פון פערווײלונגען האָבען זיך היינט פריהער געשטעלט, ווי שטענדיג, האָבען די פרויען פון דער הויכער געזעלשאַפט היינט איינגעאָרדענט אַ מאַסקען-באַל. עס הייסט אַזאַ מין פעסט-אָווענד, וואו עס ווערען אויסגעדריקט שטילע בעגעהרונגען, קערפערליכע פערלאַנגען און סתם שפּילערישע אינטעריגעס אונטער דער פערקליידונג פון אַ מאַסקע.

די דאַמען און הערן האָבען פאָרבערייטעט מאַסקען און זיך מיט אַ פּאָר טעג פריהער אויסגעדרעהט די הערצער, וואו און וועמען זיי וועלען אונטער דער מאַסקע אויסזידלען, ערקלערען אין ליבע, אויפערן, אָנזאָגען אַ שלעכטע בשורה און וואָס אַלץ, וואָס עס האָט געלעבט אין האַרץ און וואָס עס האָט בעדאַרפט אונטער דער מאַסקע אונבעדינגט אַרויסגעבראָכט ווערען.

אַזאַ פּאָרבערייטונג האָט מען געפיהלט אין אַלע קרייזען פון דער גרויסשטאָדטישער געזעלשאַפט. דאָס האָט מען געזעהן ביי דער „רויזען-פאַמיליע", דאָס האָט מען אויך דערקאָנט צווישען אַפּאָלאָנ׳ען און זיינע פרויען.

אָבגערעדט אַ גאַנצען טאָג ביי דער רויזען-פאַמיליע, וואָס פאַר אַ מין ראָליע וועט איינער געגען דעם צווייטען שפּילען אין דער היינטיגער נאַכט, אויסגעקליבען זיך מאַסקען און קאָסטיומען, איז אַפּאָלאָן געקומען אַהיים צו מאַריטאַ׳ן, ווי צו אַ שטוב-מענש, מיט וועלכען מען האָט נאָר געשעפטליכע חשבונות, און געפרעגט:

—איז דאָ עמיץ היינט נישט געוועזען?

—קיינער,—האָט מאַריטאַ שוואַך געענטפערט.

—זענען די חשבונות פאַרטיג און די קאַסע געשלאָסען?

—געענוי.

—און צי וועסטו היינט אין ערגעץ נישט געהן? איך בעט אַוועק וועגען זייטיגע געשעפטען.

—איך האָב נישט קיין זייטיגע געשעפטען און וועל אין ערגעץ נישט געהן,—האָט ליגנעריש געקלונגען מאַריטאַס שטים.

כאָטש זי האָט געוואוסט, אַז געהן אין ערגעץ וועט זי דאָך

אַפּאָלאָן האָט זיך צולעגט אויף דער שטוהל און אום מיט עפּיס צו פערברענגען די עטליכע שעה צום אָוועגד, האָט ער גלאַט אַזוי אַרויפגעלעגט די הענד אויף מאַריטאַ'ן מיט דער מינע פון אַ קאַלטען דעספּאָט, און געשעפּטשעט:

—גאָה דאָך ערגעץ וואו, מאַריטאַ שעבע.

מאַריטאַ האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגען. די איז עפּיס היינט מאָדנע געשטימט געווען. איהרע הענד האָבען געציטערט, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, אָבשוואַכענדיג דעם אָטעם, און אין זיך האָט זי געפיהלט דאָס, וואָס זי האָט דורכגעלעבט אין יענע ערשטע טעג ביים צוזאַמען-לעבען מיט צאַלוש פּרעד-סקדאַטעל.

—בלייב דאָ דאָך, בלייב היינט,—האָט מאַריטאַ שטיל געשעפּטשעט. נאָר אין זיך האָט זי געוואוסט, אַז זי וויל נישט, אַז אַפּאָלאָן זאָל היינט דאָ בלייבען און זי אַליין וועט אויך דאָ נישט זיין.

—ווילסטו, הייסט עס, מיט מיר היינט צוזאַמען זיין,—האָט אַפּאָלאָן בעמערקט און געמאַכט די מינע פון אַ דיפּ-לאָמאַט וואָס זאָגט אָב יענעם דעם פאָרשלאַג צו זיין אינ-טערעסאַנט.

—איך וואָלט וועלען דיך היינט דאָ האַלטען,—האָט מאַ-ריטאַ געזאָגט מיט אַ געמאַכטען שמייכעל,—וויל... איך האָב עפּיס צו זאָגען.

—צום ביישפּיל?

—אַ שווער וואָרט, דאָך אפשר נישט קיין פיינליכעס.

זי האָט זיך פערקוקט אויף דער וואַנד, וואו עס איז געהאַנגען דאָס בילד פון אַפּאָלאָנ'ען אין זיין בחור'ישע יוגענד און עס האָט אַ בליץ געטהאָן פאַר איהר די וואַרימע מינוטען מיט אַפּאָלאָנ'ען דאָרט, אין דער ווילע „פייכטע כויענע.“

—איך וואָלט נישט וועלען זאָגען, טאָמער וועט עס דיר שווער פאַלען,—האָט זיך מאַריטאַ מודה-געווען,—מיר שיינט, אַז מיר וועלען ווערען בעשיצער פון אַ קליינעם גליק.

—אַ !—איז אַפּאָלאָן אויפגעשפּרונגען,—טויזענד קללות אויפ׳ן בוכהאַלטערס קאָפּ. ניין, נישט דאָס,—האָט ער זיין האַנד צו איהר האַרץ צוגעדריקט,—מאַריטאַ, עס שטאַמט נאָך פון יע־נע נעכט דאָרט, אין דער ווילע פון דער „פייכטער כויענע.״ דו לייגסט!—איז מיט פויסטען אַפּאָלאָן בעפאַלען מאַריטאַ׳ן.

ביי גאָט,—האָט זיך מאַריטאַ צאַרט בעשיצט מיט די הענד,—פון דעמאָלט נאָך.

—צום טייוועל,—האָט אַפּאָלאָן אויסגעשריען,—אין אַזעלכע גליקען שפּיל איך מיר נישט. זאָל דאָס גליק טראָגען דער שטאָדטישער שפּיטאָל, די וואוילטעטיגע הייזער, דער בוכהאַל־טער, איך דאָך...

—אָ, ניין,—איז מאַריטאַ שוואַך געפאַלען מיט אַ רחמנות׳־דיגע שטים,—איך בין גישט... איך בין אונגליקליך... איך וויל...

אַפּאָלאָן האָט זיך אַרויסגעריסען פון איהרע הענד און אָנגעטהאָן דעם פוטער, דעם הוט און אַרויס אויף דער גאַס. ער איז געגאַנגען מיט פעסטע טריט אין נאָך קלאָרען שניי. זיין האַרץ האָט געקלאַפּט מיט יענע אויפגערעגטע קלעפּ פון אַ חיה, וואָס עפּיס אַ שוואַכער יעגער האָט איהר געוואָלט אין געפאַנ־גענשאַפט נעהמען, און זיינע אָדערן האָבען שטאַרק פולסירט.

—וואָס טויג מיר די מאַריטאַ,—האָט אַפּאָלאָן בייז גע־רעדט צו זיך אַליין,—איהר ברילליאַנט איז ביי מיר. דאָס ביסע־לע גליק איהר׳ס איז שוין ווי רויך צושוואומען אין מיינע הענד. צו מיינע השבונות? צי קאַרג אַזעלכע פעהלען אין שטאָדט? ניין, מיינע ליבע פרייען האָבען רעכט. מיט איהר דאַרף מען ענדיגען, וואָס שנעלער, אַנדערש איז דער פויגעל אין זיין נעסט געפאַנגען. אַוועק, אַוועק, מיין ליבער זומער־פויגעל.

מיט די ווערטער איז אַפּאָלאָן געגאַנגען ווייטער און ווייטער ביז די צוויי גרויסע טירען פון זאַל האָבען זיך פאַר איהם אַ פראַל אויף געטהאָן און ער האָט באַלד פערגעסען, וואָס ער האָט געטראַכט.



מאַריטאַ איז געבליבען זיצען אין דער פּאָזע פון אַני־אַרועקגעוואָרפענער. די האָר זענען אַריבערגעפאַלען איבער די אויגען, די הענד זענען פערבראָכען צוזאַמענגעפאַלען. זי האָט זיך מיט שרעק אַרומגעקוקט אויף די גרויסע לערע שטובען, דערנאָך אויף אַפּאָלאָנס בילד און אויף די שויבען, געגען וועלכע עס איז געפאַלען אַ דיקער שניי. אַ זעלכע שנייען זע־נען געפאַלען דאָרט, אין הויז פון צאַלוש פּרעדסעדאַטעל. שווע־רע, ווי מיט בליי, אָנגעגאָסענע נעכט. ווידערהאָלען זיי זיך נישט דאָ אין אַפּאָלאָנס הויז?

זי האָט זיך אומגעקוקט אַלעמאָל, זיך אַ כאַפּ געטהאָן בײם האַרץ, ווי זי וואָלט עפּיס פערלוירען, אָבער עס האָט איהר עטוואָס אָבגעשטעלט.

זי האָט זיך דערמאָהנט, אַז דאָרט, אויף דעם מאַסקען־באַל, קומען זיך אָן פערשידענע מענשען. בײ די פערשידענע מענשען זענען פערשידענע פערבעהאַלטענע פּנים׳ער, פערשידענע מאַסקעס, פערשידענע כאַראַקטערען, פערשידענע הערצער. אַמאָל איז דאָס האַרץ אונטער דער מאַסקע בייז, ווי פון אַ בלוט־דורשטיגע חיה, אַמאָל אָבער איז עס אַ מילדס און אַ גוטס, ווי בײ אַ הימעל־בלויען געבוירענעם קינד. דערצו איז געשעהן דאָס, וואָס עס האָט געמוזט געשעהן. עס קאָן שוין דערפון נישט געמינערט ווערען און נישט געענדערט זיין אַלצאיינס ווערט זי שוין אַ מוטער. אַ מוטער? ניין, אַ פרוי פון אַנ׳אונגעזעצליך קינד, אַ געפאַלענע פרוי. אָ, וויפיל געפאַלענע פרויען טאַנצען אונטער דער פערבעהאַלטענקייט פון מאַסקען. וויפיל?

זי האָט אַ פראַל אויף געטהאָן די שאַנק, אַרויסגענומען פון דאָרט די קליידער, בעגאָסענע מיט פּערפוס, אויסגעשניטענע נאָך

ז. מאַסטבוים.

דער מאָדע, אָנגעטהאָן און בעטראַכט איהרע ווייסע הענד און־טער'ן טול און אָנגעווישט די געלבליכע באַקען מיט פודער. איהרע כוחות האָבען איהר נישט געדינט און אין איהר וועזען האָט זי געפיהלט אַ מידקייט, אַנ'אונמעגליכקייט צו געהן, דאָך האָט די עס פערלייקענט.

—איך וועל מיך היינט דאָך אַביסעל אויפהייטערן,—האָט מאַריטאַ געשעפּטשעט צו זיך, דערביי האָט זי אַרויסגענומען אַ בלויע, זיידענע מאַסקע, וואָס זי האָט צוגעגרייט.

די האָט אָנגעטהאָן די מאַסקע און פּרובירט און געסטאַרעט זיך צו מאַכען אַ בלישטשענדיגען איינדרוק מיט'ן קערפּער, מיט די אויגען, מיט די בעוועגונגען. שנעל, שנעל איז זי דורכגעלאָפען דעם שפּיגעל מיט איהר בלישטשענדיג פיגורל, ענטציקט זיך מיט'ן רוישען פון איהר זיידענעם קלייד, אָנגעשטעקט די אויערינגלעך, די בראַסלעטען, שנעל פערוויכערט אַ פּאַפּיראָס אין אַ גאָלדענעם מונדשטוק און געזאָגט:

—איך בין דאָך גאָרנישט שלעכט! ריכטיג?

—ריכטיג,—האָט עפּיס אָבגעענטפערט אין איהר אַ בייזע שטים,—לייף, לויף!

***

דער מאַסקאַראַד איז געווען דער ערשטער אין סעזאָן און די אָנטיילנעהמער, די דאַמען און הערן, וואָס האָבען פון דער זומער־וואוינונג געבערענגט אויסגערוהטקייט, פאַרבען אין די באַקען, מונטערע כוחות, וועלכע זיי האָבען אין פאַריגען ווינ־טער פערשפּילט אין טאַנץ־נעכט, האָבען עס איצט געשטעלט אין ערשטען קאָן, אונטער די מאַסקעס, וואָס די גרויסשטאָדטי־שע האָבען עס געמאַכט פאַר אַ לייכטזיניג שפּיל, האָט זיך איצט אפשר בעהאַלטען דאָס אויפריכטיגסטע: אויפער, ליידענשאַפט,

גלזט, נייד און ווער ווייס, אפשר האָבען זיך דאָ אַרומגעדרעהט לעבענס-פערלאָזטע, וועלכע האָבען געזוכט צו זיך עפּיס אויפ-ריכטיגעס, אייביגעס, אפשר...

די אָנטיילנעהמער זענען אַרומגעגאַנגען, ווי בעדינטע שדים, געדרייצט זיך, געזידעלט און פערצעהלט אַזעלכע וואָהר-הייטען, וואָס ביי אַ סך זענען די הערצער געפאַלען געוואָרען.

—הער נאָר, דו שווארצע מאַסקע,—האָט אַ פּרוי געזאָגט צו אַ מאַן,—דו האָסט אַ געליבטע, זי האָט איצט געבוירען אַ קינד, קרעכצט און זיפצט צום הימעל און אַליין דרעהסטו זיך אַרום דאָ, ווי אַ שד. איז עס אַזוי רעכט?

—שווייג, טייוועל, דו אַליין האָסט אַ מאַן אַוועקגעוואָרפען און אַליין ביזטו געקומען מחבל'עווען, דרעהען דאָס ראַד.

—נישט ריכטיג.

—עס איז נישט וואָהר,—זאָגט אַ גרינע מאַסקע צו אַ רויטע,—דאָ ווייזטו זיך אויפ'ן באַל אַזוי פרעהליך און אין דרויסען עסען ווערים דיין האַרץ. ריכטיג?

—האַלט דאָס מויל, גרינע מאַסקע,—זאָגט די צווייטע,—דו האָסט געמיינט זיך צו מאַכען אַ סקראָמנעם אויסזעהן, אין דער'אמת'ען ביזטו ליידענשאַפטליך, ווי אַ טייוועל.

—גענוג, גענוג, איך וועל דיר נאָך דאָס לעבען דער-עסען.

—שווייג, שווייג!

אַזעלכע אונגעפעהר שמועסען קומען-פאָר אונטער דער מאַסקע פון גרויסשטאַדטישען מאַסקאַראַד. דאָס האָט מען אויך געהערט דאָ.

צום פריהען פאַרנאַכט איז נאָך דער מאַסקאַראַד און די בעציהונג צווישען די מאַסקעס געווען אַ העפליכע. אונטער'ן קלאַנג פון פיינער באַלאָווע מוזיק האָבען די מאַסקעס שפּאַצירט איבער'ן סאַלאָן און איינער דעם צווייטען האָט בעגעגענט מיט אַ קאָמפּלימענט און אַ רייזע-ערנערונג אויף אַ שיף, אויף אַ באַהן.

דערנאָך, נאָך האַלבער נאַכט האָבען זיך די פּייערן און

עלעקטרישע לאָמפּען העל צוברענט, פּונקט די די ליידענשאַפ־טען פון די מענשען.

דער אָרקעסטער הויבט־אָן אויסצושיסען מיט ווילדע טענץ, די מאַסקעס הויבען זיך אָן בעוועגען, ריידען, וויצלען, בעליי־דיגען און דורך דער בלינדער וואַנד פון דער מאַסקע אָפּען צו בעגעהרן די לייבער, צוצודריקען די הערצער, די הענד, די פּנימ׳ער.

מאַריטאַ איז פון פריהער נאָכט אַרומגעגאַנגען עלענד אין איהר בלויער מאַסקע. זי האָט זיך געוואָלט אויסמישען מיט׳ן גערויש און קלאַנג פון מוזיק און טענץ. דאָך האָט עס איהר נישט געלאָזט. עפּיס אַנ׳עקעל אויף דער צונג, אַ שוואַך קלאַפּען פון האַרץ און אַ דיניקער געוויין אין איהרע אויערן האָט עס נישט געלאָזט און זי איז אַרומגעגאַנגען עלענד, בעטראַכטענדיג די האַנדלונג פון די מאַסקעס.

ווייל זי האָט אָבסערווירט די מאַסקעס בעזונדער, האָט די פּלוצלונג בעמערקט, ווי איינע, אַ מאַסקע אין בלויען, דרעהט זיך אויך אַרום שטענדיג, ווי זי.

—ווער קאָן זי זיין?—האָט מאַריטאַ זיך אַליין נייגיריג געפרעגט,—סיידען אויך אַזעלכע, וואָס פיהלט זיך נישט גוט דאָ אויפ׳ן באַל.

די בלויע מאַסקע האָט זיך פּלוצלונג צוגערוקט צו דער זייט פון מאַריטאַ׳ן און געשעפּטשעט:

—בלויע מאַסקע, קאָן איך דיר ערלויבען צו פרעגען, ווער דו ביזט און פאַרוואָס דו ביזט דאָ אַזוי איינזאַם?

—ווער איך בין, דאָ אין איין מינוט?

—אָ, אין איין מינוט וועל איך עס דיר זאָגען. דיין פּנים מוז בלאַס זיין, דיין האַרץ מוז קלאַפּען, ווי דאָס האַרץ פון אַ פויגעלע אין געפאַנגענשאַפט. אַנדערש וואָלסטו פרעהליך זיין אין דיין בלויע מאַסקע. נישט ריכטיג?

—ריכטיג, ריכטיג, נאָר וואָס דאַרפסטו עס וויסען?

—אָ, בלויע מאַסקע, איך דערקאָן עס נאָכ׳ן אָטעם פון דיין ברוסט, נאָך דעם קלאַנג פון דיין שטים. דיך דריקט עפּיס

אויפן הארץ, דו האסט אַ בלוי קינד געהאַט, איבער דיין קאָפּ האָט אַ בלויער הימעל געשיינט, נישט ריכטיג?

—ריכטיג, נאָר פון וואַנען און צו וואָס?

—בלויע מאַסקע, בלויע מאַסקע, הינטער אַ בלינדער וואַנד שטעהען צוויי איינזאַמע שפּילער. זיי האָבען נאָך זייערע פּנים׳ער נישט געזעהן, דאָך האָבען זיי זייער ליד שוין פערשטאַנען. איך הער דיין ליד און זעה דיין פּנים, כאָטש איך האָב נאָך אפשר קיינמאָל דיין צורה נישט געזעהן. פערשטעהסט עס? אָ, ניין, דו פערשטעהסט עס נישט! דו ביזט פערשטיינערט און קוקסט אויף מיר, ווי אויף אַזעלכען, וואָס טרעפט לויט די סימנים פון דער האַנד אָדער זאָגט וואונדער פּאָר. ניין, ניין, איך בין נישט דער און נישט יענער. דערקענסטו מיך נישט אָדער לאָזסטו זיך נישט דעמאַסקירען פון מיר?

מאַריטאַ איז געשטאַנען פון וויוטען פערשטיינערט. אין איהר האַרץ האָט געלעבט אַ נישט-גוטקייט און אין איהרע אויערן האָט געקלונגען נאָך פון אַפּאָלאָנס רייד, דאָך האָבען די בלינדע ווערטער געוועקט אין איהר האַרצען עפּיס היימליכעס, נישט בעקאַנטעס, דאָך בעקאַנטעס, ווי פון טויזענדער יאָהרען.

—זאָל איך מיך דעמאַסקירען אַזוי שנעל? ניין, דאָ זעענען פאַרהאַן פרעמדע,—האָט זי געשעפּטשעט.

—אויך איך קאָן מיר נאָך נישט דעמאַסקירען. איך דאַרף נאָך מיין מאַסקע טראָגען,—האָט געזאָגט דער אין בלויער מאַסקע.

—שטעה-זשע געבען מיר אַזוי!

אויך איך שטעה.

ביידע בלויע מאַסקעס האָבען זיך פערהיימליכט און צוגעפיגערעדט. דער טאַנץ און דער ווילדער בעגעהר אונטער דעם קלאַנג פון אָרקעסטער איז נאָך דאָרט געגאַנגען ראַש און שטאַרק.

דערנאָך האָבען זיך די מאַסקעס צושאָטען און יעדע גרופּע בעזונדער, וואָס האָט זיך געקאַנט אָדער דערקאַנט,

האָט זיך געהאַלטען פון נאָהנט, כדי צו אינטריגירען אַ צווייטע גרופּע.

מאַריטאַ איז געשטאַנען און גערעדט נאָך מיט איהר ביי־בעקאַנטען, ווי הינטער איהר זענען צוגעקומען דריי פערמאַס־קירטע: איינער אין שוואַרצען, צוויי—אין רויטען, און די צווייטע רויטע האָבען גלייך אַ זאָג געטהאָן צו מאַריטאַ'ן:

—בלויע מאַסקע, די ביזט אַנ'אויסוואורף, דו ביזט געקו־מען צו אַ פרעמדען, אין אַ פרעמדער שטוב און שטערסט דאָס לעבען פון אַנדערע. ווייסטו, ווער עס רעדט?

—איך ווייס נישט,—האָט מאַריטאַ שוואַך געשעפּטשעט, גע־טראָפען פון יענעמס רייד,—זאָג, ווער דו ביזט?

—די, וואָס וועט דיך אַרויסשטויסען פון דאָרט, פערנעה־מען דיין אָרט און דיך ברענגען צום צושטאַנד—

—פון אַ געפאַלענער פרוי.

—ווי שרעקליך!

די מאַסקעס האָבען מאַריטאַ'ן בעליידיגט, געזידעלט און זיך אָבגערוקט. דאַן האָט די שוואַרצע מאַסקע בעמערקט:

—עס איז נאָהנט די צייט, שוועסטערל, וואָס דו וועסט דאַרפען פערלאָזען דאָס הויז און די שטוב, וואָס דו פערנעהמסט. ביי דיר האָט אַ מענש צוגענומען אַ ביסעלע גליק, אַ ביסעלע אָטעם און אַ בריליאַנט, אַצינד ווילסטו איהם אריינציהען אין די פּעדים פון פליכט. אָ, ניין! זיינע פויסטען זענען נאָך גע־נוג שטאַרק געגען דיר און ער וועט דיך שליידערן, צושטערן די אויסגעבויטע נעסט. כאַ-כאַ-כאַ! וויפיל גליקען האָבען שוין יענעמס הענד צושטערט און אויך דיין גליק. די שוואַרצע מאַס־קע זאָגט עס דיר!

די שוואַרצע מאַסקע האָט גערעדט, ווי עס רעדט אַ הער־שער איבער אַ קנעכט. זי האָט פערבעהאַלטען איהר שטים, מען זאָל איהר נישט דערקאָנען, און זיך אָבגערוקט.

—ווער קאָן עס זיין?—האָט מאַריטאַ געפרעגט איהר ביי־בעקאַנטען און זי האָט אינגאַנצען געציטערט.

—דאָס איז אַ שוואַרצע מאַסקע, איינע פון יענע, וואָס

דאָס האַרץ איז ביי איהר טונקעלער, ווי דאָס טונקעלע פּאַפּיר. דאָס איז אַ צושטערער פון פערמעגענס, אַ פערניכטער פון גלויבענס און אַנ׳אומברענגער פון דעם, וואָס הייליג און טייער עס איז אין האַרצען. קענסט איהר איהם ? יאָ, איך קאָן דיך גוט, שוואַרצע מאַסקע, און פאַרוואָס ביזטו בעפאַלען דעמיעניגען, וואָס איז דיר נישט ענליך, וואָס איז שוואַכער, האַרציגער און וואָרהאַפטיגער פון דיר. זאָג, אָדער איך דעמאַסקיר דיך !

די דריי מאַסקעס האָבען זיך אָבגערוקט און יעדע בעזונדער האָט געשעפּטשעט :

—דאָס איז דער „וואַהנזיניגער,״ וואָס דעמאַסקירט אונז שטענדיג אויף אַלע בעלער. קומט, לאָמיר איהם אויסמיידען.

—אויסמיידען,—האָט אונטערגעכאַפּט איראָניש די בלויע מאַסקע,—דאָס גראָד נישט. פאַרהאַן אויגען, וואָס זעהען דאָס גאָטלאָזע, קאַלטע און מערדערישע אין אייך, אונטער אַ וואָטערע מאַסקע פון קולטור איהר זאָלט נישט לעבען. שטעהט, איך דעקאויף אייערע פּנים׳ער, איהר געהט נישט פון דאַנען !

די בלויע מאַסקע האָט זיך אַ וואַרף געטהאָן אויף דער שוואַרצער און איהר דעמאַסקירט.

דאָ איז שטעהן געבליבען אַפּאָלאָן. דערנאָך האָט ער אַראָבגעריסען די רויטע מאַסקע און זענען שטעהן געבליבען אַפּאָלאָנס-געליבטע דערנאָך האָט ער דעמאַסקירט זיך און מאַריטאַ׳ן. אַלע זענען שטעהן געבליבען דערשראָקען און פערציטערט.

אַפּאָלאָן האָט אָנגעקוקט מאַריטאַ׳ן און געשעפּטשעט :

—און דו פון וואַנען ?

—און דו ?

—דו האָסט צוגעזאָגט נישט צו געהן אויפ׳ן באַל.

—אויך דו האָסט געלייקענט.

אַצינד איז די זאַך קלאָר געוואָרען. אַפּאָלאָן, וואָס האָט געוואוסט פון מאַריטאַס צושטאַנד און אויך וועגען דעם, אַז ער האָט זיך קאָמפּראָמעטירט אונטער דער מאַסקע, איז אַוועק פון איהר און אויסגעמיטען מיט איהר צו ריידען. אַפּאָלאָנס פרויען, וואָס האָבען זיך איצט שטאָלץ געהאַלטען מיט אַפּאָלאָנ'ען געאַ-רעמט, האָבען איצט אָהן די מאַסקעס, אָפען אַרויסגעוויזען זייער לייב פאַר פרעמדע און דערמיט געשטאָכען מאַריטאַ'ן.

מאַריטאַ און דער ניי-בעקאַנטער האָבען זיך פון זיי אָפּ-געררוקט. דעם שטאָדטישען בוכהאַלטער האָט מאַריטאַ געזעהן פון ווייטען זיך סוד'ען מיט אַפּאָלאָנ'ען, קענטיג, וועגען איהר קערפּער-צושטאַנד און דאַן האָבען זיי זיך פון די מאַסקאַראַד-מענשען אָבגערוקט.

—איך האָב אייך געזעהן אין דער בלויער מאַסקע, די גאַנצע צייט אייך גאָכגעקוקט, ווי אַ מענש פון אַ צווייטער וועלט,—האָט מאַריטאַ מיט אַ מידער דערשלאָגענער הערליבטקייט געזאָגט,—איהר זענט מיר געפעלען. איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז נאָך אַנ'איך.

—אויך איהר זענט שטענדיג אַרומגעגאַנגען און אויסגעזעהן, ווי אַ פערבלאָנדזעטע, ענטשולדיגט, ווי אַ מענש, וואָס געפינט נישט דאָס, וואָס ער האָט געזוכט.

—אָ, ווי ריכטיג,—האָט איהם מאַריטאַ אָנגעכאַפּט פאַר די הענד.—שאַ, איך האָב אייך געזעהן דאָס ערשטע מאָל, דאַכט זיך, ביי דער רויזען-פאַמיליע, נישט ריכטיג? ביי אַ בילד, וואו עס איז פאָרגעשטעלט הויכע מויערן, נאָך די מויערן פליסט אַ וואַסער און אין וואַסער פאַלט אַנ'אַנטלאָפענע פרוי,—האָט זיך מאַריטאַ בליץ שנעל דערמאָהנט.

—הייסט עס, דאָס מיר קענען זיך שוין פון לאַנג?

—אונזער ערשטע בעקאַנטשאַפט. איך האָב קיין אויג פון אייך נישט אַראָבגעלאָזט. אַך, מיר איז זעהר שווער אויפ'ן האַרצען.

—דאָך בערוהיגט אייך, איהר זענט ערמידעט פון באַל.

דער דעמאַסקירטער יונגערמאַן האָט זיך אָנגעלעהנט אויף

פּשטוהל און זיך געסטרעס אראבגעזופּיהרען פון געשפּרעך וועגען בילד מיט דער געפאלענער פרוי, און בעמערקט:

—איהר זעהט, ווי אַפען און פרעך זיי טאַנצען אהן ד מאַסקעס...

—דאך ערלויבט עס מיר צו פרעגען, פאַרוואַס רופען ד מענשען אייך וואַהנזיניגער?

—אַט טאַקי דערום, ווייל איך האַב זעהר ליב זייערי מאַסקעס אַרונטערצורייסען. איך בין צופיל אָפענהערציג און זעה צופיל דיערע ליגענס, זייער פינסטערע נעכט, וואָס זיי רופען אַן נעכט פון ליבע און דאָס איז נאָר טירישע קאָקעטעריע, זייערע חלומות, וועלכע זיי רופען אַן „גאָט הערט“ און דאָרט איז נאָר פאַרהאַן שטן און משחית. דאָס איז אַ דור פון גאָטלאָזיגקייט, פון גלויבען אין ווילדע אינסטינקטען, פינסטערע, פערדאָרבענע מאָראַל! זענט איהר אויך פון דעם דור אויסגעוואַקסען?

—איך בין אויף אַ פשוט בלומען-פעלד אויסגעוואַקסען, אָבער האָב איך פערבלאָנדזעט, מיין דור איז געווען אַ־אַנדערער.

—הייסט עס, אַז איהר זענט נאָר צופעליג אין שטאָדט?

—און איך האָב דאָ אַלץ פערלוירען.

—אַצינד ערלויב איך מיך אייך צו זאָגען, איהר זענט דאָכט זיך, ביי ה׳ וואַצלאַוו, וועלכען די דאַמען רופען איהם אַפּאָלאָן, אויף אַ שטעלע. זאָלט איהר זשע וויסען, אַז דאָס איז דער ערשטער פערשאָלטענער פאַרשוין אין שטאָדט, וואָס האָט פערמעגענס פון פרעמדע צוריבען, אָבגעשעקט געטער און גלויבענס פון הערצער און אויסגעלאָשען ביי אונשולדיגע זייער פליכט צו זיך אַליין. און אָט די פרויען, וואָס רינגלען איהם אַרום, זענען פֿון וועלכע, וואָס שטעהען צווישען פאַלשע קאָקעטעריע און משחית־נעכט און אָט די רויזען־פאַמיליע, דאָס איז דער דור פון קליינליכע דילעטאַנטען, קולטור־פאַפוגייען, וואָס טראָגען קיין גלויבען, קיין פליכט, קיין ערינערונג. פון וואַנען איז די בעקאַנטשאַפט?

—פון דעם, וואָס זיי האָבען זייערע מאַשינען געשיקט 

אין אונזער בעזיק, מיר האָבען געהאַט אַ בראָנפען-פאַבריק, די איז געפאַלען.

—זענט איהר, הייסט עס, אַהער געקומען?

—אַריינגעפאַלען אויף קאַריערע, נישט באַלד, נאָר פאַמע־ליכעל, פון גאָזשעלניע אין אַ נאָהנטען שטעדטעל. דערנאָך האָט מיך די פאַמיליע אַהער אַריינגענומען.

—פוילע קולטור,—האָט דער דעמאַסקירטער איראָניש גע־שמייכעלט,—נאָר איך דערקאָן, אַז עפּיס מילדעס און פרישעס האָט זי, די קולטור, פון אייך עפּיס אָבגעמעקט. די הענד פון אַפּאָלאָן דעם שענעם האָבען אַוועקגעלעגט אַ רויטען זיגעל אויף אייער פּנים, אַ טרויעריגען שאָטען אויף אייער געמיט. רעכענט איהר נאָך אין דעם הויז צו בלייבען?

—אונזערע בעציהונגען זענען אָנגעשטרענגט. דאָס הויז מוז איך פערלאָזען.

—אָ, אויב איהר ווילט אַוועקוואַרפען דאָס בלאָנדזענדע און שאָטענדיגע פון אייך, פערלאָזט דאָס הויז און בעזעצט זיך ערגעץ אין אַ הויז, ווייט פון אָט די קולטור־טרעגער. איהר וועט לעבען איינזאַם, גליקליך, צו אייך וועט קומען אַ מענש. איהר בעשטעהט דערויף?

—איך בין איינשטימיג,—האָט מאַריטאַ פערליבט און צו־פרידען געשעפטשעט,—דאָס וועט געשעהן, געשעהן מוז עס.

—אויב איהר האָט אַדורכגעוועבט דעם רויטען פאָדים פון לעבען מיט אַזויפיל פּיין, ווינש איך אייך צו געפינען גליק. גליק וועט איהר געפינען. צום ווידערזעהן!



# דער בריליאַנט איז מיין!

—מיין בריליאַנט, מיין בריליאַנט,—האָט מאַריטאַ מיט עס־ ליכע טעג שפּעטער שוואַך און דערשלאָגען געשעפּטשעט צו אַפּאָלאָנ׳ען.—איך שענק אייך אַלץ און וויל גאָרנישט אויפמאָה־ נען קיין אַלטע שולדען. איהר זאָגט, אַז אונזערע חשבונות זע־ נען געענדיגט, זאָל עס זיין. איך בין נאָך נישט קיין געפאַלע־ נע פרוי און בין נאָך זיכער אין מיין גליק. מיין בריליאַנט, מיין בריליאַנט! און דאָן געזעגען איך זיך מיט אייך שטיל און רוהיג.

מאַריטאַ האָט בעטאָנט די ווערטער „שטיל און רוהיג" מיט דער מינע פון אַ פרוי, אַ נאָר־וואָס אויפגעשטאַנענע פון קראַנקען בעט, אין וועלכערס פּנים עס האָט זיך אָנגעהויבען עט־ וואָס פרישעס און מילדעס צו רויטלען.

—איך פערלאַנג קיין פערצייהונג, קיין עפּיס אַזעלכעס, וואָס זאָל מיך איבערבעטען. מיין בריליאַנט צוריק, און דאָן קעהר איך אַוועק מיין פּנים צו דער טיר. איינפערשטאַנדען?

336 —דאָס גראָד נישט,—האָט אַפּאָלאָן איראָניש, קאַלט גע־

זאָגט.—איך קאָן דיך ענטשולדיגען, מיטגעבען די בעסטע וואונשען אין וועג אַריין. איבעריגענס, לאָז איך דיך צוריק אַהין, צו דיין מאַן און קינד. דאַרפסט וועסטו לעבען, ווי דו האָסט גע- לעבט. דער ברילִיאַנט מוז דאָך שוין בלייבען מיין, דען ער האָט זיך שוין צוגעוועהנט צום רייסטער פון געשאַנקען און מתנות, וואָס ליבע פרויען האָבען מיר געגעבען אויף אַזויפיל, דאָס עס איז איהם שווער זיך אָבצורייסען. איבעריגענס, וועל איך אַ טראַכט טהאָן וועגען אַ שטיקעל תּכלית און בין גרייט צו גע- בען אַ געלד-פערגיטיגונג פאַר איהם. דערמיט, נאַטירליך, וועט זיך אויפהאַלטען אַ פרוי מיט אַ קינד.

—אַזוי ?— האָט מאַריטאַ ביטערליך פערביסען געשעפּ- טשעט.—מיין טיפסטען דאַנק. האָט זיך אַרויסגעוויזען, דאָס מיין לעבען אין זיין הויז איז נאָר געווען צייטווייליג, אַ לעבען, וואָס קאָן טאָג-טעגליך צושטערט ווערען. ווייל איך קיין געוויסע לעבענס-פערזאָרגונג נישט האָבען פון איהם. קאָן דער ברילִיאַנט זיין צוריק ?

—ער קאָן און וועט עס נישט זיין.

—פאַרוואָס דאָס ?

—ער האָט אַ גרויסען ווערט פאַר מיינע אַנטיקען און דאָס, וואָס עס זעגען נישט די אַנדערע נייע ברילִיאַנטען, איז עס דער אַלטער ברילִיאַנט.

—און ווען דער ברילִיאַנט איז אַ זכרון ? און ווען אין איהם ליגט בעהאַלטען דאָס טיפּע לעבען פון מייז הויז-גע- זינד ?

—פלוידערסטו

—אָ, ליבער מענש, איך פלוידער נישט. ווען איך בין אַ קינד געווען, האָב איך נישט געוואוסט דערפון. איך האָב נאָך נישט געקאָנט אונטערשיידען צווישען איהם און יענע טייערע שטיינער, וואָס מען זעהט היינט. אַצינד אָבער וואַרימען מיך זיינע שטראַהלען, ווי די זון. דאָס אַמאָליגע בלויע אויג מיינס, וואָס ווייטער איך געה אַוועק אין וועג אַריין, אַלץ מעהר שיין זעה איך אין איהם. צוריק בעט איך אייך !

אַפּאָלאָן איז געשטאַנען קאַלט, מיט די אויגען אַראָב. ער האָט זיך צו געהערט צו איהרע ווערטער, ווי צום געבעט פון אַ געפאַנגענעם און קיין ענטפער נישט געגעבען.

—שווייגט איהר? ווילט איהר נישט צוריקקעהרען דאָס, וואָס איהר האָט ביי אַנ׳אָרימע פרוי בערויבט? אָ, קעהרט צוריק, דען דערמיט וועט איהר אויפהויבען דעם זינדיגען גייסט פון אַ פרוי און צוריקקעהרען דאָס, וואָס זי האָט עס צווישען איירע ווענד געלאָזט

—אַזוי מיינסטו?

—איך מיין דאָס, איך וועל דערפאַר אייער נאָמען פון די ליפען נישט אַרויסלאָזען.

—נו, שווייג, שווייג.

מאַריטאַ האָט פערבראָכען די הענד און אַראָבגעלאָזט זיך קניהען, איהר קערפער האָט געציטערט און אין איהרע אברים איז אַ דורך אַ רחמנות, יענער טיפער רחמנות אויף זיך אַליין, ווען מען דערפיהלט זיך פערבלאָנדזעט אין אַ וואַלד און אַז פאַר׳ן וואַלד האָט עמיך געוואָרענט אַהין נישט צו געהן.

—איך בעט דאָך ביי אייך דאָס, וואָס איך דאַרף בעטען,—האָט מאַריטאַ געבעטען.

—דער ברילליאַנט איז מיין בעזיץ און קיינער וועט איהם נישט צוריקנעהמען.

—ענטשולדיגט מיר, און איך וועל אייך דערצעהלען...

—נישט וויכטיג.

—איהר האָט מיין וועלט צובראָכען, איך האָב דאָס רעכט אייך צו בעטען.

—איך הער נישט די ווערטער.

—איהר טהוט דאָס, וואָס עס טהוט יעדער האַלז-בעפאַלער.

- נו, אַוועק! אַוועק!

אַפּאָלאָן האָט אָבגעוואָרפען מאַריטאַ׳ן. זי איז געפאַלען צו זיינע פיס און געהויבען די הענד, ווי צו אַ בעשיצער.

י מפפמבוים

אפּאָלאָן האָט אָבגעוואָרפען מאַריסאַ'ן. זי איז געפאַלען בו זיינע פיס און געהויבען די הענד אין דער-הויך, ווי צו אָבעשיצער. אַ קרענקליך אידאָנישע שטימע האָט זיך צוטראָ-גען איבער דער שטוב.



# די פערלאָזט אַפּאָלאָנס הויז.

האַלב אָנגעטהאָן, האַלב [illegible]שויבערט, איז מאַריטאַ געלעגען מיט די הענד איבער'ן טיש און געליינט אַ בריוועלע, וואָס דער פּאָסט-טרעגער האָט איהר נאָר-וואָס דערלאַנגט: „געשעצטע, אייך וועט עס אויסקומען אויסטערליש, נאָר טהאָן מוז איך עס. פאַרהאַן געשעהענישען, וואָס ענטוויקלען זיך נישט לאַנגזאַם און פאַלען צו איבער'ן הימעל פון אונזער לעבען, ווי דער בליץ און דונער צוזאַמען. ווען מיר זענען צוזאַמען געוועזען אויף יענער וואַקכאַנאַליע, וואָס די שטאָדטישע רו-פען-אָן באַל-מאַסקאַראַד, האָב איך בעמערקט אייער איינזאַמ-קייט, אייער נישט-וועלען זיך צוזאַמענמישען מיט'ן גיהנם פון ליידענשאַפטען, פונקט ווי איך. פונקט ווי איך, זענט איהר פון ווייטענס געשטאַנען מיט בלאַסע באַקען און פערציטערטע לי-פען און בעטראַכט אָט דאָס ווילדע פער'שכור'טע גערויש פון טענץ און מוזיק, פון זידלעריי און הייסען קערפּער-פערלאַנג, פון נייד און געפעהרליכען אייפער. איהר, ווי איך, האָט גע-טראָגען אַ בלויע מאַסקע אויפ'ן פּנים, אונזערע פאַרבען האָבען

אונטער די פלייצעס אַמאָל אַ גאָלדענע וויג געהאַט, זין אַ פרעהליכער שפילער האָט אונז אונטערן בלויען הימעל אַ זילבערען לידעל אויסגעזונגען. דאָס לעבען האָט אונז פון יענעם גאָלדערנעם וויגעלע אַרויסגעוואָרפען און דאָס לידעל האָבען מיר אָנגעוואָרען. זענען מיר נישט קיין פערלוירענע שוועסטער און ברידער? ווען איך בעטראַכט די שפורען פון טונקעלען גיהנום, וואָס דאָס לעבען האָט אויף אייער פנים אָוועקגעלעגט, דערפיהל איך יענע דין-קלעגליכע שטים פון חרטה און באַנגשאַפט. די שטים לאָזט אייך קיין רוה נישט, ווי דער ווינד דאָס רוהיגע שיף. עס מאַטערט די דינע זאַיטע סטרונעס פון אייער האַרץ. אַ, איהר צאַרטע דינע סטרונעס, וואַרפט אייך אַריין אין די הענד פון אַ עלענדען בלאָנדזשענדען שפילער".

מאַריטאַ האָט געלייענט די ווערטער מיט אַ שטיל האַרץ-קלאַפען, מיט איינע פון יענע דערפרישענדע האַרץ-קלעפ, ווען מיר פיהלען דעם ערשטען בלומיגען ווינד אין דרויסען. איהרע שלייפען האָבען נאָך מאַטערענד געקלאַפט פון אַפּאַלאַנס בעליי-דיגונגען און שרעקליכע ווערטער, נור דאָס האַרץ איז פריש געווען, עס האָט זיך ווי געפרעגט מיט אַ מילדען גלויבען: איז דאָס אמת? איז דאָס אמת, אַז עמיץ זאָל איהר נאָך דערלאַנגען די האַנד און אַרויסציהען פון תהום, וואָס הייסט זיין ביי אַפּאָלאָנ'ען פון בעלוועדער אויף אַ שטעלע? און ווייל זי האָט אין זיך אַ ענטזאַגער בעקומען: עס וועט מסתמא זיין דאָס אייגענע, וואָס ביי צאַלוש ברעדסעדראַטעל און זיין חבר, האָט זי אַ ציטער געטאָן און גענומען זיך צו דער געוועהנליכער אַרבייט.

די געוועהנליכע אַרבייט פון היינטיגען טאָג האָט זיך אָנגע-הויבען מיט אויפרוימען איהרע חפצים. איהרע הענד האָבען נער-וועז זיך געוואָרפען און די צוויי בלויע רוהיגע אויגען האָבען עפּעס אַלע מאָל אַ בליק געטאָן אין שפּיגעל: איז זי נאָך די איי-גענע, נישט פערלוירענע מאַריטאַ? און ווען יאָ, וועט זי געהן אפילו צוריק אין הויז פון דער רייזען-פאַמיליע, אָדער גאָר אין אַ הויז פון אָרימע, אָדער זי וועט פאָהרען אַהיים און פאַלען צו די פיס פון איהר מאַן צאַלע און זאָגען: „האָב רחמנות אויף אַזעלכע,

וואָס האָט הינטער דיר אַ קליינע לעבעדזינד באַגאַנגען

נור ניין, ניין! זי וועט גיין צום אַ צווייטן פרעמדען אין דער בלויער מאַסקע. זי וועט זיך איהם איבערגעבען אין די הענד אַריין, זי וועט איהם זאָגען: דאָס גליק מאַריטאַ'ס איז אַ גרויסע לעבענס-קייט פון זינד. די זינד האָט שרעקליכע פאָלגען געבראַכט: זיי לע-בען איצט אין מיר און אין מיין גאַנץ וועזען און האָב רחמנות: קאָנסטו מיך נישט ליבען מיט מיינע זינד צוזאַמען?

מאַריטאַ האָט ווידער געכאַפט דאָס בריוועלע פון אונבע-קאַנטען און דורכגעלייענט:

„לוינט דערום נישט, אַז די צוויי פון דער הויך-געפאַלענע זאָלען זיך כאַפּען ביי די הענד אום צו ראַטעווען דאָס קינד-בלויע?"

באַלד געכדעם האָט זי עס בעהאַלטען, פערפאַקט איהרע חפצים און שטעהן געבליבען.

אין שטוב זענען, אויסער די דינסטען, קיינער נישט געווע-זען. אַ שוואַכער פאַפּיראָסען-רויך האָט נאָך געבלאָנדזשעט איבער דער שטוב, פערדעקט און אויפגעדעקט די איינזאַמע אין זייער נעץ איינגעשלאָפענע פליגעל, פערדעקט און אויפגעדעקט דאָס בילד פון אַפּאָלאָנ'ען אין די יונגע יאָהרען און פערלוירען גע-גאַנגען אין די ווינקלען פון שטוב.

—פאַרטיג, שוין אַלץ פאַרטיג, — האָט מורא'דיג זיך אַרומגעקוקט מאַריטאַ, גרייטענדיג זיך צו פערלאָזען דאָס הויז אויף אייביג וואָס שנעלער.— און דער בריליאַנט? — האָט עפּעס אין איהר געמאָנט: — און דער בריליאַנט?

מאַריטאַ האָט אַ ציטער געטאָן, דען דערמאָהנענדיג זיך אין בריליאַנט, האָט זי געדענקט, אַז ער ליגט איצט אין פערשלאָסע-נעם קעסטעל פון אַפּאָלאָנס אַנטיקען און אַז ער איז שוין לאַנג נישט איהרער און אַז איהם מוז זי נעהמען מיט געוואַלד, שטיל, אַז קיינער זאָל נישט זעהן.

איהרע אויגען זענען אין דער מינוט גרויס געוואָרען אין די לעכער, די צייהן פערשלאָסען, די הענד האָבען געזוכט אַזעל-כעס, וואָס זי האָט נישט בעדאַרפט זוכען און אין די געדאַנקען האָט זיך געטראָגען עפּעס אַ מאָדנע שרעקליך בילד, פון וועלכען זי

האָט אַליין דער שפּעטער געדאַרפֿט זיין.

צו נעהמען איהם, אויפֿרייסען דאָס קעסטעלע און אַנטלויפֿען מיט איהם אין דער ווייטער וועלט אַריין!... האָט בעשטימט ביי זיך מאַריטאַ. און מיט איין מינוט איז זי געוואָרען אַ אַנדערע, שוין עפּעס נישט די מילדע, לאַנגזאַם-בעוועגליכע מאַריטאַ, נור אַ מענש מיט שנעלע בעוועגונגען, אַ בעשלאָסענע פֿלינקע נאַטור.

זי האָט דאָ זיך דערנעהנטערט און פּאַמעליך עפּעס אויפֿגעריסען. דער בריליאַנט מיט די שטילע פֿאַרבען איז געלעגען ווי אַ פֿרעמדער צווישען די אַנדערע בריליאַנטען און ווי זיך געבעטען: „אָ, לאָז מיך נישט דאָ אַליין, שוועסטער מיינע, מיט דיר וויל איך, נור מיט דיר!“ און זי האָט איהם שנעל אַרויסגענומען, געכאַפּט איהם אין האַנד — פֿערלעגט די האַנד אויפֿ'ן האַרץ איהרען: ווי גליקליך זי איז! און אין אַ מינוט אַרום צריינגעפֿאַלען אין שטוהל.

פּאַמעליך איז זי אויפֿגעשטאַנען פֿון אָרט און ווידער זיך גענומען אַרומקוקען אַהין, צוריק פֿון יענער זייט אין דער צווייטער שטוב. איז זי פֿריי? יאָ, זי איז פֿריי, קיינער שטערט איהר נישט!

זי האָט שנעל פֿונאַנדערגענומען די חפצים, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון איהר ווייטער היים, שטיל אַריין אין קיך און בעמערקט:

—איך געה אַוועק אויף אַ ווײַלע. איהר זאָלט זאָגען דעם בעל-הבית דערפֿון. אויפֿ'ן טיש האָט זי איבערגעלאָזט אַ בריוועלע „אויף אייביג“.

דערנאָך האָט זי געעפֿענט די טיר, צוגעהאַקט און שטעהן געבליבען אַ מינוט, בעטראַכטענדיג זיך, צי זי האָט גאָרנישט פֿערגעסען. דערנאָך אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צוריק צו דער טיר מיט'ן גאָלדענעם אויפֿשריפֿט: „וואַצלאַוו דער אַנטיקוואַר“ און געמורמעלט:

—פֿערלאָרען זאָלען זיי ווערען, די הייזער! זיי האָבען געלעגט אַ שווערען שאָטען, אַ אייביגען טרויער! אָ, פֿערלירען זאָלען זיי ווערען! דאַן וואו לויף איך, וואו?

## IV טייל

# אין דער וועלט פון חלום.

איברהים.

ס'איז געווען אין אַ קליין בוידעם-שטיבעל פון אַ הויך-שטאָקיגען הויז. אין דעם שטיבעל, רעכטס, איז געשטאַנען אַ מאַלבערט און דאָ, דאָרט נעבען דער מאַלבערט איז צעוואָרפען געלעגען פּאַפּי-רען. פון דאָ, דאָרט האָט שוין זיך געזעהן אַ האַלב-פאַרטיגער ביוסט, אַ בילד, וואָס האָלט ביים געענדיגט ווערען. עס האָט גע-שמעקט מיט פאַרב און מיט אייל. איינגענומען האָט די שטוב דערמאָנט אין יענע פרייע צימערן, וואו עס ווערט געלעבט נישט נאָך דער מאָס פון גרויסשטאָדטישען צייט-זייגער. די זון און די פרייע לופט

 האָבען דאָ מעהר ווי אין שטאָדט זייער הערשאַפט געהאַט

אין דעם צימערל איז אַרומגעגאַנגען אַ יונגערמאַן הין און צוריק און בעטראַכט דאָס בילד פון דער מאַדאָנע, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנד, אָדער בעטראַכט דאָס שולמית־בילד נעבען זיך.

„ס'צאַרט אונטערשיעד איז צו די צוויי געשטאַלטען, דאָך ווי עהנליך זיי זענען אין זייער אונשולדס־וועזען!"—האָט דער יונגערמאַן געטראַכט. איין פרויען־געשטאַלט, אויסגעטרוימט פון קריסטליכער מוטערליכער באַרמהערציגקייט, דאָס צווייטע עפּישע פרויען־געשטאַלט געהער דאָס אינערליך־געבוירענע שולמית־פאָלק. ווי ווייט און דאָך ווי עהנליך זיי זענען צו זיך. דער יונגערמאַן האָט, בעטראַכטענדיג ביידע בילדער, אַ ליבליכען שמייכעל געטאָן צו זיך אַליין. דאָס איז געוועזען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג מיט שוואַרצע אונרוהיגע אויגען און שוואַרצע לאָקען, וואָס זענען שטענדיג אַראָבגעהאַנגען איבער'ן שטערען, ווי דאָס טונקעלע געוואוקס פון אַ יונגען ווילדען בוים. דאָס איז געוועזען דער יונגערמאַן, וועלכען די שטאָדטישע האָבען גערופען „וואַהנזיניגער", דער איינציגער, וואָס האָט נעכטען געטראָגען צווישען די מענער אַ בלויע מאַסקע, אַ כאַזקע, הייסט עס, וואָס וויל נישט אינטריגירען, ציהען די ליידענשאַפטליכע אויפמערקזאַמקייט אויפ'ן באַל פון מאַסקעס.

דער, וואָס האָט זיך צוזאַמענגערעדט דורך מאַריטאַ'ט בלויער מאַסקע, אברהם, אָדער ווי די גרויסשטאָדטישע האָבען איהם גערופען „איבראַהים" איז, שוין לאַנג מיט אַ יאָהר 15 צוריק געקומען אין דער שטאָדט אַריין און מיטגעבראַכט שטילע, ווייטע קלאַנגען פון אַ לעבען, אַ לעבען, אין וועלכען עס איז פערבעהאַלטען געוועזען קליינע חדר־יאָהרען, שפּאַציר־און שטיף־יאָהרען, יאָהרען געמישטע פון פרעהליכע רויט־פאָהניגע שמחת־תורות און ל"ג־בעומר־פיילען, דאָס אַלץ, וואָס עס פלאַנטערט זיך צוזאַמען אין דער ערינערונג פון דערוואַקסענעם. אַ פערשידענפאַרביגע מאָזאַאיק.

נאָר ווען ער איז אַריין אין דער גרויס־שטאָדטישער וועלט און אָנגעשלאָגען זיך מיט די האַרטע מאַרמאָרנע וועגד פון די מאָדערנע נייע גאָט־לויבער, האָט ער די פאַרביגע מאָזאַאיק פון זיין

גאָטס-ליכטיגער יוגענד פֿערלוירען. זי האָט זיך דערװײטערט פֿון איהם, װי דאָס אונשולדיגע בלויע ליכט פֿון אַ פֿריהמאָרגען-שטערען, און די גאָלדענע אותיות פֿון ארון-קודש — „יהוה" זענען געװאָרען פֿאַר איהם אַן אָבקלאַנג פֿון אַ װײטער פֿרעמדער װעלט.

פֿאַר זײנע אויגען זענען אומגעפֿאַלען די אַלטע פֿאָרמען פֿון די בתי-מדרשים, מיט זײערע תפילות בײטאָג און בײנאַכט, מיט זײערע עקסטאַטישע בעזינגער יהוה'ס און עס איז אויסגעװאַקסען אין זײנע אויגען דער טעמפעל דאָרט, װאו „יהוה" ליגט אין אָרנאַמענט בײם ארון-קודש פֿון דער נײער סינאַגאָגע מיט איהר אויסשטודירטען חזן, װי אַ טויטער גאָלדערנער מזבח מיט אַ פֿאַלשען כהן-גדול, פֿאַר װעלכען אַלע בויגען זיך און קײנער גלויבט נישט אין איהם.

װי אַ מענש, װאָס האָט דאָס גאַנצע לעבען זיך געפֿרעהט מיט אַ געפֿונענעם בריליאַנט, האָט ער די ערינערונג געטראָגען אין האַרצען און אַרויסגעגעבען זײ אין קלאַנגען, אין געזאַנגען און אין פֿאַרבען.

דאָס איז געװעזען אַ נאַטור אַ פֿרײע: אײנע פֿון יענע כאַראַקטערען, װאָס טראָגען אין זיך אײביגע פֿרעהליכקײט פֿאַר דער װעלט, כאָטש די פֿרעהליכקײט איז פֿערװעבט מיט אַ זיסען מעלאַנכאָלישען טרויער. און דערדאָזיגער טרויער האָט זיך געװעבט און געװעבט אין איהם פֿון דער צײט אָן, װאָס ער האָט פֿערלוירען די גאָלדענע אותיות פֿון יוגענדליכען יהוה'ן און די בענקשאַפֿט האָט עס אַרויסגעצויגען פֿון זיך, װי מען ציהט אַרויס אַ ראָזען-שטראַהל פֿון אַ קאַלטער זון.

—זעהסט, הײסט עס, ס'אַראַ בריליאַנט מיר האָבען אין אונזער לעבען פֿערמאָגט!

און טראַכטענדיג איצט װעגען דער שולמית מיט'ן בריליאַנט אויפֿ'ן האַרץ, װאָס איז געהאָנגען געגענאיבער, האָט ער זיך פֿערטראַכט פֿון אַ מאָדנער זאַך:

נעכטען בײנאַכט איז ער געגאַנגען אויפֿ'ן מאַסקאַראַד; ער איז געגאַנגען גלאַט אַזוי זיך צו פֿערטרײבען פֿון גאָטסלאָזיגקײט, װאָס קלינגט איהם אין די אויערן. ער האָט דאָרט בעגעגענט אַ פֿרוי, אין אַ בלויער מאַסקע, צו זײנער עהנליך און עפּעס — א

בריליאַנט אויפ׳ן האַרץ, אַ בריליאַנט, אַ כּלה־מתּנה פון אַ גוטער האַנד געשענקט און וואָס איז דאָך אין קאַמף מיט׳ן לעבען פער־געגאַנגען, פונקט ווי דער בריליאַנט פון זיין האַרץ. איז ער נישט צו איהר עהנליך? איז נישט זיין לעבענס־געשיכטע איהרע?

ער האָט אַזוי געטראַכט, ווי עמיץ האָט אָנגעקלאַפּט ביי דער טיר. דאָס איז געווען מאַריטאַ.

—ערלויבט, אָט בין איך געקומען אַליין, גאָר אָהן אייער פער־לאַנג. איך בין דאָך גליקליך, וואָס דאָס געשעהעניש האָט זיך געענדיגט! — האָט זי נישט דרייסט גערעדט.

— און איך בין צופרידען וואָס איהר זענט געקומען. האָב מיך ווי בעפרייט פון אַ געדאַנקען־פלאָנטער. האָט איהר פערענדיגט מיט אַפּאָלאָנ׳ען?

— איך געה שוין מעהר נישט אַהין, — האָט מאַריטאַ [illegible]־שלאָסען גערעדט, — איבריגענס, האָב איך נישט פערענדיגט, נאָר איהר זענט געוועזען דער גוטער שליח דערמיט, וואָס איהר האָט די מאַסקען פון די פּנים׳ער אַרונטערגעריסען: דערמיט האָ[illegible] זיך ענטדעקט, ווער וועמען עס האָט געזידעלט און ווער וועמען [illegible]ס האָט אַריינגעפיהרט אין אַ פאַלשע אינטריגע־וועלט!

— און דאָס האָב איך דאָך ליב! — האָט איראָניש אַ שמייכעל געטאָן איבראַהים. — איך האָב ליב שטענדיג [illegible] גרויס־שטאָדטישע צו דעמאַסקירען און צו צילען מיין פייל דאָרט אַהין, וואו עס טהוט וועה. איך בין אין דער פּראָפעסיע דאָס, וואָס איהר זעהט: אַ מאָלער און וואַרף זיי שרעקענס־בילדער אין די אויגען אַריין. זיי האָבען מיך פיינט דערפאַר. אָבער... אָב[illegible] איהר האָט בעשטימט גלייך צו קומען אַהער?

— גלייך אַהער! אייער מאַסקע און אייערע [illegible]ווערטער האָבען מיך גערופען. ניין, איך בין שוין מעהר נישט אין אַפּאָלאָנס הענד. איך בין גליקליך, וואָס איך האָב אייך דאָ בעגעגענט. דאָ וועט מיין היים זיין.

– דאָס וועט אויך פאַר אייך דאָ זיי[illegible] — האָט צופרידע־געשטעלט געענטפערט איבראַהים. — דאָ הענגט אַ [illegible]על פון מיין צווייטען צימער. נעהמט דאָס צימער, און נור ווען [illegible]ער גוטער ווילען וועט

מיך רופֿען, דאַן וועל איך קומען צו אייך. איהר זענט צוריק אין אײער היים. איך הייס מאָטיע און איהר זענט זיין טאָכטער. מרים הייסט איהר?

— מאַריטאַ, מאַריטאַ!...

— אָ, שוועסטער מאַריטאַ, איך דערקען עפּעס אַ מידקייט אויף אייך, — האָט פּלוצלונג אַרויסגערעדט איבראַהים, — ווי טוי. זענדער שאָטענס וואָלטען שוועבען אויף אייך און איך וואָלט זיי וועלען אַדאָבטורייבען פֿון אייער פּנים.

— און איך האָף אין אייך מיין טאָטענס הויז צו געפֿינען, — האָט מילד גערעדט מאַריטאַ.

— איהר האָט עס אויך.

— איהר קאָנט זיך גליקליך פֿיהלען. —

— איך בין עס דאָך.

# דער בריליאַנט! דער בריליאַנט!

אין עטליכע טעג אַרום האָט מאַריטאַ פערנומען דאָס צימערל פון איהר שכן. אין דעם צימער איז געשטאַנען אַ קליין ווייס טישעל מיט אַ פרישען בלומען-טאָפּ, אַ שפּיגעלע מיט אַ ווייסען זילבערנעם פלעק און עטליכע בילדער. צווישען זיי איז געוועזען די מאַדאָנע.

מאַריטאַ האָט אויפגעפּאַקט איהרע מלבושים און וועג-זאַכען און זיי צולעגט אויף די ערטער.

איבראַהים איז געשטאַנען פון ווייטענס און יעדעס מאָל צוגעהאָלפען איהר נייעם שטוב-בעשטאַנד מיט דעם געפיהל, וואָס עס העלפט אַ טרייע שוועסטער, וואָס האָט איהר בלוט-צווילינג לאַנג נישט געזעהן. אָפּטמאָל האָט ער אַראָבגעוואָרפען פון זיך יענע איידעלע מאַנירען פון אַ מאַן און געוואָלט איהר איבערצייגען מיט זיין ריינער שוועסטערליכקייט.

„זי איז איינע פון יענע וועזענס מסתמא, וואָס האָבען זייער לעבען אָבגעבלאָנדזשעט ווי אין אַ מדבר,—האָט איבראַהים זיך געטראַכט,— און צו אַזעלכע געבראָכענע מענשען קאָן מען נישט אַרויסווייזען קיין מענליכע פעסטקייט. זיי קאָן מען בעסער געפעלען מיט דער שוועסטערליכער ווייבליכקייט"

—איך לעג אייך פאַר מיין ברודערליכקייט, — האָט איבראַהים צו איהר איידעל גערעדט, — נור פערשטעהט מיך נישט שלעכט. איך וויל דאָ זיין ביי אייך אַ גוטער אַריינגעהער,—האָט איבראַהים איהר בעמערקט, — נישט קיין מאַן, נישט קיין פרוי, אפשר די ביידע צוזאַמען, אַלעַנפאַלס עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז ווייט פון ה׳ וואַצלאַוו דעם אַנטיקוואַר.

מאַריטאַ האָט אויסגעהערט זיינע ווערטער און אויף איהר פּנים איז אַלע מאָל אָנגעקומען יענער צאַרטער שמייכעל פון אַ פרוי, וואָס האָט דאָס ערשטע מאָל אין איהר לעבען עפּעס גוטעס געהערט פאַר זיך. זי האָט אַרויפגעלעגט ביידע הענד אויפ׳ן האַרץ און געשעפּטשעט:

— גאָט איז מיט אייך, טייערער שכן, איך טראַכט עס וועגען אייך גאָרנישט. איך דערקען עס אין אייך און אין אייער בענעהמונג.

—אָ, ליבע שכנה,— האָט ווידער אַרויפגעלעגט אויף זיך אַ חשד אַליין איבראַהים. — וויפיל זיסע רייד, וויפיל גוטע צוזאָגען קלינגען נאָך מיט אַ פאַלשע שטים אין אייערע אויערען.

—דאָך נישט די, וואָס איך הער פון אייך. זייט פאָלשטענדיג רוהיג.

—איך בין פאָלשטענדיג רוהיג. נור, שכנה טייערע, אַזעלכעס האָט איהר שוין ווען געהערט?

—זייט דאָך נישט קינדיש און טראַכט נישט וועגען זיך, וואָס קיין אנדערער קלערט נישט...

—אָ, שכנה טייערע!— האָט זיך נישט געקאָנט אָבהאַלטען איבראַהים.—ווען איך וואָלט די געשיכטע פון אייער לעבען נישט וויסען, נישט איהר אָנפאַנג און נישט איהר סוף, נישט דאָס, מיט וועלכען עס האָט אָנגעהויבען דער ערשטער ליבענדער און נישט דערמיט, מיט וועלכען ער האָט פערענדיגט אַפּאָלאָן פון בעלוועדער, וואָלט איך אייך וועגען זיך נישט דערמאָנט. אָ, פערצייהעט מיר, איך בין אַזעלכער און מוז עס אייך זאָגען.

ווידער האָט מאַריטאַ אויסגעדרעהט דעם קאָפּ און וואונדערליך בעטראַכט די שטוב, דעם בלומען-טאָפּ, די מאַדאָנע. דערנאָך האָט זי זיך ווי מודה געווען:

—אייער שכנה קלאָגט זיך שטענדיג אויפ'ן מזל איהרען, דאָך איז עס נישט אַזוי. געדאַנקען נאַרען אַמאָל.

— אָ, איז עס גוט, וואָס איך הער פון אייך אַזעלכע ווער־טער... — האָט איברּאַהים צופרידען געענטפערט.

— און ווייסט איהר, שכן, דורך וועלכען וועג איך האָב אַזוי אַ לעבען געלעבט אין זאָרג? אָט האָט איהר עס אַ קלייניגקייט: אַ שטיין, אַ בריליאַנטיגער... — האָט זי פּלוצלונג אַ ציה אַרויס געטאָן פאַר זיינע אויגען דעם בריליאַנט פון מאַריטאַ'ס גליק.

— אָ, ס'אַראַ פּראַכט, ס'אַראַ פּראַכט! — איז איבראַהים שטעהן געבליבען מיט אַנ'ענטציקענדען שמייכעל.

—אַ מתנה אַנ אַמאָליגע, אַ נאַרישקייט. איך טראָג עס נאָך לזכרון, ווי אַ קינד, — האָט מאַריטאַ געזאָגט.— געפעלט ער דען אייך

—בריליאַנט, נישט בריליאַנט,—האָט שטיל גערעדט איבראַ־הים.—דער עיקר געפעלט מיר די פאַרב פון איהם, דער ראָווער שטילער בלישטש...

מאַריטאַ האָט זיך פערדרויטיגט:

—אַ שענעם דאַנק!

איבראַהים האָט דעם בריליאַנט אַוועקגעשטעלט פאַר זיינע אויגען, דערנאָך צוגעלעגט צו איהר האַרץ.

—מערקווירדיג,—האָט איבראַהים שטיל גערעדט,—ווען איך בעטראַכט אייער כלה־מתנה, דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך האָב זי אַרויסגעריסען פון ערגעץ אַ הימעל אַ בלויען און אויף אייער ברוסט געלעגט. זענט איהר איצט נישט דאָס צווייטע מאָל אַ כלה געוואָרען?—האָט איבראַהים געזאָגט, כדי אין איהר צו דערוועקען גוטע געדאַנקען וועגען זיך אַליין.—יאָ, איהר זעהט אַזוי אויס. איך בין גליקליך דערמיט, וואָס איהר האָט מיר עפּעס גוטעס געבערענגט?... איהר קאָנט די מתנה רוהיג אָנטאָן, איהר לייכט ביידע צוזאַמען.

איבראַהים האָט גערעדט שטיל. ער האָט גערעדט, ווי אַ פערליבטער ברודער, וואָס האָט זיין שוועסטער לאַנג נישט געזעהן. זי האָט איהם געקוקט אין די אויגען, ווי אַ ערלעזער. ווער איז ער דאָ? ווער איז די שטוב, ווער?

# ער און דער בריליאַנט.

איבראַהים איז אַרויס פון מאַריטאַ'ס צימער און אָנגעהויבען, ווי זיין שטייגער, צו געהן איבער'ן שטוב אַהין און צוריק און געטראַכט:" ווען איך פערטראַכט מיך אין דער פערספעקטיוו פון מיינע ווייטע יונגעל-יאָהרען, שיינען זיי מיר ווי אַ בלויער שטערען דורך אַ טונקעלען געפעל. ווי אַ בלויער שטערען איז מיר די מנורה, וואו מיין מוטער האָט איהרע כשר'ע ליכט געבענשט, ווי דער חזן האָט זיין תפילה צו גאָט געשיקט און ווי יהוה'ס נאָמען איז געלויבט געוואָרען הויך מיט עקסטאַז. אָ, איינציגער באַרמהערציגער גאָט! פאַרוואָס ציטערט איצט אַזוי שוואַך דיין שטים, פונקט ווי דו וואָלסט עפּעס בעליידיגט ווערען פון דיינע בענשער און לויבער? פאַר-וואָס זענען געפאַלען די הענד פון דיינע בעטער? עפּיס אין אַ וועלט פון אונבעשטימטקייט שטעה איך פאַר דיר, גאָט, איך הער נאָר דיין ווייטען אַמאָליגען קלאַנג, דעם זילבערנעם קלאַנג פון דיינע לוים און זינגער, פון דיינע נביאים און פראָפעצייער. און אַצינד? איך האָב דאָ נישט לאַנג געזעהן אַ בריליאַנט, אַ ראָזע שטיל-פאַרביגע קמיע פון אַ פרויס האַרץ. ווער איז דער בריליאַנט — נישט די

שטילסטע פאַרבען און פייערן פון דעם איינציגען יוגענדליכען יהוה? אַ, אַ בריליאַנט מיט שטילע ראָזע פאַרבען און מיט אַ פערבע-האַלטענעם בלישטש, ווי די אונשולד פון גלויבען, ווי דער ריינער ערשטער מיידעל-בליק. לעבט נישט די ערינערונג אין מיר? האָב איך נישט אַמאָל אַזאַ קמיע געהאַט? וואָס, איך האָב זי פערלוירען אין קאַמף מיט דורות? „אַ בריליאַנט! אַ בריליאַנט! ער איז פער-שוואונדען פון מיינע אויגען, ווי דער ערשטער יוגענדליכער שטע-רען פון מיין געבורטס-נאַכט! וואו ביזטו? וואו ביזטו?" איבראַהים האָט אַזוי בעטראַכט וועגען זיין פערלוירענעם בריליאַנט, ווי עס איז איהם אויפ'ן געדאַנק געקומען דער בריליאַנט און די פרוי. מערקווירדיג, דאָס איז פאַר איהם נישט געוועזען נישט קיין פרוי און נישט עפּעס אַזעלכעס פון קיין ציהרונג. גיכער איז דאָס גע-וועזען אַ קמיע, אַ פערלוירענע, וואָס אַ יונגעל האָט אין מיטען אַ פינסטערע נאַכט געזוכט. און טראַכטענדיג וועגען דעם, איז איהם איינגעפאַלען: ער וועט אַוועקשטעלען די פרוי מיט איהר בריליאַנט, ער וועט זי אויסמאָהלען און אונטערשרייבען גאָט, געפאַלענער „יהוה"...

ער וועט אויסמאָהלען דעם בריליאַנט נישט ווי קיין ברי-ליאַנטיגען שטיין, נור ווי עפּעס אַ האַרץ מיט אַ סך נגונים. אין דעם האַרץ וועט זיין די יוגענדליכסטע פאַרבען פון זיין ראָזען הימעל, די שטים פון זיינע קליינע תפילות, דאָס געבעט פון זיינע קינדערי-שע נעכט. דאָס אַלץ, דאָס אַלץ וועט ער אויסמאָהלען אין דעם געשטאַלט פון קליינעם ראָזען בריליאַנט.

אַזוי האָט ער געטראַכט וועגען זיך, וועגען דער פרוי מיט איהר כלה-מתנה, און אַ גליקליך שמייכעלע האָט דורכגעשוועבט זיינע ליפּען.

# צום אנדענקען.

מאַריסאַ איז אויפגעשטאַנען פריה. זי האָט זיך שנעל פערקעמט, געמאַכט איהר בעשיידענעם טואַלעט און, בעטראַכטענדיג זיך אין שפיגעלע, פערפלעקט מיט אַ ווייסען פלעק, האָט זי בעמערקט אַז איהר מידע צורה איז שענער, פרייער און לעבעדיגער ווי אין די שפיגלען פון אַפּאָלאָנ׳ען. דערנאָך האָט זי זיך אומגעקוקט אויף די ווענד, וואו עס איז געהאָנגען אַ מאַדאָנע, דאָס געשטאַלט פון אַ הייליגער פרוי. דערביי האָט זי אַ ריהר געטאָן מיט׳ן פינגער איהר בריליאַנט און געטראַכט:

— ווי גוט דאָ איז אַרום! אַנ׳איינזאַמע גליקליכע וועלט. די וועלט זאָגט איהר צו גוטע פערגעניגענס, פערגעניגענס פרייע, קינדישע, ווי דאָרט, ביים טאַטען מאַטיע אין דערהיים. עס וועלען נישט קוקען מעהר אויף איהר די שרעקליכע אויגען נישט פון מאַן צאַלע און נישט די זינדיגע פערלאַנגען פון ה׳ חאַצלאַוו.

איבריגענס, ווי לאַנג איז שוין, אַז זי האט נישט געפיהלט דאָס אינערליך־צופרידענע גליק? אָ, לאַנג שוין! מיט׳ן זכר פון טוביה׳לע שרייבער איז עס פערשוואונדען, ווי זיין לעצטער, לעצ- 355

טער ליבעס-בליק, ווי דאָס לעצטע געשאַנק זיינס. אַצינד פיהלט זי זיך אויפסניי גליקליך. די אייגענע-אייגענע האַרץ-קלעפּ, די אייגענע-אייגענע האַנד-דריקען. טוביה'לע שרייבער? ניין, אַ ליכטיגער שאָ‧ען פון איהם. זי האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. אויף יענער זייט איז איבראַהים אַרומגעגאַנגען אין אַ שטילער גליקליכער ערוואַרטונג: פאַר זיינע אויגען האָט געשוועבט אַ פרוי מיט אַ ראָזען בריליאַנט.

— איך בין אפשר צו דרייסט, — האָט מאַריטאַ זיך ענטשולדיגט, — איך שטער אייך. איהר וואָלט געוויס נאָך רוהיג געשלאָפען. דאָך...

— אָ, ניין. איך שטעה שוין לאַנג אויף די פיס, - האָט איהר פערזיכערט איבראַהים. — איבעריגענס, איז דאָס שוין ביי אונז אַ געוועהנהייט. די גרויס-שטאָדטישע מענשען האָבען ליב צו שלאָפען שפּעט. זיי האָבען ליב, אַז די זון פון האַלבען טאָג זאָל זיי די אויגען אויפרייסען. מיר אָבער, פערקעהרט, האָבען ליב צו עמפּפאַנגען די זון נאָך איידער זי געהט-אַרויס אין גאַנצן וועלט.

—איך... איך בין פון די...—האָט שמייכעלדיג גערעדט מאַריטאַ.— איך האָב עס נאָך אַ געוועהנהייט פון די קליינע יאָהרען...

—ריכטיג! אָ, זענען מיר קינדער פון איין אייגענשאַפט.

—איבראַהים האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט די פינגער אויפ'ן טיש. די בעזעגונג האָט געוואָלט בעווייזען זיין לוסטיגקייט און זיין נישט לעבען אין די ראַהמען פון דער גרויס-שטאָדטישער וועלט. מאַריטאַ האָט זיך אין דער מינוט פערטיפט אין איהם. עס איז איהר געפעלען דער שאַרפער שמייכעל, וואָס האָט זיך אַרויס-געשניטען פון אונטער זיינע ליפען, זיינע פרייע בעוועגונגען, וואָס האָבען צוגעזאָגט עפּעס פאָטערליכעס און ריטערליך-ליבענדעס צוזאַמען.

—אָט אַזוי לעבען מיר דאָ אונטער'ן שטאָדט! —האָט פריידרעה געטאָן מיט'ן קאָפּ איבראַהים. — מיר לעבען אָהן אַ סיסטעם, אָהן אַ בעל-הבתישער אָרדנונג. מילא, די גרויסשטאָדטישע, זיי קאָנען זיך אָהן דעם נישט ריהרען און נעהמען די אָרדנונג ס'רוב

מיט אין די קברים. נו, גוט, זענען מיר אַנדערע, לעבען מיר, ווי די פויגעל אין זייערע אָרימע נעסטען. די פראַגע אָבער בלייבט דאָ, ווער די גליקליכע זענען? איך וואָלט אייך ביי דער געלעגענהייט בעטען, איהר זאָלט מיטעסען אַנ'אָרימען מאָלצייט, שכנה מאַריטאַ...

—איך דאַנק אייך,— האָט אָבגעענטפערט מאַריטאַ.—איבע-ריגעס, ווען אייך געהט דערין זעהר, בלייב איך ביי אייער טיש. אָט זיץ איך.

דער טיש איבראַהימס איז געוועזען אַ ברייטער. אויף איהם איז אין אָרדנונג געלעגען ברויט, אַ מעסער, אַ געמאָלטע בלעכענע טאַץ, אויסגעמישט מיט די פאַרבען, ליניעס און פאַפירען פון זיין אַרבייט. זיי האָבען זיך ביידע אַוועקגעזעצט. מאַריטאַ האָט אין דער פרהימאָרגען-סעודה גענומען איהר צערעמאָניאַלען אַנטייל.

ווייל זי האָט יעדעס מאָל אַראָבגעלאָזט די אויגען אויפ'ן אָנגעוואָרפענעם טיש, האָט איבראַהים געקאָנט בעמערקען די שמאָ-לע לענגלעכדיגע הענד, די טיפע חן-גרבעלעך, די גאָלדענע שנור, אויף וועלכען עס איז געהאָנגען איהר בריליאַנט און צוויי געלע פלעקען אונטער די אויגען—דער זיגעל פון אַפּאָלאָנס הויז.

צוויי מאַריטאַס האָבען איצט אין איבראַהימ'ן אָנגעקלונגען: איינע איז געוועזען די גאָלדענע בת-יחידה פון ר' מאָטיעס זיידע-נע וויקעל-שנורען, די צווייטע—די געפאַלענע, די איידעל-אונשול-דיג-געפאַלענע פרוי פון אַפּאָלאָנס פרעכע מענערס-הענד. צוויי לוי-טערע געשטאַלטען האָט ער געזעהן פאַר זיך: די ערשטע האָט איהם ווי איינגעוויגט מיט גרוסען פון די צאַמליגע תפילות אין טאַטענס הויז, פון אַמאָליגען זינגען גאָטס-גלויבען, די צווייטע האָט געוועקט דאָס מיטליידסגעפיהל, מוטערליך-געפאַלענע אין מאַריטאַס האַרץ.

ווי אונטער'ן קלאַנג פון האַרפען, ווייט, ווייט ביים ראַנד פון ים און הימעל, האָט איבראַהים געפיהלט עפּעס אַ ציטערדיגען מיטליידספולען עכאָ אין די אויערן, וואָס האָט אַרויס גערופען טרעהרען אין די אויגען. די טרעהרען אין די אויגען רייסען זיך אָפט ביי אונז אַרויס אין בין-השמשות, ווען עמיצער ברענגט אונז גרוסען פון יענער ...יטער פערגעהענדער זון.

—אַצינד, ווען מיר זענען שוין נעהנטער בעקאַנט,—האָט שטיל געערעדט איבראַהים,—וועל איך אייך, שכנה, עפּעס זאָגען. איהר וועט זיצען געגענאיבער מיר, איך וועל אייך גוט בעטראַכטען, איך וועל נעהמען מיין מאָלבערט און וועל אייך געבען אַ געשאַנק אייער... אייגען פּנים. דאָס וועט זיין אַן אָנדענקען. איהר האָט מיך דערקענט דאָרט, אויפ'ן באַל פון נידערטרעכטיגע מאַסקען...

—אַן אָנדענקען און נאָך אַזאַ קורצער בעקאַנטשאַפט,—האָט זיך ענטשולדיגט מאַריטאַ, וואָס איז געוועהנט געווען אָבצוגעבען איהר כלה-מתנה שוין נאָך דעם, ווי זי איז געוואָהר געוואָרען, אַז איהר מזל ליגט שוין סיי-ווי-סיי ביי יענעם אין די הענד,—איך האָב עס נישט פערדינט...

—אָ, ביי אונז דאַרף מען זיך, שכנה טייערע, אַזעלכעס נישט פערדינען,—האָט ווידער געערעדט איבראַהים.—עס קומט אָן ווי אַ שטורם, גלייך ווי אַ שטראָם פון נישט פאַראויסגעזעהענע טרעהרען, ווי אַ פּלוצלונגעס ליבעס-שמייכעל. איהר וועט זיצען געגענאיבער און איך...

מאַריטאַ האָט אין פערלעגענהייט אַראָבגעלאָזט די אויגען. אין איהר האָט אַ קלאַפּ געטאָן דאָס געפיהל, וואָס עס האָט ערוואַכט איז די מינוטען, ווען טוביה'לע האָט איהר צום ערשטען מאָל דאָס פאָרהאַנגעל מיט איהר צורה דערלאַנגט. דאָס גוטע געפיהל האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט אַ שרעקליכען געדאַנק, אַז זי איז געקומען פון ה' וואַצלאַווס הויז שוין נישט זי.

—ווען אייך איז אָנגענעהם,—האָט מאַריטאַ האַלב-איינשטימיג געזאָגט,—קאָנט איהר מיר אייער געשאַנק דערלאַנגען. איך אָבער,—איך ווייס, אַז איך האָב עס נישט פערדינט.

—איהר האָט עס פערדינט,—האָט האַלב-שפּאַסיג, האַלב-ערנסט געזאָגט איבראַהים.—איהר און אייער בריליאַנט!

—צי דען?

—ריכטיג, ריכטיג...

—אַך ווי עס האָט זיך מיר דער קאָפּ פערדרעהט!

# דער שפּאַציר.

צומאָרגענס פאַרנאַכט האָט איבראַהים געהאַלטען פאַר דער האַנד מאַריטאַ'ן. ביידע זענען אַריבערגעגאַנגען דעם פערפרוירענעם טייך פון אונטער'ן שטאָדט. די זון איז געשטאַנען אַ רויטע און בעלויכטען דעם ווייסען שניי, וואָס איז יעדעס מאָל פון ווינד אויפגעהויבען געוואָרען פון דער ערד אין אַ קליינע זאַווירוכע. און גראָד דער קליינער ווייסער שטורם האָט געשטורמט איבראַהים'ס האַרץ; האָט עס געשטורמט און גערוישט מיט פערלאַנגען, ווי אין פריהלינג, ווי אין די מינוטען, ווען מיר דערזעהען דאָס ערשטע מאָל אַ בליץ אין פעלד און מיר ווייסען נישט וואָס צו טאָן.

— האָט איהר שניי ליב? האָט איהר ליב ווינטער? — האָט איבראַהים נעפרעגט. — איך, אַשטייגער, ביי מיר איז שניי אַ צווייטע זון. איך שפּיגעל זיך אין איהם, ווי אין אַ טייך, ווען די זון קוקט אַריין מיט וואַרימע טיפע אויגען.

מאַריטאַ האָט נישט געענטפערט. זי איז געגאַנגען מיט די אויגען אַראָבגעלאָזט. יעדעס מאָל האָט זי אינסטינקטיוו אַ ריהר געטאָן מיט'ן פינגער דעם בריליאַנט, וואָס איז אַרויסגעהאָנגען פון

די שווערע ווינטער־מלבושים, איהרע באַקען מיט טיפע הוֹיגריבע־לעך האָבען ראָזיג געשיינט און ווי אָנגעוואָרען יענעם געלען פלעק. די ליפען זענען פע־שלאָסען געוועזען און איהרע לאַנגזאַ־מע טריט האָבען פערצעהלט פון אַ מלאך, וואָס האָט פערבלאָנ־דזשעט אויף אַ ווייסער, ריינער מענשליכער ערד.

— איהר ענטפערט מיר נישט, שכנה. איך בעמערק, אַז איהר זענט טרויעריג. צו וואָס נוצט איצט דער טרויער? — האָט איהר וואַרעם געשעפטשעט אין די אויערן איבראַהים. — אָט וועט איהר באַלד זעהן, אַז איך בין אַ ווינטער־קינד. איהר וועט שטעהן און לאַכען.

מאַריטאַ האָט דעם קאָפּ אויסגעדרעהט לאַנגזאַם און עס איז קענטיג געוועזען, אַז זי געהט נישט זאָגען דאָס, וואָס האָט אינער־ליך איהר וועה געטאָן.

— איך בין טרויעריג, דאָך קוקט אייך אום — האָט זי געענטפערט. —עס ליגט שוין אָפּט אין מיר אַזעלכעס בייזעס, טונקעלעס... זאָל עס אייך נישט בעאונרוהיגען.

— נאָר מיך בעאונרוהיגט עס זעהר. איך וואָלט וועלען, אַז נעבען מיר זאָלט איהר זיין אַנ'אַנדערע, מעהר פרעהליכע ווערען...

— אויב איהר קאָנט עס בעשאַפען...

איבראַהים האָט זיך אַראָבגעבויגען און אויפגעקליבען אַ בײ־סעל שניי.

— איהר זעהט דאָס, שכנה טייערע? דערפון קאָן מען פער־שידענס מאַכען. ווילט איהר, קאָן מען דערפון מאַכען אַ ווייסען מענש איבערצושרעקען נאַכט־דורכגעהער, ווילט איהר, קאָנט איהר דערפון מאַכען באַלעמס, קנוילען צו וואַרפען אין דער הויך. דאָס איז דער שטאָף פון לעבען, וואָס לאָזט זיך מאַכען דערפון, וואָס מען וויל.

איבראַהים האָט געמאַכט פון שניי קוילען און זיי געוואָרפען און געכאַפּט, ווי אַ קונצענמאַכער. דערנאָך האָט ער אויסגעדרעהט דעם קאָפּ און דערהערט פון דערווייטענס דעם זילבערנעם גלאָק פון אַ שליטען.

ווי הויך און שען עס קלינגט ווייט! איך לויף אַהין! ליפּט איהר אויך מיט?

מאַריטאַ האָט זיך מאָדנע פערוויטעלט, ווען איבראַהים האָט זיך געשפּילט אין שניי אין אַ ליבליך-געמאַכטער שמייכעל, וואָס האָט נישט געוואָלט צושטערן איבראַהימס פרעהליכע שטימונג, האָט געשוועבט אויף איהרע ליפּען.

— אָ, ניין, ליפּען, דאָס נישט... — האָט מיט'ן זעלבען געמאַכטען שמייכעל געענטפערט מאַריטאַ.

— זיהר וועט ליפּען! — האָט ווידער מיט אַ פרעהליכען געלעכטערל גענומען איהר פאַר דער האַנד איבראַהים.

ווען איבראַהים האָט בעמערקט איהר ערנסט נישט-ריהרען זיך פון אָרט, איז ער אַוועק אַליין.

ער איז געלאָפען שנעל-שנעל, די קליינע זאַמיגרובע האָט אַ-לעמאָל זיך אַ הויב געטאָן פון דער ערד, אַ הויב געטאָן, געדרעהט זיך רעכטס, לינקס, און ביסלעכווייז פערוואָלקענט דאָס ווייסע שוואַרצע פינטעלע איבראַהימס.

מאַריטאַ איז געשטאַנען פון ווייטענס און זיך צוגעהערט צום זילבערנעם קלאַנג פון גלאָק און צום רוף איבראַהימס:

— ליפּט! ליפּט! ליפּט! ווי גוט איז דאָס ליפּען אין צווייען!

זי האָט געהערט די שטים, דאָך האבען איהר געקלונגען אַנדערע ווערטער אין די אויערן. עס האָט איהר געקלונגען די בראָנפען-פאַבריק דאָרט ווייט, ווינטער-צייט, די יאַגד, די אַקציז-ניקעס, דאָס דערשיסען די פויגעל, צוויי דורות, אַ טאַטע מיט אַ טאָכטער. און דאָס, וואָס זי איז איצט געקומען צו אַ פרעמדען מענשען מיט אַ פרעמד ווזען אין בויך — אָט דער לעצטער געדאַנק האָט איהר אַזוי מאַטערנד געטרייסעלט, דאָס זי האָט גע-פיהלט פון די קעלט אַ שניידיגען פראָסט אין די ביינער.

עס האָט זיך איהר אויסגעדוכט, אַז דער שניי, דער פער-פרוירענער טייך, דער הימעל — דאָס איז אַ שווערער כח, וואָס וויל איצט אומברענגען די פערלוירענע מאַריטאַ'ן.

זי איז אַזוי געשטאַנען און נישט דערהערט ווי איבראַהים

איז צו, אַרויפֿגעלעגט די האַנט לייכט אויף איהר אַקסעל און מיט אַ קלינגענדיג געלעכטערל אויסגעשאָסען:

— געשטיפֿט אַ ביסעל, נאָכגעלאָפֿען אַ שליטען ווי אַ יונגעל, נאָך וואָס אַנדערש? גאָט האָט בעשאַפֿען זיין וועלט נישט צוליב דעם, אַז אויף איהר זאָלען אַרומגעהן קליינע קאַלטע פילאָזאָפֿען. כאַ-כאַ! איהר הערט אַ קלאַנג פון אַ זילבערנעם גלאָק — לויפֿט איהם נאָך. ער נאַרט אייך נישט ווענ׳גער, ווי דאָס, וואָס איהר זוכט־אָב דאָס גרויסע לעבענסגליק און איהר געפינט עס נישט. כאַ-כאַ!

איבראַהים האָט אַ טרייסעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, זיינע האָר האָבען זיך צושאָטען, זיינע אויגען האָבען נערוועז-פרעהליך זיך געריהרט אין די לעכער. אינגאַנצען האָט ער אויסגעזעהן, ווי אַ יונגע לייב אין אַ ווייסען פוסטען לאַנד.

— דאָך ווי טרויעריג איהר זענט, — האָט איבראַהים גע־מאַכט אַ טרויעריגע מינע פון אַ קינד, וואָס בעט זיך ביים חבר׳ל צו שפּילען ערנסט.

— איך בין היינט ריכטיג נישט ביי מיר אין האַנט, — האָט זי דערשלאָגען געענטפֿערט. — איך האָף, אַז דאָס וועט פאַר־ביי. ענטשולדיגט מיר, עס דרעהט זיך מיר שווער דער קאָפּ...

איבראַהים האָט זי גענומען אונטער דער האַנד און, גע־הענדיג פּאַמעליך, האָט ער געפיהלט, אַז דער מענש, וועלכען ער האָט דאָ געוויילט, הייסט מאָטיעם טאָכטער, אַ קינד, וואָס האָט אַ־מאָל אַ פרעהליכע היים געהאַט, מיט אַ שוהל און אַ גאָלדענע ספר-תורה, פונקט ווי ער, און האָט פון דאָרט אַ בריליאַנט געבּרענגט, פונקט ווי ער, די ווייטע-ווייטע ערינערונג אין האַרץ.

מאַריטאַ איז געגאַנגען נעבען איהם. איהר האַרץ איז געפאַ־לען געוועזען, דאָך דער זילבערנער קלאַנג פון גלאָק און איבראַ־הים׳ס פרעהליכע שפּילען אין שניי האָט איהר געקלונגען מיט אַ נייעם לעבענס-חלום, מיט אַ ניי, ניי גליק.

איבראַהים איז געגאַנגען פּאַמעליך. ער האָט בעטראַכט דעם ווייסען שניי, די רויטע ווייטע זון און דאָס ראָזיגע פנים מאַרי־טאַס, וואָס עס האָט איצט, אונטער׳ן איינדרוק פון פראָסטיגען ווינ־

טע־ און ווינד אין דרויסען, דאָ זיך געשיינט ווי אין פֿריהלינג,
און דאָ אַלץ צוזאַמען — די פֿרוי, דער הימעל, דער בריליאַנט
פֿון איהר האַרץ, איהר שמייכעל האָט איהם געקלונגען, ווי איין
זאַך, ווי איין פֿרעהליך־טרויעריגער לעבענס־עכאָ...

— איהר זענט היינט אַנ'אַנדערע אין מיינע אויגען, ווי נעכ־
טען, אייערנעכטען, — האָט מילד גערעדט איבראַהים. — איהר
זענט מעהר גענויגט צו גלויבען אין אייער לעבענס־בעשירמער.

— לעבענס־בעשירמער, לעבענס־בעשירמער, — האָט אונ־
טערגעכאַפּט די ווערטער מאַריטאַ מיט פֿערליבטע אויגען. — איך
וועל עס זעהן אין אייך.

— איהר קאָנט עס געפֿונען אין מיר, ווען איהר ווילט.

— איך האָף צו זעהן אין אייך דעמיענינגען...

ווען זיי זענען אַריין אין שטוב, האָט איבראַהים בעמערקט, ווי
איהר פּנים ליגט איצט אונטער אַנ'אויסטערלישער חן און ער
האָט בעמערקט:

— שוועסטער, שוועסטער, אויף עטליכע מינוט פֿון ווייטען,
איך וועל דאָ שטעהן איבער דיר, דיין פּנים און דיין בריליאַנט...

מאַריטאַ, בעהאַנגען מיט איהר בריליאַנט, איז זיצען געבליבען
אין אַ רוהיגער פּאָזע. איבראַהים האָט זיך פֿערטיפֿט אין זיין אַרבייט.

צוערשט האָט ער אויפֿגעצייכענט דאָס פּנים, די אויגען,
דערנאָך האָט ער זיך גענומען צום בריליאַנט. דאָ האָט ער פֿרי־
הער בעטראַכט די שטילע ראָזע פֿאַרבען, דערנאָך דאָס גאָלדענע
רעמעלע, געשניצט פֿון דער פֿאָרם פֿון „כתר של תורה" און מיט
איין מינוט האָט אַבלישטש געטאָן נאָך אַזאַ בריליאַנט, ווי מאַרי־
טאַ האָט אויף איהר האַרץ געטראָגען.

— זעה, ווי גוט ער איז אַרויס, — האָט זיך געפֿרעהט איב־
ראַהים. — עס פֿרעהט מיך זעהר, וואָס איך האָב אַזעלכען אַ
צווייטען. איך דאַנק דיר פֿאַר דיין מתנה... דאָס איז אַ קמיע
מיינע און דיינע!

איבראַהים איז געפֿאַלען אין איהרע אָרעמס און האָט אין
זיינע קושען אויסגעמיטען יענע מאַניערען פֿון לייכטער מענליכער
בענעהמונג. טרעהרען זענען געפֿאַלען פֿון זיינע אויגען.

## זי שענקט דעם בריליאנט.

—ווען איך בין אַ קינד געווען, האָב איך דעם בריליאַנט
בעקומען אַ מתנה. דאָס איז געווען פערבונדען דערמיט, וואָס
מיין פאָטער, אַ מענש פון אַלטען דור, האָט אויף מיין לעבען גע-
געבען תקיעת כף, דאָס הייסט אַז איך זאָל זיך אין מיינע כלה-יאָה-
רען אָנשליסען אין דער משפחה און אין דעם, וואָס איהם געפעלט.
ווען איך בין געוואָהר געוואָרען, אַז דער בריליאַנט איז פערבונ-
דען מיט אַזאַ צוזאָג, האָב איך פאַר איהר מורא געקריגען און
אָוועקגעשענקט מיין דינסט דרשה-געשאַנק. איך האָב איהם שפע-
טער געוואָלט איבערגעבען אַ בחור'ל, טוביה'לע שרייבער. ער
איז שוין אויף מיין ברוסט נישט געווען, ווען מיין פאָטער איז
פערשטאָרבען געוואָרען. האָט די דינסט מיר צו מיין חתונה דעם
בריליאַנט צוריקגעגעבען. דער בריליאַנט איז אַזוי אַרום אַריינגע-
פאַלען צו מיין מאַן צאַלע, דעם איבערבויער פון הייזער, דעם אָני-
פיהרער פון געריכטס-ענינים. ער האָט איהם אָבער נישט געשוינט
און געוואָלט אויסטוישען אויף נייע היינטיגע בריליאַנטען. נאָר איך
האָב איהם צוריק בעקומען. שפעטער האָב איך מיך צונגעהויבען

אַרומצוקוקען, אַז אַלץ, מיט וואָס מיין טאַטע האָט מיר פערזאָרגט, ווי: שענע רייכע הייזער, פערמעגענס, אַ שוהל, אַ תּלמיד-תּורה פאַר קינדער און נאָך אַזעלכעס, וואָט עס האָט געהערט צום אַלטען פריהליכען דור, האָב איך אָנגעוואוירען. האָב איך וואָס געטאָן מציל געוועזען דעם בריליאַנט. אַצינד, ווידער, האָב איך דאָס הויז פון מיין מאַן צאַלע פערלאָזט און איך האָב דעם בריליאַנט אַהער געבראַכט. ווי געפעלט דיר די געשיכטע?

— כ'הער זי... כ'הער זי... — האָט דערשלאָגען גערעדט איבראַהים. — נור וואָס ווילסטו דערמיט זאָגען?

— האָב איך אַהער געבראַכט די מתנה און איבערגעגעבען ה' וואַצלאַוו דעם אַנטיקוואַר פון גאָלד און בריליאַנטען. ער האָט איחם אין זיינע חפצים געהאַלטען. טייל-מאָל האָט ער איהם גע-באָרגט אויף העלזער פון נישט-אָנשטענדיגע פרויען און געהאַנ-דעלט מיט איהם ווי מיט אַ משכון אַ פערזעצטען. האָב איך איהם פון זיינע הענד אַרויסגעריסען און צוריקבעקומען אויף מיין ברוסט...

מאַריטאַ איז שטעהן געבליבען, ווי אַ מענש, וואָס פערצעהלט זיין לעבענס-ודוי.

איבראַהים האָט איהר פון אַ זייט אָנגעקוקט.

מאַריטאַ האָט מיט טרעהרען אין די אויגען אָנגענו-מען איבראַהים'ן ביי די הענד און געשעפטשעט שטיל:

— דאָס זענען שלעכטע הענד געוועזען. זיי זענען נישט ווערט געוועזען מיין כלה-מתנה. אַצינד, אָ, איבראַהים, נעהם איהם אין דיינע הענד. דיר קומט ער, דו וועסט לעבען מיט זיינע ראָזע שטראַהל'ען, און דו הערסט? ווען מאָטיעס טאָכטער וועט שוין נישט זיין, זי וועט אַוועקפאָהרען אָדער שטאַרבען, וועסטו בלייבען ביים בריליאַנטיגען חפץ, ביי אַ גוט אָנדענקען.

איבראַהים איז געשטאַנען, ווי מאַריטאַ, מיט'ן קאָפּ אַראָפּגע-לאָזט און געשעפּשעט:

— אָבער נאָך-וואָס, שוועסטער? צו-וואָס זאָל ער הענגען ביי מיר?

— נעהם, נעהם אין דיין שטוב, אויף דיין וואַנד זאָל ער הענגען, וועסטו אויפשטעהן אינדערפריה, וועט ער דיך באַלויכטען;

פֿאַרנאַכט וועט אַריינקוקן די מידע, בלייכע לבנה, וועט ער דיר גוטע געדאַנקען געבען. דער בריליאַנט וועט דיך דערמאָהנען אין אַ זינדיגער, געפֿאַלענער געליבטע... אָ, ווי זינדיג איך בין!

זי האָט דעם בריליאַנט אָנגעשפּיליעט אָן זיין ברוסט, און אַרויספֿאַלענדיג מיט די הענד אויפֿ'ן האַלז, האָט זי אויסגעשאָסען מיט אַ געוויין:

— פֿון דיינע הענד וועט ער ווייטער שוין נישט געהן, כּל־זמן איך וועל אויף דער ערד לעבען! ניין! ניין!

# נאָך עפּעס...

ווען מאַריטאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט איינע אַליין אין צימער, האָט זי זיך דערפיהלט, אַז דער בריליאַנט, וואָס זי האָט ביז איצט געטראָגען אויפ׳ן האַרץ, האָט זי אַוועקגעגעבען אַ מענשען צו געטרייען. איבראַהים הייסט ער. ווייטער וועט ער שוין נישט געהן. דאָס איז די גרעניץ, ביי וועלכע ער האָט זיך אָבגעשטעלט. איצט האָט איהר נאָך געפייניגט אין דער שטיל איין זאַך: זי האָט געפיהלט, אַז די היינטיגע טעג זענען די לעצטע-לעצטע, וואָס מען קאָן זיך אָבהאַלטען פון נישט זאָגען וואָס קומט-פאָר. היינט-מאָרגען וועט אָבער דער סוד אַרויסשווימען פון אויבען, זי וועט פאַלען צום בעט, שרייען און וויינען, און ווי וועט זי אויסזעהן אין די אויגען פון גוטען טרייען מענש איבראַהים? ווי וועט זי פאַלען ביי זיך אין די אויגען, ווען זי וועט זיך געפינען מיט א פרעמד ווייזען אין עוֹן ביי אַ פרעמדען, גוט-געליבטען מענשען?

צוויי כחות האָבען איצט געקעמפט אין איהר. איין כח איז געווען דאָס יונגע בת-יחיו׳ה׳שע צאַרטע אין איהר; דאָס האָט זיך שטאַרק אַוועקגעשטעלט: „ניין! ניין! מאַטיעס טאָכטער, דו ווייסט

וועגן דעם קיין וואָרט נישט זאָגן, ביז די מינוט פון שרעקלי־כן וויינען און שרייען", די צווייטע שטים האָט געררופן: „אַ פרוי, אַ שוואַכע אַ קראַנקע—ווי אַזוי קאָנסטו בלייבן אָהן אַ בעשיצער און בעשירמער? דו מוזט זאָגן איבראַהים'ן".

ווען איבראַהים איז אַהיינגעקומען, האָט מאַריטאַ, אָנשטע־לענדיג זיך אַ מינע, אַז זי האָט פון גאָרנישט געטראַכט, אַ ליב־ליכען בליק געטאָן אויף איהם—און געפרעגט:

—פיהלסטו זיך איצט נישט בעסער ווי מיר? איז דיר נישט בעסער, ווען איך האָב דיר אַוועקגעגעבען דאָס, פאַר וועלכען איך האָב מיך מיט מיין לעבען בעצאָהלט.

—מיר איז גוט...—האָט איבראַהים גערעדט, ווי ניי פער־ליבט.—דאָך קלאַפּט מיר דאָס האַרץ. איך טראַכט אַלץ וועגען זיך, אַז איך האָב דיר עפּעס פון האַרץ בעריבט.

—צי דען?

—אַנדערע אַזעלכע, ווי איך, האָבען אויך די כלה־מתנה גע־נומען. זיי האָבען געטראַכט, אַז זיי ברענגען דיר דאָס גליק און האָבען דיר טרויער געבראַכט...

—נישט רייד אַזע כעס...—האָט מאַריטאַ זיך געבעטען.

—אויך אַנדערע האָסטו פערוועהרט אַזוי צו ריידען...

זי האָט אַ מינוט די אויגען אַראָבגעלאָזט און איבראַהימס שוועסטער־טרייע ווערטער האָבען איהר געקלונגען, ווי אַ חלום'דיגע שפּראַך פון נישט דער וועלט.

—זיי צופרידען,—האָט מאַריטאַ זיך געבעטען מיט בעטענ־דע בליקען.—איך שענק עס דיר פון האַרץ פאַר דיינע גוטע חלוכות וועגן... דאָך, העזקולעס, איך האָב דיר נאָך אַלץ נישט געזאָגט. איך האָב דיר נאָך צו פערטרויען אַ סוד אַ שטילען... ווייסט, איבראַהים, אַז זאָגען וויל איך עס, דו וועסט נישט אויפ־געציטערט ווערען? די פרוי, וואָס זיצט נעבען דיר, איז נישט אַליין, מיט איהר איז פערבונדען אין גליק אַ טונקעל וועזען... עס שטאַמט דאָך פון דאָרט, פון ה' וואַצלאַוו'ס הויז, פון דאָרט נאָך... אָ, איך זעה, ווי איך פאַל אין דיינע אויגען, איבראַהים.

זי האָט איהם ביי די הענד אָנגעכאַפּט און דורך אַ הייסען שטראָם טרעהרען האָט זי שטיל געשעפּטשעט:

—פון דיר פערלאַנג איך איצט אַ מוטערליכע און מוטער-ליכע הילף. איך וויל, אַז אין האַרץ זאָלסטו מיר מוחל זיין. איך בין אומגליקליך. איך וויל שטאַרבען דאָ אין דיינע אָרעמס...

איבראַהים איז זיצען געבליבען פערשטיינערט. ער האָט געטראַכט איצט אַזעלכעס, וואָס ער האָט פריער נישט געקאָנט אַרויס-זאָגען. עס האָט זיך אין איהם געריסען דער בעשירמער-מאַן, דער, וואָס האָט געוואָלט אָפּפערען עפּעס פון זיך. ער האָט לייכט צוגע-בויגט די ליפּען צו איהר פנים, איבער וועלכען עס האָבען גע-שטראָמט וואַרימע טרעהרען, און האָט ליבליך גערעדט:

—אָבער נישט זאָרג, שוועסטער, דו וועסט עס האָבען אין מיר. איך וועל פאַר דיר אַלץ זיין. איך האָב גאָרנישט וואָס צו פערצייהען. דען דו האָסט גאָרנישט געזינדיגט.

און ריידענדיג די ווערטער, האָט ער געפיהלט, אַז אין זיי-נע הענד ליגט אַ געפאַלענע בלום, וועלכע מען רופט ר׳ מאָטיעס טאָכטער, א געפאַלענע אונשולדיגע פרוי, איבער וועלכער ער וועט איצט שטעהן, ער, איבראַהים, דער ליבענדער בעשירמער.

עס האָט איהם וועה געטאָן איהר חרטה, דאָך האָט ער זיך געפיהלט גליקליך דערמיט, וואָס ער וועט דער אויפלעזער פון איהרע זינד זיין. ריידענדיג די ווערטער, איז איהם איינגעפאַלען אַ געדאַנק, אַז ער און דאָס קליינע וועזען וועלען זיך צוזאַמענגעפינ-דען, ווי אַ זער, מוטער און קינד. עס וועט צווישען זיי קיין חלוק נישט זיין. עס וועט קיינער נישט פרעגען, ווער וואָס געוועזען איז, אַזוי גליקליך וועלען זיי זיין.

— אָט אַזוי, אַזוי, — האָט איבראַהים איהר ברידערליך וואַרים די ליפּען געדריקט.—דו האָסט מיך נישט דערשראָקען מיט דיין סוד. איך וועל דעם פערגעניגען ברענגען. איך בין גליקליך דערמיט. אַצינד וויש-אָב די טרעהרען און קוק מיך אָן גלייך אין די אויגען, ווי פאַר דיר האָלט דיין טאַטע מאָטיע געשטאַנען. דאָס פערלאַנג איך.

ער האָט איהר אָבגעווישט די טרעהרען און צוגעגעבען:

—גוט, גיט האָסטו געטאָן, וואָס דו האָסט דיין ברילליאַנט איבער מיין געלעגער אויפגעהאָנגען. ער וועט וועקען ביי מיר גוטע געזאַנקען, גוטע חלומות...

## דער פעסימיסט.

ווען איבראַהים איז אַזוי געשטאַנען ביים בילד פֿון מאַרי-טאַן, האָט עמיץ געעפֿענט די טיר. דאָס איז געווען אַ מענש אַ פֿרעמדער, וועלכען מען האָט ביז איצט נישט געזעהען דאָ. ער האָט לאַנגזאַם בעטראַכט איבראַהימ'ן און קאַלט, אַרויפֿלעגענדיג די האַנד אויף זיין אַקסעל, געזאָגט:

— איבראַהים! אָ, איבראַהים!

— לעווי! — האָט פּלוצלונג אויסגעשריען איבראַהים — פֿון װאַנען? און וואָס עפּעס אַזוי אומגעריכט?

— דאָס מאָל, — האָט רוהיג געענטפֿערט דער פֿרעמדער, — בין איך גאָר נישט געקומען אומגעריכט. איך בין געקומען צוליב עפּעס. וואַרט נור אויס.

דער פֿרעמדער, וועלכען איבראַהים האָט גערופֿען לעווי, האָט פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿען די שווערע גרויע קליידער און אַ גרויסען שטעקען, וועלכען ער האָט מיט אַ פֿעסטקייט געהאַלטען אין די הענד.

דאָס איז געווען אַמענש אין די דרייסיגער יאָהרען, מיט אַ קליין אַסקעטיש פערלאָזט בלאָנד בערדעל און גרויסע קאַלטע

גרויע אויגען, וואָס האָבען אָבגעשפּיגעלט אין זיך די פאַרב פון וואַסער אין הערבסט-צייט.

זיין ריידען איז געלאַסען געוועזען און אויף זיינע ליפּען האָט זיך געוועבט יענער שטילער שמייכעל פון אויסלאַכען עפּעס.

— דו ביזט נאָך אַלץ דערזעלבער איבראַהים, און פון יענער צייט, וואָס איך בין אַוועק פון דיר, דערקען איך נישט אין דיר עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל דיך אונטערשיידען פון דעם, וואָס דו ביזט געוועזען. דערזעלבער ענטוזיאַסט פון בלויע פאַרבען, זילבער־נע לבנות'ס און גאָלדענע שטערען. דאָך וואָס הערט זיך ביי דיר?

איבראַהים האָט זיין נייעם חבר פרעהליך אָנגעקוקט און, אויספרעגענדיג אויף זיין לעבען, אין דער לעצטער צייט געזאָגט:

— דו ביזט מסתמא געקומען צוליב זעהר אַ וויכטיגער זאַך. איך דערקען עס אין דיר.

— עס האַנדעלט זיך אין דעם, וואָס די אויסשטעלונג פון בילדער האָט געשענקט צו דער ערעפענונג אַ פּרעמיע אויף דעם שענסטען פרויען-געשטאַלט, וואָס די פּענזעל-קונסט וועט איהר דער־לאַנגען.

— וואָס איך הער?

אויב דו ווילסט, וועלען מיר ביידע נעהמען אָנטייל אין דעם קאַמף פאַר דער פּרעמיע. איך בין עס דיר געקומען מודיע־זיין. ווער איז דאָס בילד פון דער פרוי, אונטער וועלכען עס איז אונטערגעשריבען „מאַריטאַס גליק?“

— אַ בעקאַנט געשטאַלט, אַמאָדעל אַ פיינער. בעטראַכט נאָר דעם ברילּיאַנט פון איהר האַרץ, וועסטו שוין פערשטעהן, ווער דער מאָדעל איז.

—פאַנטאַזיאָר! — האָט אויסגעשריען מיט אַ געלעכטער לעווי, — אפשר דאַרף מען צמאָל אויפ'ן האַרץ, וואו עס ליגט יעצט דער ברילּיאַנט, אַוועקלעגען אַ שלאַנג אַ טויטע, אַ גיפט-טויטע שלאַנג?

— אָ, טייערער זוהן פון בורא, — האָט מיט אַ געלעכטער געזאָגט איבראַהים, — איך וואָלט דיך שוין גערן זעהן וויים פון דיינע טויט-און פערניכטונגס-טראַכטען. זאָלען לעבען די פאַרבען פון לעבען און דאָס, וואָס טויט איז, זאָל שטאַרבען מיט'ן טויט צוזאַמען.

— איך האָף, — האָט ווידער מיט אַ שמייכעל געזאָגט לעווי, — אַז וואָס ווייטער איך וועל זיך פֿעררוקען אין לעבען אַריין, אַלץ מעהר וועלען די פֿאַרבען פֿון מיינע אויגען זיין גרויער, ווי דאָס אַש פֿון אַ קאַלטען פֿערלאָשענעם מזבח, ווי דער שטויב פֿון טויזענדער צוריבענע שטיינער. נור זאָג מיר, ווער איז די פֿרוי? ס'אַרא ליניען, ס'אַראַ אויסדרוק פֿון געזיכט! דאָס איז אַ שאָטען פֿון אַ מענשען, וואָס ענטשפּרעכט מיינע טעכעס אינגאַנצען.

— איך האָב זי בעגעגענט אויף אַ מאַסקען־באַל. הער אויס. איך בין אַזוי געשטאַנען צווישען יענע לייט מיט די רויטע מאַסקען און פּלוצלונג איז פֿאַר מיר דורך אַ מענש מיט אַ בלויער מאַסקע. אַנ'איינזאַמער האָט ער מיר געשיינט, אַ שטילער, אַ פֿערלוירענער. אָ, ווי פֿערלוירען!

— און פֿון וואַנען קומט זי אַהער?

— אָ, עס איז צופֿיל צו פֿערצעהלען, מיין פֿריינד. איהר לעבענס־געשיכטע הויבט זיך אָן מיט אַ ראָזען בריליאַנט, וועלכען זי האָט אָהן אויפֿהער איבערגעגעבען פֿון איין האנד אין דער צווייטער, ביז זי איז אַליין געפֿאַלען אין טיפֿען תהום.

— און נור צוליב דעם?

— צוליב אַ כלה־מתנה בלויז, צוליב די אונשולד און שטילען גלויבען, וועלכען זי האָט פֿערלוירען אין קאַמף מיט'ן לעבען.

— און פֿון וואַנען שטאַמט זי?

— אָ, מיין פֿריינד, פֿון אַ דור אַנ'אַנדערן, אַ ווייטערן, אַ לעבעדיגערן, אַ דור פֿון בלויען געטליכען גלויבען.

— ווי איז איהר נאָמען?

— מאָטיעס טאָכטער אָדער מרים.

— און איהר פֿאַמיליען־שטאַנד?

— אָ, לעווי, איינער פֿון די וואָהלהאַבענדע קנאָספּען, וואָס האָבען בליהען אָנגעהויבען אינטער'ן בלויען שטערענדיגען הימעל.

אויף איבראַהימס פּנים זענען אָנגעלאָפֿען דינע, זרזבנע קנייטשעלעך פֿון געפֿיהל און ענטציקונג, און לעווי האָט איראָניש געשמייכעלט אונטער די ליפּען:

— וואָס קומט דערויס, אַז פֿון איהר גאַלדענע וויג איז זי 

אַרונטערגעפֿאַלען אונטער דער קאַלטער האַק פֿון לעבען. אַט זעה די פֿלעקען פֿון אונטער די אויגען. זיי עסען אָב די פֿאַרבען פֿון די ראָזע באַקען ביסלעכווייז, ווי דער דינער נודנער רעגען דאָס ווייסע אונשולדיגע פּנים פֿון שניי. ווייסטו? וואָס מעהר איך העהר אויס איהר לעבענס-געשיכטע, אַלץ מעהר טראַכט איך, אַז זי געהער צו מיינע טעמעס. דאָס איז איינע פֿון יענע לעבענס-דורגעגאַנגענע, וועלכע עס פּאַסט מעהר אַוועקצולעגען אַ שלאַנג אויפֿ'ן האַרץ, ווי אַ בריליאַנט.

— און איך וועל דאָך זעהן צו ערהויבען איהר לעבען אַזוי, מיין פֿריינד, אַז די גרױע פֿלעקע אונטער איהרע אויגען זאָלען פֿערשווינדען און איהרע שולדיגע לעבענס-זינד זאָלען פֿערשווינדען.

— דאָס איז אַ פֿאַנטאַזיע און שיינט אַזוי אונמעגליך, מיין פֿריינד, ווי די מעגליכקייט פֿון אַ קליינע מענשליכע האַנד צוצוטרייבען די גרויע כמאַרעס פֿון בלויען הימעל.

— דו ביזט צופֿיל האַרט, לעווי!

— אָ, גליקליכער פֿאַנטאַזיאָר!

לעווי און אַבראַהם זענען זיצען געבליבען, איינער פֿון אַנדערען אָבגערוקט, ווי האַלב אונצופֿרידען פֿון זיך.

לעווי און אַבראַהם זיינען געוועזען חברים פֿון דער קינדהייט.

אַמאָל-אַמאָל האָבען זיי נעבען צוויי הייזלעך געלעבט.. ביידע זענען זיי אין דער קינדהייט אויף איין באַרג געלאָפֿען, צום ארון-קודש פֿון איין שוהל געקומען. נאָר די הויט האָט אין זייער קינדהייט אַן אין זייערע מוחות פֿערשידענאַרטיג געקלונגען, און ווען אַבראַהם איז געגען ווינד פֿרעהליך געלאָפֿען און געקוויקט זיך און געשעפּט לעבען פֿון קינדערישען גליק, פֿלעגט דער קליינער לעווי דעם ווינד זידלען:

—זעה וואָס אַט דעם משחית, וואָס ברענגט ער אונז? שאָדען בלויז. וויפֿיל הייזער מאַכט ער חרוב, וויפֿיל תבואות פֿערניכטעט ער, וויפֿיל לעבענס פֿון מענשען? היינט דער באַרג, וואָס איז ערגער גאָרנישט מיט גאָרנישט. ער דערגרייכט קוים צום וואָלקען. מעהר געהט עס נישט. און וואָס איז די גרויסע זון געגען דעם

וואָלקען, וואָס פערנעפעלט זי דריי פערטעל פון קיילעכדיגען יאָהר?

דערום האָט זיי די וועלט מיט איהרע פרייד און טרויערן פערשידענאַרטיג געקלונגען נאָך פון דער קינדהייט, און ווען איבראַהים איז געווען אַ גרויסער פרעהליכער טרוימער פון בלויע הימלען, וועלכע האָבען זיך פערצויגען ביז'ן שפעטען לעבען אריין, איז לעווי געוו,רען אַ שטילער מעלאַנכאָלישער בעטראַכטער פון די גרויע וואָלקענס. דאָס איז געווען אַ נאַטור אַ סקעפּטישע און אַ האַרטע, וואָס האָט געענטפערט אויף יעדע ענטציקונגס-מינע מיט אַ געלעכטערל, מיט אַ מאַך מיט דער האַנד.

דערום האָט זיי אויך דאָס גלויבען, וואָס זיי האָבען פון די קינדער-וויגעלעך געבערענגט, פערשידענאַרטיג געקלונגען מיט דער צייט, וואָס זיי האַבען זיך גערוקט טיפער אין לעבען אריין. און ווען איבראַהים האָט אָפט דערמאָנט דעם גרינעם באַרג, איבער וועלכען ער איז געלאָפען, די גאָלדענע ווערטער יהוה האָט ער מיט בעגייסטערונג געטראָגען אויף די ליפען, האָט לעווי די ערינערונג צונישט געמאַכט.

— געה שוין, געה! — פלעגט ער זאָגען מיט איראָניע,— וואָס איז דען דיין יהוה, אַז דאָס לעבען, אינגאַנצען גענומען, מיט די געטער פון אַלע שטאַנדען פיהרען צו פערניכטונג און שטויב.

ער האָט די גאָטהייט פון לעבען צונישט געמאַכט צוזאַמען מיט איהר זון און קאַלטע שטערן. דאָס איז דער אונטערשייד צווישען ביידע געווען.

אָט דידאָזיגע צווייערליי חברים-פערבונדענע פון דער קינדהייט זענען מיט אַ יאָהר 15 צוריקגעקומען אין שטאָדט און ביידע, אַריינדרינגענדיג אין רייך פון פאַרבען, האָבען זיי זייערע ערינערונגען געמאָהלט אין פערשידענע אָרטען. איינער האָט געמאָהלט דאָס געשפענסט פון דער אַלטער שוהל און די אַלטע מתפללים אין געשטאַלט פון עפּעס אַ זון, וואָס דרינגט דורך מיט איהרע לויטערע שטראַהלען די פינסטערע וואָלקענס, דער צווייטער האָט די קינדהייט אינגאַנצען אין אַ טונקעלען געשפענסט פאַרגעשטעלט 

ער האָט נישט קיין ערינערונג פון לעבען אונטער זיינע פלייצעס געפּיהלט, און נישט קיין גאטהייט. ער האָט געפּיהלט, אַז אונטער איהם ליגט אַ קאַלטער שטיין פון אַנ׳אויסגעלאָשענעם מזבח, וואו עס האָט אַמאָל אַ פייער געברענט, אַ קליין נאַריש פייערל. אָט אַזעלכע זענען זיי און זייערע פאַרבען געוועזען.

און אַצינד, ווען זיי האָבען בעטראַכט דאָס בילד פון דער פרוי, איז יעדען עפּעס אַנדערש אויפ׳ן זינען געקומען.

— אַבילד! אַבילד! — האָט איבראַהים אָנגעוויזען אויף דעם אויסדרוק פון די צאַרטע ליניען, — אַ מלאך אַבלויער און דער ברילייאַנט אויף איהר האַלז שיינט ווי טויזענדער שטערען. האָסטו אַמאָל ערגעץ אַזאַ ברילייאַנט שוין געזעהן?

—ברילייאַנט... ברילייאַנט...— האָט לעווי אַ שמייכעל געטאָן— איך וואָלט אויפ׳ן אָרט פון ברילייאַנט אַיועקגעלעגט, וויסטו וואָס? אַ טויטע שלאַנג, אַ שלאַנג, וואָס קאָן נישט בייסען מעהר. און וויסטו, וואָס מיר געפעלט אַמשטאַרקסטען? זעה אָט דאָ, אונטער די אויגען, בעוויזען זיך צוויי געלע פלעקען. די פלעקען עסען ביס-לעכווייז די ראָזע פאַרבען פון איהרע באַקען... כאַ כאַ! דיינע הענד האָבען זיי אַליין געמאַכט... זעה, ווי ריכטיג דאָס איז!

—שווייג! שווייג! פינסטערער תלמיד פון בודא! — האָט איבראַהים איהם שאַרף געענטפערט.— דאָס איז אַ צופאַל נור, און ווען דו וועסט זי זעהן,— וועסטו אַנ׳אַנדערע זעהן פאַר זיך. אָט קומט זי אָן...

# ווער איז ער?

מאַריטאַ איז צוגעקומען געלאַסען און, אַ בליק טוענדיג אויפ'ן בילד איהרען, איז זי פאַר'ן אונבעקאַנטען שטעהן געבליבען מיט די אויגען אַראָב, ווי זי וואָלט אָבוואַרטען, אַז יענער זאָל איהר דערלאַנגען די האַנד.

לעווי האָט זיך קאַלט פערנויגט.

—איז דאָס דער אָריגינאַל?—האָט לעווי גלייכגילטיג געזאָגט, ווי ער וואָלט מיינען דערמיט אַרויסצוווייזען זיין קאַלטקייט צום לעבען.

—די פרוי און דער בריליאַנט, וואָס דו זעהסט דאָ,—האָט געענטפערט איבראַהים,—ווייט זוכען דאַרף מען עס נישט, נור דו, לעווי, וואָלסט דאָס בילד אַנדערש גענומען, דו וואָלסט עס איינהילען אין אינדישע בלומען און געוויקסען...

—אַלענפאַלס וואָלט איך דאָס בילד געגעבען אָהן בריליאַנט...—האָט געשמייכעלט לעווי.—איבעריגענס, דערפון נאָך שפּעטער. ווי לאַנג איז דער גאַסט אין דיין הויז?—האָט קאַלט געפרעגט לעווי.

מאריטא איז נאך א מינוט געשטאנען, דערנאך, ווען זי האט דערזעהן, אז זיי ריידען העלגט פון בילד, העלפט פון איהר, האט זי געוואלט אוועקגעהן.

לעווי האט איהר אָבגעהאַלטען און געזאָגט:

—איהר שטערט אונז נישט, מיר בעטען אייך בלייבען אויפ'ן אָרט. זענט איהר דאָ דאָס ערשטע מאָל?

—דאָס ערשטע מאָל,—האָט שטיל גערעדט מאַריטאַ.—איך גאַנצען נישט לאַנג, און זיך שוין פּערדינט אַט אַזאַ מתנה...

—זעהר שען, —האָט גערעדט לעווי,—איהר האָט עס שנעל פּערדינט ביי מיין חבר און אויך איך וואָלט אייך ביי אַ געלעגענ־הייט בעטען, צו לאָזען אייך שענקען אַזאַ מתנה.

—זעהר גוט, ווען אייער ווילען פּערלאַנגט עס,—האָט גע־שעפּטשעט מאַריטאַ.

—מיין פריינדין וועט עס טאָן,—האָט אונטערגעהאַלטען איב־ראַהים.—דערמיט וועלען בעשאַפען ווערען צוויי־ערליי געשטאַלטען, צוויי־ערליי פאַרב־ווערלטען. אַצינד וועל איך אַלעמען בעטען זיצען.

אַלע דריי האָבען זיך אוועקגעזעצט: איבראַהים אין דער זייט פון מאַריטאַ'ן, לעווי בעזונדער.

לעווי האָט פּאַר'ויכערט אַ ציגאַר און אַ שטאַרקער רויך האָט פּערוואָלקענט די שטוב. מאַריטאַ האָט געמאַכט אַ צייכען, אַז איהר שטיקט נישט דער רויך.

—און אַזוי וועט איהר געוויס מיינען, דאָס איך האָב נאָר צוליב אייך גענומען רויכערן,—האָט עדעל גערעדט לעווי,— נור איך מוז אייך פּערזיכערן, דאָס שטאַרקער רויך איז שטענדיג ביי מיר אין מויל, ווי ביי אַ אַנדערן אַ זיסע זאַך. איך רויכער שטענדיג. איך פּעררויכער די יאָהרען, די זיס־זויערע יאָהרען, כאַ־כאַ...

—דו רויכערסט היינט נאָך שטאַרקער, ווי אַמאָל,—האָט גע־זאָגט איבראַהים נישט צופרידען.—דו רויכערסט מיט שכרות, דאָס שכרות פון רויך ליגט דיר אין די אויגען, דו זעהסט אויס—ווי אַנ'אמת'ער אינדיער.

—איך וואָלט גע'ן דאָרט זיין, — האָט געענטפערט מיט אַ שמייכעלע לעווי צו מאַריטאַ'ן,—זיי פערשטעהען בעסער, ווי מיר,

דאָס לעבען. זיי זעהען די גאַנצע פֿערניכטונג פֿון ערד און זונען־סיסטעם קלאָר פֿאַר די אויגען, מיר אָבער ענטציקען זיך נאָך מיט הימעל־בלויקייט און שטערען און בריליאַנטען... כאַ־כאַ!...

—אַוועק! אַוועק מיט דיין פֿילאָזאָפֿיע!—האָט מיט שפּאַס אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד איבראַהים.—אַצינד ריידען מיר עפּעס וויכטיגערס, ווען הויבט זיך אָן די אויסשטעלונג?

—די טעג, צום זומער־סעזאָן, אין די ערשטע טעג פֿון פֿריה־לינג. דו האָסט שוין עפּעס פֿאַרבערייטעט? איך טראַכט איצט דערפֿון. די גוטע בעקאַנטע דיינע וועט מיר זיין אַ גוטער בייהילף, צו שטעהן אין קאָנקורענץ מיט דיין בילד פֿון איהר געמנומען ריכטיג.

—עס קאָן ריכטיג זיין,—האָט בעמערקט מאַריטאַ מיט אַ בליק צו איבראַהים׳ן, אַז יענער זאָל עס ערלויבען.

—עס קאָן ריכטיג זיין, — האָט צוגעגעבען איבראַהים.

# אַ שלאַנג! אַ שלאַנג!

ווען מאַריטאַ איז געשטאַנען פאַר לעווי׳ן אין אַ פערטראַכטער פּאָזע מיט די אויגען צום הימעל, זענען איהר דורך דורכ׳ן געדאַנק צוויי זאַכען: ערשטענס, אַז איבראַהים איז אַ פרעהליכער יונגערמאַן און צו איהם קאָן מען פערגלייכען דעם ליבען פריהלינג און אַז ער, לעווי, איז אַ טרויעריגער בלאָנדער יונגערמאַן מיט שטילע גרויע אויגען, ווי די פאַרב פון אַ הערבסט־וואַסערל. דערבײַ האָט זי זיך דערמאָנט, אַז נעכטען האָט לעווי שרעקליך גערויכערט און גערעדט פון טויט.

בײַ דידאָזיגע געדאַנקען פון לעווי׳ס ווערטער האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי איז דאָ אַפילו אַ פרעמדע מיט אַ פרעמד חזען אין בויך, וועלכע ער, איבראַהים, שיצט און זאָגט־צו צו האַלטען זיי אונטער׳ן זיידענעם מאַנטעל פון גליק. און ווייל זי האָט געוואוסט, אַז דאָס קינד האָבען קאָן פערצויגען זיין מיט אַ טויט־צופאַל, וועלכען דער גוטער איבראַהים וועט נישט קאָנען ראַטעווען און ווייל זי האָט געזעהן אונטער איהרע פלייצעס אַ גרויסע, גרויסע לעבענס־זינד, פון וועלכע זי וועט זיך שוין קיינמאָל נישט

אַבוואַשען, האָט זי געפונען, אַז לעווים ווערטער וועגען טויט זע-
נען ריכטיג. זיי זענען ריכטיג מעהרסטענס פאַר איהר אַליין.

זי האָט אַ בליק געטאָן פון אַ זייט אויף לעווי'ן, וואָס איז
געשטאַנען און געצייכענט איהר פּראָפיל און—מערקווירדיג! אין
איהר האָט אָנגעקלונגען עפּעס ליבענדעס און איבערגעגעבענס צו
איהם. דאָס איז אָבער נישט געווען די וואַרימע פריהלינגס-ליבע,
וועלכע עס האָט געוועקט אין איהר איבראַהים; די ליבע, וועלכע
זי האָט איצט געפיהלט צום בלאָנד-גרויען קאַלטען לעווי'ן האָט
דערמאָנט אין דעם געפיהל, וואָס אַ טויט-קראַנקער פיהלט צו דער
באַרמהערציגער שוועסטער, וועלכער ווייסט, אַז זי נור קאָן איהם
ראַטעווען פון שווערען אַנגסטפולען לעבען. דאָס איז געווען אַ
שטילער פערלאַנג איהם איבערצוגעבען די הענד און זאָגען: „מעק
אָב פון מיר די זינד צוזאַמען מיט'ן וויסטען מאַטערענדען לעבען...”

זי האָט דעם פערלאַנג איצט געהאַט אַזאַ שטאַרקען, אַז ער
האָט געלעבט אין אַלע איהרע גלידער, אין די צייכענס פון איהרע
געזיכטס-אויסדריקע, אין די הענד, אין פוס און אין גאַנצען ווייב-
ליך-צאַרטען וועזען איהרען...

—האָט איהר שוין פערענדיגט? — האָט צאַרט געפרעגט
מאַריטאַ, פלוצלונג אָבציטערנדיג ווי פאַר עפּעס.

—וואַרט נאָך, וואַרט, —האָט געבעטען לעווי, פערטיפענ-
דיג זיך אין דער אַרבייט.

—און צי איז אייך נויטיג מיין ברילִיאַנט אויפ'ן האַרץ? —
האָט ווי פון טיפען שלאָף גערעדט מאַריטאַ.

—ניין, ניין,—האָט אַ מאַך געטאָן לעווי.— נישט דאָ איז זיין
אָרט... אָט איז עס! —שוין געענדיגט...

לעווי האָט אַ נעהם געטאָן מאַריטאַ'ן ביי דער האַנד און זי צו-
געפיהרט צום בילד. מאַריטאַ האָט אַ היסטעַרישען געשריי געטאָן.
פאַר איהר איז געשטאַנען אַ פרוי, האַלב אין וואַסער, פערוויקעלט
דעם האַלבען קערפער אין ווילדע אינדישע בלומען און בלעטער.
פון די בלומען און בלעטער דאָט זיך אויסגעוויקעלט אַ טויטע
שלאַנג, וואָס האָט דעם קאָפּ אַוועקגעלעגט אויף איהר ברוסט.

 —כאַ-כאַ! — האָט איראָניש אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער

לעווי. — דאָס איז דאָס בילד פון מאַריטאַ'ס גליק... נור ניין, נישט נור מאַריטאַס גליק — דאָס גליק פון אונז אַלעמען איז גס. מיר שטרעבען, זוכען, קעמפען, ברעכען דורך מויערען און פעלזען, קומט די שלאַנג און זויגט אויס דאָס סאַמע טיפסטע פון האַרץ און שטאַרבט מיט'ן זיסען סם צוזאַמען. דאָס בילד פון מאַריטאַ'ס גליק איז נור דער ריכטיגסטער סימבאָל דערפון. אַצינד זאָגט, וועלכעס בילד איז ריכטיגער, וועלכעס געפעלט אייך בעסער?

מאַריטאַ האָט נישט געענטפערט, זי האָט געקוקט אַמאָל אויפ'ן בילד מיט'ן בריליאַנט אויפ'ן האַרץ, אַמאָל אויפ'ן בילד מיט דער שלאַנג, איהר קאָפ האָט זיך געדרעהט, די פיס זענען שוואַך געשטאַנען אויף דער ערד, און איהרע ליפען האָבען געשעפטשעט:

—דאָס בין איך... דאָס איז מאָטיעס טאָכטער... איך דאַנק אייך, איך האָב נישט געוואוסט אויף אַזויפיל... איך בין עס אין אמת'ן... אינגאַנצען... איך בין עס... מיר איז שווער צו רעדען פאַר אייך...

—זי האָט גענומען לעווי'ן ביי דער האַנד, ווי מיט מיטלייד אויף זיך אַליין און זיך צוועקגעזעצט. לעווי האָט איהר האַנד אויך אָנגענומען.

— זעהט, זעהט,—האָט ער געזאָגט.—דאָ ליגען צוויי קאָנטראַסטען: איבראַהים און איך, איבראַהים דאָס איז אַ צו-גרויסער פאַנטאַזיאָר, ער וויל פון גרויע געצעלטען זיך בעשאַפען הימלען בלויע פון שטיינער-בריליאַנטען און איך זעה נור חורבות אין לעבען וואָס מעהר מען בויט, אַלץ מעהר צושטערט מען, וואָס מעהר מען שנייַדט זיך אַריין אין דער ווייטער ליניע פון גליק, טרעפט מען דאָרט אונגליק. אויך איהר, מאַריטאַ, האָט גליק געזוכט?

—איך האָב אונגליק געפונען.

—איבּ אַ ים האָט מיר וועגען אייך פיל פערצעהלט, מאַריטאַ, פון אייך און אייער בריליאַנט, און ווען ער האָט מיר דערמאָנט דעם וועג, וואו ער האָט זיך אַלץ דורכגעקאָלערט, אַלץ נעהנטער איז מיר געוואָרען דאָס בילד פון אַ פרוי מיט אַ שלאַנג אויפ'ן האַרץ.

—ריכטיג... ריכטיג...—האָט געשעפּטשעט מאַריטאַ.—אויף מיין הארץ וואָלט איצט געדאַרפט ליגען אַ שלאַנג אַ טויטע, איך בין אַ זינדיגע פרוי, איך בין מיין לעבענס-זינד נאָך בעגאַנגען אין דריטען יאָהר פון מיין לעבען. נור זאָגט מיר, לעווי, פאַרוואָס גראָד האָט איהר דעם קערפּער האַלב אָוועקגעלעגט אין וואַסער?

—דאָס זענען שוין מיינע אויגען אַזעלכע. מיט יעדען זינדיגען, מיין פריינד, מוז עפּעס פּאַסירען. אַמאָל איז זיין ביטערער סוף די רויטע פלאַמען, אַמאָל ציהט עס זיין האַלז צום הויכען בוים און אַמאָל גאָר ציהט עס איהם צום קאַלטען וואַסער.

—זעהט איהר מיין סוף אין וואַסער?

—איך שטעל מיר... אויך אַזוי פאָר...

—אַ, דאָס מוז מיין סוף זיין...

## נירוואנא.

ווען איבראַהים האָט דערזעהן דאָס בילד לעווים, איז איהם געוואָרען ניט גוט אויפ׳ן האַרץ און ער האָט זיך געפיהלט בע־קרענקט, ווי אַ קינד, ווען מען צעוואַרפט איהם דאָס אויפגעשטעלטע קאָרטען־הויז. „זי האָט מיר אַ בריליאַנט געבראַכט, — האָט ער געטראַכט, — אַ גרוס פון דער אַלטער, קליינער וועלט, אַ פּייערל אַ קליינס, איז געקומען לעווי מיט זיין טונקעלער שאָטען־וועלט און עס פערלאָשען. דערביי האָט ער אָבגעווישט דאָס פרעהליכע, גליק־זעליגע — מאַריטאַס גליק און מיינס".

און טראַכטענדיג וועגען דעם, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז מאַריטאַ׳ן שטעהט פאָר יעצט אַ שווערער פּרוב פון געבוירען אַ קינד; דעם קינד דאַרף ער אַליין אַ פאָטער ווערען, אַ ערציהער פון צוויי עלענדע און דאָס שטערט איהם איצט לעווי, דער איינ־זאַמער מרה־שחורה׳דיגער לעווי.

ער האָט אַזוי געטראַכט, ווי אַ האַנד אַ קאַלטע האָט איהם בעריהרט.

— וואָס זאָגסטו, ברודער, — האָט ער מיט אַ שמייכעל

געזאָגט, — טראָגט עפּעס דער אָריגינאַל אין זיך עהנליכעס דערפֿון, וואָס דו זעהסט דאָ?

— יאָ, יאָ. דאָס איז אַ שאָטען פֿון אַ פֿרוי, אַ עלענדער דורכגעגאַנגענער, זינדיגער שאָטען. דערפֿון פֿאַרצעהלען די צווייגעלע פֿלעקען פֿון אונטער איהרע אויגען. די הענד און די ליפּען. דאָס איז נישט קיין מאַדאָנע מיט קיין בריליאַנט, ברודער, די מאַדאָנעס זענען שוין לאַנג פֿון אונזער ערד פֿערשוואונדען, בעסער געזאָגט, זיי זענען באַלד גאָרנישט געוואָרען. דאָס איז נירוואַנאַ, איבראַהים, יענע קאַלטע טויטע מוטער נירוואַנאַ... שווייגסטו?

איבראַהים האָט אַ קרים געטאָן מיט די ליפּען. איהם איז איצט זיין חבר איבעריג געוועזען. ער האָט בעלאַנגט צו יענע לעבענס-פֿולע נאַטורען, וואָס ווען זיי דערזעהען דאָס טויט-געשפּענסט, שרייען זיי דערויף אויך, אַז דאָס איז לעבען.

— נירוואַנאַ, נירוואַנאַ... — האָט ער געמורמעלט. — וואו געפֿינסטו דאָ נירוואַנאַ? נור, ניין, בודאַ'ס תּלמיד, דו וועסט מיך נישט אַריינפּיה־ען אין דיין וועלט. איך געפֿין נאָך אין דעם בריליאַנט עפּעס פֿון מיין אַלטען דור. איך זעה די שוהל און דעם באַרג, וואו מיר ביידע האָבען געלעבט. איך געפֿין אין דער זיידענער טאָכטער עפּעס פֿון יענער אַלטער שוהל, בעסער געזאָגט, די שוהל אַליין! אָ, ווי טרוקען דו ביזט!

— אַ שאָטען, אַ שאָטען זעה איך אין איהר! — האָט קאַלט און אַיראָניש גערעדט לעווי, — איך ליב די פֿרוי, ווייל מען ליבט צו זעהן אַ טויט-געשפּענסט. אין איהר האַרץ וויקעלט זיך שוין אַ טויטע שלאַנג, זי איז נאָהענט פֿון די הימעלס-וואָלקען...

— איך זעה דעם בריליאַנט אין איהר.

— דאָס וועט בעווייזען די צוקונפֿט.

איבראַהים און לעווי האָבען ביידע אַראָנגעלאָזט די קעפּ און נאָך אַ מינוט שווייגען האָט איבראַהים געזאָגט:

— דאָס איז אַ קינד פֿון אַ גייסטרייכער וועלט. זי איז אין איהר לעבען בלויז פֿעהלערן בעגאַנגען, פֿעהלערן אונשולדיגע, געטריבענע פֿון גרויסען לעבענס-ראָד. די פֿעהלערן פֿון בלאָנדזשענדע זענען פֿערצייהליך שטענדיג. און ווייסטו וואָס נאָך? —

האָט איהם איבּראַהים געזאָגט אַ סוד, — פאַר מיר שטעהט דאָ פאָר אַ גאַנצע מיסיאָן. אָט איז זי געקומען צו מיר אומגעריכט. אויף אַ מאַסקעראַד-באַל האָב איך זי געטראָפען. זי איז געווען איינזאַם, זי איז געגאַנגען אין אַ בּלויער מאַסקע, אינגאַנצען צו מיינע עהנליך,

— און וואָס האָט זי דיר אויפ׳ן באַל פערצעהלט?

— דאָס זי איז אַקינד פון אַגרויסער לעבּענס-זינד...

— וואָס איז דיין מיסיאָן אין דער צוקונפט פאַר איהר?

—זי איז נישט אַליין, לעווי. אין איהר בּליק איז פאַרהאַן אַ פרעמד וועזען פון אַפרעמדען מאַן. איך דאַרף איהר פאָטער און ערלעזער זיין. איך דאַרף די סיטואַציע פין איהר לעבּען אַזוי אַוועקשטעלן, אַז דאָס קינד, די מוטער און דער פרעמדער מאַן—איך זאָל איין בּונד ווערען, ווי אַנאַטורליכער זאַך.

— קיינמאָל נישט!—האָט לעווי ענטשלאָסען געזאָגט.—וועט נור דאָס קינד אויף דער וועלט פאַלען און די מוטער וועט דערפיהלען, דאָס די בּיזט נישט דער פאָטער דערפון, וועט זי זיך אין פייער אָדער אין וואַסער פאַר שאַנד וואַרפען. דאָס קינד וועט אין די עלטערע יאָהרען אַרומגעהן פערלאָזט פון דער וועלט און דו וועסט ווערען דער אונגליקליכסטער... אָט דאָ איז די מיסיאָן...

לעווי האָט גערעדט שאַרף און ענטשלאָסען. איבּראַהים האָט די אויגען אַראָבּגעלאָזט און געפרעגט:

—זאָל איך זי לאַזען אויף גאָטס וועלט אַליין?

— אַלץ איינס, צי דו וועסט זי לאָזען צי נישט,—האָט פער בּיטערט —גערעדט לעווי. די פערניכטונג וועט שוין איהרס טאָן און דו וועסט נור זיין אַנ׳אונגליקליכער קרבּן. דו האָסט אויף איהר הארץ אַוועקגעלעגט אַ בּריליאַנט, איך—אַשלאַנג. בּיי דיר איז זי אַ הייליגע ליידענדע, אַ מאַדאָנע, בּיי מיר קלינגט איהר נאָמען מיט דער נירוואַנאַ. איבּריגענס, וועט עס די נאָהענטע צוקונפט בּעווייזען...

## זיין צופרידענהייט און איהר... טרויער.

לעווי איז אַוועקגעפאָהרען פלוצלונג. ער האָט בעמערקט, אַז זיין חבר וועבט זיך אַ לופט-נעסט, אַ נעסט, וואָס וועט היינט-מאָרגען פון איהר הויך פאַלען. ער האָט די נעסט געשטערט, זי אויסגעלאַכט, דאָך האָט ער אינערליך געשעצט די בויער פון איהר.

„איבּראַהים גלויבט אין דעם שפינוועבּס, פון זיינע אייגענע הענד בעשאַפען. זאָל ער גלויבען, דאָך דאַרף איך דער שטערער פון איהם נישט זיין״, — האָט ער געטראַכט.

ער איז אַוועקגעפאָהרען שוין דאַן, ווען ער האָט דערפיהלט, אַז מיט זיינע רייד האָט ער אַוועקגעלעגט אַ טיפען טרויער-שאָטען אויף איבּראַהים׳ס געמיט און אַז צווישען די אַלע דריי הערשט עפּעס אַנ׳אונאָנגענעהמעס געפיהל, אין וועלכען קיינער איז נישט שולדיג און וועלכעס מאַטערט דאָך אין דער שטיל: איבּראַהים מיט זיין ווייטער ערינערונגס-וועלט און מיט זיין גלויבען, אַז די ווייטע ערינערונגס-וועלט אין געשטאַלט פון ר׳ מאַטיעס טאָכטער מיט איהר בריליאַנט מוז ער רעטען; מאַריטאַ מיט איהר צובראָכענער וועלט און מיט׳ן טיפען גלויבען, אַז נור ער, איבּראַ-

הים, קאָן איהר צוריק צום גליק ברענגען. אָט דערדאָזיגער היפּוך האָט זיך דערקענט נאָך שטאַרקער, ווען זיי האָבען געגענגעשטעלט זייערע בילדער — דאָס בילד מיט'ן ברילליאַנט און דאָס בילד מיט'ן שלאַנג. דאָס האָט זיי ווי אַריינגעוואָרפען אין אַ טיפער אונצופרידענהייט.

ווען לעווי איז אַוועקגעפאָהרען, איז איהם, איבראַהימ'ן, געוואָרען מאָדנע באַנג. עס האָט איהם פון איין זייט געצויגען צו לעווי'ן, דעם קאַלטען שמייכלער, ביטערן רויכערער פון ציגאַרען, דאָך דעם גוטען חבר פון די קליינע יאָהרען; פון דער צווייטער זייט, האָט ער פרייער אָבגעטעטמט דערפון, וואָס עס האָט איהם פערלאָזט דעריעניגער צושטערער פון זיין הויכער, הויכער וועלט.

ער איז געוואָרען אַזוי גליקליך דערפון, דאָס ווען ער האָט בעמערקט דעם לויפעדיגען צוג ווייט שוין, האָט ער אַרומגענומען מאַריטאַ'ן מיט אַ געלעכטער:

—ער איז אַוועקגעפאָהרען... זאָל ער געזונד זיין, איך האָב איהם זעהר גערן, נור וואָס, ער האָט מאָדנע געשטערט. דו געפינסט עס נישט!...

— איך געפין עס ריכטיג... — האָט געשעפטשעט מיט די אויגען אַראָב מאַריטאַ.— ער האָט פערדונקעלט דעם צוזאָג פון אונזער גרויסער צוקונפט. דאָך הער אויס, איבראַהים, איך האָב מורא דיר צו זאָגען... איך געפין, אַז אין זיינע ווערטער איז פאַרהאַן אַ סך אמת...

— הייסט עס, אַז ער האָט געווירקט אויף דיר! —האָט אונצופרידען גערעדט איבראַהים. — ווייסט דאָך, אַז לעווי איז דער פינסטערער מענש אין דער וועלט. ער איז... אַ תלמיד פון בודאַ, זעהט פאַר אייביגען טויט אויף דער וועלט. ביסטו אויך פון די יעניגע?

— איך בין נישט מיט זיין אידעע. איך ווייס אָבער אַז אין זיינע ווערטער איז פאַרהאַן אַסך אמת... אויף מיין האַרץ טאָר שוין מעהר נישט ליגען דער בריליאַנט פון מאַריטאַס גליק. ניין... די שלאַנג, וואָס האָט מיך געטריבען צו פינסטערע לעבענס-זינד... אָט אַ שטייגער, וועט באַלד געבוירען ווערען אַ קינד. מיט וואָס

וועל איך פֿערווישען די זינד? דערמיט גור, וואָס איך וועל עס רײַפֿען מיט נאָמען פֿון אַ היימישען טויטען? ניין! ניין! מיט'ן נאָמען בלויז וועל איך דעם פֿלעק נישט ריינוואַשען. ניין! ניין! איך דאַרף זיין די, וואָס איך בין איצט נישט!...

מאַריטאַ האָט גערעדט די ווערטער שוואַך, מיט אַ ציטער־דיגער שטים און עס איז איהר אַ שאָד געוועזען לעווי, נישט דער קלאָגער און אויסלאַכער פֿון לעבען, עס איז איהר אַ שאָד געוועזען יענער לעווי, וואָס האָט איהר געגעבען דאָס בילד פֿון מאַריטאַס גליק, דער, וואָס וואָלט איהר אפֿשר פֿון גאַנצען פלאָנטער בעפֿרייט.

זעה...— האָט זי געזאָגט איהם אומאַרמענדיג,— דיך טראָג איך אין האַרצען פֿאַר דיינע שענע פֿערלאַנגען, וואָס דו האָסט פֿאַר מאַריטאַ'ן, נור ער—ער איז געריכט. איך וועל שטאַרבען, שטאַרבען אין שאַנד.

מאַריטאַ האָט די האַנד געלעגט אויף איהר ברוסט און געמאַכט אַ בעוועגונג ווי צו קושען דאָס בילד לעווים.

איבראַהים האָט איהר אָבגעשטויסען.

— רייד דאָך נישט אַזוי,— האָט איהר איבראַהים געבעטען.— שלעכטער צושטאַנד בעשאַפֿט שלעכטע געדאַנקען, און וועט די צייט אַריבער, וועסטו צוריק ווערען דו, וואָס דו ביזט אַמאָל געוועזען.

—מאָטיעס טאָכטער?

—די כלה מיט דער מתנה פֿון בריליאַנט.

— אַ קיינמאָל נישט!... האָט אויסגעשאָסען מיט אַ געוויין מאַריטאַ און, פֿאַלענדיג מיט די הענד צו לעווים בילד, האָט זי געפֿיהלט, אַז זי דריקט איצט דעם שטילען אויפֿריכטיגען לעווי'ן, דער, וואָס וויל איהר מציל־זיין פֿון יעדער איינגערעדטקייט...

# דער רוף פון דער צייט.

פיר חדשים האָט עס געדויערט און מאַריטאַ האָט געלעבט אין צוויי וועלטען: אַמאָל האָט אַבליץ געטאָן פאַר איהר דער מילדער לעבענס-בליק איבראַהים׳ס, דער ליבהאָבער און גוטער ערציהער צוזאַמען, אַמאָל איז אויפגעשטאַנען פאַר איהרע אויגען לעוויס פער׳מרה-שחורה׳טע געשטאַלט, דער נביא פון שלאַנג. די צוויי פיגורען מיט זייערע בילדער פון איהר לעבענס-פערספעקטיוו זענען אַלע מאָל דאָ פערשוואונדען, דאָ אויפגעשטאַנען, ווי אַ שטערען צווישען טונקעלע וואָלקען.

אַזוי, צי אַזוי, האָט די צייט געטאָן איהרס. מאַריטאַ האָט געפיהלט, אַז די פרעהליכקייט פון איהר געהט אַוועק מיט דעם כח, ווי דאָרט אינדערהיים ביי פרעדסעדאַטעל און אַז איהרע ביינער ווערען שוואַך, דאָס האַרץ קלאַפט שנעל, עס ווילט זיך אַמאָל ריידען וועגען שלעכטען צושטאַנד מיט אַ מוטער אָדער שוועסטער, אָדער אַ נאָהענטע פרוי. זי האָט מאַריטאַ נעבען זיך נישט געהאַט. האָט זי זיך ביינאַכט געלעגט, האָט זי שלאָפען נישט געקאָנט, די אָפענע פענסטער מיט די ווייטע קופּעס שניי, וואָס האָבען אַנגעהוי-

בען צו צוגעהן אונטער דער איינדרוק פון די ווארימע ניסן-נעכט, דאס קלאפען פון זייגער און דער געדאנק, אז דארט-דארט, אין דער צווייטער שטוב שטעהט א בילד פון א פרוי מיט א שלאנג אויפ'ן הארץ—, דאס אלץ איז געשטאנען פאר איהר ווי א נעבעל, פון וועלכען מען קאן זיך נישט בעפרייען. עפעס יעדעס מאל איז דורכגעלאפען א בילד פון א קליין ווענען, עס האט איהר ווי א פרעהליכען ציטער איבערגעלאזט אין די ביינער: „זעה, מאטיעס טאכטער, אז דו ביזט נאך דו, עס הייסט, די זאנפטע מוטער מאריטא, וואס וועט געבוירען א קליין טריי ווענען" און יעדעס מאל איז אבער דורך א שרעקליכער געדאנק, אז דער פאטער דערפון איז דער בייזער שטארקער מאן ה' וואצלאוו.

אט דערדאזיגער לעצטער געדאנק האט איהר אוועקגעצויגען וויים-ווייט אין די ארעמעס פון לעווין, וואס האט איהר לעבען געזעהן אין חאסער, מיט טויטען גיפט גע'סמ'ט.

„זאל ער קומען,— האט זי געטראכט—, וועט ער מיך זעהן נאהענט אין די ארעמס פון איהם; ער וועט זעהן, אז זיין חלום איז געשעהן און זיין פארזאג איז נישט אויסגעטראכט..."

און בעקלערענדיג ווי אויסטערליש געראפט ער איז, האט זי געוואלט איהם איצט זעהן נאהענט פון זיך, פונקט ווי דעם גוטען לעבענס-טרייען איבראהים'ן.

געשלאגען די שווערע שעה האט בעגינען, ווען איבראהים איז שוין געזעסען נעבען מאריטא'ן און געהאלטען איהרע שוואכע הענד; מאריטא איז מיט א שטארק הארץ-קלאפען געלעגען, קוקענדיג איהם רחמנות'דיג אין די אויגען אריין.

—ווי בלאס דו ביזט און ווי געבראכען דיין מוט איז...— האט געמורמעלט שוואך מאריטא, — איך האב דיר אזא פערגעניגען געבראכט, מילא, מוזטו זיך מיט מיר דעם פערגעניגען טיילען...

— איך טייל מיך מיט דיר אין די איצטיגע מינוטען און וועל זיך טיילען מיט דיין שפעטערדיגען גליק, — האט געשעפטשעט שוואך איבראהים.

— א, דאס שפעטערדיגע גליק! — האט מיט א קרענקלי-

פּען שמייכעל געשעפּטשעט מאַריטאַ, — ווער קאָן איצט דערפון טראַכטען.

— בערוהיג זיך. עס זיצט איצט נעבען דיר א טרייער מענש.

— נו וואָס וועט ער העלפען?

איבראַהים איז געזעסען און בעטראַכט דעם קאָפּ איהרען מיט די צושויבערטע האר און נערוועזישע אויגען; עס האבען איהם בעהערשט צוויי געפיהלען: דאס געפיהל פון א מאַן צו זיין קראַנקער פרוי און דאס געפיהל, אז ער וועט די קראנקע געפאַלענע צו ליכט צוריקברענגען. דען די וועהטאָגען האָבען זיך פערשטאַרקט און די שטאדטישע הייבאם האט ארום מאריטא'ן אנגעהויבען איהר רעטונגס-הילף, איז איבראהים געשטאנען פון ווייטען ווי פערשטיינערט: ער האט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. אויסערליך האט ער זיך געהאַלטען רוהיג, אינערליך איז אין איהם עפּעס געפאַלען און געוויינט ביטערליך.

— וועט עס נאך לאַנג דויערן? — האט איבראַהים אלע מאל געפרעגט שטיל די הייבאַם.

— א קורצע ווייל. — האט געענטפערט די פרוי.

נור מיט דער קורצער ווייל, האט זיך איהם אויסגעדאַכט, ציהען זיך יאָהרען, צייטען גאַנצע, און אין דידאָזיגע צייטען האט זיך געדאַכט איבראַהים'ן, אז איז ער שולדיג נאָכמעהר פון אלע מענער אויף דער וועלט, כאָטש ער האט איהר די ליידען נישט געברענגט.

שפּעטער, ווען מאַריטא איז בעפרייט געוואָרען פון איהרע וועהטאָגען, האט זי מיט אַ קרענקליכען שמייכעל א הויב אויף געטאן די הענד צום הימעל.

— קום אַהער, — האט זי שוואַך גערעדט, — עס איז גליקליך אריבער, די געפאַהר איז אַוועק. אצינד קוק מיר נור גלייך אין די אויגען.

און כאָטש ער האָט איהר געקאָנט גלייך אָנקוקען, האט ער עפּעס מאָדנע אראָבגעלאָזט די אויגען ווי ער וואָלט שולדיג זיין אין די אלע געשרייען און וועהטאָגען מאַריטאַס. נור ווען ער האָט

מיט די אויגען אויפגעזוכט דאס קישעלע, מיטן קליינעם פנים׳על, האט ער א שמייכל געטאָן יונגעליש:

— דאס איז אינגאנצען צו דיר ענלעך, מאריטאַ. דיין פנים, דיין שמייכעל, אַנ׳אַנדער פון ר׳ מאָטיעס טאכטער.

— אַזוי, — האָט איהר פנים צופרידען א שיין געטאָן.

— דו קאָנסט זיך פרעהען דערמיט. דיין געוויסען קאָן רוהיג זיין.

אָבער מאַריטא האט דעם קאָפּ נישט איסגעדרעהט צום קישעלע און איהר פנים האט אָנגענומען יענעם קאַלטען אויס־דרוק פון אַ מייסטער, וואָס פיהלט, אז דאס ווערק, וואס מען שרייבט צו אויף זיין נאמען, געהער נישט איהם.

— איך בין דאָפּעלט גליקליך — האט איבראהים געזאָגט, אויפהויבענדיג די אויגען מיט האלבע טרעהרען, — די דאָפּעלע לאַסט, די לאסט פון געבוירען און פון פאַמיליען־פרעמדקייט דאַרף שוין פארביי.

ער האט זיך צו איר צוגעבויגען, אריינגעקוקט אין די מידע בלאַסע פייערלעך פון די אויגען און געאָטעמט מיט איהר קרענקליכען שוואַכען אָטעם, און דאס טוהענדיג, האט ער געפיהלט, אַז זיין בחור׳יש לעבען ענדיגט זיך און אַז מיט איהם איז פער־בונדען אַ פרוי, אנ׳אייגען קינד, איבער וועלכע ער וועט דער בעשיצער זייז, ער, נור ער.

## דאָס געשפּענסט.

ווען מאַריסאַ האָט זיך אין דער העלפט אַ הויב אויף גע-
פאַן פון געלעגער, האָט זי בעמערקט איבראַהימ'ן דורכן פענס-
טער געהן אַוועק ווייט, ווייט.

זי האָט זיך אין דער מינוט געגעבען אַ נערוועזען קוק
אום, ווי זי וואָלט עפּעס עמיצען זוכען אין שטוב. נור באַלד האָט,
זי דערפיהלט אַ שוואַכקייט אין די גלידער, ווי איהר מידער קער-
פער וואָלט נאָך נישט קאָנען זיך אויפהויבען פון אָרט, צו וועל-
כען זי איז צוגעשמידט געוועזען. און צוריק פאַלענדיג אויפ'ן
געלעגער, האָט זי זיך פונדעסטוועגען צוריק אַ הויב אויף געטאָן
פונקט ווי עמיץ וואָלט איהר צווינגען דערצו.

דערנאָך האָט זי אַ בליק געוואָרפען אין קישעלע אַריין,
איבער וועלכען עס איז פריהער געשטאַנען איבראַהים. און מיט
איין מינוט איז איהר קלאָר געוואָרען אַ געדאַנק: „ניין, די אויגען
זענען נישט מיינע אויגען, דאָס נעזעל איז נישט מיין נאָז, די
הענד און פיס, אויף וויפיל אַפילו מען קאָן נאָך נישט פאָראויס-
זעהן, פערשפרעכען זיי נישט מיינע. אויב איך האָב קיין טעות

נישט, איז דאָ די עהנליכקייט וואַצלאַווס, אָדער ניין, דעם פּוילישן האַלטערס. ניין, דאָס איז נישט זי און נישט עפּעס עהנליכעס פון איהר הויז. דאָס איז אַ פלאַנטער, אַ זינדיג געמיש, וואָס זי קאָן עס נישט פערטראָגען. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די הענד צו די אויגען, ווי פאַר עפּעס אַ בייז געשפּענסט. פאַר איהר זענען געפלויגען פּאַסען, רעדער, פינטעלעך. זי האָט געציטערט און דאָס האַרץ איז שיער נישט איבערגעריסען געוואָרען פון די שטאַרקע שטאַרקע קלעפּ.

איהר האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט, אַז מיט יאָהרען צוריק האָט געלעבט אַ גרויסע גאָלדענע משפחה. און ווען מען זאָל די משפחה פרעגען, ווער ווענען עס געהער עפּעס, וואָלט, דוכט זיך, יעדער בעזונדער אָנגעוויזען אויפ'ן פריהערדיגען און שפּעטערדיגען דור. אַזוי קלאָר און אַזוי פּינקטליך וואָלט עס געוועזען נאָך טויט, ווען דער מלאך המות וואָלט אַרויסציהען די שאַרפע שווערד און פרעגען דעם טויטען, ווי ער הייסט, וואָלט ער געוויס ענטפערן, אַז דער און דער איז געוועזען דעמס און דעמס זוהן, דעמס און דעמס פאָטער, היינט וואָס ווערט דאָס בעשעפעניש רייֶדען, ווען מען וועט עס פרעגען שפּעטער, נאָכ'ן טויט, ווער דאָס איז, ווער די ריכטיגע טאַטע און מאַמע זענען געווען?

מאַריטאַ האָט אַ ציטער געטאָן און צוריק געפאַלען אויף איהר געלעגער, באַלד איז זי מיט שרעק אין די אויגען אויפגעשטאַנען ווי צו ערפילען עפּעס אַ שרעקליכע נויטיגקייט.

„גאָט מיינער! צו וואָס בין איך אויפגעשטאַנען? וואָס קלאַפּט מיר דאָס האַרץ אַזוי? — האָט מאַריטאַ מיט שרעק אויסגעשריען צו זיך אַליין, נור באַלד איז זי צו זיך געקומען און זיך בערעכענט, אַז דאָרט, ביי די פיס, ליגט אַ בעשעפעניש אַפרעמדס, וועלכעס זי האָט גאָר נישט געזעהען. זי האָט געהערט אַ שטיל, שפּיל אָטעמל, אַ פּישטש, נור דאָס האָט נאָך קעלטער געמאַכט דאָס האַרץ, ווי עס ווערט שרעקליך אויפ'ן געדאַנק, ווען מען הערט אויפ'ן שטילען שניי דאָס קוויטשעריי פון אַ קליין פרעמד חיה'לע.

אַ צווייטער, נאָך שרעקליכערער ציטער האָט אַ טרייסעל געטאָן איהרע אַלע גלידער. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר'ן קאָפּ,

איהרע אויגען האָבען זיך אַרויסגעדרעהט פון די לעכער. זי האָט עפּעס שרעקליכעס געזעהן. איהר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איבער'ן ווייסען סופיט שטעהט אַ רויטער מענש מיט אַ האַק אין האַנד. דער מענש שטעהט מיט גרויסע מורא'דיגע אויגען און קריצט מיט די צייהן געגען איהר. זי האָט זיך ווילד אַ וואָרף געטאָן מיט'ן גאַנצען קערפּער אויפ'ן קישעלע, עפּעס צוגערעקט, צוגעדריקט און אויפגעשטאַנען מיט אַ ביטערען געשריי.

# דער שאָטען! דער שאָטען!

—כאַ־כאַ! וואָס עס קאָן אַלץ טרעפען אויף דער וועלט...—
מיט אַ שעה שפּעטער ווי מאַריטאַ איז געלעגען אין איבראַהימס
אָרעמס.—עס טרעפט, אַז געווינערינס שטאַרבען אַוועק אין דער מיט
פון געבורט און לאָזען קינדער אויף דער וועלט לעבעדיגע. עס
טרעפט, דאָס די קינדער געהען אַוועק אין אַ טאָג צוויי אַרומ·
דאָס איז דאָס גליק פון קינדער האָבען? כאַ־כאַ! איין טאָג געוויילט
אין לעבען און פערלאָשען געוואָרען ווי דאָס פלעמעלע פון אַ ליכט...
דו מיינסט, אַז מיר קלאָגט נישט דאָס האַרץ דערויף? כאָטש עס
איז געוועזען נישט דאָס... נישט איך און נישט צו מיר עהנליך·
אָ, עס איז שוין מעהר אויף דער וועלט נישטאָ, ווי נישט גוט מיר איז.
איבראַהים איז שטעהן געבליבען, ווי פערשטיינערט זיין מויל
האָט עפּעס גערעדט דאָס, וואָס ער האָט נישט געוואָלט ריידען און
די הענד האָבען געטאָן דאָס, וואָט זיי האָבען נישט געוואָלט טאָן
—איז עס פלוצלונג טויט געוואָרען?—האָט ער פערצווייפעלס.
געשעפּטשעט מיט די ליפּען, ווי עס וואָלט פאַר איהם אַ וועלט
אומגעפאַלען און, אַרויסברענגענדיג די ווערטער אויף די ליפּען,

האָט ער געפּיהלט, אַז עס איז אַוועק די גרויסע מיסיאָן פון צו ווערען אַ מאַן אַ בעשיצער, אַ מאַן אַ בעשירמער צוזאַמען.

ער האָט פון דער זייט אַ בליק געטאָן אויף דער טויט־דער־שראָקענער מאַריטאַ׳ן. אין זיין קאָפּ האָט זיך עפּעס אַ דרעה געטאָן אַ ווילדער געדאַנק: „ווער איז זי? פאַרוואָס האָט זי זיך געענדערט שנעל?" און באַלד האָט ער איהר מילד פאַר די הענד גענומען און געפרעגט:

—ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשעהן, שוועסטער?

מאַריטאַ האָט איהם ביי די הענד אָנגענומען און געזאָגט:

—איך בין אַזוי געלעגען. איך האָב עס די ברוסט געגעבען און עס האָט געשוויגען.

—ווי אַזוי איז עס געוועזען?

—קיינער האָט עס נישט געהערט. מיינע פיס און הענד זענען פון ווייטענס געלעגען. אַנדערש וואָלט איך געזאָגט, אַז איך האָב עס אונגערן געטאָן.

—אָ, ווי שרעקליך!...—האָט איבּראַהים אַ דרעה געטאָן מיט׳ן קאָפּ,—איך פיהל מיך טרויריג דערפון.

ער האָט דאָס מאָל שוואַך אָבגעלאָזט איהרע הענד און אונבעשטימט בעטראַכט איהרע קאַלטע דערשראָקענע געזיכטס־אויסדריקען. אין איהם האָט ערוואַכט יענער שטילער פאָראורטייל פון אַ מענש, וואָס בעשולדיגט אין פעראורטייל, דאָך דאָס מיטליידס־געפיהל צווינגט צו פערווישען יענעמס זינד. דאָך האָט ער געפיהלט, אַז אין איהם איז עפּעס געפאַלען פאַר דער שוואַכער מאַריטאַ׳ן. עס האָט געפעהלט דאָס דריטע פרעמדע וועזען, וואָס האָט אין זיין האַרץ איינגעפלאַנצט מענליכע מיטלייד צו איהר. זי האָט איהם איצט אויסגעזעהן שוין נישט די רחמנות׳דיגע בעטענדע פרוי מיט די בלויער מאַסקע און מיט׳ן לויטערן ברילליאַנט אויפ׳ן האַרץ.

—ווען מען זאָל מיך פרעגען,—האָט איבּראַהים געשעפּטשעט,—צי האָסטו געדאַרפט ברענגען אַזאַ וועזען אויף דער וועלט, וואָלט איך געזאָגט—נישט, דאָך ווען עס איז שוין אויף דער וועלט געפאַלען, האָט עס געדאַרפט זיין,—האָט ער קאַלט און מיט אַ האַלבען פאַרוואורף געזאָגט צו מאַריטאַ׳ן.

—אַנטקעגען וואָס זאָגסטו דאָס? — האָט זי שאַרף געפֿרעגט.

—אָט קעגען דעם, וואָס עס איז אַ שאָד, וואָס גאָט האָט די שמה צוגענומען...— האָט, ווי פֿערבעהאַלטענדיג דעם קאָפּ, גע־מעדט איבראַהים.

—גאָט, אָבער נישט קיין מענשליכע הענד האָבען עס גע־טאָן,— האָט ווי בערוהיגענדיג זיך גערעדט מאַריטאַ.

—עס פֿערשטעהט זיך, אַז דער ווילען פֿון העכערן שיקזאַל האָט עס צוגענומען,— האָט קאַלט געזאָגט איבראַהים.

—זאָל עס שוין די קברני'שע האַנד פֿון דאַנען צונעהמען...— האָט מיט שרעק אין די אויגען געזאָגט מאַריטאַ, צוציהענדיג צו זיך איבראַהים'ן.

## מיט'ן וואַסער אַוועק.

דאָס אַוועקפֿאָהרען איבראַהימס פֿון מאַריטאַן האָט געשטאַמט פֿון אַ קליין בריוועלע לעזיס. דאָס בריוועלע האָט געזאָגט „קום, קום, עס איז די צייט פֿון דער אויסשטעלונג".

צוזאַמען דערמיט האָט זיך איבראַהים בעטראַכט, אַז דאָס רעטונגס-געפֿיהל פֿאַר דער פֿרוי מיט'ן בריליאַנט אויף דער האַרץ, די אַלע ערהויבונגס-פֿלענער פֿאַר איהר זענען געפֿאַלען. אַצינד האָט ער געקאָנט לעבען פֿאַר איהם מאַריטאַ, די פֿרייע ליבענדע פֿרוי, די פֿרוי, דער מלאך, וועלכענס נאָמען עס האָט געקלונגען פֿון ווייט נאָהענטער, ווי פֿון דער טיפֿסטער נאָהענט.

און ווייל דאָס פֿאָהרען איז אונפֿערמיידליך געווען, האָט איבראַהים בעמערקט מאַריטאַ'ן:

— אַצינד וועט דיר, שוועסטער, אויסקומען זיך דאָ אַ שטיקעל צייט לאַנגווײַלען, פֿיהלען זיך איינזאַם. מיר מוזען דאָ זעהן, ווער עס וועט אין קאַמף פֿערשפּילען: צי דער מיט'ן בילד, וואָס האָט אויף די פֿרוי'ס האַרץ אַ בריליאַנט צוועקגעלעגט, צי דער, וואָס האָט אַ שלאַנג איהר געשענקט. די אויסשטעלונג הויבט זיך אָן און

מיר וועלען דאָ באַלד דעם סוף זעהן...

און ריידענדיג די ווערטער, האָט ער פערוויקעלט דיביידע בילדער, ווי צוויי מגילות, און וועלכע עס זעננ בעשריבען צוויי מענשען-לעבענס. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו דער וואַנד, אויף וועלכער עס איז שטענדיג געהאָנגען דער געשענקטער בריליאַנט פון מאַריטאַ'ס גליק, איהם אַראָבגענומען און געזאָגט:

— זעה. שוועסטער, אַצינד דאַרף איך איהם מעהר נישט. איך האָב נור זיין ליכטיגע פאַרב ג דאַרפט. די אמת'ע כלה-מתנה געהער דיר.

ער האָט איהם איהר צוגעטשעפּעט צו דער ברוסט. דער בריליאַנט האָט זיין שטילען ליכטיגען בליק געטאָן אין איהרע אויגען, ווי צווייערליי אויגען וואָלטען זיך אָנגעקוקט, און מאַריטאַ האָט טרויעריג געזאָגט:

— איך וואָלט וועלען, דו זאָלסט די אויסשטעלונג לאָזען, און ווען דו פאָהרסט, נעהם דעם בריליאַנט מיט זיך.

— אָ, ניין איך דאַרף איהם מעהר נישט, — האָט איהר קוישענדיג בעמערקט איבראַהים, — איך האָב פון איהם אַלץ בעקומען. זיי גליקליך, שוועסטער, אַ קורצע צייט וועסטו דאָ פערברענגען אַליין, דערנאָך וועל איך צוריקקומען, און אַז דער זיג וועט זיין אויף מיין זייט, וועל איך מיר מיט דעם זיג מיט דיר טיילען.

איבראַהים האָט גערעדט די ווערטער שטיל, ווי עס רעדט אַ פערליבטער, וואָס גרייט זיך אין אַ וויטען וועג אַריין. אין מאַריטאַ'ס אויגען האָבען זיך טרעהרען געשטעלט. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז די וואַנדערונגס-געשיכטע פון איהר כלה-מתנה איז נאָך נישט געענדיגט.

— איך וואָלט דיך בעטען, אַז דו זאָלסט דיין בילד אַוועקשיקען און אַליין דאָ בלייבען, — האָט גערעדט בעטענדיג מאַריטאַ— אַצינד בין איך שוין נישט די פינסטערע אומגליקליכע פרוי. אַצינד בין איך אַן אַנדערע, אַצינד לעבט שוין דער פריהלינג. ער לעבט פאַר מיר און דיר גלייך. בלייב, אָ, בלייב...

מאַריטאַ האָט גערעדט שטיל, ווי אויפּסניי פערליבט. איהר פנים האָט רויזליך געשמייכעלט און איהרע לויטערע אויגען האָבען פערשפּראָכען פריהלינג אין דרויסען און פריהלינג אין האַרץ.

## דריי

איבראַהים איז איהר בעפאַלען מיט שטילע קושען און געדריקט דעם בריליאַנט, ווי אַ פערליבטער חתן.

—טראָג איהם ליב, טראָג איהם אייביג,—האָט ער געשעפטשעט שטיל,— איך וועל אין דער פאַרב און דער לויטערקייט פון דעם האַרץ, וואָס האָט איהם געטראָגען, שטענדיג געדענקען.

אין עטליכע טעג אַרום האָט מען געזעהן מאַריטאַ'ן ביי די הענד פון איבראַהימ'ן. זי האָט געטראָגען אין האַנד אַ צווייגעל מיט בלעטער און אַלע מאָל מאַכענדיג אַ בעוועגונג דערמיט, האָט זי געשעפטשעט:

— פאָהר, פאָהר, מיין לעצטער ליבעס-טרוים... דער ברייטער, ברייטער טייך וועט דיך, ווי אַלע מיינע חלומות, אַוועקרייסען...

זי האָט איהם צום ברעג פון טייך צוגעפיהרט. איבראַהים איז אַרויף אויפ'ן דעק פון דאַמפער. מאַריטע איז שטעהן געבליבען מיט די אויגען צום וואַסער, און וועלכען עס איז געשטאַנען נאָך אַזאַ פרוי, מיט נאָך אַזאַ בריליאַנט, וועלכען די וועלען האָבען בעוואויגען הין און צוריק. דאָס בילד פון דער פרוי און וואַסער האָט פאַר איהר אַ בליץ געטאָן, נור זי האָט זיך צוריקגעכאַפט.

# איהר ווידוי.

„עס איז פוסט און לעהר אַרום, דעם דאַמפּפערס טריט זעהען זיך שוין נישט, נור די כוואַליעס און דאָס געראויש פון וואַסער-ראַד און משוגענע וועלען זידען און קאָכען, פונקט ווי זיי וואָלטען וועלען איבערדערצעהלען די געשיכטע פון מיין גרויסער לעבענס-זינד. דער דאַמפּער, וואָס האָט מיך צוועקגעטראָגען, איהם זעה איך שוין נישט מעהר, אָבער דעם לעצטען, לעצטען זעגענפייף הער איך פון גאַנץ ווייט און ער צווינגט מיך אויסצושרייען פאַר דיר: איבראַהים, ווייסטו, ווייסטו, ווער כ'בין? ווייסטו, ווער עס איז די פרוי מיט'ן ברילאַנט אויפ'ן האַרץ? אָ, אַ שטילער שוידערליכער ציטער לויפט דורך מיין הויט, מיין האַרץ געהט אויס מיט שוואַכע, שוואַכע קלעפּ און מיינע ליפּען מורמלען ווי ביי אַ טויט-פערורטיילטען.

אַ זינדיגע וואַנדערענדע פרוי בין איך. איבראַהים, איך האָב געזינדיגט נאָך פון דער ערשטער מינוט אָן, נאָך איידער איך בין אויף דער וועלט געפאַלען. איך האָב געזינדיגט אין מיינע קליינע בלויע קינדער-וויקעלעך, איך האָב געזינדיגט נאָך איידער איך

האָב דעם בריליאַנט מיין כלה-מתּנה בעקומען, נאָך איידער איך האָב פאַר מיינע אויגען דערזעהען דעם ערשטען, ערשטען לע-בענס-טרוים. ווייס, אַז אין די מינוטען, די שענסטע מינוטען, וואָס איך האָב אוועקגעשענקט מיין כלה-מתּנה, דעם אָדער יענעם דורכגעהער, זעגען אין מיין לעבען שוין מיינע אָרעמס געצויגען געוואָרען פון אַ פרעמדען, פרעמדען בליק, פון אַ פרעמדען בעגעהר. אַ לעבען פון צאַרט-פאַלשע קושען און לייכט-חניפה'-דיגער אונשולד בין איך געוועזען, איבראַהים. עס האָט דאָרט-קיינמאָל קיין ראָזע כלה-מתּנה, קיין בריליאַנט נישט געלעבט, נאָר אַנ'אייביגע, אייביגע שלאַנג, וואָס האָט מיך געמאַטערט און געפּייניגט מיט די פערבאָרגענסטע, פון גאָט-פערלאָזטע פערלאַנגען. איז דאָס דער חלום פון מאַריטאַס גליק?

ניין, נישט קיין בריליאַנט זאָלסטו אויף מיין האַרץ מעהר זעהן, נור די טויטע שלאַנג, די אויסגעפּרעסענע, זאַטע, טויטע שלאַנג אַרום האַרץ, איבראַהים. די, וואָס איז שוין אַזוי ערמידעט פון בעגעהרען, אַז לעבען גליסט זיך איהר שוין נישט מעהר און די, וואָס זעהט שוין פאַר זיך אַזוי נאָהענט דעם שלאַנגישען גיהנום, דאָס איהר נאָך איינמאָל אַ שמייכעל טאָן צום גן-עדן פון לעבען קלינגט אַזוי נאַריש און פוסט, ווי דער קלאַנג פון אַ ווייטען גאָל-דענעם גלאָק אויף אַ פוסטען פעלד. — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייס, אַז אין די גליקליכסטע מינוטען פון דיין האַלזען, צערטלען מיך, אין הייליגען פערלאַנג מיך צו ערהויבען אויפ'ן העכסטען באַרג פון געפאַלענעם גליק, האָב איך געגען דיר גע-טאָן איין קליינינקייט: איך האָב ווי אַ פערביסענע טירע אויסגע-שטרעקט מיינע האַרטע נעגעל געגען אַ בעשעפעניש אַ שולדלאָזעס, אַזעלכעס, וואָס עס האָט נאָך אַפילו נישט גענאָסען איין בליק פון דעם אייגענעם מאָרגענשטערן איבער'ן קאָפּ, און האָב עס פער-שטיקט, ווי דאָס קליינע אונשולדיגע פלעמעלע פון אַ ליכט. גע-טאָן האָב איך עס, ווייסטו ווען? גראָד דעמאָלט, ווען אין מיין צימער איז געהאָנגען דער ראָזער בריליאַנט פון „מאַריטאַס גליק“, וואָס האָט זיך געשפּילט אין חלומות, גראָד דעמאָלט האָבען זיך

מיינע אויגען אַרויסגעדרעהט אין די לעכער און איך בין בעגאַנגען אַנ'אונשולדיגע מערדעריי... ווייסטו נאָך וואָס? חן צו געפינען אין דיינע אויגען און דיך צו נאַרען? מיט מיין ברילִיאַנט, ווי היינט — איינעם, ווי מאָרגען — אַ צווייטען אָט דאָס איז דאָס בלאָנדזשענדע גליק מיינס? אַ וועלט פון זינד און פון ווייבליכער נאַרעריי בין איך, איבראַהים! אין מיר האָט שטענדיג געפלאַטערט דאָס שלאַנגישע וועזען אויסערליך. פון מיר האָט זיך שטענדיג געוועבט אַ פאַלשער חן דורך אַ ראָזען אונשולדיגען ברילִיאַנט... אָ, ווי ליגנעריש־ראָז בין איך און מיין ברילִיאַנט זענען פאַר דער וועלט געוועזען. — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

כ'זעה, ברודער איבראַהים, דאָס נאָהענט איז די צייט, וואָס פאַר אַ זינדיג־געפאַלענער פרוי וועלען זיך עפענען טויערן, שווערגעריגעלטע טויערן, וואו עס וועט זיך וועבען אַ רויטער פייער־משפט פאַר'ן זינדיגען בת־יחי'דישען נאָמען, וואָס הייסט ר' מאָטיעס טאָכטער.

איך וועל שוין דעמאָלט דאָ נישט זיין. פאַרהאַן אַ וועלט אַ ווייטע, אַ דורכלייטערענדע, דאָרט, וואו אַזעלכע מאַריטאַס מיט דער ערדישער אונשולד זייערע ווערען צופלאָסען ווי דער טונקעלער רויך פאַר'ן בלויען פריהמאָרגען. דאָרט וועל איך קומען נישט אַליין, מיט עפעס אַ שטיל טויט וועזען ביי דער האַנד און מיט'ן בלישטש פון אַ ראָז־געפאלענעם ברילִיאַנט. איך וועל קומען און דערהערען אַנ'אויסטערלישע שטים:

— מאָטיעס בת־יחידה, ווייסט, ווער עס צושמעטערט אַ דור אַ גליקליכען? אַ דור אַ ריידענעם? אַ דור, וואָס האָט געקלונגען מיט זיינע גאָטס־געזאַנגען, ווי די קליינע גאָלדענע גלעקלעך פאַר'ן בלויען מאָרגענשטערען? ווייסטו, ווער עס האָט עס געטאָן?

אָ, שטילע שרעקליכע ציטערען בעפאַלען מיינע גלידער! איך פיהל מיין לעבען ווי פערבלאָנדזשעט אין אַ וועלט פון שוואַרצע געדיכטע רויכען, רויכען בייזע, רויכען פינסטערע און אין די רויכען הער איך שטימען, מאָדנע צאַרט־בייזע שטימען. איז דאָס דער כוף פון מאַריטאַס גליק!

אָ, מאַריטאַס גליק!

איך געדענק, אין מיינע קינדעריאָהרען בין איך צום תשליך ביי אַ קליין וואַסערל געגאַנגען. דאָס וואַסערל איז אַ זויבערס געוואָרען און עס האָט מיין מיידעל-צורה ווי אין אַ גרינעם שפּיגעל זיך געהאַלטען. דאָס לעבען איז געגאַנגען. דאָס וואַסערל שטעהט מיר נאָך פאַר די אויגען, נור מיין יונג פּנים׳ל זעה איך שוין נור אין אַ געשטאַלט פון אַ פרוי אין דער העלפט אין וואַסער מיט בלעטער און בלומען און מיט אַ טויטער שלאַנג אויפ׳ן האַרץ...

כאַ-כאַ, מאַריטאַס גליק!״

אַזעלכע ווערטער האָט איינמאָל מאַריטאַ געשריבען איבראַהימ׳ן. זי האָט איהם געשריבען מיט יענעם געפיהל פון אַ מענשען, וואָס מוז זיך מיט דער וועלט אויף אייביג שיידען. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם גרויסען שטאָדטישען טייך מיט זיינע ווילדע וועלען פאַר איהר קערפּער נור דאָס געפיהל, אַז מיט צאַלוש פרעדסעדאַטעל איז זי נאָך נישט גע׳גט, האָט איהר פון געדאַנק אַוועקגעריסען.

—אַצינד בין איך גליקליך, וואָס איך האָב איהם אַלץ געזאָגט...—האָט צופרידען געשמייכעלט צו זיך אַליין מאַריטאַ.

דאָס האָט זי צוזאַמענגעבונדען מיט אַ געדאַנק, אַז דאָס ניי-געבוירענע קינד, דעם פלאָנטער פון איהרע לעבענס-זינד, האָט זי שוין בעזייטיגט און אַז זי האָט שוין נישט איצט עפּעס אויף דעם געוויסען, וואָס זאָל איהר שווער ליגען אויף דעם געמיט; אויסער דאָס, וואָס זי האָט נאָך נישט איבערגעריסען מיט צאַלוש פרעדסעדאַטעל און נישט געפּרובט פאַלען צו די פיס דעם אונגליקליכען טאַטען, איז שוין אַלץ אָבגערוימט פון וועג.

אַ צינד מוז זי טאָן איין זאַך: זי מוז אָנשרייבען צאַלוש׳ן, איהר מאַן, אַ בריף, אַז זי מוז איבעררייסען מיט איהם. קיינער וועט איהר נישט שטערען דערין, נישט וואַצלאַוו און נישט עמיץ פון דער „רויזען-פאַמיליע״. דער געדאַנק איז ביי איהר געוועזען אַזוי שטאַרק, דאָס ווען זי איז אויפגעשטאַנען פון געלעגער, בעגינען, און אַ קוק אַרום געטאָן זיך, אַז זי איז איינע אַליין אָהן דעם טרייען איבראַהימ׳ן, איז איהר איינגעפאַלען אַ געדאַנק, אַז זי מוז איהם אָנשרייבען אַ בריף, אַז נאָכדעם, ווי זי האָט זיך שוין

בעפֿרייט פֿון דעם שווערען פלאַטער, מוז זי זיך אויך בעפרייען פון איהר מאַן צאַלוש. דערמיט וועט זי בלייבען שטעהן צוריק אַזעלכע, ווי זי איז פֿריהער געוועזען, עס הייסט אַ גוטע, ליבע טאָכטער. דאָס וועט פֿרעהען אי איהם, אי איבראַהימ׳ן, און זי האָט געשריבען:

„טייערער! דו וועסט זיך וואונדערען, נור טאָן מוז איך עס. נאָכדעם ווי איך האָב אָבגערוימט דאָס קליינע יועזען פאַר מיינע אויגען, האָט מיך געמאַטערט נאָך א געדאַנק: איבערצורייסען מיט מיין מאַן צאַלע, דעם איבערבויער פון הייזער, דעם אָנפֿיהרער פון געריכטס-ענינים. דערמיט וועל איך ריין בלייבען אין דיינע אויגען און די אויגען פֿון דער גאַנצער וועלט. די אייגענע, וואָס איך בין געוועזען אַמאָל-אַמאָל... וועט עס דיר דען נישט פרעהען? אָ, איך האָף, אַז די פֿרייד, וואָס האָט מיך אַרומגעכאַפט, וועט אויך דיך נישט אויסמיידען, דען ווען דו וועסט צוריקקעהרען, וועסטו שוין בעגעגענען מאַריטאַ׳ן, אַ שענערע, ווי דו האָסט זי בעגעגענט דאָרט, אויפ׳ן באַל פון מאַסקען”.

נו, און אַצינד!...

אַצינד האָט זי זיך אַ מינוט פֿערטראַכט און געשריבען:

„צו מיין מאַן צאַלע! עס איז שוין אַ שטיק צייט, וואָס איך בין אַוועקגעפֿאָהרען פֿון דיר מיט דעם געדאַנק צוריקצוקעהרען, אָבער דאָס גרויסע אונגליק, וואָס דיינע מערדערישע הענד האָבען בעשאַפען פֿאַר מיר און מיין טאַטענס הויז, צווינגען מיך פון דיר צו אַנטלויפֿען אויף אייביג, און גליקליך וועט דער טאָג זיין, ווען מען וועט זאָגען, אַז מאַטיעס טאָכטער איז פֿריי! איך ...יין ביי דיר גט, גט אייביגען, און איך האָף, אַז דאָס גנאָד וועסטו מיר טאָן!

מאַריטאַ.”

האָט זי געענדיגט די בריף און זיך דערמאָנט, ווי גליקליך וועט זי זיין דערמיט, וואָס זי וועט בעפֿרייט ווערען פון צאַלושעס הענד, איז איהר איינגעפאַלען נאָך אַ ליכטיגער געדאַנק, אַז איצט איז געקומען די צייט, וואָס זי מוז זיך צוריק צוזאַמענטרעפֿען מיט׳ן טאַטענס הויז. זי וועט קומען צוריק, צוריק מיט׳ן בריליאַנט, מיט

שטילער פרייד אַהין, פון וואַנען עס האָט זיך אויסגעפּלאָנטערט דער ערשטער ווײַדענער פאָדעם פון איהר יחוס, און זי האָט געשריבען:

„טײַערע טאַטע־מאַמע! איהר מיינט געוויס, דאָס נאָך אַזאַ לאַנגע צייט פון פערלאָזען דאָס הויז ר' מאָטיעס, האָב איך שוין מיין בריליאַנט, די כלה־מתנה, אָנגעוואָרען? אַוועקגעשענקט? ניין, ניין! איך בין די, וואָס געוועזען. מיין גליק פון לעבען, וואָס איהר האָט מיר נאָך אין דער קינדער־יוגנט געשענקט, פּלאָנטערט זיך, אָבער עס בלייבט שטענדיג אויף דעם אָרט, וואָס געשטאַנען, און דערום שרייב איך אייך, אַז איך בין נאָך די, וועלכע איהר וועט זיך זעהן דאָרט, ביים ברעג פון טײַכעלע.

מאַריטאַ.“

די דאָזיגע דריי בריף האָט זי פאַר'ן קלאָרען טאָג געהויבען צום הימעל, פונקט ווי איהר וואָלט זיך צוריקקעהרען דאָס אַלץ וואָס זי האָט אָנגעוואָרען.

## דאָרט! דאָרט!

דער בריף איז אָנגעקומען גאַנץ פריה. האָט דער פּאָסט־טרעגער פון נייעם שטעדטעל געלעגט דעם שטעמפעל און איהם שנעל געברענגט צום טיש פון צאַלוש פרעדסטעדאַסטעל, וואָס איז געזעסען, ווי אַ שוין לאַנג בעזעסענער און בעטראַכט דאָס נייע לעבען אַרום.

ער האָט בעטראַכט פון ווייטענס די נייע שוהל, אַז זי איז איצט מיט צוויי שטאָק העכער, ווי פריהער און אַז די אויפשריפט יהוה, וואָס איז פריהער אָנגעשריבען געוועזען מיט קוהל פון עפּעס אַ יונגעל, איז היינט מיט גאָלד בעליישט און אַז אַ הויז ווייטער, וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען אַ נידעריג ברייט הויז פון אַ רבי׳ן, שטעהט היינט אַ מויער פון אַ ניי־מאָדישען רב און אַז ווייטער ציהען זיך קראָמען, געשעפטען, סוחרים און קונים. פון וואַנען און פון וועמען שטאַמט אָט דאָס גרויסע לעבען?

דערנאָך האָט ער אַ בליק געוואָרפען אויף זיין שטוב, וואָס האָט אויסגעזעהן אַ סך רייכער ברייטער, ווי פריהער איידער ער האָט איבערגענומען מאָטיעס פערמעגענס. דערנאָך האָט ער גענומען דעם

בריף אין האַנד, און דערזעהענדיג די אויפשריפט „מאַריטאַ" האָט ער אַ שמייכעל געטאָן מיט יענעם זאַטען שמייכעל פון אַ פראָצענטניק, וואָס דערזעהט ביי זיין טיר דעם אָרימען שכן, וועלכער איז געקומען אויפמאָהנען עפּעס אַנ'אַלטען, נישט-ווירדיגען חוב.

— אַזוי?— האָט ער געשמייכעלט,— האָט זי זיך פאָרט מישב געוועזען... מילא, היינט ווי לאַנג איז זי שוין נישט געוועזען? אַזוי לאַנג, ווי מיין בן-יחיד נאָגט די פרעמדע ברוסט. אויך נישט קיין אונגליק...

און דערזעהענדיג דאָס וואָרט „גט", האָט ער אַרויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער:

—גט? עס איז גרינג, נאָך גרינגער ווי אויסצופיהרען אַ ספּראַוועלע, ווי צו לעגען אַ וועטאָ אויף אַ פערמעגען אַפילו. קום, קום טייבעלע! דו וועסט דיין פערלאַנג דערגרייכען.

ווייל דאָס וואָרט „גט" האָט זיך אַ טראָג געטאָן צו די אויערן פון די שטובמענשען, זענען צוגעקומען צו צאַלוש'ן דאָס דינסטמיידעל און די זייגערין, וואָס האָבען היינט פערנומען דעם אויבען-אָן אין דער שטוב.

און דאָס דינסטמיידעל האָט מיט אַ לייכטזיניג געלעכטער געזאָגט:

—רעכענט דען נאָך די בעל-הבית'טע צוריקקומען? אָ, מיר דוכט זיך, אַז עס געהט דאָס בעל-הבת'ישקייט אָהן איהר אויך גוט. דאָט געפעט איז ריין, די שטוב אויפגערוימט. נישט וואָהר, ניאַניע?

די ניאַניע האָט אַ וויג געטאָן דאָס ווייסע קישעלע און אַ ווייז געטאָן צאַלוש'ן.

—דאַרף מען דען בעל-הבית'טעס, אַז עס געהט, קיין עין-הרע, אַזוי אויך נישט שלעכט. קלאָר ווי שניי, בלוט אין מילך, אַז קיין עין הרע...

צאַלוש האָט אַ קוק געטאָן אין קישעלע און זיך געטרייסט דערמיט, וואָס דאָס אָנדערטהאַלבעניעהריגע עופ'עלע האָט טונקעלע אויגען, ברעמען און אַ נעזעל איינגאַנצען צו איהר עהנליך.

און די זייגערין, צו חנפה'נען צאַלוש'ן, האָט צוגעגעבען:

—פֿון דער מוטער קיין האָר נישט. דער פֿאָטער מיט די ביינער, פּונקט ווי עס וואָלט קיין מאַמע קיינמאָל נישט געווען.

צאַלוש האָט צופֿרידען אַ שמייכל געטאָן צום פֿענסטער אין און איז מיט דעם בריף גליקליך געווען.

אין דער מינוט האָט עמיץ אַ קלונג געטאָן ביי דער טיר. דאָס זענען געגאַנגען די דריי קייזערליכע אַקציזניקעס.

—און אָט האָב איך, קינדער טייערע, פֿון מיין ווייבעל היינט אַ בריף בעקומען,— האָט ער דעם בריף געוויזען.— איך בין ממש גליקליך. טרעפֿט, וואָס זי פֿערלאַנגט.

די דריי אַקציזניקעס, וואָס האָבען שוין אין מאַריטאַ'ן פֿערגעסען, האָבען נאַריש אָנגעשטעלט די אויגען געגען דעם בריף.

—גט! גט! דאָס מאכל וועל איך איהר שענקען!— האָט ער צופֿרידען געשמייכעלט.— דאָס איז פֿאַר מיר קיינמאָל קיין שווערע זאַך נישט.

—גט?— האָט זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר דער רויטער באָרד דער אַקציזניק מיט'ן הינדטעלע.—איך וואָלט עס קיינמאָל נישט געטאָן. ביי מיר אַ ווייבעל—וואָלט איך זי אייביג געהאַלטען..

—נו, גט זיך! גט זיך!— האָט אריינגעקלאַפּט דער אַקציזניק דער אָרענטליכער בחור.— פֿערלוירען וועט זי דאָ שוין נישט גאָר. מיר וועלען אָנפֿרישען די פֿערגאַנגענע שפּאַצירען...

—צו אַלדע רוחות!-- האָט אונטערגעזאָגט דער מיט'ן בינאָקל.— הלואי קומט זי כאָטש מיט'ן בריליאַנט אויפֿ'ן האַלז.

—הלואי! הלואי!...

די אַקציזניקעס האָבען עפּעס שפּאַס געטאַכט אונטער דער צונג וועגען צאַלע'ן און מאַריטאַ'ן און זיך אַוועקגערוקט אין אַ בעזונדער ווינקעל, און צאַלוש האָט קורץ און שאַרף אָנגעשריבען עטליכע ווערטער:

„מיין פֿרוי מרים! גאָט צו דאַנקען, וואָס דו ביזט געזונד. איך בין צופֿרידען דערפֿון. דו פֿערלאַנגסט גט? גאָט אפֿילו אַליין וועט עס דיר נישט שטערען. דו וועסט עס בעקומען נאָך שנעלער ווי דו ווילסט. דיין מאַן צאַלע.‟

# געגענאיבער.

ס'איז שוין געוועזן פאַרנאַכט, ווען אין די קליינע היי-
זער, די פערנאַכלעסיגטע, וואָס זענען געלעגן געגענאיבער דע-
ביי-אויפגעבויטער וועלט, איז אַריין דער פאָסט-טרעגער און שנעל
אָוועקגעגעבן אַ בריף.

די שטוב-מענשען, וואָס זענען קיינמאָל נישט געוועהנט גע-
וועזען צו בעקומען בריף פון דער פרעמד, זענען צוגעלאָפען
אויפגערעגטע, צורודערטע:

— פון וועמען? פון וועמען? איז צוגעלאָפען אַ מאַן מיט אַ ווייסער
צושויבערטער באָרד און מיט אויפגעריסענע לאַצען. ער האָט דעם בריף
געכאַפט אין האַנד, איהם בעטראַכט, און דערזעהענדיג דעם נאָמען פון
זיין טאָכטער, איז ער אָבגעשפרונגען פון איהם, ווי פון אַגעשפענסט.

די מאַמע, א מידע, דערשלאָגענע יודענע, איז צוריקגעפאַ-
לען אין דעם שטוהל, פון וואַנען זי האָט זיך אויפגעהויבען. די
דינסט, סאָסיע, איז שוין מעהר קיין דינסט נישט געוועזען, דען
די בעלי-הבתים זענען געשטאַנען מיט איהר אויף איין פו-
האָט דעם בריף אין האַנד געכאַפט און איהם אויפגעריסען

די טיר האָט זיך געעפֿענט און עס איז אַריין דער פֿעטער חיים אַ גרויער בייזער אָרימאַן, וואָס האָט זיך געשטעלט אין דער זייט פֿון סאָסיע׳ן און קאַלט בעטראַכט די פֿרעמד-געשריבענע ווערטער:

„טרייע טאַטע-מאַמע!

אין דער צייט, וואָס איך שרייב די ווערטער, בין איך זעהר ווייט אַוועק פֿון אייך. איך לעב אין אַ זעהר פֿרעמדער ווייטער וועלט, דאָך מיינט נישט, דאָס איך האָב שוין מיין כלה-מתנה אַוועקגעשענקט, אָדער פֿערלוירען... ניין, איך בין נאָך די, וואָס געוועזען די קליינע געוויקעלטע אין זייד און סאַמעט מאַריטאַ. געדענקט איהר עפּעס מיינע גערטלעך און בלומענטעפּ? כאַ-כאַ! עס דרעהט זיך מיר נאָך אַלץ די ווייסע געשאָכטענע טויב פֿאַר מיינע אויגען. אָבער, ניין, עס איז נאָך אַלץ נישט פֿערלוירען. באַלד, באַלד וועל איך נאָך צוריקקומען אַהין, צום טייכעלע פֿון תשליך. אייער טרייע מרים".

אין דער צייט, וואָס סאָסיע האָט מיט געבראָכענע ווערטער געלייענט דעם בריף, האָבען אַלע אויסגעשטרעקט די אויערן. דער פֿאָטער, אַ בלייכער, צומישטער, האָט אויסגעהערט די ווערטער גלייכגילטיג, דוכט זיך, ווי געשריבען פֿון אַ פֿרעמדען מענשען, אין אַ ווייטער, ווייטער וועלט.

דאָס גרויסע אונגליק, וואָס איז מיט איהם פֿאָרגעקומען, האָט איהם אויסגעזעהן ווי לאַנג שוין; ער איז שוין געוועהנט געוועזען צו די הויכע נייע מויערן, צום רויש פֿון לעבען און צו דער קצבה, וואָס איז געשיקט געוואָרען צו אַן׳אָרימאַן פֿון גוטע טרייע שטאָדט-מענשען. ער האָט געהערט די ווערטער און עס זענען איהם נישט אינגאַנצען געדענקליך געוועזען די הענד, וואָס האָבען איהם זיי געשריבען.

די מוטער האָט פּסדר זיך אויפֿגעשטעלט און צוריק געפֿאַלען, אַ בלייכע, מידע. עס האָט איהר געקלונגען די ערינערונג און דער נאָמען פֿון איהר טאָכטער מאָדנע ניי, ווי עס קלינגט דער נאָמען פֿון אַ ליב געשטאַלט.

דער פֿעטער חיים האָט צוערשט זיך איינגעהערט, נור ווען מען האָט דערמאָנט דעם נאָמען פֿון איהר, האָט ער בייז אויסגע-

שפיגעלן און געשטעלט זיך מיט די אויגען צום פענסטער. איינע גור, סאָסיע, האָט דעם בריף געדריקט צום האַרץ און געוויינט שטיל. זי האָט געהאַט געפיהל, אַז זי האַלט נאָך איהר קליינעם גאָלדענעם קאָפּ אין איהרע הענד, אַז זי שפּאַצירט מיט איהר אַליין, אַז זי מעסט איהר צו דעם בריליאַנט פון מאַריטאַס גליק.

— געשריבען, דאָך געשריבען, — האָט ענדיגענדיג די וועל־טער געזאָגט סאָסיע צו די אַרומיגע, — און אָט שרייבט זי נאָך וועגען איהר קומען... ר' מאָטיע, ווי געפעלט אייך די בשורה?

דער אַלטער מאָטיע האָט געגעבן ניט פערשטאַנען, וואָס זי רעדט צו איהם. פאַר זיינע אויגען האָט זיך אַ פלאַנטער געטאָן עפּעס אַ טויב אַ ווייסע, וועלכע ער האָט געהייסען שעכטען, דאָס פּנים פון עצה־געבער צאַלוש פרעדסעדאַטעל, אַ כרעמדע חתונה מיט אַ היימישען בריליאַנט; אַ שוידערליכער ציטער איז דורך זיי־נע גלידער און ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד, אַז סאָסיע זאָל מעהר ניט ריידען.

דעמזעלבען טאָג האָט געגעבען דער פעטער חיים. די מוטער האָט פערשטעלט מיט די הענד דאָס פּנים. איהר איז גע־קומען אויפ'ן געדאַנק דאָס געשטאַלט פון דער צערטליכער טאָכ־טער איהרער, וועלכע זי האָט אין זיידענע וויקעלשנורען געוויקעלט.

עס האָט ערוואַכט אין איהר די אַלטע גוטע מוטער און אַ שרעק פון טרערען האָט פערקלאַפּט איהרע רייד.

סאָסיע איז איינע אַליין שטעהן געבליבען מיט דעם בריף צום האַרצען. זי האָט איהר אַלע איהרע זינד פערגעבען, זי האָט געוואָלט אויפסניי איהר טרייע הויט־היטערין ווערען.

— זאָל זי קומען וואָס גיכער, וואָס גיכער, — האָט זי גע־שעפּטשעט.

און געמיינט האָט זי, אַז מיט איהר קומען וועט דאָס הויז צוריק פערהילט ווערען אין זיין אַמאָליגען, אַמאָליגען גליק.

אָבער קיינעם האָט, דוכט זיך, איצט ניט אינטערעסירט דאָס גליק אָדער אונגליק מאַריטאַס. עס האָבען אויסגעזעהן די מענשען, ווי איינזאַמע, לעבענס־פערגעסענע, וואָס האָבען שוין אין דער וועלט פון ליכט און ליבע מעהר קיין אָרט ניט.

# דער זון-פערגאנג.

— אַצינד איז מיר דאָך דאָס לעבען לייכטער, לייכטער, פונקט ווי טויזענדער פודען וואָלטען פערשוואונדען, — האָט מאַ־ריטאַ געשעפטשעט, ווען זי האָט אַנטדעקט די פעדער פון דער האַנד, טראַכטענדיג וועגען דעם, אַז אָט באַלד בעקומט זי אַ בריף פון צאַלוש פרעדסעדאַטעל וועגען גט, וועגען דעם, אַז די עלטערן וועלען איהר בעטען צוריקצוקעהרען אַהיים. און קלערענ־דיג וועגען דעם לעצטען, לעצטען שריט, מיט וועלכען זי וועט איצט צוריק ווערען מאָטיעס בת־יחידה, האָט זי זיך דערמאָנט, אַז היינט־מאָרגען וועט זי קומען מיט איבראַהים׳ן צוריק אַהיים אין הויז פון טאַטע־מאַמע. זי וועט זיך פיהלען גליקליך, ווי אין דעם הויז פון יונגען רבי׳לע, מיט וועלכען איהר פאָטער מאָטיע האָט זי פער׳קנס׳ען געוואָלט. זי וועט שטעלען אַ חופה אַ צווייטע, דאָרט ביים טייכעלע, וואו זי פלעגט צום תשליך געהן. אָבער די חופה וועט נישט זיין די פאַלשע חופה פון צאַלוש פרעדסעדאַטעל און די קינדער, וואָס זי וועט האָבען, וועלען נישט זיין די, וואָס ווע־לען ענליך זיין צו די קליינע פראָצענטניקלעך. דאָס וועט זיין אַ

דור אַ פֿרומער, אַ דור אַ נײַער, אַ דור, וואָס וועט זיך צוריק פֿערוועבען מיט די גאָלדענע פֿעדעם. מאָטיעס דור. דאַרף עס נאָך עפּעס בעסער זיין?

די געדאַנקען האָבען איהר אַזוי דערפֿרעהט, דאָס ווען זי האָט זיך דערמאָנט אויף וויפֿיל ער, איבראַהים, פֿערגעטערט איהר בריליאַנט, האָט זי בעשלאָסען שרייבען אַזעלכע ווערטער:

„איך שטעה איצט ביים שיידוועג פֿון מיין לעבען, איבראַהים, און פֿיהל, אַז וויטער געהן וועל איך שוין נישט. איך בין איצט אין דער לאַגע פֿון אַ שיף, וואָס וואַרט אויף די הילף פֿון איהר לענקער. איך האָב דאָס לעצטע מאָל אין מיין לעבען אַוועקגעשענקט מיין בריליאַנט אַזעלכען, וואָס האָט דעם ווערט צו טראָגען אין מיין נאָמען. ביז איצט איז געוועזען אַ גאָרנישט אין מיין לעבען, אַ וועלט פֿון נשמה-ברעכער. איך האָב זיי איינמאָל אויף שטענדיג אָבגערוימט. אַצינד מוז אָנקומען די צייט, אַז דער, וואָס פֿערגעטערט דעם זיידענעם דור, פֿון וואַנען איך בין, זאָל מיך מיט די אייגענע הענד צו איהם צוריקפֿירען. איך בין נאָך אַ פרוי טאַקי, אַזעלכע, וואָס האָט פֿערלוירען אַ סך און קאָן דאָך נאָך פֿיל טרייסט געבען. אַצינד שטעה איך און וואַרט אויף דיין מענליכע הילף. איך טראַכט, אַז דו זאָלסט די אויסשטעלונג מיט דעם זיג פֿון בילד מאַריטאַס צו רוה לאָזען אויף אַנ'אַנדער צייט. איך האָף און וואַרט אויף דיר.

מאַריטאַ.“

דעם בריף האָט זי שנעל אָנגעשריבען, פֿערקלעפּט אין קאָנווערט און גענומען איהם אין האַנד צוזאַמען מיט אַ צווייגעל פֿון אַ פֿרישען פֿריהלינגס-בוים.

זי איז אַרויס אין דרויסען. די ערשטע פֿריהלינגס-שטראַהלען פֿון דער זון האָבען געגלעט דאָס זילבערנע וואַסער פֿון גרינליכען טייך, נעבען וועלכען עס האָבען זיך אויסגעשפּרייט די גרינע פּלעצער און גערטנער מיט די געלע בלומען און גראָזען. זי איז געגאַנגען שנעל, ווי אַ קינד, וואָס לויפֿט נאָך אַ גליקליכען שטערען. זי האָט צלעכצאָל דעם בריף צו די אויגען אַ נעהם געטאָן:

„בין איך נישט גליקליך? ניין?“

## דעם טרוימערס וועלט.

איבראַהים האָט דערוויל געוואַרט אויף דער אויסשטעלונג מיט אונגעדולד. ער האָט דערוויל פֿערגעסען אין יענער, יענער פֿרוי מיט דער בלויער מאַסקע, די, וואָס האָט איהם פֿערשפּראָכען עטוואָס אַזעלכעס, איבער וועלכען ער האָט געדאַרפֿט אַ פֿאָטער און אַ ליבענדער זיין צוזאַמען.

איבעריגענס, האָט מען עס צו קיין פערגעסען נישט געקאָנט צורעכענען. דאָס איז גיכער געוועזען אַ מין שטילע פערליבטקייט צום שאָטען פֿון אַ מענשען נאָכמעהר, ווי צו איהם אַליין און פֿון דער צייט, וואָס ער האָט די פרוי פֿון די אויגען פֿערלאָזען, האָט ער פערגעסען איהר טעגליך אויסזעהן, איהרע מינעס און קערפערליכע בעוועגונגען.

דאָך עפּעס ליבעס, נישט קלאָרעס האָט שטענדיג געשוועבט פֿאַר זיינע אויגען, און דאָס האָט איהם אָוועקגעריסען פֿון יענער מאַריטאַ'ן, די געליבטער פרוי און מוזער און געצויגען צום בילד, דורך וועלכען ער האָט געדאַרפֿט זיגרייך אַרויס. ווייל די טעג פֿון דער אויסשטעלונג האָבען זיך דערנעהנט, זענעןביידע

חנ‍ים פלייסיג געשטאַנען ביי דער אַרבייט.

לעווי האָט מיט זיין גאַנצער אַפּאַטיע געסטאַרעט זיך דייט־ליכער צו מאַכען דעם קאָפּ פון דער טויטער שלאַנג אויף מאַרי־טאַס האַרץ, כּדי אויסצודריקען די בישטיגקייט פון הערצליכען פערלאַנג.

מיט דערזעלבער גליקליכער אינטואיציע איז אָבער איבראַ־הים געשטאַנען איבער׳ן בריליאַנט און אַריינגעדרונגען מיט די ליכ־טיגסטע פאַרבען, וואָס ער האָט אין זיין פאָרשטעלונג געטראָגען. די אמתע מאַריטאַ מיט איהרע ליידען און פרעהליכע מינוטען האָט ער פערגעסען. נאָכמעהר, ער האָט זי פון זינען געלאָזען. ווען ער האָט דערזעהן, אַז זיין מיסיאָן צו ווערען דער רעטער פון אַ פרוי מיט אַ פרעמד קינד איז געפאַלען, איז אַוועק די מיטלייד צו איהר, דאָס גאָלדלאָסטיגע און שווערע, וואָס האָט איהם געצויגען צו איהר.

ווען ער האָט די לעצטע ווערטער בעקומען פון מאַריטאַ׳ן, וואָס האָט גערופען צום אייביגען פערבאַנד מיט איהר אַלט׳ן דור, האָט זיך איבראַהים פערטראַכט. ער האָט געפיהלט, אַז מאַריטאַ איז מיט איהם פערבונדען מיט זיין ערינערונג, מיט דעם, וואָס זי איז אַ קינד פון דער אַלטער וועלט, מיט דעם, וואָס זי האָט איהם אַזאַ ליכטיג־ראָזען בריליאַנט געבראַכט. אָבער די אמת׳ע פאַקטישע מאַריטאַ האָט איהם מעהר נישט געצויגען. זי האָט איהם נישט גע־צויגען נישט מיט איהר פערלאַנג פון שטילער גליקליכער הייראַט, און נישט דערמיט, וואָס זי האָט מיט איהרע אייגענע הענד אָב־געראַמט די פרוכט פון איהר אונגליק, כּדי פאַר ביידען גליק צו בעשאַפען. עס איז דאָ פון איהם אַוועקגענומען געוואָרען די גליק־ליכע געפאַהר, וועלכע ער האָט אין זיין לעבען ליב געהאַט, און וויייל ער האָט מאַריטאַן געדאַרפט געבען אַן׳ענטפער אויף די לעצטע ווערטער, האָט ער אַזוי געשריבען:

„שוועסטער מאַריטאַ!

ווען איך בעטראַכט די געשיכטע פון מיין און דיין לעבען, געפין איך די עהנליכקייט, וואָס איך, ווי דו, האָב אַמאָל אַ ברי־ליאַנט געהאַט, אַ שטילע גאָטהייט. די האָב איך אין קאַמף מיט׳ן לעבען, ווי דו די כּלה־מתּנה, אָנגעוואָרען, פערטושט, פער׳משכּונ׳ט און אויסגעגעבען אויף קליינליכע זאַכען. אָט דיזאָזיגע עהנליכקייט צווי־

שען אונז, כ׳מיין דעם מאַן און די פרוי אין דער בלויער מאַסקע, ווי מיר האָבען זיך בעגעגענט. האָט אונז צוזאַמענגעבונדען מיט אונזער יחוס-געפיהל, מיט דעם יוגענדליכען געטליכען, וואָס מיר האָבען אין קאַמף מיט׳ן לעבען פערלאָרען. צובער פאַרהאַנען זאַכען, וואָס מוזען בלייבען הענגען אין דער לופט, ווי דער ליכטיגער שטערען אויפ׳ן נישט בלויען הימעל און קאָנען קיינמאָל צו קיין פעראייניגונג נישט קומען. דאָס איז דער ברילּיאַנט פון מאַריטאַס גליק, וואָס שיינט אין זיין ווייטקייט נאָך שטאַרקער ווי אין זיין נאָהנטסטער נאָהנטקייט און דערום ווייס, אַז אונזער צוזאַמענבאַנד איז אונמעגליך. עס האָט מיר דיין ברילּיאַנט געגעבען די ראָזע שטילע פאַרבען, דאָס פייער פון אַמאָליגען ליכט. דאָס ליכט שיינט פון ווייטענס בעסער, ווי אין דער נאָהנט. דאַרף מען מעהר דערפון? ווען איך הער זיך איין, שוועסטער מאַריטאַ, אין דיר, ווער עס האָט דיין לעבענס-וועלט צוברָאכען, בעשולדיג איך נישט דעם אָדער יענעם. שולדיג איז דאָס גרויסע לעבענס-ראָד, מאַריטאַ. איבער׳ן ברייטען ים געהט אַ גאָלדענע שיף פערלאָרען. בעשולדיג נישט די אָדער יענע כוואַליע, שולדיג איז דער גאַנצער שטראָם.

ווי צוויי פערלאָרענע גאָלדענע שיפען, זענען מיר אין קאַמף פון לעבען פערלאָרען געגאַנגען, איינס ביי דאָס אַנדערע זענען מיר געפאַלען, און צי קאָנען זיך דען נאָהנט-געפאַלענע שיפען מציל-זיין פון זייער אונגליק? מיר האָבען ביידע ברילּיאַנטען פון אַלטען גוטען לעבען געברענגט, מאַריטאַ, דער ווערט פון זיי איז אפשר אין דער היינטיגער צייט געפאַלען, דאָס פייער פון זיי לעבט אין מיין שלאָף און אין מיין וואַכהייט, עס לעבט אין חלום און אויפ׳ן וואָה״, אין מיין תפילה און אין די מינוטען פון זינד.

אַ שטילען גליקליכען בליק פון עפּעס אונשולדיגעס האָסטו פאַר מייגע איגען געברענגט, שוועסטער מאַריטאַ, דעם אמת׳ן ווערט אָבער פון דיין כלה-מתנה און די פרומע ווייבליכקייט, וואָס האָט די מתנה געברענגט, קעהר צוריק צו די וועגען פון דעם דור און אין דעם לעבען, פון וואַנען דו שטאַמסט. איך אָבער וועל ווי יענער האַלב געשאָסענער פויגעל, אין מיין בלאָנדזשענדער

איינזאַמקייט זיך אויפהויבן אין אַנדערע, אַנדערע וועגן פון בלאָנדזשענדען גליק, אין אַנדערע, אַנדערע ריזיקאַלישע הימלען.״

אַזוי האָט איבראַהים געשריבן זיינע לעצטע ווערטער צו דער גליק־ערוואַרטענדער מאַריטאַ׳ן. ער האָט איהר געשריבן וועגן די גוטע חלומות, וואָס דער ברילליאַנט פון מאַריטאַס גליק, האָט איהם געגעבען, וועגן דעם, אַז דער בלאָנדשענדער שטערען מוז צוריקקעהרען אהין, פון וואַנען ער איז געקומען און נאָך, נאָך.

# צוריק! צוריק!

—אַצינד בלייבט שוין דער בריליאַנט אין מיינע הענד. קיינמאָל וועגען איהם נישט צו ריידען מעהר, און קיינמאָל איהם קיינעם נישט צו דערלאַנגען אין האַנד, — האָט פערביטערט געטראַכט מאַריטאַ, לייענענדיג די ווערטער איבראַהים׳ס.

דאָס האָט זי צוזאַמענגעבונדען מיט דעם געדאַנק, אַז דאָס בעקומען דעם גט פון איהר מאַן צאַלע און דאָס ברענגען די כלה־מתנה צוריק אין איהר הויז פון טאַטען מאָטיע איז איצט איהר ערשט ער פערלאַנג. אַצינד האָט זי זיך געפיהלט שוין דאָ אַרום אונבעקוועם, ווי עס וואָלט אויסגעלאָשען געוואָרען די זון, וואָס האָט דאָ צוגעזאָגט פריהלינג און ליכט. דאָס וואַסער, וואָס האָט איהר די לעצטע טעג געשפילט מיט זיינע כוואַליעס, האָט איהר אויסגעזעהן, ווי אַ תהום, וואָס דאַרף פערשלינגען זינדיג־געפאַלענע; די בוימער, וואָס זענען געשטאַנען אויף די גרינע פלעצער, האָבען איהר דערמאָנט אין מצבות און די גאַנצע וועלט אַרום האָט געזעהן ווי אַ בית־עולם, וואו עס זיצט איין לעבעדיגער מענש... דאָס איז זי אַליין געוועזען...

„האָט זיך עס געענדיגט מיט איהם, זאָל זיך עס ענדיגען: לענגער דאָ בלייבען, לוינט עס נישט“,— האָט געטראַכט מאַריטאַ, אַרומקוקענדיג די וועלט אַרום, וואו אַלץ, דוכט זיך, איז געשטאַנען מיט׳ן קאָפּ אַראָב, פינסטער און פערלאָזען.

מאַריטאַ, האָט איצט געפיהלט אין זיך אַ גרויסע ענדערונג. איהר האַרץ האָט געקלאַפּט לאַנגזאַם, אָהן אויפרעגונג, אין די אויגען זענען איהר איצט מעהר קיין טרעהרען נישט געקומען.

דאָס איז געוועזען די גלייכגילטיגקייט, וואָס אונז כאַפּט אָפּט אַרום, ווען מיר שטעהען ביים דער לעצטער, לעצטער לעבענס-ענטטוישונג.

„האָב איך איהם אויך פערלוירען, דאַרף איך איצט שוין מעהר קיין גליק נישט זוכען,“— האָט געטראַכט מאַריטאַ, און צוזאַמען מיט דעם געדאַנק האָט זי געפיהלט, אַז די פאַרביגקייט פון הימעל, דאָס צווישערען פון פויגעל, דער פייף פון דאַמפער וועקט שוין אין איהר נישט עפּעס אַזעלכעס טרויעריגעס אָדער פרעהליכעס.

„איך דאַרף איצט געהן צוריק צו טאַטע-מאַמע,— האָט מאַריטאַ געטראַכט, — און דאָרט אויסגעלאָשען ווערען מיט זיי צוזאַמען.“

דערביי האָט זי געפיהלט, ווי אַלץ, אַלץ אַרום זאָגט איהר שוין נישט צו קיין טרוים און נישט קיין פרייד.

מאַריטאַ האָט איצט געטראַכט וועגען לעווי׳ן, דעם-יעניגען, וואָס האָט גערעדט וועגען דער שטילקייט פון טויט, וועגען דעם, וואָס ער האָט איהר געמאָלט מיט אַשלאַנג אויפ׳ן האַרץ. זי האָט איצט געפיהלט אַ פערליבטקייט צו זיין נעבען איהם. דאָס איז די פערליבטקייט, ווען מיר זעהען פאַר זיך דעם ווייסען רוהיגען מלאך פון טויט.

„ווען לעווי וואָלט דאָ זיין,— האָט מאַריטאַ געטראַכט,— וואָלט איך פאַר זיינע אויגען געהייסען מיך צופיהרען צום ערשטען בעסטען טייכעלע און דאָרט דערטרינקען זיך מיט מיין גליק“.

און טראַכטענדיג וועגען לעווי׳ן, האָט זי געפיהלט, אַז די וועלט איז שוין מעהר פאַר איהר קיין וועלט נישט, דאָס לעבען— קיין לעבען נישט. איין זאַך איז איהר נאָר פערבליבען—צוריקצו-

קעהרען צו דעם שויס פון דער אַלטער היים. איין פערלאַנג האָט זי געהאַט נור.

אין דער אייגענער צייט, ווען זי האָט בעקומען דאָס ברי־וועלע פון איבראַהימ׳ן, האָט זי געלייענט די ווערטער פון צאַלוש פרעדסעדאַטעל.

מאַריטאַ האָט שנעל פעופאַקט איהרע חפצים און אָנגעטאָן זיך אין די קליידער, וואָס האָבען איהר אויסטערליש יונג געמאַכט. דאָס איז געוועזען דער בלויער שירץ מיט די אַקסעל־בענדער און דער גרויסער רונדיגער הוט. דערנאָך האָט זי זיך פערקעמט די האָר. דער שפיגעל האָט איהר בעוויזען, דאָס זי איז נאָך יונג און דאָס זי זעהט־אויס אינגאַנצען ווי פאַר דער חתונה מיט צאַלוש פרעדסעדאַטעל. און אַ בלאַס שמייכעלע האָט פערכאַפט איהר׳ע ליפען.

## אַהין! אַהין!

דער פֿריהמאָרגען הימעל פֿון יוני-טאָג אין דער גרויסער שטאָדט איז נישט אָבגעשטאַנען מיט זיין ליכט-געוועב פֿון ראָזע פֿאַרבען, ווי דאָרט, ווייט אונטער'ן שטאָדט.

טויזענדער פֿאַרביגע פֿאָרהאַנגען האָבען זיך געגען די הויכע מויערען אויפֿגערוקט, דייטליך מאַכענדיג דעם בלייכען עסקיז פֿון די הויכע קוימענס און הייזער, פּונקט ווי זיי וואָלטען די שטאָדט אויסניכטערן פֿון אַ לאַנגען שוואַרצען חלום.

פֿאַמעליך האָט זיך די גרויסע רויטע זון אַרויפֿגעכאַפּט העכער צום זעניט און בעלויכטען שוואַך די גרינע פֿאָרפֿלעצער פֿאַר דער שטאָדט.

ביסלעכווייז איז זי אַריינגעדרונגען אין די פֿענסטער, אונטער די ראָלעטען, אויף די מידע פּנים'ער פֿון די שלאָפֿענדיגע, פּונקט ווי זי וואָלט זיי אַ גלעט טאָן מיט דער האַנד: „שלאָפֿט, שלאָפֿט, מידע, צופֿיל האָט אייך געפּייניגט די שווערע פֿינסטערע שטאָדט-נאַכט!“

ווייט, ווייט איז געשטאַנען אָפֿען מאַריטאַס פֿענסטערל, בעהאָנגען מיט אַ לייכט צוריסען פֿאָרהאַנגעל, און אַ רויטליכע שיין האָט דורך דעם שוואַכען סיץ אַוועקגעלעגט אַ פּאַס ליכט אויפֿ'ן

טישעל, וואו עס זענען געלעגען אָנגעוואָרפען די שפּורען פון די יוגענדליך-לעבעדיגע פּאַבען איבראַהימס. אין צווייטען ווינקעל האָט מען געזעהן די שוואַכ׳ע בלאַסע פאַרבען לעוויס. און דערגרייכט האָט זי שוין דאָרט אַהין, וואו עס איז געלעגען מיט די האָר צעוואָרפען, ווי אַ געשאָסענער פויגעל — מאַריטאַ אין איהר מידען שלאָף. געגענאיבער איז געהאָנגען אַ שפּיגעלע מיט אַ ווייסען פלעק, וואָס האָט איהר צורה צו נישט געמאַכט! ווייטער אַ ביסעלע זענען געהאָנגען די מיידעלשע בגדים, דער שירץ מיט די אַקסעל-בענדער און דער גרויסער רונדיגער הוט, וועלכען זי האָט נעכטען אָנגעמאָסטען אָנצוטאָן אין וועג אַריין...

שטיל איז נאָך געווען אַרום. נאָר פון צייט צו צייט האָט אַ סטרוזש מיט׳ן טרוקענעם בעזים געריבען דעם ברוק ערגיץ. עמיץ האָט גע-געקלאַפּט אין מיסט-קאַסטען, אַ כאַפּער האָט הינד געיאָגט, קען האָבען געמיאוקעט שטיל.

נאָר אָט הויבט זיך אויף אַ קלינגען ערגעץ ווייט: דין-דין, גלאָן-גלאָן. צו תּפילה רופט מען.—די מתפּללים קומען, די גלאָקען הערען-אויף, דער לעצטער עכאָ בלייבט העבגען ערגיץ, און שאַ, שטיל!

מאַריטאַ האָט פּלוצלונג די אויגען געעפענט און בעטראַכט, דעם שוואַכען עסקיז פון די גרויסע מויערען מיט די אָזענע פענ-סטער, וואו עס שלאָפען פעסט יעצט פרויען מיט עקעלהאַפטע חלומות, מיט שוים אויף די ליפען, מיט קריצענדיגע צייהן. דיזאָזיגע יונגע פרויען האָט מען פערנאַרט, פּונקט ווי איהר, מאַריטאַ׳ן, אַמאָל, פערשפּראָכען ליבע, „ליבע אייביגע״, אונערשעפּ׳ליכע און דער סוף איז געווען, ווי נעכטען, אייער-נעכטען — שוים אויף די ליפען, קריצענדיגע צייהן, ענטטוישונג, פרעכע הענער-אָרעמס...

„מאַריטאַס גליק״ איז אַמאָל אַזעלכעס געוועזען, זייער גליק איז איצט אַזוי.

שטיל איז מאַריטאַ געלעגען מיט די הענד ביים געפלעכט פון די צעשויבערטע האָר און געבלעטערט די געשיכטע פון איהר לעבען. וואָס פאַר אַ גליקען האָט זי שוין נישט געדאַט: ליבעס אונשולדיגע, ליבעס ברידערליכע, ליבעס ווילדשוימיגע, עקזאָטישע

ליבעס, געפלאָכטען מיט הייראַט און אידעאַלע ליבעס. אַלע, אַלע האָבען זיי עפּעס צוגעזאָגט און געברענגט שוים אויף די ליפּען, קריצענדיגע ציינער, ענטוישונג, פרעכע מענער־גרימס...

ווי דורך אַ קאַליידאָסקאָפּ זעגען איצט דורך פאַר מאַריטאַס אויגען די דריי וועלטען, פון וועלכע איהר לעבען איז דורך און די מענשען פון זיי: אָט איז דאָס פּנים׳ל פון יונגען רבי׳לע, וועלכען זי האָט אָנגעשטויסען פון זיך, טוביה׳לע שרייבער, די ליבע פון איהר מאַן צאַלוש פּרעדסעדאַטעל און זיינע פרעכע אַקציזניקעס.

דריי וועלטען, דריי געבראָכענע דורות מיט געפאַלענע שבתים און געפעלשטע ימים־טובים, האָט מאַריטאַ, מאָטיעס טאָכטער, דורך איהרע ביינער דורכגעטראָגען. אָט דידאָזיגע דריי וועלטען ליגען הינטער איהרע פּלייצעס, ווי אַ גרויסע צאָהל גאָלדענע מנורות, מיט אַ שוואַכען שיין פון אויסגעהעבדע ליכט. און אַצינד, וואָס ברענט אַצינד דאָס לעבען?

מאַריטאַ האָט אַ ציטער געטאָן. אין איהרע אויערן האָבען אַ קלונג געטאָן די לעצטע ווערטער איבראַהימס:

„ווען איך קלער זיך איין אין דעם, ווער עס האָט דיין לעבענס־וועלט צובראָכען, בעשולדיג איך נישט דעם אָדער יענעם. שולדיג איז דער גרויסער לעבענס־ראָד.

ווי צוויי פערלוירענע גאָלדענע שיפען זענען מיר אין קאַמף פון לעבען פּעלאָרען געגאַנגען, איינס נעבען דאָס אַנדערע זענען מיר געפאַלען און צי קאָנען דען נאָהנט־געפאַלענע שיפען בעשירמט ווערען פון זייער אונגליק?"

און די לעצטע, לעצטע ווערטער:

„אַ שטילען ראָזען בליק האָסטו מיר געברענגט. די אמת׳ע מתנה אָבער, וואָס האָט מיר געגעבען דעם לעצטען, לעצטען בליק, טראָג־אַוועק אין דעם הויז און אין דעם דור, פון וואַנען דו שטאַמסט"

מאַריטאַ איז אויפגעשטאַנען מיט אַ נערוועזען ציטער אין די ביי־נער. זי האָט זיך אָנגעטאָן אין איהרע בלויע בגדים, נאָך פון טאַטענס הויז געברענגט, זיך פערקעמט אין דעם אַרט, ווי זי האָט זיך פער־קעמט ביי די שפּיגלען פון טאַטען, דערנאָך פערלעגט אויפ׳ן האַלז

דעם בריליאַנט. צו וואָס זי האָט עס געטאָן, האָט זי נישט געוואוסט, נור ווען זי האָט זיך גוט בעטראַכט אין שפּיגעל, האָט זי געפונען אין זיך די עהנליכקייט פון דער, צייט ווען זי האָט דאָס ערשטע מאָל מיט טוביה'לע שרייבער שפּאַצירט, און דער בלאַסער גערוועזער שמייכעל האָט ווי נעכטען אַ שוועב-דורך געטאָן אויף איהרע ליפּען.

ווען זי האָט זיך צום לעצטען מאָל בעטראַכט, ווי זי זעהט אויס, האָט זי נאָך אויפגעשריבען עטליכע ווערטער:

„איך קעהר איהם צוריק די כלה-מתנה, דעם בריליאַנט פון מאַריטאַס גליק, פון וואַנען איך האָב איהם געבראַכט. איך טו עס, וויל דאָס מול מיינס טרייבט מיך דערצו. ווען דו וועסט קומען אַהיים, וועט שוין מאַריטאַ מעהר דאָ נישט זיין און דיין שטוב וועט זיך געפינען אין דעם צושטאַנד פון גליק, ווי פריהער, נאָך איידער עס איז געקומען אַהער אַ זינדיג-געפאַלענע, זיי גליקליך. מאַריטאַ“.

דאָס בריוועלע האָט זי געלאָזט אויפ'ן טיש, דערנאָך גענומען דאָס קליינע האַנדרענצעל. עס איז נאָך גאַנץ פריה געוועזען. די אַרבייטער און בעקער זענען שנעל געלאָפען פון און צו דער אַרבייט. די אָרימע קינדער און בעטלער זענען שוין געלעגען ביים ברעג טייך, ערגעץ ווייט, ווייט האָט זיך אונטער'ן שטאָדט אַ פליגעל פון אַ ווינד-מיהל געדרעהט. מאַריטאַ האָט שנעל פערלאָזט דאָס קליינע צימערל, פערשלאָסען די טיר, צראָבגעלאָזט זיך פון די קליינע שטיגלען. דער ווינד אין דרויסען האָט געבלאָנטערט די איינציגע פלעכטלעך פון די האָר, וואָס זענען אַראָבגעהאַנגען פון אונטער דעם ברייטען הוט און גלייך געבלאָזען אין איהרע בלויע אויגען אַריין, וואָס זענען געשטאַנען קעגען הימעל מיט פערשטיינערטער קאַלטקייט.

זי איז געגאַנגען שנעל. זי איז געגאַנגען, נישט טראַכטענדיג וואוהין זי געהט און צי וועט זי נאָך דאָ געהן אַמאָל. פּאַמעלין האָט זי זיך דערווייטערט פון די הויכע מויערן מיט'ן טונקעלען געוויש פון אָרימע, אונגליקליכע און פערלוירענע. אונטער איהרע פליצעס איז געשטאַנען אַ בלויער נעבעל, וואָס האָט איינגעהילט די הויכע מויערן און שפּיצען פון די געביידען, פון וואַנען זי האָט נאָך, דוכט זיך, געהערט די פאַלשע גוטע רייד פון דער רויזען-פאַמיליע.

דאָס קאַלטע מענליכע געלעכטער פון ה׳ וואַצלאַוו און דאָס גאַנצע פּרעכע, וואָס די נאַכט האָט אין שטאָדט געהילט אין איהרע זיי־דענע אָרעמס.

געגען טאָג איז דאָס אַלץ ליגען געבליבען ענטטוישט און דערשלאָגען־מאוס. אין איהרע אויערן זענען איצט העגגען געבליבען קלאַנגען שווערע, מעלאַנכאָלישע. די קלאַנגען בלייבען אונז אין די אויערן נאָך עפּעס אַ משוגענער לויה, וואו עס ווערט געזיפצט, געזונגען און געקלאָגט.

מאַריטאַ האָט זיך אַלץ דערוויטערט פון טומעל. פּאַמעליך האָט זי דערהערט דאָס קלאַפּען פון די ווערען אין ברעג, דאָס שפּיל פון גרינעם ערדישען הימעל, וואו עס ווערט אָנדערצעהלט געשיכטען פון לעבענס־פערלוירענע, לאַנג שוין, לאַנג שוין דערטרונקענע! זי האָט זיך דאָ אָבגעשטעלט און שנעל געוואָלט טאָן דאָס, וואָס זי האָט עס שוין לאַנג געטראַכט צו טאָן. נור... זי האָט זיך דערמאַנט אין גט מיט צאַלוש פּרעדסעדאַטעל און זי האָט זיך צוריקגעכאַפּט.

# ביי צאלוש פרעדסעדאטעל.

ס'איז נאך געווען ווייט צו נאכט, ווען ביי דער טיר איז פלוצלונג שטעהן געבליבען א פרוי א בלאסע, נערוועזע מיט גלייכגילטיגע פערשטיינערטע בליקען. זי האט ערנסט בעטראכט די אויפשריפט פון דער בריגער טיר, אויף וועלכער עס זענען געלעגען גאלדענע בוכשטאבען: „אדוואקאט, נעהמט אן קליענטען א גאנצען טאג. זי איז געשטאנען און בעטראכט די ווערטער מיט דער מינע, ווי מען בעטראכט עפעס צום ערשטען מאל אין לעבען. נור ווען זי האט דערהערט, אז אויף דעם שטאלענעם קלונג פון גלאק ענטפערט מען אב פון שטוב, האט זי אנגעשטעלט די פאזע און די ווערטער אין מויל, וועלכע זי האט איצט געדארפט ריידען, נעמליך: „איך בין געקומען אהער אייך אפגעבען מיין לעצטען חוב. איך וויל גט פון אייך. וואס גיכער זאל עס געשעהן. איך האב קיין פערלאנג פון אייך מעהר“. דערנאך, ווען דער גט וועט געשעהן, וועט זי אריבערגעהן די בריק פון שמאלען וואסערל און זי בלייבט צוריק אין איהר הויז.

און האט מען איהר די טיר געעפענט, האט זי שנעל די

אויגען צראָבגעלאָזט, און, שטעהן־בלייבענדיג ביי דער טיר, האָט זי שוואך גערעדט:

— אָט בין איך געקומען לויט אייער פערלאַנג. איך בעט אייך, האַלט מיך נישט אָב לאַנג. מיר איז דאָ זעהר שווער צו שטעהן, און אויב אין אייך איז דאָ אַ נשמה פון אַ לעבעדיגען וועט איהר עס פערשטעהן.

צאַלע איז געזעסען, ווי שטענדיג, פערטיפט אין זיינע חשבונות און, דערזעהענדיג מאַריטאַ'ן, האָט ער שוין גרייט געהאַט זיין קבלת־פנים, זיין שמייכעל, זיין פראַגע, וואָס מען מאַכט, ווי עס געהט אין לעבען. דערנאָך האָט ער אויס העפליכקייט פרובירט דער פרויס האַנד אַ קוש טאָן. מאַריטאַ האָט איהר האַנד שנעל בעהאַלטען.

צאַלע האָט זיך קאַלטליך אַוועקגעזעצט און אַ וואונק געטאָן דער דינסט, אַז זי זאָל טאָן דאָס נויטיגע, וואָס מען טוט, ווען עס קומט אַ גאַסט אין שטוב. מאַריטאַ האָט איהר קאַלט אַוועקגעשטויסען.

אין דער מינוט איז צוגעקומען די זויגערין, אַ דיק ווייבעל מיט ברוסטען און בלויע אויגען. זי האָט זיך געשטעלט געגען מאַריטאַ'ן מיט אַ געזונדטען שמייכעל און געזאָגט אָהן רעספעקט, פונקט ווי מאַריטאַ וואָלט נישט די מוטער פון איהר קינד געוועזען:

— דאָס איז אייער זוהן בלוט און מילך, עהנליך אַ ביסעל צום פאָטער, אַ ביסעל צו דער מוטער. ווי לאַנג האָט איהר עס שוין נישט געזעהן? אַ צייט לאַנג שוין. אַרויסגעוואַקסען אינגאַנצען אָהן אַ מאַמע, גאָט צו דאַנקען.

מאַריטאַ האָט אַוועקגעדרעהט דעם קאָפּ פון איהר און דאָס קינד, נור ווען די דינסט האָט זיך פערקוקט, האָט זי געוואָרפען אַ בליק דערויף פון אַ זייט. זי האָט בעמערקט, אַז דאָס נעזיל איז אַ ווילדס, אַ פערשפיצטס, נישט איהרס אינגאַנצען, די באַקען ברייטע און אין דער גאַמבע ליגט עפּעס פון פאָטער דעם פּראָצענטיק.

ווען עס וועט עלטער ווערען, וועט עס בויען הייזער, עס וועט האָבען דריי געשטאָרבענע ווייבער, עס וועט אַרויסהעלפען אַ טאַטען מאַטיע פון באַנקראָטען. מאַריטאַ האָט נערוועז אַוועקגע-

י, מאַסטבוים

כאַפּט די אויגען.

זי האָט איצט בעטראַכט די שטוב אַרום און עס האָט איהר אויסגעזעהן, ווי אַלץ פערענדערט. אָט שטעהט דאָרט איהר בעט, ריין פּע־בעט. ביים בעט ליגט אַ טיגער־פעל, איבער'ן בעט הענגען די בילדער פון די דריי קייזערליכע אַקציזניקעס. עפּעס זעהען זיי אויס מאוס'ע, שמייכעלדיגע, פונקט ווי זיי וואָלטען איהר פערצעהלען וועגען די אונצעהליגע פרעמדע פרויען, וואָס האָבען דאָ געווײלט אין זייערע אָרעמעס.

„צו וואָס קוק איך אַהין, און נאָך וואָס טראַכט איך דאָס?" האָט מאַריטאַ אָבגעוואָרפען איהר געדאַנק, פיהלענדיג, אַז מעהר טראַכטען דערפון לוינט עס נישט.

— איך וואָלט דאָך וועלען, אַז דאָס זאָל וואָס שנעלער געשעהן, — האָט אונרוהיג גערעדט מאַריטאַ, — נאָך וואָס זאָלען מענשען ריידען פון דעם? דאַרף דען דערפון אַ וועלט וויסען?

— געוויס, געוויס, — האָט העפליך געענטפערט צאַלוש,

— עס וועט געשעהן שנעל, נאָך גיכער, ווי מיר טראַכטען. אָט געהען מיר. דאָרט וואוינט דער רב. די צערעמאָניע וועט נישט דויערן.

צאַלוש האָט אַ נעהם געטאָן דאָס שטעקעלע. דער קאָפּ פון שטעקעלע איז, דוכט זיך, געוועזען דער זעלבערנער קאָפּ פון טאַטע מאָטיעס שטעקען. ער האָט מיט איהם אַ לייכטען קלאַפּ געטאָן, ווי עס טוט עס אַ בעל־הבית, וואָס איז שוין לאַנג בעזעסען אויף זיין ערד. מאַריטאַ איז איהם נאָכגעגאַנגען לאַנגזאַם מיט'ן קאָפּ אַראָב, פונקט ווי זי וואָלט בעטראַכטען זיינע פערשאָלטענע טריט.

# דאָרט אין געסל

מיט'ן גט אין האַנד איז מאַריטא אַרויס פון רב'ס שטוב. אויסשפייענדיג אויף די טריט, וואו עס איז געשטאַנען צאַלוש פרעדסעדאַטעל. זי האָט דעם גט געהאַלטן נישט באַהאַלטען, נור אָפען, ווי זי וואָלט וועלען בעווייזען די חורבות פון פאָטערס הויז, אַז דערמיט האָט זי זיך שוין בעפרייט פון איהר גרויסער לעבענס-זינד.

זי האָט איצט זיך פּליוצלונג אַקוק אַרום געטאָן אויף דער אַרומיגער וועלט, וואָס האָט זיך אומגעענדערט נישט צודערקענען, און פלוצלונג פערגעסען אין דעם, וואָס עס איז דאָ מיט איהר אַ מינוט פריהער פאָרגעקומען.

זי האָט זיך אָנגעלעהנט אָן אַ וואַנד פון אַ מויער, בעטראַכט דעם נעבעל פון דער זומערדיגער, נישט קלאָרער לבנה־נאַכט. עס האָט זיך געהערט דאָס רוישען פון די זילבערנע טעלעגראַף-דראָטען דאָרט,ביים פענסטערל פון דער פּאָסט, און דאָס בילען פון די הינד, נישט די געזונדטע טרייע געלע הינד, נור הינד פרעמדע, הינד שלעכטע ווי דאָס נייע ביטערע לעבען וואָלט זייערע שטימען

**י. מאַסטבּוים**

דאָ און דאָרט זענען געגאַנגען אָרימע־לייט, בּעטלערס מיט שטעקנס אין די הענד, מרה־שחורה׳דיק אַ בּליק־טוענדיק אויפ׳ן טרויעריגען געשטאַלט פון דער לבנה: בּיזטו נאָך, הייסט עס, די בּעשיינערן פון אָרימע־לייט ר׳ מאַטיעס? דאָ און דאָרט זענען געגאַנגען פרויען אָרימע, פערפייניגטע. זענען זיי אפשר דאָ בּעגאַנגען זייערע גרויסע לעבּענס־זינד?

„נור דו, נור דו, — האָט עפּעס אַ שטוים אַ ציטער געטאָן אין מאַריטאַס האַרץ, — נור דו האָסט געבּרענגט דאָס לעבּען צו דעם צושטאַנד"...

און מורמלענדיג די ווערטער „נור דו", האָט זי געפיהלט, אַז נישט קיינער, חוץ זי, האָט דאָ אַ דור געבּראָכען, אַ בּריליאַנט אָוועקגעשענקט, זי נור...

מאַריטאַ האָט פּלוצלונג זיך אָבּגעריסען פון דעם אָרט און פון דעם געדאַנק. זי האָט געשטעלט עטליכע טריט ווייטער.

„וואָס פאַר אַ הויז איז דאָס" און ווער זענען די מענשען"? — האָט זי מיט אַ ציטערדיגען בּליק זיך אָבּגעשטעלט, בּעטראַכטענדיג דאָס הויכע הויז, וועלכעס עס האָט איצט אויסגעזעהן, ווי אַ גרויס־שטאָדטישע שוהל.

מאַריטאַ האָט זיך דערמאָנט, אַז אויף דעם אָרט, וואו עס שטעהען איצט די נייע מענשען און שיקען זייער קאַלטע תפילה, איז געשטאַנען דאָס הויז פון טאַטענס מנין, אַ נידעריגע געבּיידע מיט צעהן ספרי־תורות און אַנ׳אויפשריפט: „משכנס אָדער מרבּין בּשמחה".

זי האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָ פלעגט טוביה׳לע שרייבּער בּעקומען אַניעליה. זי פלעגט שטעהן אונטער׳ן פענסטער און האָרכען, ווי עס קלינגט נאָך אין איהרע אויערן די שטים טוביה׳לעס.

מאַריטאַ האָט זיך אָנגעלעהנט אויף די זיילען פון דרויסען, בּעטראַכט די שוהל און אין האַרץ האָט זי געפיהלט אַ שוואַכקייט פון כּוחות, פּונקט ווי דאָרט וואָלט איצט עפּעס אויסגעגאַנגען. דאָס עלעקטערישע ליכט מיט די געפּוצטע זשיראַנדאָלען האָבּען איהרע געדאַנקען פערוועבּט אין אַ נעבּעל פון אַ שלאָפלאָזער צו־מישטקייט...

ווען זי איז אַוועק מיט אַ צוויי־דריי טריט ווייטער, האָט זי בעמערקט אַן אָרט פון נייע שוואַרצע שטיינער. דאָס איז געווען דעם טאַטענס אַלטער בית־עולם, וואו עס זענען געלעגען די קליינע צאָהל זקנים.

היינט האָבען די קאַלטע מצבות פון מאַרמאָר אַזוי ווי אָוועקגעבלאָזען די קליינע שטיינדלעך, וואָס זענען מיט אַ בעשיידענער איינזאַמקייט געלעגען און געקוקט אין דער ווייטער וועלט אַריין.

עס ליגען מתים יונגע, יאָהרען נישט אויסגעלעבטע, פונקט ווי זיי האָלט די מערדערישע האַנד פון צאָלוש פּרעדסעדאַטעל אָבגעריסען פון זייער לעבען, ווי די יונגע פרי פון בוים.

מיט צעהן טריט ווייטער האָט זיך מאַריטאַ דערזעהן אין אַ מאָדנער וועלט. דאָס איז געווען דאָס יונגע סעדעל, וואו זי האָט שפּאַצירט אין איהרע קליינע יאָהרען מיט'ן בריליאַנט אויפ'ן האַרצען. אַצינד איז דאָס סעדעל ווי אָבגעמעקט פון דער ערד. די קאַלטע רעלסען פון אַ באַהן זענען דורכגעשניטען צווישען די עטליכע פערחלומ'טע ביימלעך פון געסעל און אַ לאָקאָמאָטיוו מיט אַ ווילדען פייף שניידט־דורך די געגענד, ווי אַ טויט־געשפּענסט.

מאַריטאַ איז געבליבען פערשטיינערט, ווי פאַר אַ שאָטען פון אַ געשטאָרבענער וועלט.

„גאָט איינער, וואו בין איך, וואו? — האָט אין איהר אַלץ אַ ציטער געטאָן, — איז דאָס די ערד, וואו מיינע קינדערישע פיס זענען געשטאַנען? האָט דאָ מיין טרייער טאַטע מיינע יונגע בת־יחיד'ישע נעמען גערופען?“

מאַריטאַ האָט געפיהלט אין זיך די צומישטקייט, ווי פאַר אַ גרויסער שלאָפלאָזער לבנה־נאַכט, ווען עס בילען משוגענע הינד. זי איז געגאַנגען ווייטער, טיפער, צו די איינגעפאַלענע הייזער פון טאַטען. זי איז געגאַנגען מיט'ן גט אין האַנד, ווי מיט אַ לעבענס־דאָקומענט, אַז זי האָט זיך בעפרייט פון איהרע לעבענס־זינד.

נאָר פּלוצלונג האָט זי זיך אָבגעשטעלט. דאָ איז פאַר איהר געלעגען דאָס גרינע שמאָלע טייכעל, ביי וועלכען זי איז צו

תשליך געגאַנגען. אַמאָל-אַמאָל האָט זי דאָ אַריינגעוואָרפן איהרע קליינע לעבענס-זינד, אָבער דעמאָלט איז עס גאָר קיין זינד נישט געוועזען.

—מאַריטאַ! מרימ׳ל! מאָטיעס טאָכטער! האָט זיך איהר אויסגעדוכט, אַז עמיץ רופט זי ביי איהרע יונגע נעמען.

מאַריטאַ האָט זיך צומישט אומגעקוקט, קיינעם נישט געזעהן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט עפּעס אונטען זוכען. זי האָט איצט בעמערקט, ווי דאָס טייכעל שאַרכעט, ווי אַמאָל, נור איצט פליסט עס ביי די זינדיגע הייזער פון אַ שטאָדט. אין די שטראָמען פון טייכעל פליסען איצט יענע אונריינינקייטען, וואָס ווערען אויסגעגאָסען נאָך די ווילדע משוגע׳נע נעכט פון שטאָדטישער שכרות.

מאַריטאַ האָט דאָס מאָל אַ הויב אויף געטאָן דעם קאָפּ צו דער לבנה, וואָס איז ווי אַ בלאַס פער׳חלש׳ט פרויען-געשטאַלט געשוואַנען אין בלויען הימעל, ווי זי וואָלט וועלען פרעגען דאָס געשטאַלט פון דער לבנה, איז זי און דאָס טייכעל, נעבען וועלכען זי האָט שפּאַצירט, די אייגענע, וואָס זיי זענען געוועזען? און שטעהענדיג אַזוי אַ מינוט מיט׳ן פּנים, האָט זיך איהר אויסגעדוכט, ווי די לבנה שעפּטשעט:

— דו האָסט פון דאַנען אַוועקגעטראָגען אַ ראָזען בריליאַנט, דו האָסט איהם געשענקט אין פילערליי הענד, ער איז שוין נישט דער, וואָס איז געוועזען. אָ, שעם זיך, שעם זיך, מאָטיעס טאָכטער, שעם זיך פאַר׳ן קליינעם צובראָכענעם בוימעלע פון דיין סעדעל, פאַר׳ן נידעריגען הייזעלע פון דיין טאַטענס הויז, פאַר׳ן גרינעם טייכעלע, אין וועלכען עס טראָגען זיך איצט שמוציגע וועלען פון אַ זינדיגער שטאָדט. און צי וואָלט דאָס טייכעל נישט אָנגעוואָרען זיין פאַרב, ווען דו פאַלסט אין זיינע אָרעמס?

מאַריטאַ איז געשטאַנען, ווי געצויגען פון בלאַסען דערשראָקענעם לבנה-געשטאַלט און מיט אַ קרענקליכער פער׳חלש׳קייט האָט זי זיך דערמאָנט אין שטילען איידעלען פּנימ׳ל פון טוביהלע שרייבער, אין דעם, ווי איהר איז נישט געפעלען דאָס יונגע רב׳לע, אין דעם, ווי זי האָט די ערשטע דעם טאַטענס וואָרט געבראָכען.

באַלד נאָכדעם איז אויסגעוואַקסן פאַר איהר דאָס בייזע פּנים פון צאַלוש פּרעדסעדאַטעל און די קייזערליכע אַקציזניקעס אַט איז אויפגעשוואומען פאַר איהר דאָס שרעקליכע געשטאַלט פון אַפּאַלאָנ׳ען און באַלד דערנאָך האָט זיך ווי פון דער לבנה אַרויס אויסגעוועבט עפּעס אַ בלאַסע מאַמע מיט די פינגער נעגען אַ קינד׳ס העלזעל, וואָס האָט זיך געוואָרפען אין שרעקליכען פי- בער. אַ קוויטש און אַ ציטער האָט פערכאַפּט מאַריטאַס אָטעם.

„צו וואָס טראַכט איך דערפון?“ — האָט זי זיך פּרובירט אַרויסשלאָגען די שרעקליכע געדאַנקען. נור וואָס מעהר זי האָט פּרובירט אַוועקטרייבען פון זיך דאָס בייזע, אַלץ מעהר איז עס איהר ענטקעגען געקומען מיט אָפענע לאַכעדיגע מיילער, מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס, מיט גרויסע פעררייסענע נעגעל און מיט עפּעס אַ רויטען מענש.

מאַריטאַ האָט זיך געראַנגעלט געגען אַט די געשטאַלטע און פערשטעלט מיט די הענד דאָס פּנים. די לבנה האָט איהר מיט איהר בלאַסער געשטאָרבענער שיין געצויגען צו זיך.

„פאַרוואָס געה איך נישט אַוועק פון דאַנען? — האָט זי זיך אַליין געפרעגט, און פרענענדיג זיך, האָט זי געפיהלט, אַז איהרע הענד און פיס זענען געבונדען און געהן קאָן זי נישט.

מאַריטאַ האָט פּלוצלונג אַ בליק געטאָן אויפ׳ן טייכעל איבער וועלכען עס האָבען זיך געצויגען פערוועלקטע הערבסטבלעטער און בלומען. זי האָט בעמערקט, אַז ביי די ברעגעס פון וואַסער טראָגען זיך די עפּוש׳דיגע שטראָמען, די אומריינקייטען פון שטאָדט, נור אין מיטען פון טייך ציהט זיך אַ שטראָם אַ גרין-זילבערער, וואָס זעהט-אויס, ווי גריינער גוטער ווייַן, אין וועלכען עס באָדען זיך קערפּעס פון געפאַלענע פרויען.

זי האָט זיך אינסטינקטיוו צראָבגעזעצט און אַ ריהר געטאָן מיט׳ן פינגער דאָס וואַסער...

— מרים׳לו מאַציעס טאָכטער! — האָט זיך איהר אויס- געדוכט, ווי עמיץ שרייט פון וואַסער. — געדענקסטו, ווי דו פלעגסט אין די הייסע זומערטעג דאָ זיך באָדען? שפּאַצירען געהן מיט סאָסיען? געדענקסטו?

אַ שמייכעל איז דורך איהרע ליפּען, דער שמייכעל

איז בעגלייט געוואָרען מיט עפּעס אַ מאָדנע רוישען און קלינגען פון גאָלדענע גלעקלעך, פון זילבערנע סטרונעס, פון ווײַן-גלעזלעך, פון קליינע גאָלדענע פּערלען...

מאַריטאַ איז ווי פערזונקען געבליבען אין אַ גליקליכער וועלט. עס האָט איהר איצט געשמעקט די וואַרעמקייט פון אַמאָליגען וואַסער, און דער ריח פון די אַמאָליגע בלומען איז איצט דורך די ערינערונג פון איהרע חושים.

מאַריטאַ האָט נאָכאַמאָל אָנגעריהרט די גרינע דעק פון טײַך. דאָרט זענען זיך באַלד צולאָפען קליינע גרינע רויפּעלך, ווי שטיפּערישע קינדער. עס איז איהר ליכטיג געוואָרען אין די אויגען.

— ווי גוט איז דאָס וואַסער! — האָט זי ווילד געשעפּטשעט.

דאָך מיט אַ מינוט שפּעטער האָט זי זיך פערגעסען אין דער שטיפערישקייט. איהר בליק האָט געצויגען דאָרט אַהין צום ברעג מיט׳ן ווילדען געוויקס. פון געוויקס האָט זיך צוערשט אויסגעוויקעלט אַ געשטאַלט פון אַ ווייסער געשאָכטענער טויב, וואָס איז געהאָנגען מיט׳ן קאָפּ אַראָב און פּאַמעליך-פּאַמעליך איז ווי אויפגעשטאַנען פון געוויקס אַ פרוי, העלפט אין וואַסער. איהרע הענד און אויגען זענען צום הימעל אויסגעצויגען געווען, איהר שטים האָט געקלונגען מיט די לעצטע זיפצען פון אַ געפאַלענער און אויף איהר האַרץ איז געלעגען דער קאָפּ פון אַ טויטער שלאַנג מיט אַ בריליאַנט אין מויל.

— לעווי! לעווי! —האָט זי אין אַנגסט אויסגעשריען.—לעווי! לעווי!

דאָס מאָל איז פון מאַריטאַ׳ן פערשוואונדען דאָס אנגענעהמ-קייט פון וואַסער.

דאָס קליינע טײַכעלע איז פאַר איהרע אויגען אויסגעוואַקסען געוואָרען אין עפּעס אַ ברייטען טײַך פון ווילדע קאַלטע וועלען. אַ גיהנם פון געשרייען און פײַפערייען. יעדער שטראָם האָט זיך געוואָרפען און געהויבען אַ מײַל אין דער הויך. און אומעטום זענען ביים ברעג געלעגען פרויען פער׳חלש׳טע מיט שלאַנגען און בריליאַנטען אויפ׳ן האַרץ, וואָס האָבען זיך מיט די קאַלטע וועלען געראַנגעלט.

אין מאַריטאַ'ן זענען איצט די גלידער פערגליווערט געוואָרען. זי האָט געוואָלט אַוועקגעהן פון אָרט און נישט געקאָנט, אויס-שרייען עפּעס און נישט געקאָנט, גאָטס נאָמען אָנרופען און ער איז איהר אויף די ליפען נישט געקומען.

זי האָט זיך אומגעקוקט צום הימעל און וואַסער. עס האָט איהר אויסגעזעהן ווי איין שטיק פערגליווערטקייט, פון וועלכען מען קאָן זיך שוין נישט מציל זיין. אין איהרע אויערען האָט גערוישט מיט געשרייען און ילל׳ות.

דאָס מאָל האָט זי געפיהלט, אז איהרע פיס בויגען זיך איין, איהרע הענד ציהען זיך אַראָב צו אַ טיפען ליכטיגען גרוב, און עמיץ אין רויטען מיט אַ שרעקליכען געלעכטער וואַרפט זי, וואַרפט זי אין דער טיפער ליכטיגקייט.

— בידך אפקיד רוחי!—האָט זי געפיהלט אַ געשריי פון אייגענעם מויל, וואָס איז באַלד פערשטיקט געוואָרען פון וואַסער.

— בידך אפקיד רוחי!—האָט עמיץ אָבגעענטפערט פון וואַלד.

— ביד—ך— אַ—פ—קיד רוחי!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די נאַכט מיט איהר שטילער משוגע'ענער לבנה-שיין איז געשטאַנען אין איהר קלאָגעדיגער שטילקייט. דאָ, דאָרט האָט אין ווייטען דאָרף אַ הונט געבילט, אַ שטילער שלעכט-איינגעשלאָפענער פויגעל האָט מרה-שח׳רה׳דיג געפּיטשטשעט, ווי ער וואָלט זיך בעקלאָגען נישט נור אויפ׳ן שלעכטען שלאָף פון מענשען, נור אויך פויגעל.

פון צייט צו-צייט איז דורך דער צוג מיט אַ טראַך-טראַך און אַ מורא'דיגען קלאָגעדיגען פייף, אַוועק, פערשוואונדען און איבערגעלאָזט עפּעס אַ משוגענעם רוישען און קלינגען אין די אויערן.

נור אָט איז דאָס אַלץ שטיל געוואָרען, בערוהיגט זיך, נור ביים ברעג פון לויפעדיגען טייכעל איז געלעגען אַ פרוי, וואָס האָט זיך נאָך קראַמפּהאַפט געראַנגעלט מיט דעם גאָלדענעם שנור פון האַלז,אויף וועלכען עס איז געהאָנגען אַ ברילִיאַנט. ביסלעכווייז אָבער האָבען זיך איהרע הענד בערוהיגט, דער קאָפּ מיט׳ן ברילִיאַנט איז געפאַלען אויפ׳ן ברעג, דער קערפּער אָבער איז פערזונקען גע-

וואָרען אין גרינע בלעטער און בלומען און איהרע בלויע פער־שטאַרטע אויגען האָבען ווי געפרעגט די לבנה:

— איז דאָס מאַריטאַס גליק׳, יאָ?

— — — — — — — — — — — —

קיינער האָט נישט געענטפערט, נור דער שטילער ראָזער ברי־ליאַנט איז, דוכט זיך, געלעגען מיט זיינע קינדישע בליקען און געטראַכט זיך: „של אָף, שלאָף, ר׳ מאָטיעס בת־יחידה. דיין קערפער איז, אמת, געשליידערט געוואָרען אין פילערליי קלענערע און גרעסערע גיהנמ־לעך פון לעבען, דער בריליאַנט אָבער פון דיין הארץ — ער איז צוריק געקומען אַהער, פון וואַנען דו האָסט איהם גענומען, פון וואַנען דו האָסט איהם געברענגט!"

— — — — — — — — — — — —